# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל

ארגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“
מאָסקווע

אָקטיאַבער

10

1974

# אינהאַלט



## ליטעראַטור־קריטיק. ביבליאָגראַפיע. פראַגן פון קונסט




**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס.

**רעדקאָלעגיע:**

כ.ביידער, א. גאָנטאַר, ש. גאָרדאָן, ט. גען, י. טשיטשעלניצקי (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר), נאָטע לוריע, מ. לעוו, ב. מילער, כ. מעלאַמוד, ה. פּאָליאַנקער, ס. פרײַ.

**פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר**

י. שוסטער

## הערשל פּאָליאַנקער



# שטאַרקער פֿון אײַזן

(ראָמאַן)

## דאָס לעבן גייט ווײַטער

די יעדיע האָט געבראַכט אהער ראָמאַן קראַוטשוק: די רויטע אַרמיי וועט ניט דער־לאָזן, אַז די פאַשיסטן זאָלן פאַרכאַפּן גאַליציע, מײַרעוור־אוקראַיִנע, פאַרקנעכטן דאָס אוקראַיִנישע פאָלק און אַלע, וואָס באַוווינען די דאָזיקע ערד. עס דערנעענטערט זיך די צײַט, ווען עס וועט מעקויעם ווערן דער לאַנגיאָריקער טרוים פון הונדערטער טויזנטער מענטשן און מע וועט זיך פאַרייניקן מיט די ברידער פון יענער זײַט זברוטש.

די אַרבעטער האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז עס שטייט פאַר אַ גרויסער קאַמף. קיינער טאָר ניט בלײַבן אין דער זײַט.

אין די אַרבעטער־יִשוּווים, אַין די שטעט און דערפער האָט מען געשאַפן זעלבשוץ־אָטריאַדן, זיך באַוואָפנט מיט וואָס מע האָט נאָר געקאָנט און זיך געגרייט שטעלן אַ ווי־דערשטאַנד.

אומגעקערט זיך פון דער גרויסער שטאָט, האָט ראָמאַן קראַוטשוק זיך גלײַך גענומען שאַפן אַן אָטריאַד פון זעלבשוץ. ער האָט געוווּסט, אַז דער סוינע וועט זיך באַמיִען פאַר־ניכטן די נאַפט־באַצירקן, די קאָטשעגאַרקעס און פאַרוואַנדלען דעם „שוואַרצן טאָל" מיט זײַנע נאַפט־טורעמס אין אַ מידבער.

האָט מען טאָג און נאַכט געהיט דאָס פאַרמעגן, אינגאַנצן פאַרגעסן אין רו.

דאָס, וואָס ראָמאַן קראַוטשוק האָט פאַרשריבן אין זײַן אָטריאַד זײַן יונגן פלעמעניק, סטאַסיקן, טאַראַס' זון, יוליסן, זאַלמענס באָכער, און זי, מאַרגאַריטען, פיליפּס מיידל, האָט דעם דרײַלינג שטאַרק דערפרייט און זיי האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט דערוואַקסענע.

כאָטש זיי זײַנען אַלט געווען ניט מער, ווי צו זעכצן יאָר און מאַרגאַריטע איז געווען נאָך ייִנגער פון זיי, האָבן זיי שוין אַלע דרײַ געאַרבעט אָפּן באַצירק.

הײַנט זײַנען זיי דרײַען אַרויסגעגאַנגען אױף דער וואַך מיט אַ היפּשער גרופּע באַ־וואָפנטע אַרבעטער.

סטאַסיק האָט זיך געפילט גליקלעך, וואָס אין דער גרופּע, צו וועלכער מע האָט אים פאַררעכנט, איז אויך געווען מאַרגאַריטע. ער האָט זיך דערלעבט אַ נעקאָמע אין זײַן בעסטן

---

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 9.



פרײַנט, מיט וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל ניט צעשיידט — אין יוליס מאַרקוסן, וואָס האָט געדאַרפט אַרומגיין איבערן באַצירק מיט אַ צווייטער אַרבעטער־גרופּע.

כאָטש ביידע ייִנגלעך זײַנען געווען אַלטע פרײַנט, צוזאַמען אין שול געלערנט, געגרייט די לימודים אינאיינעם, געלאָפן צום גרויסן באַרג־שטראָם כאַפּן פאָרעל, זאַמלען אין די בערג שוואָמען און יאַגעדעס, איז אָבער שוין אַ שטיקל צײַט אַ קאַץ דורכגעלאָפן זיי דעם וועג.

און די קאַץ איז געווען מאַרגאַריטע...

ביידע זײַנען זיי געווען פאַרליבט, נאָר עס באַהאַלטן איינער פונעם צווייטן. קיינער פון זיי האָט ניט געוווּסט, צו וועמען ציט זיך דאָס מיידל. סטאַסיק האָט געטראַכט, אַז ווען יוליס גיט איר ניט די בעסטע און שענסטע ביכער און לייענט איר ניט אויף אויסווייניק קיין לידער, וועלכע נעמען פאַר דער נעשאָמע, ווען ער שרײַבט איר ניט קיין בריוולעך, פון וועלכע זי איז באַגײַסטערט, וואָלט זי זיך בעסער באַצויגן צו אים, צו סטאַסיקן. יוליס, פאַרקערט, האָט געוווּסט, אַז זײַן כאַווער איז שענער און שטאַלטנער פון אים און קאָן גיכער געפעלן ווערן, ווי ער, יוליס, וואָס מוז טראָגן צוליב זײַן קורצזיכטיקײַט ברילן.

און זי, מאַרגאַריטע, האָט זיך צו ביידן באַצויגן גוט, ניט געמאַכט צווישן זיי קיין שום אונטערשייד. און דאָס האָט ביידן געמאַטערט.

דעריבער איז הײַנט מאַמעש אַ ראַכמאָנעס געווען צו קוקן אויף יוליסן, ווען ער האָט געזען, ווי סטאַסיק און מאַרגאַריטע גייען אַוועק צום „שוואַרצן טאָל" מיט אַ גרופּע אַרבעטער־זעלנער.

מאַרגאַריטע איז גראָדע צוגעגאַנגען צום עלטסטן און געבעטן, אַז יענער זאָל דערלויבן יוליסן אויך גיין אין זייער גרופּע, נאָר מע האָט אויף איר אָנגעשריגן און געדראָעט, אַז מע וועט זי פונעם אָטריאַד אויסשליסן, אויב זי וועט זיך ניט אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין. זי דאַרף פאַרשטיין, אַז מע גייט ניט אין די בערג זאַמלען שוואָמען, נאָר אָפּהיטן די באַצירקן פונעם סוינע.

דאָס מיידל האָט ניט געענטפערט אויף אַזאַ פּסאַק און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און אומרויִקע. צווישן די אָנגעכמורעטע בערג האָט אַרומגעבלאָנקעט אַ שטיקל לעוואָנע, וואָס האָט קוים באַלויכטן דעם „שוואַרצן טאָל". עס האָט זיך געדאַכט, אַז אונטער יעדער דעמב, אונטער יעדער סמערעקע, אין די געדיכטע קוסטעס האָבן זיך פאַרטײַעט סאָנים, אַז אָט־אָט וועלן זיי אַרויסשפּרינגען און זיך וואַרפן אויפן הײַפל וועכטער.

און וויאַזוי וועט זי זיך פון די שלענג ראַטעווען? מע האָט איר געגעבן אַ שטיק אײַזן און מער גאָרניט. בײַ סטאַסיקן, עמעס, איז געווען אַ ביקס, נאָר אַ יעגערישע, דערצו נאָך האָט זי ניט געקאָנט שיסן, ווײַל ס'האָט געפעלט אין איר עפּעס אַ טייל. נאָר דאָך האָט עס מאַרגאַריטען ניט געשראָקן, ווײַל אינעם אָטריאַד זײַנען געווען אַ סאַך נאַפטלער און אירע שכיינים, דערצו נאָך דער פאָטער, וועלכער וועט זי געוויס ראַטעווען פון אַלע געפאַרן. שוין ניט רײדנדיק וועגן סטאַסיקן אָדער יוליסן...

אינגיכן איז די שרעק אינגאַנצן אָפּגעטראָטן פון איר, זי האָט זיך דערפילט זיכערער, געשפּאַסט צוזאַמען מיט די אַרומיקע, און דאָס דעזשורען איז איר גאָר געפעלן געוואָרן.

באַנאַנד מיט מאַרגאַריטען האָט געשפּאַנט סטאַסיק מיט זײַן אומגעלומפּערטער ביקס, און ווי ער האָט ניט באַמיט זיך שטאַרקן, דאָך האָט ער געפילט, ווי דער שלאָף מאַטערט אים, און אויף אַלע אירע פראַגן האָט ער געענטפערט דער טײַוול ווייסט וואָס.

לאַנג האָט מען אַרומגעשפּאַנט צווישן די נאַפט־טורעמס, וואָס האָבן אינעם כוישעך אָנגעוואָרפן אַ גרויל, און ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַריִען אויף טאָג, האָט מען זיך צוגעזעצט אָפּרוען אויף אַ דיקן שטאַם פון אַן אומגעוואַלגערטן בוים.

מע איז בײַגעקומען דעם שלאָף, געזעסן איינס לעבן צווייטן און זיך אײַנגעקוקט אין די בערג, וועלכע האָבן יעדער מינוט געגומען ווערן לויטערער. די קעלט האָט דורכגענומען די הויט מיט די ביינער, און מאַרגאַריטע האָט אַליין ניט געפילט, ווי זי האָט זיך מיטן אַקסל

צוגעטוליעט צום ייִנגל. ער איז דערפֿון געווען זיבעטן הימל, ניט געאָטעמט, זי זאָל זיך כאַטש ניט כאַפּן און זיך ניט אָפּרוקן פֿון אים. די באַגלייטער זייערע זײַנען אוועקגעגאַנגען ווײַטער, נאָר ביידע האָבן עס ניט באַמערקט.

איז מען אַזוי געזעסן און געשוויגן. געקוקט אין דער ווײַט. און ער, סטאַסיק, האָט זיך שיִער ניט אופּגעגעסן לעבעדיקערהייט, וואָס ער האָט ניט געקאָנט צוקלײַבן די נייטיקע ווערטער, קעדיי איר זאָגן, וואָס בא אים איז אַפּן האַרצן. ווער ווייסט, צי וועט זײַן נאָך אַזאַ גינסטיקע מינוט, ווי איצט?

די צונג זײַנע איז געווען שווער, ווי אַ שטיק האָלץ, און גיי טו עפּעס!

ער וואָלט זי אַרומגענומען, צוגעדריקט צו זיך, נאָר זי קאָן זיך צעבייזערן! ער געדענקט נאָך דעם פּאַטש, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט אונטער דעם קליאָן, בא איר קאַליטקע. ער האָט זי דעמלט קוים איבערגעבעטן, געמיינט, אַז זי וועט שוין קיינמאָל ניט קוקן אין זײַן זײַט. איצט וועט ער שוין זײַן פֿאָרזיכטיק.

סטאַסיק האָט געוואָלט דערציילן מאַרגאַריטען וועגן זײַנע פֿיר טויבן, וואָס ער האַלט אינעם טויבנשלאַק, נאָר יענע האָט אים איבערגעשלאָגן, געזאָגט, אַז זי האָט ניט ליב קיין טויבן־טרײַבער, אַז בלויז פּוסטע יונגען פֿאַרנעמען זיך מיט יאָגן איבער די דעכער טויבן. און, כאָטש דעם, האָט זי צוגעגעבן, אַז אין אַזאַ שווערער צײַט דאַרף מען ניט ריידן וועגן אַזעלכע נאַרישקײַטן.

איז סטאַסיק געבליבן זיצן פֿאַרלוירן, ניט געוווּסט, ווי־אַזוי זיך אַרויסצודרייען.

— און מער קאָנסטו מיר גאָרניט דערציילן? — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אירע בלויע אויגן און אים דורכגענומען אויף דורך־און־דורך. — ווען מיר אַזוי זיצן און שווײַגן, ביז מירן אײַנשלאָפֿן ווערן אויפֿן קלאָץ און די כוואַרים וועלן אונדז אויסלאַכן?

— ניין. וואָס הייסט?

— זאָג מיר נאָר, סטאַסיק, — האָט דאָס מיידל אים איבערגעשלאָגן, — דיר איז געפֿעלן נאַטאַשע ראָסטאָווא?

ער האָט אויף איר אַ פֿאַרוווּנדערטער אַ קוק געטאָן:

— איך ווייס ניט וועמען דו מיינסט, איך האָב זי קיינמאָל ניט געזען. איך גיב דיר דאָס וואָרט — ניט געזען אַפּילע.

— נאַרעלע! — האָט מאַרגאַריטע געלאַכט. — דו האָסט זי ניט געקאָנט זען! געדענקסט, אין שול האָט אונדז דער לערער דערציילט וועגן איר. לעוו טאָלסטאָי האָט באַשריבן דאָס מיידל. נאַטאַשע ראָסטאָווא...

— אָ! איך בין דעמלט אויפֿן לימעד ניט געווען און גאָרנישט ניט געהערט, — האָט ער שולדיק אַרויסגעבראַכט און זיך פֿאַרויטלט.

מאַרגאַריטע האָט צופֿרידן אונטערגעשמייכלט, קוקנדיק אויף דעם פֿאַרלוירענעם באָכער, און אים אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן אַקסל.

אַזוי איז זי אַ לענגערע מינוט געזעסן, געקוקט אויף אים מיטן פֿאַרכידעשט־כיינעוודיקן שמייכל אירן און אינגאַנצן ניט באַמערקט, ווי עמעצער קוקט אויף איר. זי האָט דערשראָקן אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, דערהערנדיק אַ הוסט. זי האָט דערקענט יוליסן. ער איז געשטאַנען אויפֿן גרינעם בערגל מיט עטלעכע עלטערע אַרבעטער, וואָס זײַנען אונטערגעקומען אַהער פֿון די בערג.

מאַרגאַריטע האָט אַראָפּגענומען די האַנט פֿון סטאַסיקס אַקסל. איר פּאָנעם האָט גענומען פֿלאַמען.

— אַזוי־אָ קאָן מען טראָגן די וואָך אַ יאָר צײַט, — האָט זיך צעשמייכלט שיקע קושניר, — נאָך גוט, וואָס דער טאַטע דײַנער האָט עס ניט געזען.

מאַרגאַריטע איז אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם שטאַם, צוגעלאָפֿן צום שמיד און מיטן קאָפּ זיך צוגעטוליעט אַ פֿאַרשעמטע און דערשראָקענע צו זײַן פּעלצל:

— פֿעטער שיקע, וואָס רעדט איר! מיר זײַנען די גאַנצע צײַט אַרומגעגאַן און גוט געהיט. אָט דאָ ערשט האָבן מיר זיך אויף איין ווײַלע צוגעזעצט אָפּרוען.

— איך פֿאַרשטיי, טאָכטער, — האָט ער מאַמזעריש פֿאַרזשמורעט זײַנע טונקעלע טיפֿע אויגן, — איך זע, אַז איר האָט גוט געהיט...

— אוי, פֿעטערל, ווי שעמט איר זיך ניט אַזוי צו ריידן! — האָט זי אים איבערגעשלאָגן און אַ קוק געטאָן אויף דעם אָנגעכמורעטן יוליסן.

— יוליס! — האָט דאָס מיידל זיך געלאָזט צום באָכער. — איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז דו ביסט הײַנט אויך אויף דער וואָך...

— וואָס איז דיר די נאַפֿקעמינע? — האָט יענער אַ זאָג געטאָן, ניט קוקנדיק אין איר זײַט.

— וואַרט אַ ווײַלע, יוליס! איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן! — איז זי ניט אָפּגעשטאַנען פֿון אים. — וואָס אײַלסטו אַזוי?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— וואָס ווילסטו מיר זאָגן? רעד גיכער, זעסט ניט, מענטשן וואַרטן אויף מיר. איך בין אויף דער וואַך און האָב קיין צײַט ניט צו ריידן מיט דיר.

— עס מאַכט ניט אויס. זאָלן זיי גיין, און דו וועסט בלײַבן מיט אונדז... וועט זײַן היימלעכער...

ער האָט אַ ווונק געטאָן אויף סטאַסיקן, וואָס איז געשטאַנען באַם שטאַם, און שטיל זיך אָנגערופֿן צו איר:

— נישקאָשע, איך זע, אַז אײַך איז אַזוי אויך היימלעך, — ער האָט אַ הוסט געטאָן, פֿאַריכט אויף דער נאָז די ברילן, דערנאָך איבערגענומען די ביקס אויפֿן צווייטן אַקסל און זיך געלאָזט דעריאָגן זײַניקע.

באַ ריטען איז קאַליע געוואָרן די שטימונג. זי איז געווען אין כּעס אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט, לעמײַ זי האָט ניט געקאָנט מיט אַ טאָלק דערקלערן סײַ יוליסן, סײַ דעם פֿעטער שיקע קושניר, פֿאַרוואָס זי האָט זיך דאָ מיט סטאַסיקן אַ ביסל פֿאַרהאַלטן. איצט וועלן יענע איבערטראַכטן דער טײַוול ווייסט וואָס.

זי האָט שוין ניט געקוקט אין סטאַסיקס זײַט. געגאַנגען, ווי אין כּאָלעם, נאָך יוליסן און זײַנע כאַווײרים, וואָס האָבן זיך שנעל דערווײַטערט.

סטאַסיק איז אונטערגעקומען און זיך אָנגערופֿן:

— זע נאָר, וואָס איז ער אַזוי בייז? זיך אַפֿילע ניט געגריסט מיט אונדז. עמעס, ריטע, ער זעט אויס קאָמיש אין די ברילן און מיט דער ביקס אויפֿן אַקסל?

— דו זעסט אויס קאָמיש, ניט יוליס! — האָט זי זיך אָפּגענעמען צעבייזערט. — און ביכלאַל איז ניט שיין אויסצולאַכן, שפּאָטן פֿון אַ כאַווער. יוליס איז אַ גוטער, האַרציקער און איבערגעגעבענער. ער איז בעסער פֿון אונדז ביידן! און אויב דו ווילסט וויסן, סטאַסיק, האָב איך אים ליב, יוליסן.

— דו האָסט ליב יוליסן? — האָט צעשטרייט אויף איר אַ קוק געטאָן סטאַסיק. — און מיך?

— און דיך? — האָט זי אויף אים דורכדרינגעוודיק אַ קוק געטאָן און נאָך אַ פּאַוזע צוגעגעבן:

— אויף קיין נאַרישע פֿראַגן ענטפֿער איך ניט!

זי האָט זיך שנעל געלאָזט גיין אין דער ריכטונג, פֿונוואַנען עס האָט אָנגעהויבן אויפֿקומען דער בלאַסער פֿרימאָרגן.

סטאַסיק איז געגאַנגען נאָך איר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט ניט געוואַרט אויף אַזאַ ענטפֿער.

„זי איז הײַנט עפּעס אַ מאָדנע, מאַרגאַריטע! — האָט געטראַכט דאָס ייִנגל. — גיי זײַ אַ בעריע און טרעף, צי האָט זי עס געזאָגט ערנסט, צי האָט זי געשפּאַסט".

•

די מוטער האָט באַגעגנט מאַרגאַריטען אויף דער שוועל. זי האָט געוואָלט גוט אויסזידלען די טאָכטער: וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פּאַטרולירן? וואָס זשע, אָן איר וועט מען זיך ניט באַגיין?

נאָר דערזעענדיק מאַרגאַריטען, האָט זי זיך דערפֿרייט און גאָרנישט ניט געזאָגט, אַפֿילע ניט דערמאָנט, אַז זי, די מאַמע, האָט די גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג, באַומרויִקנדיק זיך פֿאַר איר.

אויפֿן טיש איז געשטאַנען גרייט דער פֿרישטיק, נאָר מאַרגאַריטע האָט זיך ניט געכאַפּט. זי איז געווען צעשטרייט און צעטראָגן. זיך שנעל אַרומגעוואַשן און זיך איבערגעטאָן, האָט זי געזאָגט דער מוטער, אַז זי איז גאָר ניט מיד און וויל נאָך ניט שלאָפֿן. זי וועט באַלד זיך אַרײַנכאַפּן צו יוליסן אָפּגעבן אים זײַנע ביכער און נעמען אַנדערע צום לייענען. נישקאָשע, זי וועט זיך אין עטלעכע ווײַלעס אַרום אומקערן.

„וואָס איז געשען מיטן מיידל? — האָט בערטע זיך געבראָכן דעם קאָפּ. — עפּעס קומט מיט איר פֿאָר? יוליס... דער רועך ווייסט עס, וואָס עס קריכט איר אין קאָפּ!"

בערטע האָט געוואָלט זי אָפּשטעלן, אַרײַנזאָגן, נאָר די טאָכטער איז שוין אַרויס פֿון שטוב. זי האָט אַ טראַכט געטאָן, ווי שווער איז האָבן צו טאָן מיט קינדער, וואָס ווערן עלטער. אויפֿן זינען זײַנען געקומען די ווערטער, וועלכע עס כאַזערן אָפּט איבער אַלע מאַמעס אויף דער וועלט: „קליינע קינדער — קליינע צאָרעס. גרויסע קינדער — גרויסע צאָרעס!".

פֿאַרגעסן אין שלאָף, אין מידקײַט, איז מאַרגאַריטע געלאָפֿן מיט דער באַקאַנטער סטעזשקע צו יוליסן און מיט גרויס אומרו געטראַכט, ווי וועט ער זי באַגעגענען. ער איז געווען

א גוטער בעטעווע, אָבער אָן אַקשן. זי האָט געטראַכט און ניט געקאָנט צוטראַכטן, ווי׳אַזוי זאָל זי זיך האַלטן מיט אים, וואָס זאָל זי אים זאָגן. און וואָס קאָן ער זי, אייגנטלעך, באַ־שולדיקן? וואָס פאַר א פאַרברעכן איז זי באַגאַנגען? זי האָט אַרומגענומען סטאַסיקן? זי וואָלט פּונקט אַזוי געקאָנט זיצן מיט אים, מיט יוליסן. ניט מער, סטאַסיק קומט אַלעמאָל צו איר און וואַרט שאָענוויַיז אויף דער באַנק אונטערן קליאָן. וואָס זשע קאָן זי טאָן? זאָל ער, יוליס, אויך קומען, וועט זי מיט אים פּונקט אַזוי זיצן. און בכלל ווייסט זי נאָך ניט, וועמען פון זיי ביידן זי האָט מער ליב... זיי זיַינען ביידע גוטע און טריַיע כעווריע, און איר איז מיט זיי ביידן פריילעך!

צוגעלאָפן צו יוליסעס פּלויטל, האָט מאַרגאַריטע זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און פאַרזיכטיק אופגעעפנט די פּירטקע. דאָרט האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף יוליסעס באָבע, אויף דער מומע שיפרען. יענע האָט פאַרוווּנדערט געקוקט אויפן מיידל:

— זע נאָר, אַזאַ פריַיער גאַסט! וואָס איז געשען, מאַרגאַריטע?

דאָס מיידל האָט זיך פאַרלוירן, זיך שטאַרק פאַרויטלט:

— דער זייגער האָט זיך באַ אונדז אָפּגעשטעלט. איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז שוין שפּעט.

— וואָס זשע, ביסטו געקומען זיך דערוויסן, וויפל עס האַלט דער זייגער? וועל איך דיר טאַקע גלייַך זאָגן.

מאַרגאַריטע איז א לאַנגע רעגע געשטאַנען אָן לאָשן, געקוקט אויף די ביכער:

— דאָס האָב איך געבראַכט יוליסן זיַינע ביכער.

די באָבע שיפרע האָט א טעווע געהאַט רעדן עטוואָס העכער, ווי מע דאַרף, באַזונדערס, ווען מע שלאָפט אין שטוב. און יוליס האָט דערהערט. דערזען דורכן פענצטער מאַרגאַריטען מיט די ביכער אונטערן אָרעם, איז ער אַרויסגעגאַנגען, קרום א קוק געטאָן אויף דער באָבען, מיינענדיק, אַז זי האָט ניט שטאַרק איידל באַגעגנט דעם גאַסט.

די באָבע האָט פאַריכט די גראָווע האָר אונטערן געקוויטלטן קאָפּטיכל, געשטאַנען נאָך א רעגע און אַוועק אין שטוב.

מאַרגאַריטע מיט יוליסן זיַינען געשטאַנען אונטער אַן אַלטן עפּלבוים און געשוויגן, ניט וויסנדיק, וואָס זאָגן איינער דעם צווייטן.

דאָס מיידל האָט געטראַכט, אַז זי איז מיט עפּעס ניט גערעכט בענעגייע דעם באָכער אין די ברילן, און ער, קוקנדיק אויף איר כיינעוודיק פּאָנעם, האָט דערפילט, אַז ער וואָלט געווען גליקלעך, ווען ער קאָן זי אַרומנעמען און א קוש טאָן.

איז מען אַזוי געשטאַנען אָן לאָשן, געקוקט אין א זיַיט.

— נו, יוליס, — האָט מאַרגאַריטע זיך ענדלעך אָנגערופן, — ביסט נאָך אויף מיר באַרויגעז?

— פאַרוואָס זאָל איך זיַין אויף דיר באַרויגעז? — האָט ער איבערגעפרעגט. דערזען אויף א צוויַיג א גרויסן עפּל מיט רויטע בעקלעך, האָט ער זיך פלינק אַרופגעדראַפּעט אויפן בוים, אים אָפּגעריסן און דערלאַנגט דעם מיידל.

זי האָט גענומען דעם עפּל, אָפּגעווישט דעם טוי, אונטערגעטראָגן צו די פּערלדיקע ציין, אָבער זיך פאַרכאַפּט, געהייסן, ער, יוליס, זאָל דער ערשטער אָפּבײַסן א שטיקל.

ער האָט מיט א שמייכל אויף איר א קוק געטאָן:

— וואָס זשע, ריטע, דו האָסט מוירע, איך זאָל דיך מיטן עפּל ניט אָפּסאַמען אָדער זיך דערוויסן דיַינע געדאַנקען?

— ווער ווייסט, — האָט זי קינדעריש־צאַרט א שמייכל געטאָן, — האָסט אויף מיר דעמלט, ווען דו האָסט מיך געזען מיט סטאַסיקן, אַזוי בייז געקוקט, אַז איך האָב זיך דערשראָקן. האָסט אפילע זיך ניט געגריסט מיט מיר.

זי האָט א רעגע געקוקט אויף אים און דערנאָך צוגעגעבן:

— דו ביסט א גוטער, יוליס, נאָר... זאָלסט קיין שלעכטס וועגן מיר ניט טראַכטן.

זי האָט א ביס געטאָן דאָס רויטלעכע בעקעלע פונעם עפּל און אונטערגעטראָגן יוליסן, ער זאָל אויך א ביס טאָן.

— און איך האָב גאָרנישט ניט געמיינט, — האָט ער געזאָגט.

— דו האָסט זיך געבייזערט. און נאָך איצט זע איך, אַז דו ביסט אופגעבראַכט אויף מיר. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט ערנסטער. איך בין געווען מיט סטאַסיקן אין איין גרופּע, וואָס זשע האָב איך געקאָנט טאָן? ווייסט דען ניט, אַז מיט דיר איז מיר שטענדיק אינטערע־סאַנט און גוט...

— און מיט אים?

— וואָס קאָן איך מאַכן, אַז ער קומט אַלעמאָל צו אונדז און וואַרט? מוז איך דאָך אַרויסגיין.

— נארעלע, איך זאָג דיר דען עפּעס? — האָט יוליס איבערגעשלאָגן און אַ שמייכל געטאָן. — איך זאָג דיר גאָרניט. איך האָב דערוף קיין רעכט ניט.

— יאָ, דו זאָגסט מיר גאָרניט, — האָט זי זיך אָנגעבלאָזן, — בעסער וואָלסטו מיר געזאָגט אָפן אַלץ, וואָלט מיר געווען גרינגער.

— גוט. און דו וועסט זיך אָף מיר ניט באַליידיקן פאַרן עמעס, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

— קיינמאָל. אָף מײַן ערנוואָרט!

— און וועסט קיינעם ניט דערציילן, וואָס איך זאָל דיר ניט זאָגן?

— קיינעם.

— אַפילע סטאַסיקן? דער מאַמען — קיינעם?

— קיינעם!

יוליס האָט זיך אַרומגעקוקט, צי איז קיינער נישטאָ, אָנגענומען מאַרגאַריטען פאַר דער האַנט און איר אַרײַנגעקוקט טיף אין די אויגן. ער האָט דערפּילט מיטאַמאָל, ווי עפּעס אַ מאָדנער שטראָם איז דורכגעלאָפן איבערן גאַנצן לײַב. עס האָט אים פאַרשלאָגן דער אָטעם. אַ באַלויכטענע פון דער זון, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן אין דער געדיכטעניש פון די ביימער, האָט מאַרגאַריטע אויסגעזען נאָך כיינעוודיקער, נאָך מילדער. אירע האָר זײַנען געווען באַגילדעט, ער האָט דאָס מיידל איצט ניט דערקענט, געקוקט אָף אירע פּײַכטע, פולבלעכע עטוואָס צעעפנטע ליפּן, און ניט געטראַכט, וואָס פאַר אַ פּסק ער קאָן אַרײַנכאַפּן פון דעם שטרענגן מיידל, זי אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן.

מאַרגאַריטע האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, דערשראָקן געקוקט אַ רעגע אָף אים.

— וואָס האָסטו געטאָן? גוט אַזוי? וועסט דערנאָך קיין שלעכטס וועגן מיר ניט טראַכטן? סטאַסיק האָט מיך געוואָלט אַ קוש טאָן, און איך האָב אים אַזוי דערלאַנגט אין דער באַק. און אָף דיר בייזער איך זיך ניט... נאָר מער זאָלסטו אַזוי ניט טאָן. איך בעט דיך, יוליס.

אירע אויגן זײַנען פּײַכט געוואָרן. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, האָט זי זיך געלאָזט צו דער פּירטקע, פאַרגעסנדיק, אַז זי איז געקומען נאָך ביכער.

מיט איין פלינקן שפרונג האָט ער זי דעריאָגט אַ צעשײַנטער און אַ גליקלעכער. זי האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ, ווי איצט. ער איז אין אירע אויגן אַפילע שענער געווען, ווי שטענדיק. און די ברילן אָף זײַן קורצער נאָז האָבן אים מער ווי שטענדיק, דאַכט זיך, געפּאַסט צום פּאָנעם. ער האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג און מיט פאַרטײַטעטן אָטעם גענומען שעפּטשען אָפן אויער:

— בייזער זיך ניט אָף מיר, טײַערע. באַליידיק זיך ניט. ווען דו ווייסט, ווי איך האָב דיך ליב...

מאַרגאַריטע האָט אופגעהויבן אָף אים אירע גרויסע דערשראָקענע אויגן:

— וואָס רעדסטו, יוליס! ווי האָסטו געוואַגט אַזוינס זאָגן? וואָס זשע, דו שעמסט זיך גאָרניט?

— ניין, איך שעם זיך ניט! איך האָב שוין לאַנג עס דיר געוואָלט זאָגן און ניט געוואַגט. זײַ ניט באַרויגעז אָף מיר: דאָס זאָג איך דיר דעם ריינעם עמעס. דו פאַרשטייסט מיך, ריטע? ניין, דו קאָנסט מיך ניט פאַרשטיין.

זי האָט אָף אים געקוקט, ווי זי זאָל אים זען דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. אין די ברילן, מיט די עטלעכע קלײַנע אָפן פּאָנעם, וואָס האָבן ניט איין מאָל אַרויסגערופן וויצן מיצאַד אירע כאַווערטעס, האָט ער איצט אויסגעזען אין אירע אויגן שענער, ווי אַלע כעווריע, וועלכע זי האָט געקענט. נעמענדיק אים פאַר אַ האַנט, האָט מאַרגאַריטע זיך אָנגערופן:

— איך פאַרשטיי, יוליס. דו ביסט אַזאַ האַרציקער, אַ גוטער, נאָר דו זאָלסט זיך אָף מיר קיינמאָל ניט בייזערן און זיך ניט באַליידיקן. אויב דו ווילסט מיך באַליידיקן, זאָלסטו פרײַער ציילן ביז הונדערט, דער קאַס זאָל איבערגיין. אָט אַזאַ, ווי איך זע דיך איצט, זאָלסטו זײַן שטענדיק. און ניט אַזאַ, ווי איך האָב דיך געזען דאָרט, גוט?

— יאָ, ריטע, איך בין געווען אופגערעגט, בייז און ניט אַזוי אָף דיר... דו ווייסט, סאַראַ כמאַרע עס רוקט זיך אָן אָף אונדז? וויל איך דיר זאָגן, וואָס עס זאָל מיט אונדז ניט געשען, זאָלן מיר מיט דיר שטענדיק בלײַבן פרײַנט, זיך ניט צעשיידן קיינמאָל. אויב די פאַשיסטן וועלן אַהער קומען, לאָמיר אוועק אין די בערג, נעמען געווער, קעמפן...

— די פאַשיסטן וועלן אַהער קיינמאָל ניט קומען. קיינמאָל!

— פונוואַנען ווייסטו?

— ראָמאַן קראַוועטשוק האָט געזאָגט. ער ווייסט אַלץ. די רויטע אַרמיי וועט צו אונדז קומען.

— גוט! גלענצנד! — האָט זיך יוליס דערפרייט. — נאָר אויב ניט, וועלן מיר גיין צו דעם זברוטש, קיין רוסלאַנד. מיר וועלן זיך דערקלײַבן קיין קיִעוו, קיין מאָסקווע, און דאָרטן וועט מען אונדז באַגעגענען, ווי אייגענע.

— אָבער אַהין איז דאָך אַזוי ווײַט!

— נישקאָשע, דאָס מאַכט ניט אויס, מירן זיך דערקלײַבן! וועסט גיין מיט מיר?

מאַרגאַריטע האָט זיך א ווײַלע פאַרטראַכט, פאַרשאַרט די האָר, וואָס זײַנען געפאַלן איבער די אויגן, און, קוקנדיק אָף אים מיט א פאַרליבטן בליק, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, יוליס, מיט דיר וועל איך גיין... מיט דיר וועט מיר אין ערגעץ ניט זײַן שרעקלעך. און איך ווייס, אַז די מוטער און דער פאָטער וועלן מיך אָפּלאָזן מיט דיר. זיי האָבן דיך זייער ליב. זיי האַלטן, אַז דו ביסט דער בעסטער.

— איך האָב זיי אויך ליב.

ער האָט פרײַער אָפּגעאָטעמט, פאַריכט די ברילן, זיך ארומגעקוקט און צערטלעך א גלעט געטאָן אירע האָר. מאַרגאַריטע האָט אים ניט אָפּגעשטויסן פון זיך.

— ביסטו, הייסט עס, גרייט מיט מיר גיין?

— געוויס. וווהין דו וועסט וועלן.

— נו, און סטאַסיק? — האָט זיך בא אים פלוצעם, ניט ווילנדיק, ארויסגעריסן.

— סטאַסיק? — האָט זי זיך פאַרטראַכט. — סטאַסיק... ווייסטו וואָס, יוליס, מיר וועלן אים אויך מיטנעמען. צוזאַמען וועט זײַן פריילעכער. רוסלאַנד איז גרויס און ברייט, און דאָרטן וועט פאַר אַלעמען זײַן פּלאַץ.

— נו, גוט, אויב דו ווילסט, זאָל זײַן אַזוי. איך בין ניט קעגן. זאָל ער אויך גיין מיט אונדז!

די זון האָט זיך אופגעהויבן איבער די גרינע בערג. שטיל און רוִיק איז געווען ארום. די קרוינען פון דיביימער האָבן זיך קוים באַוועגט. קיין זאַך האָט דאָ ניט דערמאָנט אין מילכאָמע, געפאַר. און פלוצעם האָט זיך צעברומט דער האָריזאָנט. עס איז אָנגעוואַקסן א גרילצערײַ פון מאָטאָרן. הויך אין הימל האָבן זיך באַוויזן עראָפּלאַנען מיט שוואַרצע צלאָמים אָף די פליגלען.

## אָפן שיידוועג

יוליס איז געווען אָפן זיבעטן הימל.

און טאַקע — נאָך דעם, ווי ער האָט שוין געהאַט באַשטימט, אַז זײַנע וועגן מיט מאַר־גאַריטען זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, און סטאַסיק, וועמען ער האָט אַזוי געגלייבט, האָט געפאַנגען ריטעס האַרץ, האָט ער, יוליס, שוין ניט געהאַט אָף וואָס צו האָפן. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער האָט געלעבט אין טאָעס!

ניין, זעט אויס, אַז דאָס מאַזל האָט אים נאָך ניט פאַראַטן. ער איז געווען באַגײַסטערט ניט בלויז דערפון, וואָס מאַרגאַריטע האָט אים ליב, נאָר דעריקער דערפון, וואָס זי האָט געזאָגט, אַז זי איז גרייט גיין מיט אים אין פײַער און אין וואַסער.

און יוליס איז איר מויכל געווען אַלץ. ער איז איצט געווען דער גליקלעכסטער אין דער וועלט. ער האָט אין איר קיין טאָעס ניט געהאַט. יוליס האָט פעסט באַשטימט, אַז מע טאָר ניט ריידן קיין שלעכטס וועגן מענטשן.

יאָ, נאָר מאַרגאַריטע האָט געזאָגט, אַז סטאַסיק זאָל אויך מיט זיי גיין? דאָס האָט אים עטוואָס א קאָראָבע געטאָן. וואָס קער זיך דאָ אָן סטאַסיק, מיט וועלכן ער האָט זיך צעקריגט טאַקע צוליב איר? נאָר מיילע, מע וועט אים אויך מיטנעמען מיט זיך. וואָס קאָן ער שטערן? עס וועט זײַן היימלעכער און גרינגער אין וועג. ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט מען פאָרט צו־זאַמען געלערנט אין איין שול, געזעסן אָף איין פאַרטע. און ניט בלויז סטאַסיקן דאַרף מען נעמען מיט זיך, נאָר אַלע כעוורע פונעם יִשעוו. דאָרטן, אין רוסלאַנד, וועט מען זיך אויס־לערנען, וויִאַזוי מע דאַרף אײַנשטעלן ראַטנמאַכט דאָ, בא זיך אָף דער ערד.

יוליס האָט צוגעטראַכט פאַרשיידענע פּלענער, איינער דרייסטער פונעם אַנדערן. זיך געייצעט וועגן אַלץ מיט זײַנע כאַוויירים, וועלכע האָבן אים אונטערגעהאַלטן.

ווען אַלץ איז שוין געווען אָפּגערעדט, דורכגעטראַכט און מע האָט שוין גענדאַרפט זיך צונויפריידן, ווו מע באַגעגנט זיך, קעדיי זיך לאָזן אין ווײַטן וועג ארײַן, האָט יוליס א טראַכט געטאָן, אַז מע וואָלט זיך גענדאַרפט אויסייצענען מיט ראָמאַן קראַוטשוקן. יענער

האָט גוט געקענט דעם וועג קיין רוסלאַנד. ער איז דאָרט אַמאָל געווען און דערציילט וועגן דער וועגן דעם דאָזיקן לאַנד.

נאָר גיי זיי א כאַכעם און שטויס זיך אָן, אַז גראַדע ראַמאַן קראַווטשוק וועט אים צעשטערן אַלע פּלענער!

ראַמאַן האָט אים זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט און געזאָגט, אַז דערווײַל איז ניט קעדײַ זיך רירן פונעם אָרט. מע דאַרף, ווי פריִער, פּאַטרולירן אַף די באַצירקן און זיי אָפּהיטן פון די סאָנים. עס קאָן ניט זײַן, האָט ער ווײַטער געזאָגט, אַז די אַרבעטער פון יענער זײַט זבּרוטש זאָלן גלײַכגילטיק קוקן אַף דעם, ווי די פאַשיסטישע מערדער וועלן זיך אַהער אַרײַנרײַסן און פאַרניכטן אַלץ און אַלעמען פאַרשקלאַפן.

און נאָך האָט ראַמאַן געזאָגט, אַז קיין גרויסע כאָכמע ליגט ניט אין דעם, וואָס ער, יוליס, סטאַסיק, מאַרגאַריטע און אַנדערע כעווערע וועלן פאַרלאָזן די היים און זיך גיין ראַטעווען. מע דאַרף אין דער שווערער צײַט זײַן צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק און קעמפן, אויב עס וועט אויסקומען, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

ראַמאַנס ווערטער האָבן יוליסן פּולקאָם איבערצײַגט. ער האָט מיט צוטרוי געהערט דעם שרעקלאָזן קאָמוניסט, וועלכער האָט זיך אַלע יאָרן — בּאַ די עסטרײַכער, באַ די פּוילישע פּאַנעס געמוטשעט אין די טורמעס.

די טעג און נעכט האָבן זיך געצויגן מעשונעדיק לאַנג. די אומבאַוווּסטקײַט — וואָס וועט ברענגען דער מאָרגעדיקער טאָג — האָט געטאָטשעט די נעשאָמע און ניט געלאָזט רויִק אָטעמען. בעזשענצעס, וועלכע האָבן זיך אַהער דערקליבן פון די אָקופּירטע פּוילישע שטעט און שטעטלעך, פון דער ברענענדיקער וואַרשע, האָבן דערציילט וועגן מאַסן־האַריגעס, וועגן סרייפעס און אומגליק.

זיי מענטשן האָבן אויסגעהערט און געווען דערשיטערט. קיינעם האָט זיך ניט געגלייבט, אַז אַזוינס איז מעגלעך אין צענטער פון אייראָפּע. צי דען איז נישטאָ אַזאַ קויעך, וואָס זאָל אָפּשטעלן די קוילער?

„וואָס זשע וועט זײַן מיט אונדז, אַז מיר זײַנען איצט אַזוי אומבאַהאָלפן?״ — די דאָזיקע פראַגע האָט מען אַלעמאָל פאַרגעבן ראַמאַנען.

צו שנעל האָט זיך צו די קאַרפּאַטן דערנעענטערט דער סוינע. עס איז אַהער געגאַנגען אַ מוירעדיקע קראַפט. אַלץ אָפטער האָבן זיך געגומען באַוויזן איבערן „שוואַרצן טאָל״ די פאַשיסטישע אַעראָפּלאַנען און אָנגעוואָרפן אַף יעדערן אַ גרויל. ראַמאַן קראַווטשוק האָט אויסגעמיטן זיך באַגעגענען מיט יוליסן, מיט די יונגע כעווערע, וועלכע ער האָט ניט געצייצעט זיך לאָזן איבערן זבּרוטש.

און עפּשער איז נאָך איצט ניט שפּעט? ניט בלויז די יונגע כעווערע דאַרפן אַהין גיין — אויך די נאַפּטלער?

מענטשן זײַנען אַרומגעגאַנגען דערשלאָגענע, פאַרטשמעליעטע, און די הענט האָבן זיך צו גאַרנישט געלייגט.

ווי אַפּצולאָכעס, זײַנען געשטאַנען זוניקע, לויטערע סענטיאַבער־טעג און שטילע לעוואָניקע נעכט. אָן אַנדערשמאָל וואָלט עס געפרייט, נאָר איצט האָט מען פאַרשאָלטן די נאַטור, וואָס האָט געהאָלפן די פאַשיסטישע באַמבאַרדירער אַרומפליִען פראַנק־און־פרײַ.

ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן, איז געקומען די לאַנגדערוואַרטע אויסלייזונג, די רעטונג, די גרויסע מענטשלעכע הילף.

אין איינעם פון די סענטיאַבער־פרימאָרגנס, נאָך אַ שווערער שלאָפלאָזער נאַכט, האָט דעם גאַנצן קאַנט אופגעוועקט אַ געוויש פון אַעראָפּלאַנען. דער אוילעם איז אַרויס אַף די גאַסן, פאַרלאָזט די הײַזער און, זשמורענדיק פון די ערשטע זון־שטראַלן די אויגן, זיך אײַנגעקוקט מיט פּאַכעד אין הימל.

מאַרגאַריטע איז אופגעשפּרונגען פונעם געלעגער, געכאַפּט אַף זיך דאָס לײַכטע קליידל, און, אַ צעשויבערטע, אַ דערשראָקענע, אַרויסגעלאָפן פון שטוב און זיך געלאָזט לויפן צו יוליסעס סעדל. זי האָט אים דערזען פונדערווײַטנס. פאַריסן דעם קאָפּ, האָט ער זיך אײַנגעקוקט אין הימל און ניט באַמערקט, ווי מאַרגאַריטע איז צו אים צוגעלאָפן.

— יוליס! — האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ ציטערנדיקער שטים. — מיר דאַרפן גלײַך זיך לאָזן גיין צו דער גרענעץ. עפּשער וועלן מיר נאָך באַווײַזן!

ער האָט אָנגענומען איר האַנט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ:

— דאַכט זיך, פאַרשפּעטיקט.

— וואָס רעדסטו! מיר טאָרן דאָ ניט פאַרבלײַבן. הערסט, וואָס עס טוט זיך?

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו זײַן אַקסל, און ער האָט דערפֿילט, ווי זי ציטערט.

— באַרויִק זיך, מאַרגאַריטע, איך בעט דיך, האָב ניט מוירע, — האָט יוליס איר געשעפּטשעט אָפֿן אויער און אַליין געפֿילט, ווי מורעשקעס לויפֿן איבער זײַן לײַב, — מיר דאַרפֿן גלײַך אַוועק אין די בערג. דאָרטן איז ניט אַזוי געפֿערלעך, ווי דאָ... מיר וועלן...

דער גערויש פֿון די עראָפּלאַנען האָט זיך פֿאַרשטאַרקט, און עמעצער פֿון אוילעם האָט זיך צעשריגן:

— וואָס שטייט איר? באַהאַלט זיך! באַלד וועלן זיך אַ שאָט טאָן באָמבעס!

פֿון אַלע זײַטן האָט זיך געהערט אַ געשריי, אַ געוויין. ראַמאַן איז געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אָף זײַנע מיליצעס, און, פֿאַרזשמורעט די אויגן פֿון דער זון, זיך אײַנגעקוקט אינעם הימל.

— היי, ווער שטייט עס דאָרט! באַהאַלט זיך! — האָט זיך ווידער עמעצער צעשריגן, זעענדיק, ווי דאָ און דאָרט שטייען נאָך מענטשן און קוקן זיך אײַן אין הימל.

דער גערויש פֿון מאָטאָרן איז אָנגעוואַקסן מיט אַ שרעקלעכער קראַפֿט, זיך אַלץ דערנענטערט.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט ראַמאַן קראַוטשוקס קאָל:

— מענטשן, קומט אַרויס! אונדזערע פֿליִען! רוסישע! זעט, רויטע שטערנס! אונדזערע!

ער האָט אויפֿגעהויבן אינדערלופֿטן אַ מיליצע און געצומען פֿאָכען מיט איר, שרײַען, רופֿן. דאָס געקנייטשטע, פֿאַרברוינטע פּאָנעם האָט געשײַנט פֿון גליק. דער קאַרטוז איז אַראָפּגעפֿאַלן אָף דער ערד, און די גראָווע האָר זײַנע האָט צעשויבערט דער ווינט.

אַלע זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון די באַהעלטענישן, מ'האָט אונטערגעוואָרפֿן אינדערלופֿטן די היטלען און קאַפּעליושן, געמאַכט מיט די הענט צו די פֿליִער.

ווען די עראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן איבער די קעפּ, איבער די נאַפֿט־טורעמס, האָט זיך פֿון הימל אַ שאָט געטאָן אַ רעגן פֿון פּילפֿאַרביקע פֿלוגבלעטלעך. דער ווינט האָט זיי אונטערגעכאַפּט און זיי געטראָגן, ווי אַ טשאַטע פֿויגלען.

דער אויפֿגעוואַכטער טומלדיקער אוילעם האָט זיך אַ לאָז געטאָן כאַפּן די בלעטלעך. די עראָפּלאַנען, מאַכנדיק אַ גרויסן קרײַז איבער דעם „שוואַרצן טאָל", — באַגריסנדיק דעם קאַנט, די מענטשן, — זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון יענער זײַט בערג.

דער אוילעם האָט אַרומגערינגלט ראַמאַן קראַוטשוקן, וואָס האָט שוין געהאַלטן אַ פֿלוגבלעטל אין די הענט. מיט אַ ציטערנדיקער שטים האָט ער געלייענט אָף אַ קאָל, און אַלע אַרומיקע האָבן זיך אויפֿמערקזאַם אײַנגעהערט:

„ברידער און שוועסטער! אין דער שווערער שאָ, ווען איבער אײַך, אײַערע קינדער, פֿאָטערס און מוטערס, איבער אײַערע שטעט און דערפֿער, איבער אײַער לײַבלעכער ערד, וואָס האָט אַזויפֿיל יאָר געשמאַכט אונטערן שווערן יאָך פֿון די עסטרײַך־אונגאַרישע באַראָנען, פּוילישער שליאַכטע, רוקט זיך אָן אַ נײַע געפֿאַר פֿון פֿאַרשקלאַפֿונג, איז צו אונדז דערגאַנגען אײַער רוף נאָך הילף. אײַער דורעסלאַנגער טרוים זיך פֿאַרייניקן מיט אײַערע ברידער פֿון יענער זײַט זברוטש, מיט דער פֿרײַער סאָוועטישער אוקראַיִנע, סאָוועטישן רוסלאַנד איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. מיר גייען אײַך צוהילף און שטרעקן אויס אונדזער ברידערלעכע האַנט. עס דערנענטערט זיך די שאָ פֿון אײַער באַפֿרײַונג! מיר גייען צו אײַך..."

פֿאַרגאַפּטע, האָט מען געהערט די האַרציקע ווערטער.

די זון האָט זיך שוין געצומען זעצן הינטער די בערג, ווען מע האָט דערזען אָפֿן שליאַך פּאַסמעס שטויב. פֿון די שטויב־וואָלקנס זײַנען אַרויסגעשוווּמען טאַנקען, וואָס האָבן זיך שנעל דערנענטערט צו ראַפּײַעוקע, צום „שוואַרצן טאָל". דער רוישיקער האַמוין, ניט וואַרטנדיק, ביז די מאַשינעס וועלן צוקומען, האָט זיך אַליין מיט טומל און געשריי אַ לאָז געטאָן אַנטקעגן.

דער וועג איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט מענטשן, מ'האָט פֿאַרוואָרפֿן די פֿאַרשטויבטע מאַשינעס מיט בלומען. אַרויסגעשלעפּט די טאַנקיסטן פֿון די מאַשינעס, זיי געהאַלדזט, געקושט, געטראָגן אָף די הענט.

קינדער האָבן ניט געוואַרט אָף קיין קאָוועד און זיך אַרופֿגעדראַפּעט אָף די טאַנקען, געטאַפּט די פֿאַרשטויבטע רערן פֿון די האַרמאַטן, אויסגעווישט דעם שטויב, קעדיי מע זאָל אָנזען די רויטע שטערנס אָף די טאַנקען־טורעמלעך.

פון אַלע זײַטן האָבן זיך אַהער דערטראָגן באַגריסונגס־געשרייען. עס זײַנען אָנגעקומען נײַע מאַשינעס, אַף וועלכע עס זײַנען געשטאַנען און געזעסן פאַרשטויבטע רויטאַרמייער אין קאַסקעס. אין הימל האָבן זיך ווידער באַוויזן אַעראָפּלאַנען מיט רויטע שטערנס אַף די פליגלען, וועלכע האָבן גאַנצפרי געבראַכט דעם ערשטן גרוס פונעם סאָוועטנלאַנד.

באַשאָטענע מיט בלומען, זײַנען די טאַנקען און אויטאָס אַרײַן אין דער טומלדיקער, יאָמטעוודיקער שטאָט.

פון די אַרומיקע יישוּווים, פון די בערג האָבן זיך אַהער אַראָפּגעלאָזט טויזנטער מענטשן, קעדיי באַגריסן זייערע באַפרײַער, באַגעגענען די לאַנג געגאַרטע שעליכים פונעם סאָוועטנלאַנד.

## דאָס לעבן הייבט זיך אָן אַפסנײַ

נאָך די גרויזאַמע טעג און וואָכן, ווען קיינער האָט ניט געוווּסט, אַף וואָס פאַר א וועלט מע געפינט זיך, ווען אַלע זײַנען געווען צווישן לעבן און טויט, און די הענט האָבן זיך צו גאָרנישט ניט געלייגט, האָט מען זיך איצט דערפילט ווי אַפסנײַ געבאָרענע.

די ערשטע באַגעגעניש מיט די באַפרײַער, מיט די גוטמוטיקע און האַרציקע יונגע מענטשן אין סאָלדאַטישע מונדירן, וואָס זײַנען מער געווען ענלעך אַף ציווילע, ווי אַף מיליטערלײַט, און אַזוי פראָסט גערעדט מיטן אוילעם, געלאַכט, געטאַנצט און געזונגען באַגלײַך מיט אַלעמען, אַזוי ווי מע וואָלט זיך ערשט ניט לאַנג צעשיידט און זיך אַפסנײַ באַגעגנט, האָט בא יעדן דאָ אַרויסגערופן גוטע געפילן. מע האָט נאָר באַדויערט, וואָס אָט די פריידיקע באַגעגעניש איז ניט פאָרגעקומען פריִער מיט א סאַך יאָרן.

מ׳האָט אָבער ניט לאַנג געיובלט. די רויטאַרמייער האָבן אַף זייערע מאַשינעס זיך גע־לאָזט ווײַטער אין זייער באַפרײַונגס־מאַרש — אַף זיי האָבן מיט אומגעדולד און האָפענונג געוואַרט נאָך טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער און פויערים.

ווידער האָט זיך איבערן גאַנצן אַרום צעטראָגן דער געהילך פון די עגבער־מאַשינעס און איבער די קאָטשעגאַרקעס האָבן זיך געצומען וויקלען וואָלקנס דאַמף, די זשעלאָנקעס האָבן אָנגעהויבן שעפּן נאַפט פון די ערד־טיפענישן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די אַרבעט איז נאָך קיינמאָל ניט געגאַן אַזוי פריילעך, ווי איצט, ווען די נאַפטלער זײַנען אַליין געוואָרן די באַלעבאַטים פון זייערע רײַכטימער.

די קליינע באַן־סטאַנציע, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אַהין, פון יענער זײַט באַרג־שטראָם, אין דער געדיכטעניש פון די ביימער, און איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, ווי א יאָסעם, איז מיטאַמאָל אויפגעמונטערט געוואָרן. פון מיזרעך זײַנען אָנגעקומען שווערגעלאָדענע עשעלאָנען מיט מאַשינעס, אויסשטאַטונג, סכוירעס, מעדיקאַמענטן, אַנטאַן און עסנוואַרג. עס זײַנען געקומען וואַגאָנעס, געלאָדענע מיט פּאַפּיר און ביכער, העפטן און לערן־מאַכשירים.

דאָס סאָוועטנלאַנד האָט געשיקט דעם באַפרײַטן קאַנט מאַטאָנעס פון דער ברייטער האַנט. גאָרנישט ניט געקאַרגט, קעדיי דער קאַנט זאָל וואָס גיכער אויפגעריכט ווערן.

מיט די ערשטע צוגן זײַנען אַהער אָנגעקומען הונדערטער לערער, דאָקטוירים, טעכ־ניקער און אינזשעניערן. מע האָט דאָ געדאַרפט העלפן אײַנשטעלן דאָס נײַע לעבן, אײַנ־פירן אַף די נאַפט־באַצירקן די נײַסטע מעכאַניזמען.

דערזען דאָס אַלץ, האָט שיקע קושניר געמיינט, אַז זײַן קוזניע וועט אים אויסקומען פאַרשליסן צוזאַמען מיט די אַלטע קאָטשעגאַרקעס. נאָר עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דאָס איז ניט אַזוי. א גוטער שמיד איז דאָ נייטיק געווען, ווי לופט, און ער איז צוזאַמען מיט זײַן געטרײַען פרײַנט פיליפּן שוין פון דעם ערשטן טאָג צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

פאַר יעדן איז געווען וואָס צו טאָן.

צוזאַמען מיט אַלע נאַפטלער זײַנען אַרויסגעגאַנגען אַפן באַצירק, צו די עגבערן, סטאַ־סיק קראַווטשוק און יוליס מאַרקוס. מיט זיי איז אויך געקומען מאַרגאַריטע, פיליפּס טאָכ־טערקע. זי האָט באַקומען די שטעלע פון א כעזשבנפירער אַפן באַצירק.

עמעס, מאַרגאַריטע איז ניט געווען צופרידן מיט איר נײַער אַרבעט, — זי האָט געוואָלט אַרבעטן דאָרט, ווו אירע כאַווײרים, בא די נאַפט־גרובנס. נאָר ראָמאַן קראַווטשוק האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז ער ווייסט בעסער, ווו זי דאַרף אַרבעטן.

אלע פאַרטאָג, ווי נאָר די סירענעס אָפּן באַצירק האָבן זיך צעהודעט, האָט דער דרײַ־לינג זיך געלאָזט מיט די אויסגעטראָטענע סטעזשקעס פון ישעוו אָפּן באַצירק, צו דער אַרבעט, צוזאַמען מיט הונדערטער עלטערע און ייִנגערע אַרבעטער.

אינמיטן איז געגאַנגען מאַרגאַריטע, און בײַ ביידע זײַטן, ווי די היטער — סטאַסיק מיט דער צעפּאַטלטער טשופּרינע, שטענדיק אַ פריילעכער, אַ לאַכנדיקער, אָן אויפגעלייגטער, און יוליס מאַרקוס, שוין אַ צו ערנסטער און פאַרדײַגעטער. ביידע האָבן זיך אָף זייער אויפן געסטאַרעט אויספּײַנען פאַרן מיידל, און ביידע האָבן געפילט, אַז ניט שטענדיק גיט עס זיך אײַן, ווײַל צווישן רוישיקן און אויפגעלייגטן אוילעם זײַנען געווען מער באַריידעוודיקע און פריילעכע, מער פאַרשײַטע, וואָס האָבן זי אַלעמאָל פאַרטשעפּעט מיט אַ וויץ, אַ שאַרף וואָרט.

גייענדיק אין דער ענגשאַפט צוזאַמען מיט די נאָפּטלער אָף דער וואַכטע, האָט מאַרגאַ־ריטע זיך געפילט אינגאַנצן אַ דערוואַקסענע. פאַר איר איז גאָרניט שווער געווען. אין רעגנס און קעלטן, אָנגעטאָן אין איר וואַרעמען מאַנטל, אין די שטיוול, מיטן וואָלענעם קאָפּטיכל, איז זי אַרומגעגאַנגען פון איין רעזערוואַר צום אַנדערן, געמאָסטן און פאַרשריבן אין בי־כעלע, וויפל נאַפט מע האָט אַרויסבאַקומען.

אַזוי האָט זיך באַקומען, אַז אַלע טאָג אין דער זעלבער צײַט האָבן אַלע דרײַ זיך באַגעגנט בײַ דער קרענעצע, וואָס אונטערן דרײַהונדערטיאָריקן דעמב, און מע האָט זיך געלאָזט צו דער אַרבעט.

ווי נאָר דער הודאָק האָט געמאָלדן דעם סאָף פון דער וואַכטע, האָט סטאַסיק מיט יוליסן שוין געוויילט צו דער קאָנטאָר, געשטאַנען בײַם פּענצטער, ביז מאַרגאַריטע איז צו זיי אַרויס־געגאַנגען, און מע האָט זיך געלאָזט אַהיים.

רוען איז בײַ קיינעם קיין צײַט ניט געווען, ווײַל מע האָט זיך שנעל געדאַרפט אומ־קערן אַהיים, איבערכאַפּן, זיך איבערטאָן און לויפן אין קלוב אַרײַן. דאָרטן האָט מען אַלע אָפּדערנאַכט געוויזן סאָוועטישע פילמען. דאָס זײַנען געווען די בעסטע גרויסן פונעם גרויסן לאַנד, צו וועלכן זיי געהערן איצט אויך.

ביידע, סטאַסיק און יוליס, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גרויסע אַקשאָנים. אָפּטלעך האָבן ביידע געפילט, אַז איינער שטערט דעם צווייטן. ווען מע איז ניט אינדרײַען, וואָלט מען געקאָנט רעדן מיטן מיידל מער אָפּן. נאָר קיינער האָט ניט געטראַכט אָפּטרעטן דאָס אָרט. ווי נאָר יוליס האָט זיך געלאָזט מיט ריטען שפּאַצירן, אַזוי איז גלײַך, ווי אַ שאָטן, אויסגעוואַקסן סטאַסיק. און פאַרקערט. און כאָטש דאָס מיידל האָט מער סימפּאַטיזירט יוליסן, האָט דאָך צײַטנווײַז איר זיך געדאַכט, אַז מיט סטאַסיקן איז איר אויך ניט אומעטיק. בעשאַס מע האָט זי באַגלייט אַהיים און געשטאַנען זאַלבעדריט בײַ איר פּירטקע, האָט אַזוי פּאַסירט, אַז אַמאָל איז פון איר אוועקגעגאַן אָן אומצופרידענער און אופגערעגטער סטאַסיק, און אַמאָל — יוליס.

אָבער ביידע האָבן זיך ניט געקאָנט באַליידיקן אָף איר, ווײַל זיי זײַנען פּאַשעט געווען פאַרליבט און זי האָט זיי געמאָטערט, ניט געקאָנט זאָגן, ווער פון ביידן איז איר ליבער.

מעגלעך, אַז זי איז גאָרניט שולדיק געווען דערין. ווײַנען וווינט מען דאָך אַלע דרײַ בישכיינעס, אין שול האָט מען געלערנט אין איין קלאַס. אַרבעטן אַרבעט מען אָף איין וואַכטע. ביידע פאַרלויפן מאַרגאַריטען אַלע וועגן. נעמט איינער בילעטן אין טעאַטער און באַוויזט זיך נאָך ניט אַרומקוקן, שטייט שוין דער צווייטער אויך מיט בילעטן. ברענגט איינער פאַר מאַרגאַריטען אַ שקאַרמיץ מיט קאָנפעטן, האַלט שוין דער צווייטער פּונקט אַזאַ שקאַרמיץ. קוקנדיק אָף זיי, האָט זיך דאָס מיידל אָפּט געהאַלטן פאַר די זײַטן פון געלעכטער.

אַנדערע מיידלעך זײַנען איר אַפילע מעקאַנע — וואָס קלעפּן זיי אַזוי צו מאַרגאַריטען... וואָס עמעס, איז עמעס, בילעטן, צוקערקעס, אַנדערע זאַכן — אַלץ האָט סטאַסיק איר געקענט אונטערטראָגן, אָבער ביכער — דאָס ניט!

ווען מע האָט געעפנט די ערשטע ביכער־קראָמען און געבראַכט אָן אַ שיר ליטעראַטור פון קיִעוו און מאָסקווע, האָט יוליס מאַרקוס אָנגעקויפט אַ גאַנצן סטאָס ביכער. און מאַר־גאַריטע האָט זיי מאַמעש געשלונגען. גאַנצע נעכט ליגט זי בײַם לעמפּל און לייענט זשעדנע, ווי זי וואָלט וועלן אָניאָגן דאָס, וואָס זי האָט דורכגעלאָזט פאַר איר לעבן. דאָס, אייגנטלעך, האָט זי געצווונגען אָפּטער קומען צו יוליסן אַהיים. און דערפון איז ניט גאָר געווען צו־פרידן סטאַסיק. ער האָט אויך געקויפט אַ ביסל ביכער און פאָרגעלייגט דעם מיידל עפּעס אויסקלײַבן, נאָר אַלץ האָט זי שוין, לאָזט זיך אויס, געלייענט פריִער בײַ יוליסן.

ווער ווייסט, וויפל עס וואָלט זיך געצויגן אָט די שטילע מילכאָמע, ווען עס קומט ניט אויס זיך צעשיידן.

עס איז דורכגעגאַנגען דער האַרבסט און דער ווינטער, און אין אַ שיינעם פרילינג באַגינען האָט ראָמאַן קראַווטשוק איינגעלאַדן צו זיך אַלע דריי און פאַרגעלייגט פאַרן קיין לוואָוו זיך לערנען אין נאַפּט-טעכניקום, וועלכער האָט זיך אָקאָרשט דאָרט געעפנט. דער באַצירק דאַרף האָבן גוטע מײַסטערס, טעכניקער, און פון זיי דרײַען קאָן אַרויס אַ טאָלק.

יוליסן און סטאַסיקן איז דער איניען געפעלן געוואָרן, און מע האָט גלײַך געגעבן די האַסקאָמע צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט זיך לערנען, כאָטש אַ שאָד געוועזן זיך שיידן מיטן לײַבלעכן קאַנט, מיט די כאַווייריים און מיט זייער אַרבעט. נאָר מע וועט זיך דאָך אין אַ פּאָר יאָר אַרום צוריק אומקערן. דערצו נאָך פאַרט צוזאַמען מיט זיי אין טעכניקום מאַר־גאַריטע, וועלן זיי זיך ביכלאַל פילן, ווי בא זיך אין דער היים.

לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז ניט אַזוי פּראָסט, ווי די ייִנגלעך האָט זיך געדאַכט! בערטע האָט זיך אײַנגעעקשנט, אַז זי וועט דאָס מיידל פון זיך ניט אָפּלאָזן. זי מיט פיליפן זײַנען שוין אין די יאָרן, און בלײַבן אָן דער טאָכטער, וועט מען אומקומען פון אומעט און בענקעניש. דערצו נאָך איז בערטע ניט אינגאַנצן געזונט, קרענקט אָפּטלעך און קאָן ניט פאַרבלײַבן אָן דער טאָכטערס הילף. פרידריך איז גאַנצע טעג און נעכט אָף דער אַרבעט, אָף זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, אין פאַליטשול און נאָך ווער ווייסט וווּ, און אין שטוב איז פּוסט, טאָ זאָל דאָ בלײַבן מאַרגאַריטע!

בערטע האָט דערבײַ געטראַכט, אַז זי האָט זיך שוין איינמאָל באַנאַרישט, אָפּגעלאָזט פון זיך דעם זון, טאָמאַסן. און יענער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשלאָגן פון די הענט. ער שרײַבט קימאַט קיינמאָל ניט קיין בריוול, און אָט דאָ צוריק מיט אַ צײַט, ווען ער איז אַהער געקומען, האָט זי פון אים קיין נאַכעס ניט געהאַט. געוועזן, דאַכט זיך, אַ שטילער, רויקער, עמעס, מיט אַ שווערן כאַראַקטער, נאָר איצט האָט זי אים ניט דערקענט. דאָרטן, ווו ער אַרבעט, אין רעסטאָראַן, האָט ער זיך אויסגעלערנט טרינקען, ער האָט זיך אַרײַנגע־לאָזט אין געשלעגן, אין סקאַנדאַלן, זיך געשלײַדערט מיט געלט, ניט דורכגעלאָזט דאָ קיין איין מיידל. און זי איז שוין ניט געוועזן גערן, וואָס ער איז צו איר געקומען. מיטן פאָטער האָט ער זיך געפירט פּרעך. אים פּאַשעט באַליידיקט.

מיט גרויס ווייטעק האָט בערטע געטראַכט, אַז פון איר טאָמאַסן איז דאָרטן אינדער־פרעמד אויסגעוואַקסן דער רועך ווייסט וואָס, און דאָס, אייגנטלעך, האָט געבראַכט דערצו, וואָס דאָס האַרץ האָט איר אָנגעהויבן שטאַרק ווי טאָן און זי האָט זיך געמוזט אָפּט ווענדן צו אַ דאָקטער.

די אופירונג פון טאָמאַסן האָט אויך דערשיטערט פיליפן. ער האָט געפּרוווט מיט אים ריידן מיט גוטן און מיט שלעכטן, נאָר יענער האָט זיך אויסגעלאַכט. און אַז פיליפּ האָט אים געזאָגט, ער זאָל אוועקוואַרפן דעם רעסטאָראַן און פאַרבלײַבן אין יישעוו, זיך אײַנאָרדענען לעבן אים אָפן באַצירק • אַרבעטן, האָט טאָמאַס אים אָנגעקוקט, ווי אַ מעשוגענעם: „וועד פאַרבײַט אַזאַ שיינע שטאָט, ווי לוואָוו, אָף אַ פאַרוואָרפענעם יישעוו? ווער פאַרבײַט אַ גרויסן רעסטאָראַן, ווו צו דיר שווימט פון אַלע זײַטן געלט, ווו דו טרינקסט שאַמפּאַניער און קאָניאַק, ווי וואַסער, אָף אײַערע קוטיקע ביר־שענקלעך?"

מאַרגאַריטע האָט שטאַרק איבערגעלעבט, וואָס זי האָט פאַרלאָרן דעם איינציקן ברוּ־דער, נאָר זי האָט נאָך פאָרט געגלייבט, אַז טאָמאַס וועט זיך מיט דער צײַט אַרומקוקן און זיך נעמען פאַרן סייכל.

געוויס איז דער אײַנרײַס פון די עלטערן מיט טאָמאַסן געוועזן די סיבע, וואָס מע האָט זי ניט געוואָלט אָפּלאָזן פון דער שטוב. נאָר ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן, האָט מאַרגאַריטע זיך געמאַטערט, וואָס אירע גוטעפרײַנט פאָרן אוועק אָן איר און זי פאַרבלײַבט אַליין. די צעשיידונג האָט זי די ערשטע צײַט שטאַרק באַאומרויִקט. און זי האָט זיך דאָ לאַנג ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט.

איצט איז מאַרגאַריטע שוין איינע אַליין געגאַנגען צו דער אַרבעט, און נאָפּטלער האָבן צו איר גוטמוטיק געשמייכלט:

— ווו זײַנען דײַנע באַגלייטער?

— וואָס שרײַבן דײַנע סטודענטן?

נאָך דער אומדערוואַרטער צעשיידונג מיט אירע פרײַנט האָט זי אָנגעוווירן איר לעבנסלוסטיקײַט און אַפילע דעם גוטמוטיקן שמייכל. אין האַרצן האָט זי זיך געבייזערט אָף דער מוטער, נאָר עס איז שוין געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך.

עמעס, די ערשטע צײַט האָט זי באַקומען אָפּטע בריוו פֿון די פֿרײַנט, אָבער די בריוו האָבן ניט געקאָנט פֿאַרבײַטן יוליסן מיט סטאַסיקן. זי האָט געטרוימט, די צײַט זאָל שנעלער אַריבער און יענע זאָלן זיך אומקערן.

נאָר ווי אַפּצולאַכעס איז די צײַט געגאַנגען פּאַמעלעך, און דאָס פּעקל בריוו אויף איר טישל איז געוואַקסן. זי איז געווען שטאַרק פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט, ווי אויך אין קלוב אין פֿאַרשיידענע קרײַזלעך, און ניט שטענדיק געקענט געפֿינען פֿרײַע צײַט אויף צו ענטפֿערן. דערצו נאָך האָט זי זיך געכאַפּט, אַז אירע בריוו באַקומען זיך ניט אַזעלכע ווי זייערע, וואָס רײַסן אויף שטיקער דאָס האַרץ, צווינגען זי זיך רירטלען. כּוץ דעם, שרײַבן זיי ביידע איר אַפּטלעך אין גראַמען, און זי קאָן דאָס ניט, כאָטש שרײַ גוואַלד!

זי האָט צופֿיל געטראַכט, וואָס ענטפֿערן די כעוורע, און ניט באַקומענדיק פֿון איר קיין אָפּטע בריוו, האָבן זיי געמיינט, אַז זי הייבט זיי אָן פֿאַרגעסן, זי האָט זיך, מעגלעך, געפֿרײַנט אַנדערע כעוורע, מיט וועלכע זי גייט אין קלוב... ניט אומזיסט זאָגט די וועלט א ווערטל: „דאַלי אָטשי — דאַלי סערדצע".

## ווען גרענעצן עפֿענען זיך

ווען מע האָט אַרויסבאַגלייט קיין לוואָוו אין טעכניקום סטאַסיק קראַוטשוקן, יוליס מאַרקוסן און נאָך א בינטל יונגע כעוורע, זײַנען דאָ אַלע זיי מעקאַנע געווען.

— הערט נאָר, מענטשן, — האָט זיך געוווּנדערט טאַראַס, — איך מיט זאַלמען מאַרקוסן האָבן אָפּגעלעבט דאָס גאַנצע לעבן אין ישעוו און ווײַטער פֿון ראַפּײַעווקע, ליובאַוויטש, סאַמבאַר ניט אַרויסגעפֿאָרן, און די כעוורע, באַ וועלכע דער מאַמעס מילך איז נאָך אויף די ליפּן, פֿאָרן אַזש קיין לוואָוו!

— ניט געזאָרגט, איצט וועלן פֿאָרן סײַ אַלטע, סײַ יונגע. עס וועט אײַך נאָך נימעס ווערן, — האָט זיך אָנגערופֿן מיטיאַסאָוו, דער אינזשעניער און פּאַרטאָרג פֿונעם באַצירק.

כאָטש סערגיי מיטיאַסאָוו אַרבעט דאָ ניט לאַנג, געדענקען אים אַלע פֿונעם ערשטן טאָג פֿון דער באַפֿרײַונג. א קאָמאַנדיר פֿון א טאַנקען־ווזוואָד, איז ער אויף זײַן מאַשין דער ערשטער אַרײַן קיין ראַפּײַעווקע און אַרויסגעטראָטן אויפֿן ערשטן מיטינג מיט א רעדע טאַקע שטייענדיק אויפֿן פּאַנצער, באַם אָפּענעם ליוק.

א שטאַלטנער, מיט א בלאָנדער קוטשמע האָר און ליכטיקע אויגן, איז ער געשטאַנען מיט א פֿאַרהויבענער האַנט, אין א שוואַרצן קאָמבינעזאָן און באַגריסט די מענטשן, וואָס זײַנען געקומען באַגעגענען די באַפֿרײַער. דער אוילעם האָט אויסגעהערט זײַן קורצע באַגריסונג־רעדע, פֿאַרשאָטן אים מיט בלומען, אים אונטערגעכאַפּט אויף די הענט און עטלעכע מאָל אונטערגעוואָרפֿן אינדערלופֿטן. עפּעס איז דער באַשיידענער באַיאָרטער מענטש אַלעמען דאָ געפֿעלן געוואָרן, מעגלעך צוליב זײַן פּראָסטקײַט און האַרציקײַט. ער האָט דערציילט, ווער ער איז און פֿונוואַנען, און מע האָט זיך דערפֿרייט — לאָזט זיך אויס, אַז דער קאָמאַנדיר איז גאָר בלויז צײַטווײַליק א זעלנער, ער שטאַמט פֿון באַקו, פֿון אַזערבײַדזשאַן, אַן אינזשעניער, און אַרבעט אויף די נאַפֿט־באַצירקן.

זײַנע טאַנקען זײַנען דעם זעלבן טאָג אוועק ווײַטער, און מיט זיי סערגיי איוואַנאָוויטש מיטיאַסאָוו.

און ניט נאָר אים האָט מען פֿאַרגעדענקט, מ'האָט פֿאַרגעדענקט אויך דאָס, וואָס ער האָט דערציילט וועגן זײַן היימשטאָט באַקו, וועגן די נאַפֿט־באַצירקן פֿון אַזערבײַדזשאַן, וועגן די מענטשן און די ווונדערלעכע מעכאַניזמען, וואָס שעפּן אַליין נאַפֿט, אָן זײַטיקער הילף.

אין א קורצער צײַט אַרום, ווען דער מאַרש אויף צו באַפֿרײַען דעם קאַנט האָט זיך געענדיקט, האָט מען געשיקט אַהער אויפֿן באַצירק צוזאַמען מיט אַנדערע ספּעציאַליסטן, וואָס זאָלן איבערבויען די אַרבעט, אויך מיטיאַסאָוון.

דער אוילעם פֿון „שוואַרצן טאָל" האָט זיך מיט אים דערפֿרייט.

צוזאַמען מיט ראָמאַן קראַוטשוקן, דעם פּאַרוואַלטער פֿון באַצירק, האָט דער אינזשעניער, וואָס איז איינצײַטיק אויך געווען דער פּאַרטאָרג, אָנגעפֿירט מיט דער גאַנצער אַרבעט.

הײַנט איז מיטיאַסאָוו געשטאַנען אין דער ענגשאַפֿט אויף דער קלײנער פּלאַטפֿאָרמע פֿון וואָקזאַל, געשפּאַסט מיט די כעוורע, וואָס זײַנען אָפּגעפֿאָרן קיין לוואָוו אין טעכניקום, און זיך אײַנגעהערט אין די רייד פֿון די נאַפֿטלער, וועלכע זײַנען יענע מעקאַנע געווען.

— ניט געזאָרגט, — האָט מיטיאַסאָוו באַרויקט די מענטשן, — ניט נאָר יונגע וועלן פֿאָרן...

און ווי אין וואַסער געקוקט!
אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען פֿון דעם זעלבן וואָקזאַל אַרויסבאַגלייט אַ גאַנצע גרופּע נאַפֿטלער קיין באַקו, זיי זאָלן זען, ווי מע באַקומט אַרויס דאָרטן דאָס שוואַרצע גאָלד. דאָס מאָל איז מיט דער גרופּע אַרבעטער געפֿאָרן טאַראַס קראַוטשוק און זאַלמען מאַרקוס. עס איז אויך געפֿאָרן שיקע קושניר. ער איז געקומען צו מיטיאַסאָוון און געזאָגט, אַז ער מוז אויך אַ קוק טאָן אויף באַקו, ווײַל, ווי עס איז באַוווּסט, איז ער שוין ניט קיין ייִנגעלע, וויפֿל ס'איז אים געבליבן צו לעבן, ווייסט ער ניט. און אַזוי ווי פֿון יענער־וועלט האָט מען נאָך דערווײַל קיינעם ניט געשיקט אין קיין ווײַטע נסיעס, האָט ער אויך כּיישעק צו פֿאָרן קיין באַקו און זען אַ וועלט.
זײַן באַקאַשע האָט מיטיאַסאָוו ניט געקאָנט ניט נעמען אין אַכט, און מע האָט דעם אַלטן שמיד געשיקט מיט דער ערשטער גרופּע אַרבעטער.
זינט ער לעבט, שיקע קושניר, האָט ער נאָך ניט געהאַט אַזאַ פֿאַרגעניגן ווי איצט! אַ שפּילעכל אויסצורײדן — דורכפֿאָרן קימאַט דאָס גאַנצע לאַנד, זען, ווי מענטשן לעבן און אַרבעטן! ער האָט ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג דעם גאַנצן וועג. אַ פֿאַרגאַפּטער, געקוקט דורכן וואַגאָן־פֿענצטער אויף די שטעט און דערפֿער, וועלדער און פֿעלדער, זאַוואָדן און פֿאַבריקן, קאָלווירטן, וועלכע האָבן זיך דורכגעטראָגן פֿאַרבײַ זײַנע אויגן. און ניט נאָר ער איינער איז געווען ווי פֿאַרקישעפֿט פֿון דעם, וואָס מע האָט געזען, נאָר אַלע, וועלכע זײַנען מיטגעפֿאָרן מיט שיקע קושנירן.
די שטאָט באַקו אויפֿן קאַספּישן יאַם, די אַנצאָליקע שטאָלענע נאַפֿט־טורעמס, די זאַוואָדן און פֿאַבריקן, דער האַפֿן, די גאַסן און פּלעצער — אַלץ האָט אויסגעזען, ווי אַ שיינער חלום. הײַנט די מענטשן, די נאַפֿטלער! מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד האָבן זיי אויפֿגענומען די געסט פֿון די ווײַטע קאַרפּאַטן, טאַקע ווי געטרײַע ברידער!
דאָ, אויף די נאַפֿט־באַצירקן פֿון אַזערבײַדזשאַן, האָבן די געסט פֿאַרשטאַנען, ווי עס איז אָפּגעשטאַנען זייער קאַנט. מע האָט אַפֿילו ניט געקענט פֿאַרגלײַכן די הויכע שטאָלענע טורעמס, די מעכאַניזמען, וואָס האָבן געעגבערט די ערד און אַרויסבאַקומען דעם ברענשטאָף, מיט זייערע קאַרפּאַטער הילצערנע, שוואַרצע נאַפֿט־טורעמס, אוראַלטע קאַטשעגאַרקעס און זשעלאָנקעס. מע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז עס דאַרף אַדורך ניט איין צענדליק יאָר, ביז די קאַרפּאַטער נאַפֿט־באַצירקן וועלן זײַן ענלעך אויף די באַקוער.
נאָר די באַקוער פֿרײַנט האָבן באַרויִקט:
— באַ דער ראַטנמאַכט וועט מען עס מאַכן שנעל...
אין צוויי וואָכן אַרום האָט די דעלעגאַציע, אַ באַגײַסטערטע, זיך אומגעקערט אַהיים. געקומען איז מען ניט מיט ליידיקע הענט — מיט אַן עשעלאָן אויסשטאַטונג נײַע מעכאַניזמען, מעכטיקע באַלאַנסירן, עלעקטראָמאָטאָרן.
דערצו נאָך איז געקומען אַ גרופּע אַרבעטער, וועלכע וועט אויסלערנען די נאַפֿטלער פֿון „שוואַרצן טאָל" זיך באַגיין מיט די נײַע מעכאַניזמען, זיי אײַנשטעלן.
באַם צופֿוסנס פֿונעם קויכן בארג האָבן די נאַפֿטלער אָנגעהויבן מאָנטירן דעם ערשטן שטאָלענעם טורעם. פֿון דער באַן־סטאַנציע האָבן שווערע טראַקטאָרס געבראַכט אַהער מעכטיקע קאָנסטרוקציעס, וועלכע מע האָט שנעל געגומען צונויפֿשטעלן. אָפּן פֿאָן פֿון די אַלטע הילצערנע טורעמלעך האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טורעם אַ גיבער, וואָס האָט געענדערט דעם אויסזען פֿונעם „שוואַרצן טאָל".
די אַרבעטער האָבן געקוקט, ווי די באַקוער געסט דערגרונטעווען זיך צו די נאַפֿט־אויצרעס, גייען דורך מיטן עגבער די שטאַרקע שטיין־פּלאַסטן און שטעלן זיך ניט אָפּ פֿאַר גאָרניט. באַנאַנד מיט די געסט האָבן באַ דער נאַפֿט־גרוב געאַרבעט טאַראַס קראַוטשוק, זאַלמען מאַרקוס. זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו זייערע כאַווײרים און אין עטלעכע וואָכן אַרום שוין אַליין געשיקט געאַרבעט.
טאָג און נאַכט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט די אַרבעט. צענדליקער שטאָלענע רערן האָט מען שוין אַראָפּגעלאָזט אין די טיפֿענישן, מע האָט זיך אײַנגעגשרויפֿט אין די ערד־טיפֿענישן, צום „גרויסן נאַפֿט".
סערגיי איוואַנאָוויטש מיטיאַסאָוו האָט געטאָגט און געגעכטיקט באַ דעם שטאָלענעם טורעם. דאָס איז געווען דער ערשטלינג, און פֿון אים האָט מען אַ סך דערוואַרט. מע האָט געדאַרפֿט אום יעדן פּרײַז זיך דערקלײַבן צו די רײַכע נאַפֿט־קוואַלן, ביסלעכווײַז אָפּרייניקן דעם „שוואַרצן טאָל" פֿון די אַלטע הילצערנע טורעמלעך, פֿון די זשעלאָנקעס און קאַטשעגאַרקעס, וואָס זײַנען דאָ אײַנגעשטעלט געוואָרן נאָך אין יענע ווײַטע צײַטן, ווען מע האָט אין די דאָזיקע ערטער אַנטדעקט נאַפֿט.

אין צווייטן עק פֿונעם טאָל האָט מען מאָנטירט א באלאנסיר, וואָס וועט פּאָמפּען נאַפֿט אָן דער הילף פֿון מענטשן. דעם מעכטיקן מעכאניזם האָט מען געשטעלט אף א צעמענטענעם פֿונדאמענט. דאָ האָבן געארבעט עטלעכע באקוער נאַפֿטלער מיט א גרופּע היגע ארבעטער. אויך שיקע קושניר האָט דאָ אונטערגעשטעלט א פּלייצע.

יוסיף מאמעדאָוו, דער יונגער קליינוווּקסיקער און שווארץ־אויגיקער טעכניקער פֿון באקו, האָט זיך באמיט, אז דער ערשטער באלאנסיר זאָל וואָס גיכער ווערן איינגעשלאָסן. מיט אים איז געווען גוט און פֿריילעך. ער איז געווען א כיינעוודיקער, הארציקער באָכער, וואָס האָט געשאָטן מיט כאָכמעס, אָן אופֿהער געזונגען אזערבייַדזשאנער לידער.

מיטיאסאָוו איז זעלטן ווען אהער אראָפּגעקומען. ער האָט געקאָנט יוסיפֿן פֿון דער היים און געוווּסט, אז אף אים מעג מען זיך פֿארלאָזן.

דער ערשטער באלאנסיר איז שוין געשטאנען גאַדלעסדיק אפֿן בעטאָנירטן פֿונדאמענט, און די ארבעט האָט שוין געהאלטן באם סאָף. ניט ווייַט האָט מען אויך פֿארענדיקט בויען א גרויסן רעזערוואר, אין וועלכן עס וועט שטראָמען דער ברענשטאָף, וואָס דער באלאנסיר וועט ארויסבאקומען פֿון דער ערד. אהער זייַנען זיך צונויפֿגעקומען מענטשן זען אף ציקאווּעס, וויאזוי וועט ארבעטן דער נייַער מעכאניזם.

דער באריידעוודיקער טעכניקער האָט באטראכט דעם ארומיקן אוילעם, זייַן פֿולבלעך, עטוואָס פֿארוואקסן פּאָנעם האָט געשייַנט. איצט, אז די ארבעט איז געגאַנגען צום סאָף, האָט ער זיך שוין אזוי ניט געייַלט. ער האָט געווארט, ביז דער רעזערוואר וועט פֿארטיק ווערן. צוגעגאנגען נעענטער צו די מענטשן, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— נו, געפֿעלט אייַך די „הוידעלקע"? איר וועט זען, וויאזוי זי וועט פּאָמפּען... עפּשער טוט אייַך באנק, וואָס מע וועט אינגיכן דארפֿן אראָפּוואַרפֿן די הילצערנע קאָראָנעס? נישקאָשע! אין עטלעכע יאָר ארום וועט איר אייַערע הילצערנע טורעמס מיט די קאָראָנעס, די זשעלאָנקעס און קאָטשעגארקעס קאָנען זען נאָר אין מוזיי. מירן דאָ מיט אייַך אויסבויען א גרויסן מוזיי און צונויפֿנעמען דאָס גאנצע קלאָפּערגעצייַג, וואָס פֿראנץ־יאָסיף און די פּוילישע שליאכטע האָט אייַך געגעבן.

דער אוילעם האָט גוטמוטיק געשמייכלט. שווער געווען צו גלייבן, אז די הילצערנע טורעמס וועלן אינגאנצן פֿארשווינדן ווערן. יוסיף האָט דאָס פֿארשטאנען און גענומען בארויִקן די היגע טוישוּוים:

— בא אונדז אין באקו איז אמאָל אויך געווען אזוי, אָבער די טעכניק גייט פֿאָרויס, און דאָס אלטע האָבן מיר שוין לאנג איבערגעגעבן אין מוזיי.

באמערקט, ווי מארגאריטע גייט מיט איר העפֿטל צו די רעזערווארן, האָט יוסיף מאמעדאָוו זי א רוף געטאָן:

— זעט נאָר, אונדזער נאטשאלניק וויל גאָר צו אונדז ניט צוגיין. קום צו נעענטער, שעם זיך ניט, טו א קוק אף אונדזער הוידעלקע. צי עפּשער איז זי דיר ניט געפֿעלן?

דאָס מיידל האָט זיך פֿארויטלט, צעשמייכלט און פֿארשעמט זיך געלאָזט גיין ווייַטער. נאָר יוסיף איז צוגעלאָפֿן צו איד, זי צוגעפֿירט צום באלאנסיר און פֿאָרגעזעצט:

— פֿארשרייַב אים אויך. אינגיכן וועלן מיר אים איינשליסן. איצט זאָלסטו נעמען א דיקן העפֿט, ווייַל נאַפֿט וועט זייַן א סאַך.

— איך בין פֿארנומען, איך האָב קיין צייַט ניט, — האָט זי זיך געפּרוּווט ארויסרייַסן פֿון זייַנע הענט.

— איך פֿרעג, צי דיר איז די מאשין ניט געפֿעלן?

— זייער געפֿעלן. נאָר לאָזט מיך צורו, איך האָב קיין צייַט ניט!

— איר זעט, זי האָט קיין צייַט ניט! נו, און איך האָב צייַט? — האָט ער מיט קלוימערשטן פֿאָרוואורף איבערגעשלאָגן. — איך, אז איך זע א שיין מיידל, געפֿין איך שטענדיק צייַט. נאָר אזא אקשנטע האָב איך נאָך אין ערגעץ ניט באגעגנט. אלע גייען צו א קוק טאָן אפֿן באלאנסיר, נאָר זי גייט פֿארבייַ און באמערקט מיך גאָר ניט. וואָס, דו האָסט עפּשער אן אייפֿערזיכטיקן כאָסן? בא אונדז אין אזערבייַדזשאן האָבן אמאָל די פֿרויען ניט געטאָרט קוקן אף קיין מאנצבלען, נאָר דיר פֿארווערט דאָך קיינער ניט קוקן אף מיר. לאָך ניט. אָט וועל איך פֿארענדיקן די ארבעט און ווערן עטוואָס פֿרייַער, וועל איך דיך אלציינס צונעמען צו אונדז קיין באקו. אין די בערג, ווו מייַן פֿאָטער וווינט. בא אונדז זייַנען אויך פֿאראן אזעלכע בערג, ווי דאָ, ווייַנטרויבן וואקסן בא אונדז, קאָוועגעס, דיניעס. ווייַן — א גאנצער יאַם! אלץ איז בא אונדז פֿאראן. נאָר אזעלכע בלאָנדע מיידלעך זייַנען ניטאָ! און אזעלכע בלויע אויגן — אויך ניט!

מאַרגאַריטע האָט ניט געוווּסט ווּהין באַהאַלטן דאָס פּנים פון בושה. די באַקן האָבן בײַ איר געפֿלאַמט, ווי פֿײַער, זי האָט זיך אַלץ געפּרוּווט אַרויסרײַסן פֿון זײַנע הענט, נאָר ניט געקאָנט. דער אַרומיקער אוילעם האָט זיך אײַנגעהערט אין זײַנע רייד און געקײַכט פֿון געלעכטער. יוסיף האָט פֿאַרגעזעצט:

— דו אַנטלויפֿסט ניט פֿון מיר. איך וועל דיר נאָך עטלעכע ווערטער זאָגן, דערנאָך וועסטו גיין, ווּ דו ווילסט. נאָר הער רויִק אויס. פֿאַרוואָס קוקסטו ניט אויף מיר? וואָס זשע, איך בין ניט קיין שיינער? צי דו האָסט ניט ליב קיין שוואַרצע מיט שוואַרצע אויגן? מיט מיר וועט דיר זײַן גוט. ווען איך בין געפֿאָרן צו אײַך, האָט דער טאַטע מיר באַפֿוילן, איך זאָל זיך ניט דערוועגן אומקערן פֿון די קאַרפּאַטן אָן אַ קאַלע. ער וועט מיך, האָט ער געזאָגט, אַפֿילו אויף דער שוועל ניט אַרופֿלאָזן. מײַן טאַטע איז געווען אויף דער מילחמה אין די קאַרפּאַטן און דערציילט, אַז קיין שענערע מיידלעך, ווי דאָ, איז ניט צו געפֿינען אויף דער גאַנצער וועלט. וואַרט, וועסט באַווײַזן! נאָך צוויי ווערטער וועל איך דיר זאָגן. מיך רופֿט מען כאַסאַן יוסיף מאַמעד אַלי אָגלי. וואָס לאַכסטו, מיידל? מײַן נאָמען איז דיר עפּשער ניט געפֿעלן? צי אַ לאַנגער עפּשער? וועסט אים ניט פֿאַרגעדענקען? וועל איך אויף דיר ראַכמאַנעס האָבן. רוף מיך פּאָשעט יוסיף, און גענוג! גוט? וואָס שווײַגסטו? דו לאַכסט? נו, יוסיף מאַמעדאָוו. אָט פֿרעג סערגיי איוואַנאָוויטשן. ער איז מײַן לאַנדסמאַן. אַ גוטער מענטש. ער וועט ניט לאָזן לײַגן. ער קען מיך פֿון באַקו. צוזאַמען געאַרבעט. ער וועט דיר דערציילן, אַז יוסיף וועט זײַן פֿאַר דיר אַ גוטער פֿרײַנט. לאַך ניט. אָט וועלן מיר פֿאַרענדיקן די אַרבעט, וועל איך מיט דיר אַוועקפֿאָרן קיין באַקו. קיין אַזערבײַדזשאַן. בײַ אונדז איז אַ וווּנדערלעך לאַנד. בײַ אײַך איז קיין ים נישטאָ. בײַ אונדז אַ ים אַ וווּנדער! פֿרעג מיטיאַסאָוון.

יוסיף האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, און באַמערקט, אַז דאָס מיידל רײַסט זיך שוין ניט פֿון זײַנע הענט, האָט ער זי אָפּגעלאָזט און, קוקנדיק אויפֿן אַרומיקן אוילעם, פֿאַרגעזעצט אין דעם זעלבן נוסח מיט אַ פֿריילעכן שמייכעלע אויפֿן שטאַרק פֿאַרברוינטן פּנים:

— באַקו וועט דיר זייער געפֿעלן ווערן, פֿאָלג מיך! פֿון איין זײַט די בערג, פֿון דער צווייטער זײַט דער קאַספּישער ים און אינמיטן — באַקו! שיין, האַ? וועסט אַ גאַנצע וועלט אויספֿאָרן און ניט באַגעגענען נאָך אַזאַ, ווי אַזערבײַדזשאַן. אַלציינס וועל איך דיך צונעמען.

— טשעפּע זיך אָפּ פֿון איר! — האָט אַרײַנגעשטעלט שיקע קושניר. — מאַרגאַריטע האָט שוין פֿון לאַנג אַ כאָסן. אַפֿילו צוויי. זיי זײַנען געפֿאָרן לערנען אין טעכניקום.

— וואָס טעכניקום, ווען טעכניקום! ביז זיי וועלן זיך אויסלערנען, וועט זי אַלט ווערן! און איך האָב שוין לאַנג געענדיקט דעם טעכניקום. מיר וועלן פֿאָרן צו אונדז, קיין באַקו! דו ווייסט ניט די געשיכטע פֿון אונדזער קאַנט, וועל איך דיר באַלד דערציילן. מע זאָגט, אַז ווען גאָט האָט פֿאַנאַנדערגעטיילט די ערד, זײַנען זיך אַלע פֿעלקער צונויפֿגעקומען. דער אַלטער האָט פֿאַנאַנדערגעטיילט דעם אַ שטיק סטעפּ, יענעם אַ שטיק וואַלד, אַ דריטן — אַ זומפּ. דעם דאָס, יענעם — יענץ. און אַזוי־ווי ער איז געווען ניט קיין וואַזשנע מאַטעמאַטיקער, האָט ער שלעכט אויסגערעכנט, און ניט פֿאַר אַלעמען האָט געקלעקט ערד. ווען ס'איז געקומען צו די אַזערבײַדזשאַנער, האָט ער שוין ניט געהאַט וואָס צו געבן. האָט גאָט זיך פֿאַרשעמט, אַרויסגערופֿן זײַנע מלאָכים און געזאָגט: „די באַשיידענע און שטילע אַזערבײַדזשאַנער זאָלט איר געבן אַ שטיק פֿון מײַן געטלעכער ערד”. און די מלאָכים האָבן אונדז אָפּגעשניטן אַ שטיק באַם קאַספּישן ים. אַ געטלעכער קאַנט, וועסט קיין כאַראָטע ניט האָבן, אויב דו וועסט קומען צו אונדז... האָבן מיר אָפּגערעדט? וועסט מיט מיר פֿאָרן?

מאַרגאַריטע איז אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט און זיך אָנגערופֿן:

— ניין, כ'וועל ניט פֿאָרן! בײַ אונדז איז אויך ניט שלעכט!

מיטיאַסאָוו איז צוגעקומען אומבאַמערקט און דערזען אַ גרויס רעדל מענטשן אַרום יוסיפֿן, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— נו, יוסיף, וואָס פֿאַר אַ מיטינג אינמיטנדערינען?

— איך דערצייל וועגן אונדזער אַזערבײַדזשאַן.

יענער האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— ווידער וועגן אַזערבײַדזשאַן? דו האָסט דאָך שוין צען מאָל דערציילט. איז עפּשער וועט אויף הײַנט זײַן גענוג?

— געוויס. נאָר איך וואַרט שוין אויף אײַך, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — בײַ מיר איז אַלץ גרייט. איך קען שוין אײַנשליסן.

— זייער גוט. באַלד וועלן מיר אַ קוק טאָן, — איז מיטיאַסאָוו צוגעגאַנגען צום באַלאַנסיר, אים באַטראַכט פֿון אַלע זײַטן.

די מענטשן האָבן געקוקט אויפן אינזשעניער, געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן. זיך איבער־צייגט, אַז אַלץ איז געמאַכט געוואָרן ראיעל, האָט מיטיאַסאָוו געבעטן דעם עולם, מע זאָל אָפּגיין אין א זייט. צו יוסיפן האָט ער א ווונק געטאָן:

— נו, יוסיף, באַווייז, אַף וואָס דו ביסט פייִק! זאָל זיין אין א גוטער שאָ!

יוסיפס פּנים איז געוואָרן ערנסט, אַנגעשטרענגט. אין איין רגע האָט מען דעם פריי־לעכן באָכער שוין ניט געקאָנט דערקענען. ווי שטענדיק אין א פאַראַנטוואָרטלעכער אַנגע־שטרענגטער מינוט, האָט ער פאַרגעסן אין אַלץ, צוגעגאַנגען א רויִקער צום עלעקטרישן רו־בילניק, אים איינגעשלאָסן, און דער באַלאַנסיר, וועלכער האָט פונדערווייטנס אויסגעזען, ווי א גיגאַנטישער פויגל מיט ברייט צעשפּרייטע פליגלען, האָט זיך גערירט. דער באַלאַנסיר האָט זיך גענומען פּאַמעלעך באַוועגן.

מיט פאַרטייטן אָטעם האָבן די מענטשן זיך איינגעהערט אינעם איינטאָניקן גערויש פון דער מאשין. איינגיכן האָט פון די ערד־טיפענישן אָנגעהויבן פליסן צום גרויסן רעזערוואַר וואַרעמער נאַפט.

מענטשן זיינען ארופגעלאָפן אַף די טרעפּ, אַרייַנגעקוקט אין זיין טיף. די ערשטע שטראָ־מען גדיכטע שוואַרצע פליסיקייט האָט א זעץ געטאָן אָפן דעק פונעם רעזערוואַר.

מיט פאַרטייטן אָטעם האָט מען זיך איינגעהערט אינעם כליופען פונעם נאַפט.

## ווידער אין קלעם

עס האָט זיך קיינעם אַפילע ניט געכאַלעמט, אַז פאַר אַזא קורצער צייט וועט מען באַווייזן אַזויפיל אופטאָן!

ס'איז שווער געווען דערקענען דעם טאָל, ראַפּייעווקע, בראַדניצע, און באַזונדערס — די מענטשן!

אַלץ איז ווי אפסנײַ געבוירן געוואָרן.

פריילעכער איז געוואָרן דער עולעם. לייַכטער איז געוואָרן אָפן הארצן. און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב עס וועט זיין שטיל אַף דער וועלט און מע וועט לאָזן לעבן, בויען, וועט מען דעם „שוואַרצן טאָל" אין עטלעכע יאָר ארום אינגאַנצן ניט דערקענען.

דער צווייטער זומער נאָך דער באַפרייַונג פונעם קאַנט האָט אָנגעזאָגט א סאַך פרייד און נאַכעס.

דעריקער האָט זיך מיטן זומער דערפרייט מאַרגאַריטע. עס וועלן קומען אַף קאַניקולן אירע פריינט, נאָך וועלכע זי האָט זיך שוין אַזוי פאַרבענקט, — יוליס און סטאַסיק. אַף זיי האָט זי אַרויסגעקוקט מיט אומגעדולד. פאַר דער צייט זיינען דאָ פאַרגעקומען אַזויפיל ענ־דערונגען, אַז דער אָטעם האָט אַזש פאַרכאַפּט, און מע האָט זיך געדאַרפט מיט עמעצן טיילן. זי וועט די כעוורע שוין מער ניט מאַטערן און אָפן זאָגן, ווער פון זיי איז איר ליבער און טייַערער. זי האָט שוין, דאַכט זיך, געמאַכט דעם אויסוואַל. נאָר דאָ לאָזט זי ניט רוען אָט דער פריילעכער יוסיף. ערשט ניט לאַנג האָט זיך איר געדאַכט, — זי איז אַפילע געווען איבער־צייגט, אַז ער שפּאַסט, ווען ער דערציילט איר ניסים וועגן זיין היים און טייַנעט, אַז ער וועט זי צונעמען מיט זיך אַהין, ווען זיין בריגאַדע וועט פאַרענדיקן די אַרבעט. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס מיינט ער גאַנץ ערנסט! ער האָט זיך שטאַרק באַפרייַנדעט מיט איר פּאָטער און קומט אָפט צו זיי אין שטוב, שפּילט מיטן טאַטן אין שאָך, מע טרינקט קאַווע און מע רעדט וועגן פאַרשיידענע זאַכן. נאָר טראַכטן טראַכט ער, זעט אויס, וועגן איר.

שטענדיק, אַז ער קומט, ברענגט ער מיט זיך א סאַך פרייד, געלעכטער, וויצן. און דער פּאָטער און די מוטער באַגעגענען אים מיט פאַרגעניגן, ווי אַן אייגענעם און אַלטן באַקאַנטן.

מאַרגאַריטע האָט מוירע געהאַט, ער זאָל ניט אָנהייבן ריידן מיט די עלטערן וועגן איר...

צי דען פאַרשטייט ער ניט, אַז זי וועט יוליסן קיינמאָל אַף קיינעם ניט פאַרבייטן? זי האָט זיך שוין אַפילע געגעבן דאָס וואָרט, און קעדיי זי זאָל ניט איבערטראַכטן, וועט זי אים מעלדן, ווען יענער וועט קומען אַף זומער. ער, יוסיף, איז איר אויך געפעלן. גיין מיט אים אין טעאַ־טער, אין קינאָ, שפּאַצירן איז גאַנץ פריילעך, נאָר דאָך ליגט דאָס האַרץ צו אירע שול־פריינט.

די לעצטע צייט האָבן אָנגעהויבן קריכן אין קאָפּ מאָדנע געדאַנקען.

זי האָט געפילט, אַז די טעג, ווען זי זעט ניט יוסיפן, איז איר אומעטיק אָפן האַרצן. און ווי אַפּצולאַכעס, באַקומט זי זעלטענער בריוו פון די כעוורע. זיי שרייבן, אַז מע איז איבער־געלאָדן מיט אַרבעט. מע גרייט זיך צו די עקזאַמענעס. עס גייען קלאַנגען, אַז מע וועט

פארקירצן דעם קורס און מע וועט זיי ארויסלאָזן אַף א גאַנץ יאָר פריער, ווײַל עס מערקן זיך אָן זייער גרויסע פּלענער פון איבערבויען דעם „שווארצן טאָל" און מע דארף האָבן א סאך גוטע ספּעציאַליסטן.

ביכלאל איז מארגאריטען גוט און פריילעך צו לעבן אַף דער וועלט. און זי דארף זיך ניט זארגן פאר איר מאָרגן, פאר איר גורל. אָט איז איר גאָר אופגעקומען א נײַער פּלאַן אין קאָפּ — זי וועט זיך צוגרייטן און אין הארבסט פּרוּוון אָנקומען אין נאַפט־אינסטיטוט, וואָס געפינט זיך אויך אין לוואָווו, און יוסיפס אײַנגעאקשנטקײַט פארווײַלט זי בלויז. מער גאָרניט. א פּלענער... פּלענער... מע האָט שוין דאָ אָנגעהויבן צוביסלעך פארגעסן אין די אַלטע צאָרעס און געטראכט, אַז דאָס לעבן איז ארײַן אין דער רעכטער קאַלייע. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז ניט אַזוי. די סאקאָנע האָט זיך ווידער אָנגערוקט, און געקומען איז זי פון דײַטשלאַנד...

יענעם שטילן שאבעס פארנאכט איז צו מארגאריטען געקומען יוסיף און זי אײַנגעלאדן שפּאַצירן אין פּארק. אוילעם איז געווען א סאך. דער אָרקעסטער אַף דער קליינער עסטראדע האָט געשפּילט, און מע האָט געטאנצט. עס איז געווען גוט און פריילעך אַפן הארצן. מע האָט פארבראכט גאַנץ שפּעט, און יוסיף האָט זי באגלייט אַהיים, ביז דער קאַליטקע.

דער באַכער האָט צעבויטעט אירע געדאנקען, ווידער געזאָגט, אַז ער וואָלט געווען גליקלעך, ווען זי זאָל באַציִען זיך צו אים בעסער און דערציילט אים ווייניקער וועגן אירע גוטע־פרײַנט — יוליסן און סטאסיקן.

לאַנג האָט מארגאריטע ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, נאָך דעם, ווי יוסיף איז אוועק. עפּעס האָט זי געמאטערט, נאָר וואָס, האָט זי בעשום־אויפן ניט געקאָנט פארשטיין. א שווערער כאָלעם האָט זיך געפּלאָנטערט, אַלעמאָל זי אופגעוועקט. באגינען, ווען זי איז סאָפּקאָלסאָף אײַנגעשלאָפן, האָט זי אופגעהויבן א שטארקער גערודער, געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער גאס.

ארויסגעלאָפן פון שטוב, האָט זי דערזען, ווי אין גאס שטייען הײַפלעך שכיינים. פארײַסנדיק די קעפּ, האָבן אַלע געקוקט אַפן הימל. איבער די קארפּאטן איז געשטאנען א גרויליקער גערויש פון שווערגעלאָדענע עראָפּלאַנען. זיי זײַנען געגאַנגען נידעריק טשאטעסווײַז, און אַף די פיוזעליאַזשן האָבן זיך דײַטלעך אָנגעזען שווארצע צלאָמים. דארטן, ווו עס ציט זיך די אײַזנבאַן־ליניע, האָבן זיך געהערט אופרײַסן, און דער הימל איז פארנעפּלט געוואָרן פון רויכן און פלאַמען.

— א מילכאָמע!

— און עפּשער איז דאָס גאָר מאַנעווערס?

— נארישע, וואָס פאר מאַנעווערס, ווען עס רײַסן זיך באָמבעס?

— איר זעט ניט די שווארצע צלאָמים? דײַטשן...

— ווידער דײַטשן!

— ביז ווען וועט די וועלט שווײַגן?

ווײַבער האָבן געוויינט, געבראָכן די פינגער, געטוליעט צו זיך די קליינע קינדער, וואָס זײַנען געשטאנען טויט־דערשראָקענע און מיט פּאַכעד געקוקט אַף די פארווײנטע מאַמעס.

— פּאשיסטן זײַנען אָנגעפאַלן. ווידער מילכאָמע!

מארגאריטע איז געשטאנען אין א זײַט און געפילט, ווי דאָס הארץ ווערט באַ איר צעריסן אַף שטיקלעך. איר האָט זיך געדאכט, אַז אַלע קוקן אַף איר קרום. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי איז אויך א דײַטשקע, און דאָס האָט זי איצט געמאטערט. זי האָט קיינמאָל ניט געטראכט וועגן דעם, ווער זי איז. זי האָט דאָ געלעבט גלײַך מיט אַלע. און זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז עמעצער קאָן טראכטן, אַז זי האָט וואָסער־ניט־איז שײַכעס צו „יענע" דײַטשן, וואָס האָבן געבראכט אַף דער ערד אַזאַ אומגליק.

זי האָט געפּרוּווט אָפּטרײַבן פון זיך די שווערע געדאנקען, נאָר זיי זײַנען אקשאָנעסדיק געקראָכן אין קאָפּ.

מע האָט געוועונדט די בליקן אַפן פארטאָרג סערגיי מיטיאַסאָוון און אַף ראָמאַן קראַוו־טשוקן, גלײַך ווי זיי וואָלטן אַלץ געוווּסט און קיינעם דערפון ניט אויסגעזאָגט.

סערגיי מיטיאַסאָוו איז געשטאנען אין זײַן בלויז ספּעצרעקל, א ניט־געגאָלטער, מיט אָן אנטבלויזטן צעשויבערטן קאָפּ און זיך אײַנגעקוקט אין יענער ריכטונג, וווהין עס האָבן זיך אוועקגעטראָגן די דײַטשישע באָמבארדירער, און געטראכט, וואָס ער זאָל זאָגן די מענטשן, וואָס לאָזן פון אים ניט אראָפּ די אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון דער פרוי, פון באַקו. זי האָט געשריבן, אַז זי האָט שוין אָפּגעשיקט אַלע שטוב־זאכן, דאָס מעבל און פּאָרט די טעג ארויס צו אים מיט ביידע קינדער און מיט דער אַלטער

מוטער... מע דאַרף גלײַך איר טעלעגראַפירן, זי זאָל צוּוואַרטן און זיך ניט רירן פון אָרט, ביז ער וועט ניט געבן צו וויסן. נאָר ווער ווייסט, צי וועט ער איצט קאָנען שיקן א טעלע־גראַמע?

— נישקאָשע, איצט וועט דער היטלער, אָט דער פּאַרשאָלטענער אישאַק, באַקומען די וויסטע מאַפּאָלע... — האָט געזאָגט יוסיף.

— פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן, — האָט אונטערגעכאַפּט שיקע קושניר, — נאָר דו האָסט געזען, ווי זיי זײַנען געפלויגן און קיינער האָט זיי ניט אָפּגעשטעלט?

— מע וועט זיי ניט נאָר אָפּשטעלן, — האָט יוסיף איבערגעשלאָגן, — נאָר געבן אזוי איבער די הענט, אז זיי וועלן מער ניט קריכן!

סערגיי מיטיאַסאָוו האָט געמאַכט עטלעכע טריט, צוגעגאַנגען נעענטער, זיך צוגעזעצט אויף עפּעס א קעסטל, צוגעקעמט מיט דער האַנט די צעשויבערטע האָר.

— געוויס וועט מען זיי צעקלאַפּן, — האָט ער זיך אָנגערופן מיט זײַן הייזעריקלעכער שטים, — נאָר מע דאַרף ניט מיינען, אז עס וועט זײַן אזוי גרינג. עס וועט זײַן שווער. די פאַשיסטישע פּאַראַזיטן האָבן אָפּגערויבט און פאַרקנעכטעט האַלב אייראָפּע. זיי האָבן א גרויסע און א גוט־באַוואָפנטע אַרמיי, אָן א שיר געוועהר. און עס וועט זײַן ניט גרינג, יוסיף. מע טאָר זיך ניט לייגן קיין פייגעלעך אין בוזעם. — א טראַכט געטאָן, האָט ער צוגעגעבן. — נאָר מיר וועלן אַלציינס זיגן! א מילכאָמע וועט זײַן א שווערע, זייער א שווערע, נאָר אונדזער פאָלק וועט קיינער ניט שטעלן אויף די קני.

— וואָס איז דאָס פאַר א כּײַע, דער דײַטש, — האָט זיך אָנגערופן טאַראַס קראַוועטשוק.

פיליפּ איז געזעסן אין א זײַט, אויף א סלופּ, און זיך ניט אַרײַנגעמישט אינעם געשפּרעך. פון מאָל צו מאָל האָט ער אויף זיך געכאַפּט פאַרדעכטיקע בליקן. ניט אַנדערש, ווי די אַרומיקע טראַכטן איצט וועגן אים...

סערגיי מיטיאַסאָוו האָט א קוק געטאָן אויף טאַראַסן, דערנאָך ניט ווילנדיק איבערגעפירט דעם בליק אויף פיליפּן, וואָס איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— פאַרשטייסט מיך, טאַראַס, פאַרשיידענע דײַטשן זײַנען פאַראַן. און מע קאָן ניט באַשולדיקן אַלעמען מיטאַמאָל. עס איז פאַראַן היטלער מיט זײַן באַנדע... און עס זײַנען פאַראַן אַנדערע דײַטשן. אַזעלכע, וואָס פאַרשעלטן דעם פירער. עס זײַנען נישטאָ קיין שלעכטע פעלקער און קיין גוטע פעלקער. עס איז פאַראַן אַן אַרבעטער־קלאַס און א קלאַס פון קאַ־פּיטאַליסטן.

— סערגיי איוואַנאָוויטש, — האָט איבערגעשלאָגן יוסיף מאַמעדאָוו, — דאָס זאָגט איר עמעס. נאָר אין היטלערס אַרמיי זײַנען דען נישטאָ קיין אַרבעטער?

— פאַראַן! — האָט צוגעשטימט מיטיאַסאָוו. — געוויס פאַראַן. היטלער האָט אָפּגענאַרט און איבערגעצויגן אויף זײַן זײַט א גרויסן טייל פונעם דײַטשישן פאָלק און פון אַרבעטער־קלאַס אויך. פאַרבלענדט זיי די אויגן. נאָר ווען זיי וועלן באַקומען די ערשטע קלעפּ פון אונדזער רויטער אַרמיי, וועלן א סאַך פון זיי גלײַך ניכטער ווערן און זיך אָפּקערעווען פונעם הינקער־הענקער.

אַלע האָבן זיך אופמערקזאַם אײַנגעהערט אין מיטיאַסאָווס רייד, צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך פון ווײַט אָפּסנײַ דערהערט א הודזשען פון באָמבאַרדירער, און אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

— ווידער קריכן די הינט! — האָט געזאָגט דער אַלטער שיקע קושניר, קוקנדיק אויף דער נײַער כוואַליע באָמבאַרדירער, וואָס האָט זיך אָנגערוקט, ווי א כמאַרע.

די אַעראָפּלאַנען זײַנען דורכגעפלויגן און פאַרקערעוועט צו דער גרויסער שטאָט.

— די נאַפט־באַצירקן וועלן זיי ניט באַמבירן, — האָט, אופהייבנדיק זיך פון דער ערד, געזאָגט מיטיאַסאָוו. — זיי ווילן, זעט אויס, פאַרכאַפּן די נאַפט־אויצרעס גאַנצינקע. נאָר א טויט וועלן זיי באַ אונדז באַקומען!

ער האָט א קוק געטאָן אויפן פאַרומערטן ראָמאַן קראַוועטשוקן און א ווונק געגעבן צו אים:

— מע דאַרף אוועק אין קאָנטאָר און דאָרט אָנקלינגען, זיך דערוויסן, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט, וואָס דאַרף מען טאָן?

דער באַצירק איז גלײַך פּוסט געוואָרן. די נאַפטלער האָבן זיך אוועקגעצויגן צו דער קאָנטאָר.

פיליפּ איז איינער אַליין געבליבן זיצן אויפן קלאָץ. כאָטש מיטיאַסאָווס לעצטע ווערטער האָבן אים א ביסל באַרויִקט, האָט ער זיך געפילט, ווי א געפּלעפּטער. וואָלט ער געווען ייִנגער און דער פּוס וואָלט אים ניט געשטערט, וואָלט ער געבעטן, מע זאָל אים נעמען אויפן פראָנט. ער וואָלט מיט זײַן בלוט, מיט זײַן לעבן דערוויזן, אז ער איז טרײַ אָט דער ערד,

די מענטשן, דעם לאַנד, וווּ ער איז געוואָרן אַ פּולבאַרעכטיקטער בירגער, ער וואָלט באַוויזן, אַז ער איז אַן ערלעכער אַרבעטער.

פּיליפּ איז צוגעקומען צו דער קאַנטאָר. די נאַפּטלער האָבן זיך וועגן עפּעס געאַמפּערט. דערזען אים, זײַנען זיי שטיל געוואָרן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטיין, וואָס איז געלעגן ניט ווײַט פונעם פענצטער, און פאַררייכערט אַ ציגאַר.

אינעם גרויסן צימער פונעם פּאַרטקאַבינעט זײַנען זיך צונויפגעקומען די נאַפּטלער. ניט פאַר אַלעמען האָט געקלעקט פּלאַץ, איז מען געשטאַנען בײַ די פענצטער, זיך אײַנגעהערט אין די ווערטער פונעם פּאַרטאָרג. די הייזעריקלעכע שטים זײַנע האָט עטוואָס געציטערט, ער איז שוין געווען אין זײַן מיליטער־אַנטאָן, אין וועלכן ער איז אַהער אַמאָל געקומען. סערגיי מיטיאַסאָוו אומרויק ענערגיש פּנים איז געווען פאַרדײַגעט. קוקנדיק אין צעעפנטן פענצטער צו די קאַרפּאַטן־בערג און אָפּשאַצנדיק מיטן שטיוול דעם אַש פון די ערשט ניט לאַנג פאַרברענטע פּאַפּירן, האָט ער געזאָגט, סטאַרענדיק זיך אויסמײַדן די פאַר־ווייַנטע אויגן פון די מענטשן:

— טײַערע פרײַנט, איך בין געקומען צו אײַך זיך געזעגענען. איך גיי אוועק אויפן פראָנט, נאָר איך גלייב, אַז ניט אויף לאַנג, ניט אויף שטענדיק. איך וועל זיך אומקערן צו אײַך, אויב איך וועל בלײַבן לעבן. אויב איך האָב וועמען־ניט־איז עמעצן באַליידיקט, בעט איך מיר מוחל זײַן. איר בלײַבט דאָ. מײַן פרײַנט, דער טרײַער קאָמוניסט ראָמאַן קראַוטשוק, בלײַבט מיט אײַך... עס וועט, מעגלעך, אויסקומען פאַרלאָזן די היים. אויב דער פאַרשאָלטענער סוינע וועט צוקומען אַהער, דאַרפט איר פאַרניכטן די טורעמס, די מעכאַניזמען, די אויסשטאַטונג, קעדיי ניט לאָזן, דער אָקופּאַנט זאָל זיך קאָנען באַנוצן מיט אונדזער נאַפט...

מיטיאַסאָוו האָט גערעדט שטיל, ניט געײַלט, ווי ער וואָלט יעדער וואָרט אָפּגעוווּיגן, און דער אוילעם האָט געשוויגן, קיינער האָט זיך, דאַכט זיך, קיין ריר ניט געטאָן. מע האָט מיט פאַרווייַנטע, פײַכטע אויגן געקוקט אויף דעם באַשיידענעם, מוטיקן אינזשעניער און געווען דערצאָרנט, וואָס אַזאַ מענטש פאַרלאָזט זיי אין דער מוירעדיק־שווערער צײַט.

מע האָט זיך דעם פאַרנאַכט געזעגנט מיט סערגיי מיטיאַסאָוון, און בײַ די מענטשן האָבן זיך אויף שטענדיק אײַנגעקריצט אין זיקאָרן זײַנע פּאַשעטע און האַרציקע ווערטער.

## דער גרויזאַמער אויספּרווו

מע האָט געוואָרט אויף אַ נעס, נאָר קיין נעס איז ניט געשען.

שפּעט באַנאַכט האָט מען אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן פונעם שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט. ראָמאַן קראַוטשוק האָט גענומען דאָס טרײַבל, זיך אײַנגעהערט. דאָס פּנים זײַנס איז געוואָרן בלאַסער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די האָר אויף זײַן קאָפּ זײַנען אין דער רגע געוואָרן גראָווער.

אין קאַבינעט זײַנען געזעסן אויף די קעסטלעך, אויפן פענצטער און וווּ עס האָט זיך געמאַכט די נאַפּטלער, געקוקט אויף ראָמאַנען, ער האָט זיי שוין מער גאָרנישט ניט געדאַרפט דערקלערן.

עס איז שלעכט. דער סוינע איז שוין ניט ווײַט, און מע דאַרף זיך גלײַך נעמען אויספילן דעם באַפעל: פאַרניכטן אַלץ, וואָס מע קאָן מיט זיך ניט מיטנעמען אין וועג. באַהאַלטן אין בונקערס די מאַשינעס, מעכאַניזמען און אַרמאַטור, אויפרײַסן די עלעקטראָסטאַנציע, פאַרניכטן די טורעמס, פאַרשטאָפּן די נאַפט־גריבער, אויפרײַסן די רעזערוווּאַרן — איבערלאָזן דעם סוינע אַ מידבער, ער זאָל ניט קאָנען אַרויסבאַקומען קיין טראָפּן נאַפט פון דער ערד...

קיין אַנדער ברייַרע איז ניט געווען. מ'האָט זיך געמוזט נעמען צו דער שרעקלעכער אַרבעט. דאָס, וואָס איז אויסגעבויט, אויפגעשטעלט געוואָרן מיט שווערער האָרעוואַניע, האָט מען געמוזט פאַרניכטן מיט די אייגענע הענט. קאַיאָר האָט מען געדאַרפט שפּאַנען די וועגע־נער, נעמען מיט זיך וואָס עס וועט זיך לאָזן און מיט ווײַב־און־קינדער זיך אוועקלאָזן אויף מיזרעך, צו דער קנופּ־סטאַנציע.

עס האָבן געטראַכקעט איבערן ברוקירטן שליאַך די שווער־געלאָדענע וועגענער, אויף וועלכע מע האָט אַריבערגעפירט אין באַהעלטענישן די מאַשינעס און מעכאַניזמען. מע האָט פאַרוואָרפן, פאַרהאַקט די נאַפט־רערן, אויפגעריסן די באַלאַנסירן, די שטאָלענע טורעמס. אין פאַרשיידענע ערטער האָבן זיך געהערט אויפרײַסן. מענטשן האָבן געוויינט, וויסנדיק, אַז עס ווערט פאַרניכטעט דאָס טײַערסטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

מיטאמאָל האָט זיך איבערן גאַנצן ארום צעטראָגן א שטאַרקער געברום, א מוירעדיקער אופּרײַס — דאָס איז אופגעפלויגן אינדערלופטן די עלעקטראָסטאַנציע. די שײַן האָט זיך אומעטום אויסגעלאָשן. א פּאַכעד איז באַפאַלן די ארומיקע יִשוּווים — דעם „שווארצן טאָל", ראַפּײַעווקע...

דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט ברוכשטיקער פון די טורעמס, פליגלען פון די באַלאַנסירן, שטיקער ווענט, דעכער.

זאָל ער זען, דער סוינע, וואָס פאַר א קאַבאַלעס־פּאָנעם מע האָט פאַר אים דאָ צוגעגרייט.

דער גאַנצער ארום איז מיטאמאָל ווי טויט געוואָרן, אָפּגעשטאָרבן און דערמאָנט אין א בעסוילעם, איבער וועלכן עס האָט זיך דורכגעטראָגן א הוראַגאַן.

אין דער ארומרינגלונג פון די נאַפטלער האָט יוסיף מאַמעדאָוו זיך אומגעקערט פון זײַן אומגעווייִנלעכער ארבעט א דערשיטערטער. אַזויפיל האָרעוואַניע פאַר דעם יאָר אַרײַנגעלייגט אינעם „שווארצן טאָל", און אָט איז דאָס אַלץ געגאַנגען צו גרונט.

דער שטענדיק פריילעכער און לעבנסלוסטיקער באָכער האָט אינגאַנצן אָנגעוואָרן דאָס לאָשן.

דאָך האָט ער זיך באַמיט באַרויִקן דעם אוילעם, געטרײַסט, אז מע וועט געוויס אָפּשטעלן דעם סוינע אף דער גרענעץ און אים צעשמעטערן. דערנאָך, אז די פאַשיסטן האָבן זיך דער־נעענטערט, האָט ער עס דערקלערט דערמיט, וואָס מע וויל די אישאַקעס אַרײַנאַרן און ערשט נאָכדעם דערלאַנגען זיי איבער די קעפּ, אָפּהאַקן דעם וויידל... אָבער איצט האָט ער שוין ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן, און געשוויגן.

יוסיף האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן מיט א גרופּע ארבעטער פון באַקו, געמיינט, אז די מיל־כאָמע וועט געדויערן א וואָך, א טעג צען, און מע וועט ווידער זיך נעמען צו דער ארבעט. נאָר גיי ווייס, אז עס וועט זיך אַזוי באַקומען, אז מע וועט דאַרפן העלפן די נאַפטלער אַלץ פאַרניכטן און מיט זיי זיך לאָזן אין וועג, אף מיזרעך!

די מאַמע וואַרט שוין לאַנג אף אים. אָבער ער איז דאָ אַזוי אַרײַנגעקראָכן אין דער ארבעט, אז ס'איז ניט געווען קיין צײַט גיין אין אורלויב. דערצו נאָך האָט ער ניט אופגעהערט טראַכטן, אז מאַרגאַריטע וועט דאָך ווערן ווייכער צו אים, זיי וועלן כאַסענע האָבן און אוועק־פאָרן צוזאַמען קיין באַקו. און איצט? איצט ווייסט ער שוין אַליין ניט, וואָס עס וועט זײַן. ווער קאָן אין אַזא צײַט טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן, אז ארום דונערט און ברענט און קיינער ווייסט ניט, אף וואָס פאַר א וועלט מע געפינט זיך.

יוסיף טראַכט שוין, אז ער וואָלט פריִער געדאַרפט געווען אוועקגיין אין ארמיי. ער איז געווען מעקאַנע סערגיי מיטיאַסאָוון, וואָס איז שוין געוויס אין שלאַכט צוזאַמען מיט זײַנע טאַנקיסטן. א שאָד, וואָס ער איז ניט אוועק מיט אים צוזאַמען! נאָר יענער האָט באַפוילן, אז ער, יוסיף, זאָל ניט אײַלן, זיך ניט רירן פון אָרט, ביז די נאַפטלער וועלן ניט זײַן אף דער באַן־סטאַנציע... און נאָך האָט ער אים געבעטן, יוסיפן, אז אויב זײַן ווײַב מיט די קינדער וועלן קומען אַהער, זאָל ער זיי באַגעגענען און העלפן אַרויספאָרן צוריק.

טאַקע געפונען א צײַט, ווען זיך אופהייבן מיט די קינדער און זיך שלעפּן אַהער, אין געהענעם! זיי זײַנען שוין אין וועג. עפשער וועט מען זיי ערגעץ אָפּשטעלן און אומקערן? דאָרטן ווייסט מען, דאַכט זיך, בעסער, וואָס עס טוט זיך אפן פראָנט, און מע וועט אַהער ניט לאָזן פאָרן א פרוי מיט קינדער צו איר מאַן, וואָס איז שוין אפן פראָנט. נאָר ווו וועט מיטיאַסאָוו זיי געפינען? באַם געזעגענען זיך האָט ער גראַדע געזאָגט יוסיפן, אז ער וועט אים פונעם פראָנט אָנשרײַבן, נאָר ווו וועט ער, יוסיף, שוין דעמלט זײַן?

פיליפּ איז געווען דערשלאָגן. דאָס האַרץ האָט געגנאָיעט דערפון, וואָס ער האָט געזען דעם שוידערלעכן ארום נאָך די אופרײַסן און סרייפעס, אָבער ניט ווייניקער האָט אים גע־מוטשעט דער געדאַנק, אז מע גלייבט אים ניט. מע האָט אים ניט גערופן, ווען מע האָט ארויסגעפירט אין די בערג די אויסשטאַטונג, מאַשינעס און ארמאַטור. מע האָט אים ניט געזאָגט, וואָס קלײַבט מען זיך איצט טאָן. וואָס זשע, מע גלייבט אים ניט?

נאָר וואָס זאָל ער איצט זאָגן און מיט וועמען ריידן, אז אַלע זײַנען אַזוי דערשיטערט און צעבראָכן?

אין יִשוּוו האָט געהערשט א גרויסער טומל, אַן אײַלעניש. עס זײַנען געקומען די געשפּאַנטע פורן, און מענטשן האָבן געלאָדן זייערע קלומעקלעך, טשעמאָדאַנעס. פיליפּ האָט געקוקט אף די פאַרהאַוועטע שכיינים, זיך געדרייט איינעם, א צווייטן פאַר די אויגן, עפשער וועט מען אים אויך זאָגן, ער זאָל מיט זיי פאָרן, נאָר אַלע האָבן געשוויגן. אים האָט קיינער ניט גערופן. ער האָט פונווײַטנס באַמערקט ראָמאַנען. יענער האָט אים אויך גאָרנישט ניט געזאָגט.

ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, צוגעגאַנגען צו ראָמאַנען:

— און וואָס זאָל איך טאָן?

יענער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט א מידן, צעשטרייטן בליק.

— איך מיין, צי מעג איך מיט דער פאַמיליע אויך פאָרן?

ראָמאַן האָט זיך באַגעגנט מיט זײַנע פאַרוואָלקנטע אויגן, זיך אָנגערופן:

— יאָ, געוויס... עס הייסט... נו, אוואַדע, שנעלער... שנעלער...

און, ניט קענענדיק קוקן דעם מענטשן גלײַך אין די אויגן, זיך געלאָזט צו זײַן שטוב.

פיליפּס פראַגע האָט אים, ראָמאַן קראַוטשוקן, געשטעלט אין אן אומבאַקוועמער לאַגע. אים האָט זיך פריִער געדאַכט, אז יענער וועט זיך ניט וועלן עוואַקויִרן, און אין האַרצן האָט ער זיך איצט א זידל געטאָן, לעמײַ ער האָט שלעכטס געטראַכט וועגן דעם מענטשן, זיך צו אים די לעצטע טעג באַצויגן מיט אומצוטרוי. מעג מען דען אזוי שנעל, ניט אויספּרוּווּנדיק דעם מענטשן, אין א שווערער צײַט זיך אָפּקערעווען פון אים? די צײַט איז דער בעסטער ריכטער. זי וועט אַלץ באַווײַזן.

און, אָפּשטעלנדיק זיך בײַ דער קאַליטקע, האָט ראָמאַן אויסגעשריגן:

— היי, פיליפּ, אויב דו האָסט טאַקע באַשטימט מיט אונדז גיין, טאָ קלײַב זיך שנעלער! ברענג דײַנע זאַכן און דײַניקע, מע דאַרף שוין פאָרן!

— א דאַנק, ראָמאַן! א גרויסן דאַנק! איך לויף גלײַך, — האָט אויסגעשריגן פיליפּ און זיך שנעלער געלאָזט אהיים.

ראָמאַן האָט ניט געקאָנט זען, ווי טרערן האָבן זיך געקײַקלט איבער פיליפּס פאַרוואַקסענע, אײַנגעפאַלענע באַקן. ער האָט אויך ניט געוווּסט, ווי ער האָט דערפרייט דעם מענטשן, וואָס איז די לעצטע טעג ארומגעגאַנגען א צעבראָכענער.

ארײַנגעלאָפן אין שטוב, האָט פיליפּ געטראָפן בערטען מיט דער טאָכטער זיצן אַף די קלומקעס פאַרווײנטע, דערשלאָגענע.

— וואָס איז געשען, פאַרוואָס גרייט איר זיך ניט אין וועג? וואָס זיצט איר?

— וואָס פרעגסטו אונדז? — האָט, אויסווישנדיק די טרערן, געזאָגט בערטע. — מע האָט אַלעמען גערופן צו די פורן, און אונדז...

פיליפּ האָט זיך אראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק, פאַרייכערט און אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט דעם שווערן קאָפּ.

בערטע מיט מאַרגאַריטען האָבן אַף אים געקוקט דערשראָקן, וואַרטנדיק, וואָס וועט ער זיי זאָגן.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דורכן פענצטער א קוק געטאָן אַפן הימל, וואָס איז געווען רויט פון די ארומיקע סרייפעס:

— דאָס האָט זיך אײַך אויסגעוויזן, אז מע האָט אײַך ניט פאַרגעלייגט פאָרן. אַלץ צונויפגעבונדן? פאַרשליס, בערטע, די טיר, מיר פאָרן צוזאַמען מיט אַלע!

— ניט־געבעטענע זײַנען מיר. מע קוקט אַף אונדז, ווי אַף פרעמדע. זעסט אַליין ניט, פיליפּ?

— נו, גענוג, בערטע! נאַרישקײַטן. איצט איז ניט די צײַט. זעסט ניט, וואָס פאַר אן אומגליק עס רוקט זיך אָן? מע דאַרף אוועקגיין. צוזאַמען מיט אַלעמען. און גאָר. שנעלער! שנעלער!

— ניין, מיר וועלן זיך פון אָרט ניט רירן, — האָט בערטע זיך אײַנגעאַקשנט.

פיליפּ איז אונטערגעשפּרונגען. מע האָט אים נאָך ניט געזען אזא צערייצטן:

— וואָס? וועסט זיך פון אָרט ניט רירן? איך וועל דיך דערשטיקן! דו שטעלסט זיך פאָר, וואָס מענטשן וועלן טראַכטן וועגן אונדז, אויב מיר וועלן דאָ בלײַבן? ניין, דו ביסט באַם זינען, בערטע? אַנו, געגאַנגען!

מאַרגאַריטע האָט פאַרשטעלט די מאַמע, געמיינט, אז דער אויפגערייצטער פאָטער וועט זיך באַלד וואַרפן אַף איר מיט קולעקעס. דעם מיידל איז גוט געווען אָנגעזאָליעט אַפן האַרצן. זי האָט די גאַנצע צײַט אײַנגעטײַנעט מיט דער מוטער, אז מע דאַרף גיין צוזאַמען מיט אַלע, און יענע האָט געזאָגט — ניין. איצט איז זי געווען זיכער, אז די מוטער וועט גיין.

פיליפּ האָט שוין ניט געקוקט אַף דער פרוי און אַף דער טאָכטער. ער געדענקט שוין ניט די צײַט, ווען ער זאָל געווען ריידן מיט זיי אזוי שטרענג, ווי איצט. אראָפּגעוואָרפן פון זיך די פאַרשמאָלצעוועטע ספּעצאָווקע, האָט ער זיך ארומגעוואַשן, איבערגעטאָן אין ריינעם אָנטאָן, גענומען עטלעכע ברעטער און פאַרקלאַפּט די פענצטער און טירן, דערנאָך האָט ער געכאַפּט אַף די פלייצעס דעם קלומעק, א ווונק געטאָן צו דער פרוי און צו דער טאָכטער, הייזעריק א זאָג געטאָן:

— נו, שנעלער! דער אוילעם וועט אַף אײַך ניט וואַרטן!

בערטע האָט אים אָנגעכאַפּט באַם אַרבל:

— פרידריך... מירן אוועקגיין. און וואָס וועט זײַן מיט טאָמאַסן? לאָמיר עפּשער צוואַרטן. ער וועט זיך דערשלאָגן צו אונדז.

— ער האָט וועגן דיר פריִער ניט געטראַכט, דײַן טאָמאַס. ווילסטו, ער זאָל איצט טראַכטן? — האָט זיך אָנגערופן פיליפּ. — ער איז שוין ניט קיין ייִנגעלע און וועט זיך אַליין געבן אַן אייצע. מיר קאָנען אַף אים ניט וואַרטן. נישטאָ קיין צײַט.

און אַלע דרײַ, מיט די קלומעקלעך אַף די פּלייצעס, האָבן פאַרלאָזט די היים.

עס איז נאָך געווען טונקל אין דרויסן, ווען איבערן געדרייטן שליאַך האָט זיך אויסגע־צויגן אַ לאַנגע רײ פורן, קיביטקעס, פורגאָנעס. אַף זײ, צווישן זעק און פּעק, זײַנען געזעסן פרויען, קינדער, עלטערע לײַט.

באַנאַנד, מיט פאַרנייגטע קעפּ, האָבן געשפּאַנט אָנגעכמורעטע, שווײַגנדיקע נאַפּטלער, פאַרטאָן אין זייערע שווערע מאַכשאָוועס. מע האָט אונטערגעמונטערט מיט די בײַטשן די פערד, זײ זאָלן זיך רירן שנעלער, און די שטומע באַשעפענישן, קוקנדיק מיט פּאַכעד אַפן רויטן הימל, אַף די סרייפעס, האָבן, זעט אויס, אויך פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף אײַלן, און געשטעלט פיס, זיך ניט באַליידיקט אַף די בײַטשן און אַף די זידלווערטער, וואָס די אָנטרײַ־בער האָבן אין זײ אַרײַנגעשאָטן.

דער ווינט, וואָס האָט געבלאָזן פונעם גרויסן באַרג־שפּאַלט, האָט גע̇טראָגן דעם אַש פון די פאַרברענטע פאַפירן. אונטער די פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט די צעריסענע דראָטן פון דער עלעקטרע־ און טעלעפאָן־נעץ. דאָ און דאָרט האָבן געוואָיעט, געבילט הינט, וועלכע די באַלעבאַטים האָבן איבערגעלאָזט אין די הויפן.

מע האָט געשפּאַנט שנעל. יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען, אַז צײַט איז געבליבן ווייניק, מע דאַרף וואָס גיכער קומען צו דער גרויסער קנופּ־סטאַנציע, קעדײ פאַרכאַפּן ערטער אין עשעלאָן.

די קאָלאָנע האָט זיך אַרײַנגעצויגן אינעם געדיכטן וואַלד, וואָס האָט געפירט אַרויף־באַרג, אין די קאַרפּאַטן.

באַ דער זײַט פון ברוקירטן וועג, ניט ווײַט פון דעם הײפל נאַפּטלער, איז געגאַן אין איר לײַכטן מאַנטל מאַרגאַריטע. דער ווינט האָט געשויבערט אירע לײַנענע האָר. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן דאָס רענצעלע, אין וועלכן עס זײַנען געלעגן אירע עטלעכע באַ־ליבטע ביכער, דער טאָגבוך, ווו זי האָט שוין עטלעכע יאָר פאַרשריבן אירע פאַרטײַעטע געדאַנקען, טרוימען. אין רענצל זײַנען אויך געלעגן די אַקוראַט־צונויפגעבונדענע בריוו, וואָס זי האָט באַקומען פון סטאַסיקן און יוליסן, בריוו מיט וווּנדערלעכע ווערטער וועגן ליבע און טרײַשאַפט צו איר. דאָ זײַנען אויך געווען די פאָטאָ־בילדלעך פון די ייִנגלעך, וועלכע זײ האָבן איר ערשט ניט לאַנג צוגעשיקט פון לוואָוו.

טראַכטנדיק וועגן די כעווערע, האָט זי געפילט, ווי דאָס האַרץ נאָיעט פון בענקשאַפט צו זײ. ווען זי ווייסט, אַז אַזוי אָומדערוואַרט וועט זיך דאָס גאַנצע לעבן איבערקערן, וואָלט זי זײ געשריבן אָפּטער און געפונען פאַר זײ די סאַמע צערטלעכע ווערטער, ניט געמאַטערט זײ אַזוי מיט איר שווײַגן. אָבער וואָס קאָן זי איצט טאָן, אַז די פאַשיסטן זײַנען שוין געוויס ניט ווײַט פון דער שטאָט. וואָס איז מיט די כעווערע — שטעלט זי זיך אַפילע ניט פאָר. ווער ווייסט, עפּשער שלעפּן זײ זיך איצט אויך אַזוי, ווי זי, מיט פרעמדע, אומבאַקאַנטע וועגן. עפּשער וועט מען זיך ערגעץ באַגעגענען? ווען עס טרעפט אַזאַ נעס, וואָלט זי זיך שוין מיט זײ קיינמאָל ניט צעשיידט.

פאַרטאָן אין אירע אומרויִקע געדאַנקען, האָט זי ניט באַמערקט, ווי באַנאַנד איז אויס־געוואַקסן יוסיף. זײַנע אויגן, מידע און רויטע פון שלאָפלאָזע נעכט, האָבן זיך צעשמייכלט. ער האָט געוואָלט נעמען באַ איר דאָס רענצעלע, איר העלפן עס טראָגן, נאָר זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: נישקאָשע, הייסט עס, איר איז ניט שווער.

ער האָט איצט ניט געקאָנט צוקלײַבן פאַרן מיידל די נייטיקע ווערטער, זעענדיק, וויאַזוי זי איז דערשיטערט. ער איז געגאַנגען שווײַגנדיק, פון מאָל צו מאָל אופגעהויבן אַף איר דעם פאַרליבטן בליק און קעדײ ניט שווײַגן, ווי אַ באָק, זיך אָנגערופן:

— פאַל ניט אַראָפּ באַ זיך, מאַרגאַריטע. דאָס איז ניט אַף לאַנג. אַלציינס וועט זיך די מילכאָמע גיך ענדיקן און דו וועסט זיך אומקערן אַהיים. אָט וועלן מיר זיך דערקלײַבן צו דער סטאַנציע, זיך אַרײַנזעצן אין וואַגאָן און פאָרן צו אונדז קיין באַקו. איך וועל דיך באַ־קענען מיט מײַנע עלטערן, מיט די שוועסטערלעך און ברידערלעך. וועסט לעבן באַ אונדז. פאַר אַלעמען וועט סטײַען פּלאַץ... אין סאָד זײַנען שוין צײַטיק די קאַרשן און ווײַנשל. איניגיכן

װעלן פּאַרטיק װערן קאַװענעס און דיניעס. הײַנט װינטרויבן — אַ גאַנצער יאַם! עס, װיפל דײַן האַרץ גלוסט!

— יוסיף, — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער פעטער שיקע קושניר, װאָס איז אונטערגעקור־מען, — װאָס רעדסטו? װער װייסט, װוּהין דער גורל װעט אונדז פאַרפירן? קיין באַקו װעלן מיר ניט פאַרפאָרן. דער דײַטש װעט זיך פּרוּװן דורכרײַסן אַהין. ער דאַרף האָבן נאַפט, בענזין פאַר זײַנע טאַנקען, מאַשינעס און באָמבאַרדירער... היטלער װעט זיך פּרוּװן פאַרכאַפּן באַקו.

— אַ טויט װעט ער פאַרכאַפּן, ניט באַקו! — איז אופגערעגט געװאָרן יוסיף. — איך האָב אײַך ליב, פעטער שיקע, איר זײַנט עלטער פון מיר, און איך װיל ניט אָנרירן אײַער קאָװעד, נאָר איר רעדט ניט גוט! אײַ, ניט גוט! װיאַזוי קאָן די רויטע אַרמיי דערלאָזן, היטלער זאָל פאַרכאַפּן באַקו? קיינמאָל ניט!

דער פעטער שיקע קושניר האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל:

— איך פאַרשטיי, יוסיף, — האָט ער זיך גענומען פאַרענטפערן, — נאָר אַ מילכאָמע... און װער קאָן אויסשטעלן, װיאַזוי זי װעט גיין װײַטער?

— אַלציינס, פעטער שיקע! איר טאָרט אַפילע אַזוי ניט טראַכטן! קיין באַקו װעלן די סאָנים ניט דערגיין! מע װעט זיי פריִער צעברעכן הענט און פיס!

— פון דײַן מויל, יוסיף, אין גאָטס אויערן.

— אָט אַזוי איז גוט! זייער גוט! אַזוי זאָלט איר טראַכטן.

די קאָלאָנע האָט זיך אַלץ דערװײַטערט פון דער פאַרלאָזטער היים, זיך טיפער און טיפער אַרײַנגעצויגן אינעם גרינעם לאַבירינט פון די קאַרפּאַטן. עס האָט זיך אַרײַנגעמישט אינעם שטורמישן געררויש פון די ביימער און באַרג־שטראָם דאָס גרילצערײַ און סקריפּערײַ פון די װעגענער, דאָס פײַפערײַ פון די בײַטשן.

דער פרימאָרגן איז אופגעשטאַנען אין די בערג אַ זוניקער, אַ לויטערער. אין די װײַטע און נאָענטע הימלען האָבן זיך צעברומט די שװערע באָמבאַרדירער מיט די שװאַרצע צלאָמים. פון פאַרשיידענע זײַטן האָבן זיך אַהער דערטראָגן שװערע אופרײַסן. דער גאַנצער אַרום האָט געהודעט, װי בעשאַס אַן ערדציטערניש.

און מענטשן זײַנען אײַנגעאַקשנט געגאַנגען, פאַרגעסנדיק אין דער מידקײַט און אין דער געפאַר, װאָס האָט איבער זיי געלויערט. מע האָט זיך געדאַרפט אום יעדן פרײַז דערקלײַבן צו דער קנופּ־סטאַנציע, און דאָרטן װעט מען זען, װאָס מע דאַרף טאָן װײַטער.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך איבערן קאָפּ. ראָמאַן קראַװטשוק איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פור און, צוקוקנדיק זיך צום פאַרמאַטערטן אוילעם, צו די אָפּגעגאָסענע מיט שװייס פערד, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אויב מע װעט זיך ניט אָפּרוען, װעט מען צו דער אײַזנבאַן־סטאַנציע זיך ניט דערשלעפּן. און ער האָט באַפוילן פאַרקערעװען אין אַ זײַט, צו דער גרי־נער לאָנקע.

דער אוילעם האָט זיך דערפילט גליקלעך. מע האָט אויסגעשפּאַנט די פערד און זיי אָפּגע־לאָזט אַף פּאַשע. דערפילנדיק דעם רייעך און רויש פון אַ קוואַל, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אַהין און זיך געקוויקט מיט דער זויבערער װאַסער, גענומען מיט פלײַס טשיפּען דאָס פרישע גראָז, זיך קאַטשען איבער דעם, הירזשען.

ניט װייניקער האָבן זיך מיטן קוואַל דערפרייט די מענטשן.

געשטילט דעם דאָרשט, האָט מען זיך אויסגעזעצט אַרום אָקסאַנען און שיפרען, װעלכע האָבן אַף אַ גרויסן טישטעך אַרויסגעלייגט ברויט, פלייש, ציבעלעס און אַנדערע זאַכן, און אַלע האָבן זיך גענומען שטילן דעם הונגער.

יוסיף איז געזעסן אין קרײַז, געגעסן אַ שטיקל ברויט מיט אַ פּיסל פון אַ הון און זיך געקוויקט:

— אײַ װעל איך אײַך צוגרייטן אַ שאַשליק, װען מירן קומען צו אונדז קיין באַקו! איך װעל שטעלן צװיי פעסלעך אַלטן װײַן, — האָט ער געפּרוּװט מאַכן פריילעכער דעם אוילעם.

ניט געקוקט אָפן גרילצערײַ און געברום פון מאָטאָרן, האָט זיך דאָך אינעם גרינעם לאַ־בירינט געהערט דאָס צװיטשערײַ פון פייגלען. אַן אײַנגעאַקשנטע קוקאַװע האָט עמעצן גע־ציילט די יאָרן.

לענגער זיך דאָ פאַרהאַלטן אַף דער לאָנקע האָט מען ניט געטאָרט. און די קאָלאָנע האָט זיך װידער אויסגעצויגן איבערן אַלטן צעפּאָרענעם שליאַך.

פאָרויס האָט געשפּאַנט יוסיף מאַמעדאָװ. זײַן העמדל איז געװען צעכראַסטעט, די קויל־שװאַרצע טשופּרינע צעשויבערט, און ער האָט אַף אַ קאָל זיך אונטערגעזונגען אַ טרויעריקן אַזערבײַדזשאַנישן ניגן, װאָס האָט שטאַרק דערמאָנט אין אַ טפילע.

מאַרגאַריטע האָט זיך אײַנגעהערט און אַ פֿרעג געטאָן דעם באָכער, וואָס ער זינגט.

— דו ווילסט, וועל איך דיך אויסלערנען, — האָט ער אויסגעשריגן, — אַ וווּנדער־שיינע ליד. אַלע זינגען זי בײַ אונדז. דאָס איז אַ ליבע־ליד. אַ שיינער באָכער האָט געליבט אַ מיידל, און זי האָט זיך אָפּגעקערט פֿון אים...

— אַזעלכע לידלעך דאַרפֿן מיר ניט! — האָט איבערגעריסן אָקסאַנע. — דו זינג בעסער אַנדערע לידלעך, עס זאָל גרינגער זײַן אויפֿן האַרצן.

יוסיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע, זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און גלײַך אויף אַ קאָל אָנגעהויבן זינגען אַ פֿריילעכע ליד.

— אָט דאָס איז עפּעס אַנדערש! — האָט זיך אָנגערופֿן אָקסאַנע. — איצט וואָלט מען זיך נאָר געדאַרפֿט שטעלן טאַנצן, וואָלט מען געמיינט, אַז מיר זײַנען שוין אינגאַנצן משוגע געוואָרן.

— וואָס איז? — האָט יוסיף אויפֿגעהויבן אויף דער שטרענגער פֿרוי די אויגן.

— גאָרניט... נאָר זינגען גייט אונדז איצט אָפּ.

— עס מאַכט ניט אויס, מומע אָקסאַנע, — איז ער פֿריילעכער געוואָרן, — ניט געזאָרגט! איר וועט נאָך דערמאָנען מײַנע ווערטער. מיר וועלן נאָך זינגען און טאַנצן אויף היטלערס הינטישן קייווער!

— אַזוי גאָר, — האָט זיך אַרײַנגעמישט שיפֿרע, — אויב אַזוי, זינג, טאָ זינג, אַלע סאָנים אָפּצולאָכעס!

ווען דאָס הילכערײַ פֿון דײַטשישע באָמבאַרדירער איז אײַנגעשטילט געוואָרן און מע איז שוין געווען ניט ווײַט פֿון דער סטאַנציע, האָט יוסיף מאַמעדאָוו געזאָגט, אַז ער וועט אַוועק פֿאָרויס, אַ קוק טאָן, ווי האַלט עס מיט אַ צוג.

מאַקסים סוכאָדאָל האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גלײַכער געדאַנק, מע דאַרף פֿריִער אַ טאַפּ טאָן דעם וועג, אָבער שיקן איין מענטשן אַהין טאָר מען ניט. ער וועט אויך גיין מיט יוסיפֿן, זאָל מען דאָ וואַרטן אויף זיי.

דער דאָקטער האָט אויסגעבראָכן אַ גראָבן שטעקן און זיך געלאָזט נאָכן באָכער. צו זיי האָבן זיך אויך פֿאַרייניקט טאַראַס און זאַלמען מאַרקוס. און דאָ האָט ניט אויסגעהאַלטן מאַר־גאַריטע. זי וועט גיין מיט זיי.

דערזען, ווי די טאָכטער איז אַוועקגעלאָפֿן, האָט בערטע אויפֿגעהויבן אַ טומל: ווּהין, אין אַזאַ געפֿערלעכן וועג? זי איז אַרויסגעלאָפֿן, געוואָלט זי אָפּהאַלטן, נאָר ריטע האָט זיך בעשום־אופֿן ניט געוואָלט אומקערן. און בערטע איז אויך אַוועק מיט זיי.

דער געדיכטער דעמבענער וואַלד האָט אײַנגעשלונגען די גאַנצע גרופּע מענטשן.

מע איז געגאַנגען ניט געאײַלט, אײַנקוקנדיק זיך אין דער ווײַט, פֿונוואַנען עס האָט זיך געהערט אַ טעמפּע פּײַפּערײַ פֿון לאָקאָמאָטיוון. זעט אויס, אַז ביז דער סטאַנציע איז געבליבן ניט קיין סאַך וועג. מע האָט פֿאַרגיכערט דעם טראָט.

יוסיף האָט אַרויסגענומען דאָס פּושקעלע פּאַפּיראָסן, פֿאַררייכערט, מעכאַבעד געווען די מאַנצבלען. דערבײַ האָט ער דערציילט, וויִאַזוי ער וועט בײַ זיך אין דער היים אַוועקפֿירן אַלעמען אין די בערג צו זײַנע באַקאַנטע טשאַבאַנעס און מע וועט צוגרייטן דעם עמעסן קאַווקאַזער שאַשליק.

דער באָכער האָט זיך אַזוי פֿאַרטיפֿט אינעם שאַשליק, אַז ער האָט ניט באַמערקט, ווי פֿונעם וואַלד־יאַר, וואָס האָט זיך געשלענגלט לענגאויס דעם שליאַך, האָבן זיך אויפֿגעהויבן עטלעכע דײַטשישע פּאַראַשוטיסטן און, אָנצילנדיק אויף אים די אויטאָמאַטן, אויסגעשריגן:

— האַלט! הענדע האָך!

אַלע זײַנען, דערשיטערטע, געבליבן שטיין, ניט וויסנדיק, וואָס מע דאַרף טאָן.

דערזען אויפֿן בערגל דײַטשן אין זייערע קאָמבינעזאָנען, מיט די אויטאָמאַטן אין די הענט, האָט מאַרגאַריטע מיט אַלע קויכעס גענומען שרײַען:

— מאַ־אַ־מע!

די דײַטשן האָבן געקוקט אויפֿן דערשראָקענעם מיידל און אויסגעשאָסן אַ ווילד געלעכטער.

אַ לאַנגער, דאַרער דײַטש אין ברילן מיט אַ לענגלעך, פֿאַרוואַקסן פּאָנעם איז צוגעגאַנגען, אַ טאָרע געטאָן יוסיפֿן מיט דער רער פֿונעם אויטאָמאַט און געזאָגט:

— רוס? פּאַרטיזאַן? וועק! וועק!

יוסיף האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טויט־דערשראָקענער מאַרגאַריטע, זיך געסטאַרעט בײַקומען די שרעק, וואָס האָט אים ווי געקאַוועט, און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

דער לאַנגער דאַרער דײַטש איז צוגעגאַנגען צום מיידל, זי אָפּגעשטויסן אין אַ זײַט צום



ראנד פונעם שליאַך און עפּעס א זאָג געטאָן צו זײַנע צוויי אויטאָמאַטלער, זיך לעפּיש צעלאַכט.

יוסיף האָט זיך אָנגעצונדן פון רעציכע, זיך א לאָז געטאָן צום דײַטש און אויסגעשריגן:

— טשעפּע זי ניט! דו ביסט א גרויסער העלד מיט דײַן ביקסל...

דער דײַטש האָט געפינטלט מיט די אויגן, גאַרניט פארשטאַנען, אָנגעקוקט דעם צעביי־זערטן באָכער, און אָנגעשטעלט אויף אים דעם אויטאָמאַט:

— דו, פּארטיזאַן, רוס, באָלשעוויק, יודע?

יוסיף האָט אָפּגעשטויסן ווײַטער פון זיך מארגאַריטען, א ווונק געטאָן, זי זאָל אָפּגיין אין א זײַט, און געמאַכט א שפּאַן צום דײַטש, אים אָפּגעמאָסטן מיט זײַן בליק פון קאָפּ ביז די פיס:

— דו פרעגסט, ווער איך בין? א מענטש בין איך! דו הערסט — א מענטש! איך בין יוסיף מאַמעדאָוו. אַלע קענען מיך. און ווער ביסטו? שײַטאַן! דו ביסט ניט קיין מענטש, א ווילדע כײַע ביסטו!

ער האָט אין דער רעגע פארגעסן אין דער געפאַר, וואָס איז געהאַנגען איבער אים. פארהויבן דעם פויסט, האָט ער זיך געוואָלט וואַרפן אויפן זעלנער. פון אומדערוואַרטקײַט האָט יענער זיך א ציִ געטאָן צוריק, זיך פארטשעפּעט פאַר א שטיין און א פאַל געטאָן אויפן ברוק.

— ניט קיין מענטשן זײַט איר, כײַעס! — האָט יוסיף נאָך שטאַרקער זיך צעשריגן, שטייענדיק איבערן דײַטש, נאָר אין דער רעגע האָט עמעצער פון די פאַראַשוטיסטן ארויסגע־לאָזט פונעם אויטאָמאַט א קורצע רײ, און יוסיף איז געפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט.

— וואָס האָט איר געטאָן! — האָט אויסגעשריגן מאַרגאַריטע און זיך א לאָז געטאָן צו יוסיפן, זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן אים אויף די קני, געפרווּווט אויפהייבן, נאָר לעבן איר איז שוין אויסגעוואַקסן דער זעלנער, אופגעהויבן איבער איר קאָפּ די קאָלבע פונעם אויטאָמאַט. אין דער רעגע איז בערטע צוגעלאָפן צו דער טאָכטער, זי פארשטעלט מיט איר קערפּער. דער טאַליען האָט די קאָלבע אַראָפּגעלאָזט אויף בערטעס קאָפּ.

— פארפלוכטער שווײַן, — האָט ער ארויסגעשיפּעט, קוקנדיק, ווי די פרוי ראַנגלט זיך מיטן טויט.

בערטע האָט דאָס לעצטע מאָל אופגעהויבן אויף דײַטש אירע אויגן, דאָס פּאָנעם איז געווען פארגאָסן מיט בלוט. זי האָט קוים ארויסגעבראַכט:

— פארשאָלטן זאָלט איר ווערן, קוילערס. די ערד זאָל אײַך ניט נעמען אין איר שויס... פארשאָלטענע כײַעס...

דער דײַטש האָט א שטעפּ געטאָן מיטן אויטאָמאַט. מאַרגאַריטע איז אַנידערגעפאַלן. ניט ווײַט פון איר — מאַקסים סוכאָדאָל.

דער לאַנגער דײַטש האָט ווידער א שטעפּ געטאָן מיט זײַן אווטאָמאַט. איצט שוין איבער די מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דער זײַט. דערזען, ווי זײַנע כאַווירים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין יאַר און גענומען לויפן צו דער סטאַנציע, האָט ער זיך ווילד אַרומגעקוקט און אויך אוועקגעלאָפן אַהין, נאָך זיי.

מאַקסים סאָכאַדאָל האָט דערפילט א ווייטעק אין דער האַנט. זי איז אינגאַנצן געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. קוים זיך אופגעהויבן פון אָרט, האָט ער מיט דער רעכטער, געזונטער האַנט אַרויסגעשלעפּט פון דער קעשענע א נאָזטיכל און עס צוגעלייגט צו דער וווּנד. מיט די לעצטע קויכעס האָט ער געמאַכט עטלעכע שפּאַן צום אָרט, ווו עס זײַנען געלעגן בערטע, יוסיף און מאַרגאַריטע.

בערטע איז געווען טויט. דער דאָקטער האָט א נעם געטאָן איר האַנט און אין א רעגע אַרום זי אַרויסגעלאָזט. צוגעלייגט דעם אויער צו יוסיפס פאַרבלוטיקטער, נאָך וואַרעמער ברוסט, האָט ער מיט ווייטעק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך באַגעגנט מיט מאַרגאַריטעס פאַרווייניטן בליק, זי אונטערגעהויבן און א ווונק געגעבן צו די מענטשן, מע זאָל העלפן.

מע האָט אופגעהויבן דאָס מיידל. סאָכאַדאָל האָט צוגעלייגט דאָס נאַסע טיכעלע צו איר וווּנד. איבער זײַנע פּולבלעכע פאַרוואַקסענע באַקן האָבן זיך געקײַקלט טרערן.

עמעצער האָט אָפּ זיך צעריסן דאָס העמד און געהאָלפן סאָכאַדאָלן פאַרבאַנדאַזשירן מאַרגאַריטען.

— שטאַרק זיך, טאָכטער, שטאַרק זיך... מיר וועלן דיך ראַטעווען. די וווּנד איז ניט קיין טיפע. שטאַרק זיך... דײַן מוטער, בערטען, יוסיפן קאָן איך שוין לעבעדיק ניט מאַכן... די ראָצכים האָבן זיי דערהאַרגעט. דו וועסט לעבן. שטאַרק זיך, — האָט ער געשעפּטשעט צום מיידל, וואָס האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטעק. — שטאַרק זיך. דו מוזסט לעבן. דו מוזסט... סאָכאַדאָל האָט אוועקגעשיקט טאַראַסן און זאַלמענען נאָך א פור. מע האָט געדאַרפט נעמען די דערמאָרדעטע, די פאַרוווּנדעטע און זיך אומקערן אַהיים.

## דער אומגליק אָפּ די וועגן

דער טויט פון בערטען און יוסיפן, דאָס, וואָס מע האָט פאַרוווּנדעט מאַרגאַריטען און סאָכאַדאָלן, האָט אַלעמען דערשיטערט.

אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אַרויסרײַסן זיך פונעם קלעם, גיין אָפּ מיזרעך, איז שוין אומעגלעך. אין פאַרשיידענע פּונקטן האָבן די אָקופּאַנטן אַראָפּגעוואָרפן דעסאַנטן, וועלכע האָבן איבערגעריסן די פאַרבינדונג, פאַרכאַפּט די אײַזנבאַן־סטאַנציע.

און, ניט צונויפגערעדט זיך, האָבן אַלע שטיל באַשטימט, אַז מע דאַרף באַווײַזן זיך אומקערן אַהיים, ביז די פאַשיסטן וועלן אַהער קומען און אַלעמען אויסהאַרגענען.

נאָר ווי אַזוי וועט מען לעבן צווישן ווילדע כײַעס, וואָס קאָנען מיט יעדן איינעם טאָן, וואָס זיי גלוסט זיך?

איצט האָט מען וועגן דעם קיין סאַך ניט געקאָנט טראַכטן. מע וועט שוין זען שפּעטער, וואָס מע האָט צו טאָן. דער אוילעם און די פערד זײַנען שטאַרק פאַרמאַטערט, קוים וואָס זיי פּלאָנטערן מיט די פיס. און דאָך מוז מען זיך שנעלער באַוועגן.

מאַרגאַריטע איז געזעסן אָפּ דער פור באַנאַנד מיט סאָכאַדאָלן. זי האָט זיך שוין גענוג אָנגעווייַנט. די וווּנד האָט גענאָיעט. די קויל איז געזעסן אין לײַב און געבראָטן. אַרויסשלעפּן זי האָט מען געקאָנט בלויז אין שפּיטאָל. אָבער נאָך גרעסער איז געווען דער ווייטעק, וואָס די מוטער איז געפאַלן אָנשטאָט איר. זי האָט מאַרגאַריטען פאַרשטעלט מיט איר קערפּער. די מאַמע האָט זי אָפּגעהיט פון אַלע געפאַרן און דאָס מאָל זי אַרויסגעריסן פונעם מאַלעכ־האַמאָוועסעס הענט, נאָר אַליין זיך צעצאָלט דערפאַר מיטן לעבן.

ניטאָ די מאַמע, ניטאָ יוסיף. ער איז אָפּ שטענדיק אַנשוויגן געוואָרן. אויב דאָס מאַזל וועט ניט אונטערפירן און מע וועט זיך אומקערן צו דער פאַרלאָזטער היים, ווו מע האָט פאַרהאַקט טיר־און־פענצטער, וועט מען אים ברענגען צו קווורע. נאָר צי וועט דער שטיין, וואָס מע וועט שטעלן אָפּ זײַן קייווער, דאָ אין דער פרעמד, אין דער ווײַט פון זײַן היים, בעקויעך זײַן דערציילן, אַז דאָ ליגט א יונגער מענטש, א פּאָשעטער נאַפטלער פון באַקו, וואָס איז אַהער געקומען פון א צווייטן עק לאַנד און האָט אַזויפיל אופגעטאָן, אַז דער „שוואַרצער טאָל", דער גאַנצער קאַנט זאָל ענדערן זײַן אויסזען...

וועגן דעם האָט איצט געטראַכט מאַרגאַריטע. און נאָך האָט זי געטראַכט, אַז אויב זי וועט בלײַבן לעבן, וועט זי אומבאַדינגט אַמאָל קומען קיין באַקו, געפינען יוסיפס עלטערן, פרײַנט און אַלץ דערציילן וועגן אים, וועגן זײַן שיין, ווונדערלעך לעבן און העלדישן טויט... אַף זײַן מאַציייווע וועט מען אויסקריצן זײַן פולן נאָמען. אַזוי ווי ער הייסט בא זיך אין באַקו: כאַסאַן יוסיף מאַמעד אַלי אָגלי.

דאָס מיידל האָט געפילט, אַז זי טראַכט וועגן אים, ווערט איר עטוואָס גרינגער און די ווונד מוטשעט ניט אַזוי.

נאָר וואָס איז דאָס? — האָט זי זיך פּלוצעם דערשראָקן פאַר אירע געדאַנקען. — פאַרוואָס טראַכט זי מער וועגן דעם באַכער, איידער וועגן דער מוטער?..

די פור איז אַלעמאָל אונטערגעשפּרונגען אַף די טרוקענע הרודעס ערד, און מאַרגאַריטע האָט זיך געקרימט פון ווייטעק. זי האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וויפל וועט זיך ציִען דער שרעקלעכער וועג. סוכאַדאָל האָט זי אַלעמאָל אונטערגעהאַלטן, ווען דאָס פּאָנעם האָט זיך געמינעט פון ווייטעק, און שטיל באַרויִקט. אָט־אָט וועט מען קומען. ער וועט אַלץ טאָן, קעדיי פאַרלײַכטערן אירע ווייטעקן. נאָך אַ ביסעלע.

אָנהאַלטנדיק זיך אין וואָגן, ווו עס איז געלעגן זײַן פרוי, איז ער געגאַנגען, פיליפּ, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פון מאָל צו מאָל האָט ער אופגעהויבן די פאַרנעפּלטע אויגן אַפן לײַוונט, אונטער וועלכן עס איז געלעגן בערטע. ער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט אויסקומען מיטן געדאַנק, אַז זי לעבט ניט. אָפּגעגעבן אים דאָס געזונט, געווען אים און דער טאָכטער אַזוי געטרײַ, איבערגעגעבן, און פון אים זעלטן געהערט אַ גוט וואָרט. זי האָט געפילט, אַז ער האָט זי קיינמאָל ניט ליב געהאַט און זיך באַציִגן צו איר, ווי צו אַ צוגעוווינטער זאַך. זי האָט עס שטענדיק געפילט און שאַלעם געמאַכט מיט איר גוירל. איצט האָט ער אַלץ מער געפילט זײַן שולד. זי האָט אים געפעלט מער ווי שטענדיק, און נאָך מער — דער טאָכטער, וועלכע איז דורך אַ נעס לעבן געבליבן. און ווער ווייסט נאָך, צי איז דאָס אַזוי? דער דאָקטער האָט אים באַרויִקט, אָבער ווער ווייסט, ווי וועט זיך ענדיקן די אָפּעראַציע? אַז מע צעשנײַדט אַ פינגער, טוט אויך וויי און עס קאָן דערגיין צו אַן אומגליק, הײַנט ווען אַ קויל שטעקט אין לײַב?

ניטאָ בערטע. די שטוב, די גאַנצע באַלעבאַטישקײַט וועט ווערן פּוסט. ווי?אַזוי גיט מען צו וויסן טאָמאַסן, ער זאָל קומען אַף דער מוטערס לעווייַע, זיך געזעגענען? ווו קאָן ער איצט זײַן? אין לוואָוו זײַנען שוין געוויס אַרײַן די הענקער. ווער ווייסט, צי לעבט ער, טאָמאַס? אַ דערשלאָגענער, איז פיליפּ געגאַנגען נאָך דער פור און געשוויגן. נאָר דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט.

ראָמאַן קראַוטשוק איז געזעסן אַף דער פור, אַראָפּגעלאָזט דעם פּוס. דער מויעך האָט געאַרבעט אָנגעשטרענגט. וואָס וועט מען טאָן, אַז מע וועט זיך אומקערן? ווי?אַזוי וועט מען לעבן אין דער אַרומרינגלונג פון שלענג, וואָס וועלן אָט־אָט קומען? ער האָט זיך צוגעקוקט צו פיליפּן, צו מאַרגאַריטען און זיך דערפילט שולדיק פאַר זיי. דער ברודער טאַראַס האָט אים דערציילט, אַז בערטע אָן מאַרגאַריטע האָבן שיר ניט געשפּיגן די טאַליאָנים אין פּאָנעם אַרײַן. ראָמאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז שולדיק קעגן די מענטשן, וועלכע ער האָט פרי?ער כוישעד געווען. ער האָט געלעבט, ווי אַ סאַך אַנדערע, אין טאָעס! עס זײַנען נישטאָ קיין שלעכטע פעלקער, עס זײַנען פאַראַן שלעכטע מענטשן. עס זײַנען פאַראַן פירער־טאַ־ליאָנים, וועלכע עס גיט זיך אײַן דורך שרעק, האַריגעס, טורמעס, לאַגערן פאַרשקלאַפן דאָס אייגענע פאָלק, אָנוואָרפן אַף דעם אַ פּאַכעד, עס טרײַבן אַף פאַרברעכנס, אַף רויב, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק קאָן מען ניט פאַרבלענדן די אויגן. אין דעם שרעקלעכן אויספּרווו האָט פיליפּ, זײַן פרוי און זייער טאָכטער דאָס באַוויזן.

די ערשטע זון־שטראַלן האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די ביימער, ווען מע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די בערג אַהיים. דער גאַנצער יישעוו איז געווען אַף די פיס. לעבן דעם קליינעם פּלאַץ, אַפן קרייצוועג, זײַנען געשטאַנען אַף צונויפגעשטעלטע טישן צוויי אָפּגיך צונויפגעקלאַפּטע טרונעס פון ניט־געטעסעטע ברעטער. יונג און אַלט איז געקומען אַהער זיך געזעגענען מיט די קאָרבאָנעס. עס זײַנען ניט געווען קיין רעדעס. אָנגעכמורעטע, אופגע־רעגטע נאַפּטלער האָבן פאַרזיכטיק אופגעהויבן די טרונעס אַף די אַקסל, און מע האָט זיך אָוועקגעלאָזט אַרויף־באַרג, צום אַלטן בעסוילעם.

צווישן באַשיידענע אײַזערנע און הילצערנע צלאָמים און שטיקער גראַניט־שטיינער, אַף וועלכע עס זײַנען געווען אָפּגעבליאַקעוועטע, אויסגעשמיסענע פון ווינטן און רעגנס איינ־פּאַכע אופשריפטן אַף רוסיש, אוקראַיִניש, יידיש, פּויליש, זײַנען אויסגעוואַקסן צוויי פרישע קוואָרים. מע האָט אַף די בלעכענע שילדלעך, וואָס מע האָט אַרײַנגעשטעקט באַם צוקאָפּנס

פון די פרישע בערגלעך, נאָך ניט אַנגעשריבן די נעמען פון די אומגעקומענע — מע וועט עס מאַכן שפּעטער, ווען מע וועט פּאַטער ווערן פון די שלענג, וואָס רײַסן זיך אַהער אַף זייערע טאַנקען, אַעראָפּלאַנען. דעמלט וועט מען אַלץ אָנשרײַבן פּינקטלעך, קעדיי פאַרייביקן זייערע ערלעכע נעמען.

און איצט האָט מען די קוואָרים בלויז באַצירט מיט פּראָסטע זומער־בלומען.

מע איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פּאַרוויינטע, פאַרצאַרנטע. בלויז דער דאָקטער מאַקסים סוכאַדאָל און די מומע נאַסטיע האָבן ניט געקאָנט קומען אַהער. זיי זײַנען געווען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. זיי זײַנען געשטאַנען באַם אָפּעראַציע־טיש, קעדיי אָט דאָ, אַף דעם טרויעריקן אָרט, זאָל ניט אויסוואַקסן נאָך איין קייווער.

## פרײַנט דערקענט מען אין א נויט

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען די זון האָט שוין געהאַט געגומען פאַרגיין, האָט דעם אײַנגעשטילטן יִשעווו אופגעוועקט א טומל פון עטלעכע לאַסטמאַשינעס, געדעקטע מיט גרינבלעכע ברעזענטן. די מאַשינעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן יִשעווו לעבן דער גרויסער קרענעצע, און פון זיי זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען א פּאָר צענדליק סאָלדאַטן אין גרינע רעקלעך מיט פּאַרקאַטשעטע אַרבל, אין פאַרשטויבטע קאַסקעס. אין די הענט האָבן אַלע געהאַלטן אויטאָמאַטן, אָנגעצילטע אַף די הײַזער.

זיי האָבן זיך צונויפגעשלאָגן, ווי א טשערעדע שאָף, מיט מוירע זיך אַרומגעקוקט, גערעדט צווישן זיך אַף א קאָל, ווי זיי וואָלטן אַף עמעצן זיך בייזערן.

פון דער קאַבינע, פון דער ערשטער מאַשין, האָט זיך באַוויזן א באַיאָרטער דיקער אָבערלייטענאַנט אין ברילן, מיט א קורצער נאָז. דער מענטש איז, זעט אויס, געווען אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן, ווי זאָגט עס שיקע, ווי א גוטער הונט מיט פליי.

דערזען אים, זײַנען די סאָלדאַטן שטיל געבליבן, זיך אויסגעצויגן, ווי עס פּאַסט אין אַזעלכע פאַלן, און געוואַרט אַף זײַן באַפעל.

פאַריכט דעם היטל הוט אַפן גרויסן הוילן קאָפּ, האָט ער אַראָפּגענומען די ברילן און מיט א טיכל געגומען שנעל און נערוועז אויסווישן די פאַרשטויבטע גלעזלעך, זיך אײַנקוקן אין די פאַרהאַקטע טירן און פענצטער.

דער אָבער האַנס קעצלבראַנדט האָט זיך געפילט ניט איבעריקס גוט פאַר זײַנע זעלנער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אין זייערע אויגן זעט ער פאַרלוירנקייט און אַנטוישונג.

און טאַקע, ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז דאָ וועט מען זיי אומעטום באַגעגענען מיט ברויט און זאַלץ, מיט דאַנקבאַרקייט... לאָזט זיך גאַר אויס, אַז קיין מעשוגענער הונט איז ניט אַרויס באַגעגענען די ריטער פון דער „נײַער אָרדענונג".

די גרינע אַרומיקע בערג, די שוואַרצע נאַפּט־טורעמס, וואָס האָבן זיך פונדאַנען געזען, און דעריקער די פּוסטקייט פון די גאַסן האָבן אָנגעוואָרפן א פּאַכעד. אויס היימלעכקייט האָט דער אָבער אַרויסגענומען פון דער קאַבורע זײַן שווערן פּאַראַבעלום.

האַנס קעצלבראַנדט האָט באַפוילן די סאָלדאַטן אוועק צו די הײַזער און אַרויסטרײַבן פון דאָרטן די שוויַנען, ער דאַרף מיט זיי זיך דורכרײדן. מע דאַרף דאָס אָבער מאַכן שנעלער, ווײַל דעם איניען מוז מען פאַרענדיקן, ביז עס וועט ווערן פינצטער, מע זאָל זיך קענען אומקערן קיין ליובאָוויטש. נישטאָ, הייסט עס, וואָס ריזיקירן. קיין סאַך זײַנען זיי ניט, און סאָנים זײַנען דאָ פאַראַן, זעט אויס, גענוג...

אין עטלעכע מינוט אַרום איז מען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

עס האָט זיך דערהערט א שיסערײַ, גוואַלדן פון ווײַבער, ביטערע קלאַלעס, א געוויין פון איבערגעשראָקענע קינדער. די סאָלדאַטן האָבן צונויפגעטריבן די מענטשן אַפן פּלאַץ.

דער אָבער האָט באַטראַכט די עטלעכע מאַנצבלען, די אַלטע פרויען און קינדער און א טראַכט געטאָן, אַז מיט אָט דער אַרבעט־קראַפט וועט ער ניט אַזוי שנעל אויספילן דעם באַפעל — אופשטעלן די קוואַלן און אַרויסבאַקומען פאַר דער זיגרײַכער אַרמיי ברענשטאָף.

די סאָלדאַטן האָבן מיט די קאָלבעס אונטערגעטריבן דעם הינקענדיקן פילימאָן, טאַראַס קראַוטשוקן און סוכאַדאָלן. וואָרטן, ביז מע וועט אַלעמען צונויפטרײַבן אַהער, האָט דער אָבער ניט געוואָלט, ווײַל די צײַט איז געגאַן. ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די זײַניקע, מע זאָל צוקומען נעענטער. ער וועט אָנהייבן דעם געשפּרעך.

אַרויסגענומען פון די גראָבע נאַסע ליפּן דעם ניט־דערייכערטן ציגאַר, אַ ווישׁ געטאָן מיטן טיכל די קורצע נאָז, זיך פאַרקרימט אַ ביסל, האָט ער אָף אַ מעסוקן צעקאַליעטשעטן רוסיש, אַ געמישטן מיט דײַטש, און דעריקער מיטן שווערן האַריקן פויסט, אָנגעהויבן דער־קלערן דעם ציל פון זײַן קומען אַהער. כאָטש דיק איז ער געווען, ווי אַ באַקדייזשע, און אָן אויסזען געהאַט פון אַ קאָלבאַסניק, דאָך האָט ער פאַרמאָגט אַ דינע, קימאַט אַ פרויען־שטים. ער האָט געמאָלדן, אַז ער, דאָס הייסט דער אָבער־לייטענאַנט האַנס קעצלבראַנדט, איז געשיקט אַהער אַלס קאָמענדאַנט, און זײַן מיסיע איז: אײַנשטעלן די „נײַע אָרדענונג‟, אופשטעלן די נאַפט־קוואַלן און אַרויסבאַקומען אַ קאָלאָסאַל גרויסע צאָל ברענשטאָף פאַר דער אומבאַזיג־באַרער היטלער־אַרמיי. ווער עס וועט העלפן דעם דריטן רײַך, וועט באַקומען ברויט, שפּעק, וואָרשט, און ווער עס וועט זיך פוילן, ווי די שווײַנען, וועט באַקומען אַ קויל.

די לעצטע ווערטער זײַנען דעם אָבער שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט זיך צע־לאַכט. אָף אים קוקנדיק, האָבן אויך גענומען לאַכן די זעלנער, וועלכע זײַנען געשטאַנען בײַ די זײַטן. און ווײַטער האָט דער אָבער דערקלערט, אַז אַלע מוזן אַרויסגיין צו דער אַרבעט אָפּרייניקן און אָפּרעמאָנטירן די וועגן, ברענגען אין אָרדענונג דעם גאַנצן באַצירק. אויב מע וועט ניט אויספילן זײַן באַפעל, וועט ער אַלץ אָוועקלאָזן מיטן פײַער און אַלעמען צעשיסן. דערבײַ האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם פאַראַבעלום און געוויזן, וויאַזוי ער וועט עס מאַכן, און זיך ווידער צעלאַכט.

און נאָך האָט ער געזאָגט: ער גלייבט, אַז אַלע זײַנען זייער צופרידן, וואָס אַדאָלף היטלער האָט אַהער צוגעשיקט אים, האַנס קעצלבראַנדטן, וואָס וועט דאָ זײַן קאָמענדאַנט, ווי אויך זײַנע סאָלדאַטן, מיט וועלכע די נאַפטלער וועלן זיך גאַנץ שנעל באַפרײַנדן און זיי מיטהעלפן וואָס שנעלער אײַנשטעלן די „נײַע אָרדענונג‟. די מענטשן וועלן אויסגעבן אין די סאַמע נאָענטסטע טעג אַלע קאָמוניסטן און באָלשעוויקעס, ייִדן און בכלל יענע, וואָס האָבן מיט־געאַרבעט מיט די סאָוועטן. דער, וואָס וועט דאָס טאָן, וועט באַקומען ברויט, שפּעק, וואָרשט און אַנדערע מאַטאָנעס. ווער עס וועט זיך אַנטקעגנשטעלן דער נײַער מאַכט, דאָס הייסט דעם קאָמענדאַנט און זײַנע זעלנער, איז קאַפּוט!

דער קאָמענדאַנט האָט אָפּגעווישט מיטן טיכל דעם שווייס פונעם פליכעוואַטן קאָפּ, אָף וועלכן עס זײַנען געוואַקסן עטלעכע בינטעלעך רויטע האָר, און געפרעגט, צי וויל עמעצער ריידן.

צו זײַן באַוואונדערונג, האָט קיינער ניט געוואָלט ריידן, מע האָט אים, הייסט עס, גאַנץ גוט פאַרשטאַנען.

דער נײַער באַלעבאָס האָט זיך בעשאַס דער ערשטער באַגעגעניש מיט זײַנע אונטערטע־ניקע ניט געוואָלט שטאַרק פאַרקריגן, ווײַל אים וועט דאָ אויסקומען אַרבעטן. די סאָלדאַטן וועט מען בײַ אים צונעמען און איבערלאָזן בלויז עטלעכע, וועלכע וועלן אים העלפן. ער וועט פּרווון מיט די מענטשן זיך באַגיין ניט שטאַרק שטרענג, קעדיי זיי זאָלן בעסער אַרבעטן, אופשטעלן די נאַפט־קוואַלן. און דערנאָך וועט ער זען. דערצו האָט ער ניט פאַרגעסן דעם אָנזאָג פון זײַן פראַו, אַז ער זאָל זיך ווייניקער רוקן אינעם פײַער, ווײַל עס איז גלײַכער אַרויס פון דער מילכאָמע אַ גאַנצער, אָן קרייצן, איידער אַ קאַליקע אָדער אַ מעס מיט אײַזערנע קרייצן און מעדאַלן.

דער אוילעם האָט זיך דערפרייט, וואָס מע איז שוין אָט דעם אומגליק אויך איבערגעקו־מען. דער טײַוול מיט זײַנע היצעלעס זײַנען אַוועקגעפאָרן, און מע וועט קענען באַטראַכטן, וואָס מע האָט צו טאָן.

שפּעט באַנאַכט איז ראָמאַן קראַוטשוק אַרויס פון זײַן באַהעלטעניש, אַרײַנגעקומען אין שטוב און געבעטן סטעפען, זי זאָל צונויפנעמען אַהער די שכיינים — מע דאַרף באַשליסן, וואָס פאָרצונעמען.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָבן זיך אַרום דעם גרויסן טיש אויסגעזעצט מאַקסים סוכאָדאָל, טאַראַס, זאַלמען, זײַן מוטער, פיליפּ, דער פעטער שיקע קושניר.

ראָמאַן האָט אופמערקזאַם אויסגעהערט, ווי עס איז דורכגעגאַנגען די באַגעגעניש מיטן נײַעם קאָמענדאַנט און זײַנע סאָלדאַטן. יעדערער האָט איבערגעגעבן איינצלהײַטן, און ראָמאַן האָט אַלץ אָפּגעוויגן, באַטראַכטנדיק, וואָס מע דאַרף איצט טאָן און וויאַזוי זיך פירן אין די אומגעווייניעלעך־נײַע באַדינגונגען.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז איצט שטייען פאַר שווערע אויספּרוּוון. עס וועט אויסקומען אַרויסגיין אָף דער אַרבעט, נאָר מע דאַרף זען, אַז די נאַפט־קוואַלן זאָלן ניט אופגעלעבט ווערן, דער סוינע דאַרף באַקומען אַ קרענק, ניט קיין נאַפט. מע וועט דאַרפן מאַנעווורירן,

נאָר זיך ניט אונטערגעבן. איינס איז געווען פאַר אַלעמען קלאָר, אַז ראַמאַן קראַוטשוק דאַרף אַוועקגיין אין די בערג, זיך פאַרקלײַבן אין אַ פאַרוואָרפן דערפל און איבערזײַן דאָרט די שווערע צײַט. דאָ וועט מען אים אומברענגען.

ער איז געזעסן שטיל, זופנדיק פון אַ גלאָז הייסע טיי, און געטראַכט. נאָך אַ לאַנגער פּאַוזע האָט ער זיך אָנגערופן:

— יאָ, זעט אויס, אַז מירן זיך איצט דאַרפן צעשיידן. דאָ בלײַבן וועל איך ניט קענען. נאָר איך מיין, אַז דאָס איז ניט אויף לאַנג. איך וועל זיך אומקערן. אַלעמען וועט זײַן שווער, נאָר אַראָפּלאָזן די קעפּ טאָר מען ניט. איצט דאַרף מען, ווי קיינמאָל, זײַן באַפרײַנדעט, פאַר־געסן אַלטע באַליידיקונגען, קליינלעכע רײַסערײַען. מע דאַרף געדענקען דעם אײַזערנעם גע־זעץ — אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע... דער סוינע טאָר זיך ניט דערוויסן, וווּ מיר האָבן באַהאַלטן די מאַשינעס, די אַרמאַטור. איין ענטפער דאַרף זײַן — די סאָוועטן האָבן אַלץ אַרויסגעפירט. אונדזערע נאַפט־אויצרעס דאַרפן מיר פאַרהיטן, ביז אונדזערע וועלן זיך אומ־קערן. געבן די אָקופּאַנטן נאַפט הייסט העלפן זיי פאַרכאַפּן אונדזערע שטעט און דערפער, פאַרניכטן אונדזערע מענטשן.

אינמיטן דער נאַכט האָט די מאַמע אים צונויפגעלייגט אין רענצל גרעט, ביכער, העפטן, ברויט און אַלץ, וואָס איז געווען אין שטוב. ער האָט מיט זיך גענומען אַ קליינינקן ראַדיאָ־אַפּאַראַט — ער וועט דאָך זײַן אָפּגעריסן פון דער וועלט.... — זיך איבערגעטאָן אין פּראָסטע פּויערישע בגדים און פאַרלאָזט די שטוב.

ראַמאַנען האָבן באַגלייט אין די בערג דער ברודער און זאַלמען מאַרקוס. זיי וועלן קומען צו אים אַלעמאָל, ווען עס וועט נייטיק זײַן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן זיך באַוויזן באַפעלן פון דער קאָמענדאַטור: ווער עס וועט ניט אַרויס צו דער אַרבעט — טויט! אויב עמעצער וועט זיך באַווײַזן אין די בערג — ווידער טויט! די קאָמוניסטן, באָלשעוויקעס, קאָמיוגיסטן און יענע, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די סאָוועטן, מוזן זיך רעגיסטרירן אין מעשעך פון דרײַ טעג, אויב ניט — טויט! אויב מע וועט בא עמעצן געפינען געווער, אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, ווער עס וועט האַלטן אַ הונט, טויבן — טויט! אַלע ייִדן מוזן אויפהענגען אויף די פּלייצעס געלע לאַטעס, ניט גיין אויפן טראָטואַר, זיך מעלדן אין דער קאָמענדאַטור. פאַר ניט אויספילן — טויט! ווער עס וועט פאַרלאָזן די שטאָט, דעם ייִשעוו אָן אַ דערלויבעניש פון דער קאָמענדאַטור — טויט!

פון די אַרומיקע שטעט און דערפער זײַנען אָנגעקומען ידיעות וועגן מאַסן־עקזעקוציעס איבער קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן, מיטאַרבעטער פון סאָוועטישע אַנשטאַלטן, ייִדן. מע האָט דערציילט וועגן טלייעס אויפן פּלאַץ פון דער געגנט־שטאָט, וווּ עס הענגען הונדערטער מענטשן, וועגן יאַרן, גריבער, בא וועלכע מע האָט צעשאָסן אָן אַ שיר אומשולדיקע מענטשן — מאַנצבילן, פרויען, קינדער, זקנים, וועגן קאָנצלאַגערן, וווּהין מע האָט פאַרטריבן אויף אומקום מענגעס מענטשן.

נאָך אַ שוידערלעכע ידיעה איז אָנגעקומען פון ליובאָוויטש, אַ ידיעה וועגן דעם, אַז מע האָט צונויפגעטריבן צום יאַר הינטער דער שטאָט עטלעכע הונדערט קאָמוניסטן, ייִדן, געזאָגט זיי, אַז מע וועט זיי אַרויספירן אין אַן אַנדער אָרט, וווּ זיי וועלן אַרבעטן און וווינען. נאָר ווען די מענטשן זײַנען געקומען מיט די מישפּאָכעס, מיט די קלומעקלעך, האָט זיי אַרומגע־רינגלט אַ מאַכנע עסעסאָוועס מיט קוילנוואַרפער און אויטאָמאַטן און זיי צעשאָסן...

שיקע קושניר איז אַרומגעגאַנגען, ווי אַ דולער. עס האָט זיך ניט געלייגט אויפן זינען, אַז אַזוינס קאָן פאָרקומען אויף דער וועלט. קיינער געדענקט ניט אַזעלכע שכיטעס! עפּשער טראַכט עמעצער אויס, קעדיי איבערשרעקן דעם אוילעם, מע זאָל זיך אונטערוואַרפן די פאַרכאַפּער און אַרבעטן אויף זיי?..

דער אַלטער שמיד האָט ניט צוגעטשעפּעט קיין געלע לאַטע און געמאָלדן זײַניקע, זיי זאָלן עס ניט טאָן. ער האָט אויסגעקאָוועט אַ שטיק אײַזן און געזאָגט, אַז ער וועט זיך ניט אונטערוואַרפן די באַפעלן פון די נאַציסטן, און אויב זיי וועלן צו אים צושטיין, וועט ער פּלעטן קעפּ, נאָר אַזוי פּאָשעט ניט גיין צום טויט. טאַראַס, זאַלמען מאַרקוס האָבן אויסגע־גראָבן פון דער ערד די אַלטע ביקסן, אָפּגערייניקט פון זיי דעם זשאַווער, אַרומגעשמירט מיט פעטס און געבראַכט זיי אין אָרדענונג. זיי וועט מען מיט די הוילע הענט ניט נעמען. מ'וועט זיך שלאָגן פאַר זיך, פאַר די מאַמעס און פרויען, פאַר אַלע פרײַנט.

מע איז אַלע גאַנצפרי אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט, אויפן באַצירק, נאָר געאַרבעט פונקט אַזוי, ווי עס ברענט נאָס האָלץ — אָפּגעקומען ווי־ניט־איז דעם טאָג און זיך אומגע־קערט אַהיים.

נאָך די שווערע יעדיעס, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן אהער, איז געוואָרן מיטאמאָל שטיל. דער קאָמענדאַנט און זײַנע אופֿזעער האָבן מיט גאָרניט ניט ארויסגעוויזן, אז עס גרייט זיך אן עקזעקוציע, און מענטשן האָבן זיך עטוואָס בארויקט.

און סאמע דעמלט, ווען מע האָט געמיינט, אז די געפֿאר איז שוין אדורך און מע וועט לאָזן לעבן, איז געשען דער אומגליק.

שפּעט באנאכט איז אין יישעוו ארײַנגעקומען א כאַפּטע פאשיסטן. מיט די אווטאָמאטן האָבן זיי זיך ארײַנגעריסן אין די ייִדישע הײַזער און אראָפּגעשלעפּט פון די געלעגערס קליין און גרויס.

זאלמען מארקוס האָט אפילע ניט באוויזן ארויסכאַפּן זײַן ביקס.

מע האָט ארויסגעשלעפּט די מענטשן פון די הײַזער אינעם וועש.

א געוויין און א געיאָמער האָט אופגערודערט דעם גאנצן יישעוו. פון אלע הײַזער זײַנען ארויסגעלאָפן די שכיינים, זיך געלאָזט צו די ארעסטירטע, געפּרוווט זיי אָפּשלאָגן, נאָר די סאָלדאטן האָבן אופגעהויבן א שיסערײַ פון די אווטאָמאטן און געדראָעט אלעמען פארניכטן צוזאמען מיטן יישעוו. ניט שרעקנדיק זיך פאר דער שיסערײַ, זײַנען מענטשן נאָכגעלאָפן, געוויינט, געכאַלעשט, געבעטן אָפּלאָזן די שכיינים. פארוואָס שלעפּט מען זיי אוועק פון זייערע הײַזער? גוטע, ערלעכע מענטשן, האַרעפּאַשניקעס!

די סאָלדאטן האָבן געטראָטן די מענטשן מיט די פיס, געשלאָגן מיט די אווטאָמאטן, געשאָסן איבער די קעפּ, געטריבן.

אין דער מעהומע האָט אָקסאַנע דערזען דעם קאָמענדאַנט, זיך דורכגעריסן צו אים און אים געכומען בעטן פאר אירע פרײַנט.

יענער האָט ארויסגעשלעפּט פון דער קאָבורע דעם פאראבעלום און זיך אָנגעצילט אין איר, זי אָפּגעשלײַדערט מיט רעציכע.

דערהערנדיק די קוילעס, דאָס געוויין און שיסערײַ, האָט פּיליפּ איבערגעלאָזט די קראַנקע טאָכטער, וואָס איז נאָך געלעגן צו בעט, אן אָפּגעשוואכטע נאָך דער אָפּעראַציע, און ארויס אין גאס אין איינעם העמד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פונעם קאָמענדאַנט און זיך געווענדט צו אים. זײַנע אויגן האָבן בא אים געברענט פון קאַס.

— הער אָבערלייטענאַנט, — האָט ער, קוים איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, זיך אָנגערופן, — וואָס האָט איר פארטראכט? ווהין פירט איר אָט די מענטשן? איר גלייבט אין גאָט? איר האָט גאָט אין הארצן? וואָס האָט איר צו זיי? ערלעכע מענטשן, זיי ארבעטן צוזאמען מיט אונדז אף אײַער באצירק... אָן די מענטשן וועט די ארבעט זיך ניט רירן פון אָרט... גאָלדענע ארבעטער...

האנס קעצלבראַנדט האָט אָפּגעמאָסטן א פּאָר מאָל דעם מענטשן אינעם צעכראַסטעטן העמד, פארזשמורעט די אויגן און א שיפּע געטאָן:

— פרעכער שווײַן! ביסט, דאכט זיך, אויך א ייִד? וועל איך פאר דיר קיין קויל ניט זשאַלעוועןן. דו וועסט גיין גלײַך מיט זיי.

— אויב איר פירט זיי, טאָ נעמט מיך אויך. אלע זײַנען מיר גרייט גיין מיט די מענטשן! — האָט פּיליפּ אויסגעשריגן ניט מיט זײַן קאָל.

דער קאָמענדאַנט האָט זיך בעסער אײַנגעקוקט אינעם דארן, אײַנגעהויקערטן מענטשן און מיטאמאָל אויסגעשריגן:

— דו ביסט א דײַטש? פארוואָס זשע שטעלסטו זיך אין פאר זיי?

פּיליפּ האָט זיך פארלוירן, ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל ענטפערן.

— דו, א דײַטש? א פאָלקסדײַטש! — האָט האנס קעצלבראַנדט געקווייטשעט.

— איך בין א מענטש! א שמיד! א נאַפּטלער... איך בין אזא, ווי אלע, — האָט ער, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם, ארויסגעבראכט און זיך אָנגערוקט אף דעם קאָמענדאַנט, ווי ער זאָל זיך קלײַבן ווארפן אף אים.

— צוריק! צוריק! — האָט דער קאָמענדאַנט אָנגעצילט אין אים דעם פאראבעלום. אין זײַנע אויגן האָט זיך באוויזן שרעק.

א רעגע האָבן זיי געקוקט איינער אפן אנדערן. האנס קעצלבראַנדט האָט באפוילן פּיליפּן קומען מאָרגן צו אים אין קאַנטאָר.

דער ארומיקער אוילעם, זעענדיק, ווי פּיליפּ שטייט, אן אופגערעגטער, א צערייצטער, קעגן דעם אָבער, איז דערציטערט געוואָרן. מ'האָט פרײַער אָפּגעאָטעמט, ווען צוויי סאָלדאטן זײַנען צוגעלאָפן און פּיליפּן דערלאַנגט מיט די פויסטן אין די זײַטן און אים אָפּגעשטויסן פונעם קאָמענדאַנט.

ארומגערינגלט די פּאַראַהאַלטענע, האָבן די דײַטשן זיי אַװעקגעטריבן אין דער ריכטונג פֿון דער שטאָט.

פֿיליפּ איז געבליבן שטיין אַפֿן אָרט, אַרומװישנדיק מיטן אַרבל פּונעם העמד דאָס בלוט. טאַראַס איז אונטערגעקומען, געװאָלט אים העלפֿן, נאָר יענער האָט אים אָפּגעשטױסן.

— דו זעסט, מע פֿירט אונדזערע צום טויט, — האָט פֿיליפּ אַרויסגעבראַכט, און טרערן האָבן אים פֿאַרװאָלקנט די אויגן.

— גאָטעניו, פֿאַרװאָס קומט זיי עס? — איז אַקסאַנע אַרויסגעלאָפֿן פֿון דער שטוב מיט אַ פּאַק אָנטאָן און זיך געלאָזט דעריאָגן די אַרעסטירטע. זי האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין דער געדיכטעניש, ניט טראַכטנדיק װעגן דער געפֿאַר, װאָס לױערט איבער איר, און אױסגעשריגן, װי ניט מיט איר קאָל:

— שיפֿרע! רײזל! שיקע! נעמט, טוט עפּעס אָן אויף זיך! — מיט אַלע קױכעס אַ שלײַדער געטאָן צו זיי דאָס אָנטאָן. — טוט זיך אָן, ס׳איז קאַלט, איר זאָלט זיך ניט צוקילן!

פֿאַרן קאַנװאָי און פֿאַרן קאָמענדאַנט איז דאָס געװען אַזױ אומדערװאַרט, אַז זיי האָבן ניט באַװיזן אָפּשטױסן די פֿרױ. און דאָך האָט איין סאָלדאַט זי אָנגעכאַפּט פֿאַר די צעשױבער־טע האָר, אַ שטאַרקן טרײסל געטאָן און אַ שלײַדער געגעבן אַפֿן ברוק.

די שכײנים האָבן געשריגן, געװײנט, געשאָטן מיט קלאָלעס, נאָר דער קאַנװאָי מיט די אַרעסטירטע האָט זיך שוין געריִרט פֿונעם אָרט. אָבער די מענטשן, װאָס זײַנען געשטאַנען בײַ די שטיבער, האָבן געװאָרפֿן צו די אַרעסטירטע ברויט, אוגערקעס און װאָס עס האָט זיך געלאָזט.

מע איז געשטאַנען אויף דער גאַס בײַ די הײַזער, װי פֿאַרכאַלעשטע, און עס האָט זיך ניט געגלייבט, אַז עס איז מעגלעך אַזאַ שױדער.

פֿיליפּ איז אַרײַנגעשפּרונגען אין שטוב, געכאַפּט אויף זיך דאָס רעקל, דעם קאַפּעליוש און אַרויסגעלאָפֿן צוריק. מאַרגאַריטע, װאָס האָט געהערט די קוילעס און דאָס געװײן, די שיסערײַ, האָט זיך געװאָלט דערװיסן, װאָס איז געשען אין יִשעװ, נאָר פֿיליפּ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, געזאָגט, אַז ער װעט זיך שנעל אומקערן.

ער האָט זיך נאָך ניט פֿאַרגעשטעלט, װאָס ער קאָן טאָן אויף צו ראַטעװען זײַנע פֿרײַנט, נאָר איינס האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ער װעט זיך קײנמאָל ניט מוחל זײַן, ער װעט ניט קאָנען לעבן אויף דער װעלט, אויב ער װעט זיך ניט באַמיִען עפּעס טאָן פֿאַר זיי.

ער האָט דעריאָגט טאַראַסן, װאָס איז געגאַנגען, װי אַ פֿריטשמעליעטער, צו דער שטוב, אַ װוּנק געטאָן צו אים און מיט די סעדלעך און זײַטיקע געסלעך זיך געלאָזט לויפֿן אין יענער ריכטונג, װוּהין מע האָט אַװעקגעטריבן די ייִדן.

װי די שאָטנס האָבן זיי ביידע, טאַראַס קראַװטשוק מיט פֿיליפּן, זיך געגאַנװעט איבער פֿרעמדע הױפֿן, סעדלעך, קעדײַ ניט פֿאַרשפּעטיקן, ניט פֿאַרלירן פֿון אויג די קאַלאָנע. אַ ניט־געלונגענער טראָט, און ס׳װאָלט זיי אויך אויסגעקומען טײלן דעם גורל פֿון די געטריבענע און געיאָגטע. די קאָמענדאַנט־שאַ האָט שוין לאַנג געשלאָגן, און אַלץ אַרום איז געװען טויט, אויסגעשטאָרבן. איבער די געסלעך האָט זיך צעטראָגן דער געהילך פֿון שװערע געקאָװעטע סאָלדאַטישע שיך, די בייזע אויסגעשרײען, די פֿאַרמישפּטע זאָלן זיך באַװעגן שנעלער.

פֿון צװישן די ביימער האָבן זיי דײַטלעך געזען דעם דיקן קאָמענדאַנט, געהערט זײַן שװער סאָפּען. ער האָט ניט געװאָלט אָפּשטײן פֿון זײַנע סאָלדאַטן, װעלכע זײַנען געגאַנגען שנעל. ער האָט זיך אַלעמאָל אַרומגעקוקט — די געדיכטע קוסטעס, די בערג, װעלכע האָבן זיך געצויגן באַנאַנד, האָבן אויף אים אָנגעװאָרפֿן אַ פּאַכעד.

פֿון זינט דער קאָמענדאַנט פֿאַרנעמט זײַן נײַעם פּאָסטן, האָט ער נאָך בײַ זיך אין דער דירע, װאָס געפֿינט זיך ניט װײַט פֿון דער קאָנטאָר, קיין איין מאָל ניט איבערגענעכטיקט. די קאַרפּאַטן און, דעריקער, די אָנגעכמורעטע נאַפּטלער, װאָס קוקן אויף אים מיט סינע, האָבן אים געשראָקן. ער איז ניט צופֿרידן געװען מיט זײַן גורל. מאַלע װאָס מע האָט אים פֿאַר־פֿליכטעט זײַן אַ קאָמענדאַנט צװישן אָט די שװײַנען. דאַרף ער נאָך זיי צװינגען אופּשטעלן די נאַפֿט־קװאַלן, דערצו נאָך דורכפֿירן אַרעסטן, פֿאַרשײדענע שטראָף־אָפּעראַציעס, און דאָ נאָך אויסראַמען דעם קאַנט פֿון די פֿאַרפֿלוכטע קאָמוניסטן, אומצופֿרידענע, פּאַרטיזאַנער און ייִדן...

גײ קלײַב זיך דאָ פֿאַנאַנדער, אַז סאָנים רינגלען דיך אַרום! אַפֿילו די עטלעכע דײַטשן, װאָס װוינען אין דער אומגעגנט, מאַכן זיך אויך געפֿײגערט און װילן ניט דינען דעם דריטן רײַך, װילן אים ניט העלפֿן. ניט אַלע פֿאָלקסדײַטשן זײַנען געקומען זיך רעגיסטרירן, ניט געקוקט דערויף, װאָס מע האָט זיי צוגעזאָגט פֿאַרשײדענע פּריװילעגיעס. און אינגאַנצן קאָן ער ניט פֿאַרשטײן אָט דעם נאַרישן שמיד, דעם פֿרידריכן. מע רופֿט אים דאָ פֿיליפּ. נעכטן האָט

ער מיט אים צוויי שטונדן גערעדט, אויסגעפרעגט, ווי קומט ער אַהער, אין דעם ווילדן קאַנט, פֿאַרגעלייגט זײַן דאָ, אַפֿן באַצירק, אַן אופֿזעער, צוגעזאָגט אַ הויכן געהאַלט, אַ נײַע שטוב, נאָר יענער האָט דערפֿון ניט געוואָלט הערן! ער לייקנט אַפֿילע, אַז ער איז אַ דײַטש, אַרבעט מיט דער לאָפּעטע, פֿאַריכט די וועגן, און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן אַן אופֿזעער, זײַן, האַנס קעצלבראַנדטס, רעכטע האַנט.

דער דאָזיקער פֿרידריך קריכט אים גאָר ניט אַרויס פֿונעם קאָפּ. וואָס איז די סיבע פֿון זײַן אַקשאָנעס? ער איז דאָך אַן עכטער אַריער. און די טאָכטער זײַנע, וועלכע ער האָט געטראָפֿן אין שטוב, איז דאָך אַן אויסגעצאָסענע דײַטשקע. ער האָט צו איר און צום טאַטן אירן גערעדט אויף דײַטש, נאָר זיי האָבן זיך ביידע געמאַכט ניט ווײַסנדיק, ניט פֿאַרשטאַנען קלוימערשט, וואָס ער זאָגט. וואָס זשע זאָל דאָס באַטײַטן? צי דען האָט ער אַ טאָעס? מעגלעך, אַז די באָלשעוויקעס און קאָמוניסטן האָבן זיי דאָ אַזוי געפּלעט, אַז זיי זײַנען ניט באַ די געדאַנקען. ווער קאָן זיך אין אַזאַ צײַט אָפּזאָגן פֿונעם דריטן רײַך? אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום וועט זיך פֿאַרענדיקן די מילכאָמע, און די דײַטשן וועלן הערשן איבער דער גאַנצער וועלט. אַ דײַטש אָדער אַפֿילע אַ פֿאָלקסדײַטש וועט דעמאָלט זײַן מיט גאָלד גלײַך. אָט דער שמיד קאָן דאָ ווערן אַ גאַנצער באַלעבאָס אַפֿן באַצירק און לעבן גליקלעך, רײַך, האָבן באַדינער, און ער, דער נאַר, שלאָגט זיך אָפּ מיט הענט און מיט פֿיס...

נאָר האַנס קעצלבראַנדט האָט באַשטימט, אַז ער וועט אים נאָך אײַנבּרעכן און אים שטעלן צו דינסט דעם פֿאָטערלאַנד, אָדער ער וועט אים ווי אַ הונט דערשיסן!

טראַכטנדיק וועגן דעם אַקשן, האָט דער אָבער ניט באַמערקט, ווי ער איז אָפּגעשטאַנען פֿון דער קאָלאָנע, און זיך געלאָזט לויפֿן, דעריאָגן זײַניקע.

פֿיליפּ האָט אין דער זעלבער רעגע אויך געטראַכט וועגן קאָמענדאַנט. אין זײַן זיקאָרן האָט זיך אויך פֿאַרקריצט די נעכטיקע באַגעגעניש מיט אים, זײַנע זיסע רייד...

איצט, קוקנדיק אַפֿן פּעמפּיק דורך די געדיכטע צווײַגן פֿון די ביימער, האָט זיך אים שטאַרק געגלוסט אַ שפּרונג טאָן, דערלאַנגען אים איבערן פּליכעוואַטן קאָפּ אַזוי, אַז ער זאָל שוין ניט אופֿשטיין. אָבער ער קאָן דאָס ניט טאָן. ניט ווײַט זײַנען זײַנע סאָלדאַטן מיט די אויטאָמאַטן...

פּונקט ווי טאַראַס, האָט פֿיליפּ איצט געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי העלפֿן די פּרײַנט. אויב די ראָצכים וועלן זיי אומברענגען, וועט ער זיך קיינמאָל ניט מויכל זײַן. בעסער שטאַרבן צוזאַמען מיט זיי, מיט זײַנע גוטעפֿרײַנט, וועלכע האָבן אים ניט איין מאָל געראַטעוועט, אומגעקערט דאָס לעבן.

ענדלעך האָט זיך די קאָלאָנע אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פֿון דער קלויז, וואָס שטייט אַפֿן קליינעם פּוסטן פּלאַץ, צוגעשפּאַרט צו די הויכע בערג.

אַ באַשײַנטע פֿון דער פּולער לעוואָנע, וואָס האָט געבלאָנקעט אין הימל, צווישן שטיקער וואָלקנס, האָט זיך געזען אַ געזעצטע מיטלאַלטערלעכע געבײַדע מיט הויכע שווערע ווענט, אויסגעשמיסענע פֿון רעגנס און ווינטן. העט־העט, אונטערן סאַמע דאַך האָבן אַרויסגעקוקט אויף דער וועלט קליינינקע פֿענצטערלעך, ווי אַמבראַזורעס פֿון אַ פֿאַרלאָזטער אַלטער פֿעסטונג. באַ די שווערע, געקאָוועטע טירן זײַנען געשטאַנען צוויי סאָלדאַטן מיט ביקסן אין די הענט. דער דיקער קאָמענדאַנט איז צוגעגאַנגען צו די סאָלדאַטן, עפּעס געזאָגט צו זיי, און יענע האָבן גלײַך צעעפֿנט די טירן און אַרײַנגעשטויסן אַהין די מענטשן.

פֿון דער געבײַדע האָט זיך דערטראָגן אַ מוירעדיק געוויין פֿון קינדער, פֿרויען, אַ טופּען פֿון פֿיס, געשרייען. נאָר די צוויי סאָלדאַטן האָבן גלײַך פֿאַרהאַקט די שווערע טיר.

די אויטאָמאַטלער, וועלכע האָבן אַהער געבראַכט די אַרעסטירטע, האָבן זיך נאָך פֿאַרהאַלטן אויף עטלעכע מינוט, פֿאַררייכערט, געקלאַפּט איבער די פּלייצעס ביידע היטער, וואָס זײַנען געשטאַנען באַ דער טיר, און אײַנגיכן זיך געלאָזט אויף צוריק צום „שוואַרצן טאָל".

טאַראַס קראַוואַטשוק מיט פֿיליפּן האָבן זיך פֿאַרטײַעט אין די קוסטעס ניט ווײַט פֿון דער קלויז, זיך אײַנגעקוקט אין דער געבײַדע, אין די צוויי סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זי אָפּגעהיט, אונטערפֿײַפֿנדיק זיך צוליב היימלעכקײַט אַ סאָלדאַטישן ניגן. זיי האָבן זיך אַ ווערטל געטאָן אַפֿן אַדרעס פֿונעם דיקן אָבער און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער לאַנגער באַנק, וואָס איז געשטאַנען ניט ווײַט פֿון דער טיר, און זיך אָנגעשפּאַרט אין די ביקסן.

איצט, ווען דער שעף זייערער איז אַוועקגעגאַנגען שלאָפֿן און ביז טאָג איז נאָך געווען גענוג צײַט פּאַטרולירן די ייִדן, וועלכע מע האָט אַהער צונויפֿגעטריבן פֿון די אַרומיקע ייִשוווים, האָט מען געקאָנט זיך צוזעצן אָפּרוען און אַפֿילע אַראָפּנעמען פֿונעם קאָפּ די קאַסקעס, וועלכע האָבן שטאַרק געמוליעט. נאָך דעם, ווי מע האָט די טעג דורכגעפֿירט אַן עקזעקוציע אין אַ דאָרף, ווו די שווײַנען האָבן געוואָרפֿן אַ גראַנאַטע און פֿאַרוווּנדעט דרײַ

זעלנער, איז די היַינטיקע מיסיע פון די דאָזיקע סאָלדאטן ניט געווען קיין געפערלעכע. מע האָט אהער, אין קלויז, צונויפגעטריבן פרויען און קינדער, עלטערע בערדיקע ייִדן, אינוואלידן, קאַליקעס, דערביַי האָט מען זיי געמאָלדן, אז מע וועט זיי אין עטלעכע טעג ארום ארויספירן קיין לעמבערג, ווו זיי וועלן זיך, קלוימערשט, קאָנען רויִק לעבן, ארבעטן... אף קיין ווידער־שטאנד מיצאד די אומבאהאָלפענע מענטשן איז נישטאָ וואָס צו ווארטן. ווען מע וועט אהער אלעמען צונויפטריַיבן, וועט מען זיך מיט זיי לייַכט ספראווען. דער כיטרע אָבערלייטענאנט האָט געמאָלדן די מענטשן, אז זיי מעגן מיט זיך נעמען אין וועג זייערע טיַיערע זאכן... וועט מען טאקע אָפּלעקן א ביינדל, ווען מע וועט זיי ארויספירן צום וואלד, עפּעס וואָס כאַפּן און אָפּשיקן די קרויווים קיין דיַיטשלאנד.

זיַינען זיי געזעסן, די צוויי סאָלדאטן, אָנגעשפּארט אף זייערע ביקסן און געפלאנעוועט, וויִאזוי אָפּשיקן אהיים די זאכן פון די פארמישפּטע. פארשטייט זיך, גוט וואָלט געווען אריַינגיין אין קלויז און אָפּקליַיבן א פּאָר גוטע רענצלעך מיט טיַיערע זאכן, נאָר דער אָבער האָט עס שטרענג פארבאָטן, געזאָגט, אז מע וועט באוויַיזן עס טאָן שפּעטער, ווען מע וועט די שוויַינען ליקווידירן.

און דיסציפּלין — איז דיסציפּלין! אָרדנונג — איז אָרדנונג. וועט מען זיך אָנעמען מיט געדולד און ווארטן. וויַיט פון זיי וועלן די זאכן פון די פארשפּארטע ניט אוועק.

די וועכטער האָבן ניט געקאָנט פארשטיין, פארוואָס מע האָט געבראכט די לעצטע גרופּע ייִדן באָרוועסע און נאקעטע, אָן קלומעקלעך? נאָר דאָ, זעט אויס, ליגט דעם אָבערסטס א שפּיצל. דאָס זיַינען ייִדן פון די בערג, און מיט זיי איז געפערלעך זיך אייסעקן.

איז מען זיך געזעסן, אונטערגעפּיַיפט, גערייכערט און געגענעצט. בא דער קנאַפער שיַין פון דער קאלטער לעוואָנע האָט טאראס און זיַין שאָכן געשפּירט נאָך די צוויי זעלנער. ארום איז געווען פּוסט און שטיל. בלויז פון דער שול האָט זיך דערטראָגן א געוויין פון קינדער, טפילעס פון אלטע ליַיט, וועלכע האָבן זיך געווענדט צום אלמעכטיקן, ער זאָל זיי ברענגען א רעטונג פון דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס איז געקומען אף זיי.

די ציַיט איז געגאַן פּאמעלעך. פיליפּ מיט טאראסן זיַינען אלץ געשטאנען מיט פארטיַיעטן אָטעם. געטראכט, וויִאזוי ראטעווען די פארשפּארטע. ביידע האָבן אָבער פארשטאנען, אז מע טאָר ניט אָפּלייגן, עס קאָן ווערן שפּעט.

ווען זיי האָבן באמערקט, אז די וועכטער זיַינען איַינגעשטילט געוואָרן, אז זיי זיצן אָנגעשפּארט אף די ביקסן, פארנייגט די קעפּ צו דער ברוסט, האָט מען פארשטאנען, אז די מינוט איז געקומען. אף די שפּיץ פינגער האָט מען זיך אריַינגעכאַפּט אין א פארלאָזט הייפל, געפונען צוויי שיַיטלעך האָלץ און ווי די שאָטנס אויסגעוואקסן לעבן דער שול.

איצט איז געבליבן עטלעכע געציילטע טריט צו די איַינגעשלאָפענע וועכטער. נאָר עפּשער שלאָפן זיי ניט — האָבן זיך בלויז פארטיַיעט און וועלן זיך אָט־אָט אופכאַפּן? אָבער טראכטן וועגן דעם איז שוין געווען שפּעט. כאָטש די עטלעכע טריט ביז די וועכטער האָבן איצט אויסגעזען מיַילנוויַיט, דאָך האָבן זיי זיך אָנגענומען מיט מוט. אף די שפּיץ פינגער זיך דער־נעענטערט צו די וועכטער, און אין איין אויגנבליק אראָפּגעלאָזט די דרענגלעך איבער די אָנגעבויגענע קעפּ...

פון דער באנק האָבן זיך אראָפּגעגליטשט צוויי געליימט געוואָרענע קערפּערס. טאראס קראַוטשוק און פיליפּ האָבן זיך איבערגעקוקט, אָפּגעווישט די פארשוויצטע פּענעמער. אופ־געהויבן די ביקסן פון דער ערד, האָבן זיי געשיקט אראָפּגענומען פון די סאָלדאטן די קוילן־טאשן.

אלץ ארום איז געווען איַינגעהילט אין שווערן שלאָף. דיביימער ארום האָבן אומרויִק גערוישט, ווי זיי זאָלן אונטעריאָגן, דערמאָנען, אז ציַיט איז געבליבן ווייניק, מע דארף זיך איַילן.

ניט וויַיט פון דער קלויז איז געשטאנען א פארלאָזט הייפל און אין סאמע עק האָט זיך געזען א קרענעצע, איבער וועלכער עס האָט זיך אויסגעצויגן א לאנגער זשוראוול. בא ביידן איז איינציַיטיק געבוירן געוואָרן דער זעלבער געדאנק: „די דערמאָרדעטע אין ברונעם"... אין א פּאָר מינוט ארום איז אלץ געווען געמאכט, און מע האָט זיך א לאָז געטאָן אופריַיסן דעם שלאָס פון דער שול.

דערשראָקענע און גליקלעכע, זיַינען די פארשפּארטע ניט מיטאמאָל ארויס אף דער פריַי, זיך ארומגעקוקט, ווי מע זאָל ניט גלייבן, אז מע קאָן אוועק פונעם שרעקלעכן אָרט.

טאראס, וואָס איז געשטאנען בא דער ברייט צעעפנטער טיר, האָט אונטערגעיַילט דעם אוילעם:

— גיכער, גיכער, פאַרהאַלט זיך ניט! גייט אין די בערג, אין די וועלדער, צו אײַערע גוטעפֿרײַנט! גיכער! זעט, פֿאַלט מער ניט אַרײַן אין די לאַפּעס פֿון די הענקער. נאַר רויִק, שטיל!

און דער אוילעם איז זיך פֿאַנאַנדערגעלאָפֿן, קוקנדיק מיט דאַנקבאַרקײַט אויף די צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיי אויסגעלייזט פֿונעם טויט.

אין דער ענגשאַפֿט און שטויסעניש האָט פּיליפּ דערזען דעם פּעטער שיקע קושניר, זאַל־מענען, זײַן ווײַב, שיפֿרען און נאָך אייניקע פֿרײַנט.

מע האָט זיך אַלע צוזאַמען אופֿגעהויבן אין די בערג און מיט געדרייטע סטעזשקעס זיך געלאָזט צום ייִשעוו. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז צײַט איז געבליבן ווייניק. די געפֿאַר איז נאָך גרויס. נאָר, פֿאַרגעסנדיק אין דער מידקײַט, האָט מען געאײַלט צום היימישן ווינקל.

עס איז שוין געווען טיפֿע נאַכט, ווען מע איז מיט זײַטיקע וועגן שטעגן געקומען צו פּיליפּס הויז.

מאַרגאַריטע, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן באַם פֿענצטער אַ פֿאַרוויינטע, האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט, דערזעענדיק דעם פֿאָטער. קוקנדיק אויף זײַן פֿאַרשוויצט, אופֿגערעגט פּאָ־נעם, אויף די הוילע און נאַקעטע שכיינים, האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, וואָס דאָ איז פֿאַרגע־קומען. כאָטש זי איז נאָך געווען אָפּגעשוואַכט, בלאַס, אָנמעכטיק, דאָך האָט זי זיך אוועק־געלאָזט אין קיך, אָנגעגאָסן וואַסער אין דער שיסל און געהייסן די אויסגעמאַטערטע, דער־שראָקענע שכיינים זיך אָרומוואַשן, נעמען עפּעס עסן.

טאַראַס מיט פּיליפּן האָבן געכאַפּט זאַסטעפּעס און זיך אוועקגעלאָזט אין עק הויף, זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער, אָנגעצונדן קאַנעצלעך און פֿיבערדיק־שנעל געגומען גראָבן אַ באַ־העלטעניש פֿאַר די מענטשן. דעם אַרײַנגאַנג האָט מען צוגעדעקט מיט ברעטער, פֿאַרשטעלט מיט דייזשעס אַזוי, אַז קיין שום טײַוול זאָל די באַהעלטעניש ניט קאָנען געפֿינען, ער זאָל אַפֿילע זײַן מיט אַכצן קעפּ.

ביז באַגינען האָבן זיי געהאָרעוועט, און ווי נאָר עס האָט געגומען שאַרײַען, האָט מען די מענטשן אַראָפּגעפֿירט אין זייער באַהעלטעניש.

אָרומגעוואַשן זיך מיט קאַלטער וואַסער, זיך איבערגעטאָן, באַהאַלטן די ביקסן מיט די קוילן, האָבן טאַראַס און פּיליפּ געגומען זייערע רענצעלעך און זיך שנעל אוועקגעלאָזט צום באַצירק אויף דער אַרבעט.

הײַנט האָבן זיי, ווי קיינמאָל, געאַרבעט איבערגעגעבן, ענערגיש, קעדיי דער אופֿזעער זאָל פֿאַרגעדענקען, ווי די מענטשן סטאַרען זיך פֿאַרן דריטן רײַך, ווי זיי זשאַלעווען ניט קיין קויכעס, די דײַטשן זאָלן גיכער באַקומען נאַפֿט.

## מענטשן גיבן זיך ניט אונטער

דער פּעטער שיקע קושניר האָט זיך קיינמאָל ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז אויף דער עלטער וועט אים אויסקומען איבערלעבן אַזאַ שווידער, אַז ער וועט זיך דאַרפֿן באַהאַלטן אין אַ פֿינצטערן קעלער און זיך ניט טאָרן באַווײַזן אויף גאָטס וועלט, מוירע האָבן פֿאַרן אייגענעם שאָטן און וואַרטן, מע זאָל אים אַראָפּלאָזן אין זײַן לעבעדיקן קייווער אַ טעפּל געקעכץ, אַ שטיקל ברויט, וואָס ניט ער אַליין האָט עס פֿאַרדינט באַ דער קאָוואַדלע!

נאָך מער האָט אים געמאַטערט דער געדאַנק, אַז אין דער שרעקלעכער צײַט, ווען פּיליפּ און טאַראַס קראַוטשוק מוטשען זיך, ווי אַפֿן טויט, ביז זיי פֿאַרדינען זיך אַפֿן טאָג דורכקום־מעניש, קומט זיי אויס אָפּרײַסן פֿון זיך דעם ביסן און אוועקטראָגן אים און זײַנע באַווײַרים, דער פֿרוי, ריִזלען, זאַלמענען.

ווען מע זאָגט אים פֿריִער מיט אַ פּאָר וואָכן, אַז אַזוינס איז מעגלעך, אַז מע וועט אים אופֿטאָרען פֿונעם שלאָף און אוועקפֿירן צום טויט, וואָלט ער יענעם אָנגעקוקט, ווי אַ מע־שוגענעם.

אַזוינס איז נאָך ניט געווען אין דער געשיכטע! ער האָט איבערגעלייענט דעם גאַנצן טאַנאַך, אַ סאַך ביכער פֿון אַמאָליקע צײַטן, געוווסט וועגן גרויסע גזיירעס, אומגערעכטיקײַט, קנעכטשאַפֿט, נאָר דאָס, וואָס ער אַליין מיט זײַנע פֿרײַנט האָבן איבערגעלעבט, איז ניט צו דערציילן און ניט צו באַשרײַבן.

ליגנדיק אף זײַן מאטראץ אין קעלער, צוגערוקט צו דער רער, וואָס שטעקט ארויס אין דרויסן, אז עס זאָל ארײַנקומען אהער א ביסל פרישע לופט, האָט ער געהאלטן אין איין טײַנען צו זײַניקע, גלײַך ווי יענע וואָלטן געקאָנט ענטפערן אף זײַנע טויזנט שײַלעס.

רייזל איז גאָר מעשוגע געוואָרן. זי פארעדט זיך שוין. אזא יונגע, אזא שיינע, מאָלע־כיין. אירע שווארצע סמאָלע־האָר זײַנען גראָוו געוואָרן אין איין מינוט, פאר אלעמען אין די אויגן. זי עסט ניט און טרינקט ניט. זי האלט אין איין פרעגן, ווו איז איר בעניאָכיד, איר יוליס? פארוואָס ברענגט מען אים ניט צו איר, זי זאָל כאָטש איין קוק טאָן אף אים? מע קאָן שוין אויך ניט דערקענען שיפרען. אלעמאָל קומט אויס זי ראטעווען. דאָס הארץ אירס ווערט שיר ניט צעריסן פון צאר. זי בעט אף זיך יעדע רעגע דעם טויט. און ער, זאלמען, — וואָס טוט זיך מיט אים? ער בעט, אז פיליפ זאָל אים געבן א ביקס, וועט ער גיין נעקאָמע נעמען. וווהין וועט ער איצט גיין, אז אף יעדן שריט און טריט לויערט דער טויט! מע דארף צוווארטן, עפשער וועט זיך עפעס אײַנשטעלן, די קוילער וועלן אזוי שטארק ניט ווילדעווען און מע וועט זיך קאָנען נעמען פארן געווער.

שיקע קושניר האָט אלעמען בארויִקט, יעדן באזונדער אויסגערעדט דאָס הארץ, ער האָט אלץ געטײַנעט, אז מענטשן זײַנען נאָך דאָ אף דער וועלט, עס לעבט נאָך דאָס גרויסע רוס־לאנד, וואָס וועט ניט לאָזן, מע זאָל די וועלט פארוואנדלען אין א מעשוגאָים־הויז, רוסלאנד וועט געפינען אן אופראווע אף די היטלערישע כײַעס...

פיליפ... עך, ווי מע קאָן אמאָל א טאָעס האָבן אין א מענטשן! און טאקע, מע טאָר וועגן א מענטשן ניט טראכטן שלעכט, קאָלזמאן דו זעסט אים ניט אין א שווערער מינוט. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אז אָט דער שטילער, רויִקער מענטש, וואָס ברענגט קיינמאָל ניט ארויס קיין הויך וואָרט, זאָל צוליב שכיינים גיין אף קידעש־האשעם, אײַנשטעלן פאר יענעם דאָס לעבן?

מארגאריטע האָט אײַנגערעדט דעם פאָטער, אז זי איז שוין געזונט און קאָן שוין ארומ־גיין, גרייטן פאר די מענטשן עסן. סוכאָדאָל און די מומע נאסטיע, וואָס קומען אָפטלעך צו איר, האָבן זי געוואָרנט, אז זי מוז נאָך ליגן, זי דארף זיך היטן. נאָר ווי האָט זי זיך געקאָנט היטן, אז אזויפיל זאָרגן האָט זי באלאגערט.

דער אָבער האנס קעצלבראנדט האָט שטארק איבערגעלעבט, וואָס די געשעפטן גייען בא אים ניט אזוי, ווי ער האָט זיך אויסגעמאָלט, אז צו וואָס ער נעמט זיך ניט, גייט עס אים מיט דער פוטער אראָפ. אים האָט זיך געדאכט, אז ער וועט אין א פאָר וואָכן ארום אופלעבן די פארוואלגערטע נאפט־קוואלן און צושטעלן דער ארמיי ברענשטאָף, נאָר א נעכטיקער טאָג, עס האלט נאָך מיט דעם איניען גאנץ ווײַט. באמיִענדיק זיך אָפרייניקן דעם קאנט פון קאָמו־ניסטן, סאָוועטישע אגענטן, דיווערסאנטן, ייִדן, האָט ער אינגאנצן פארגעסן אין דעם באצירק, און עס האָט זיך באקומען דער רועך ווייסט וואָס! גוטע נאפטלער, אָנשטאָט אָפרייניקן די נאפט־גריבער, וואָס די סאָוועטן האָבן פארהאקט, איידער זיי זײַנען אָפגעטראָטן, גייען ארום מיט זאסטעפעס, פאריכטן די וועגן, טוען זאכן, וואָס וואָלטן געקאָנט צוווארטן. אָט האָט מען שוין אָפגערייניקט פונעם אײַזנברוך איין סקוואזשינע, און עס האָט זיך געדוכט, אז מע וועט שוין קאָנען פון דאָרטן ארויסבאקומען ברענשטאָף, איז דאָרט ווידער געשען אן אווארִיע און אלץ האָט זיך אָפגעשטעלט.

דער אָבער האָט אראָפּגעבראכט אהער פון ליובאָוויטש צוויי אופזעער, צוויי פאָלקס־דײַטשן, וועלכע זײַנען מעסוקן טרײַ געווען דעם דריטן רײַך און צוגעזאָגט, אז זיי וועלן שנעל אלץ ברענגען אין אָרדענונג. די לײַט זײַנע האָבן זיך ווירקלעך מיט ברען גענומען צו דער ארבעט, אײַנגעשטעלט אן אײַזערנע דיסציפלין, געצוווּנגען ארבעטן גאנצע מעסלעסן. ס׳איז דורכגעגאנגען אינגאנצן א וואָך, און איינער פון די דאָזיקע אופזעער איז געוואָרן א קאליקע. אין א שיינעם פרימאָרגן איז ער געשטאנען בא א טורעם און געשפירט, ווי די שוויײַנען ארבעטן. פּלוצעם איז פון אויבן, פון טורעם, אראָפּגעפאלן א סלופּ און איבערגע־בראָכן דעם אופזעערביידע פיס... ווען דער אָבער איז געקומען און אָנגעהויבן אויספאָרשן, האָבן אלע, ווי מע וואָלט זיך צונויפגערעדט, געזאָגט, אז יענער איז אליין שולדיק. ווײַל ווער ווייסט עס דען ניט, אז מע טאָר ניט בעשאס דער ארבעט שטיין און כאפּן פליגן. דאנקען גאָט, האָבן זיי געזאָגט, וואָס ער איז געבליבן נאָר אָן פיס. ער וואָלט אויך געקאָנט בלײַבן אָן א קאָפּ. דער אָבער האָט געבראכט נײַע אופזעער, נאָר פון זיי איז קיין גרויסער טאָלק ניט געווען. איינעם האָט מען אראָפּגעשטויסן פונעם בארג אין אָפּגרונט — איינע האָבן געזאָגט, אז ער האָט זיך אָנגעשיקערט, זיך ארופגעדראפעט און אליין אראָפּגעפאלן, אנדערע

האָבן געטײַנעט, אַז דאָס לעבן איז אים נימעס געוואָרן און ער האָט זיך אַליין אַראָפּגעוואָרפן אין אָפּגרונט.

גיי דערגיי אַ טאָלק בײַ די שווײַגער!

און דער אָבער האָט זיך ווידער גענומען צום שמיד, דעם פרידריכן. לויט דעם, ווי די אופּזעער האָבן איבערגעגעבן, אַרבעט דער מענטש גאַנץ גוט. הערט זיך צו, וואָס מע זאָגט אים, פּילט אויס אַלע באַפעלן, נאָר ער פּירט זיך זייער מאָדנע. רעדסטו צו אים, הערט ער אויס, שאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר טאָן טוט ער זיך זײַנס. דו הייסט אים רייניקן די נאַפּט־גרוב, שטעלט ער זיך פּאַריכטן די עסטאַקאַדע, קאָוועט עפּעס אין קוזניע. ער נעמט זיך גאַנץ געשמאַק פֿאַר דער אַרבעט, נאָר ניט צו יענע אַרבעטן, וואָס מע דאַרף מאַכן אין דער ערשטער ריי. זידלסטו אים דערפֿאַר, זאָגט ער, אַז אַזוי איז ער צוגעוווינט. ביז ער ענדיקט ניט איין אַרבעט, וועט ער זיך ניט נעמען פֿאַר אַ צווייטער.

דער אָבער האָט אים אַרויסגערופֿן, פּיליפּן, צו זיך אין קאַבינעט און אויג־אויף־אויג גע־נומען ריידן מיט גוטן:

— פרידריך, צי דען פֿליסט אין דײַנע אָדערן ניט קיין בלוט פֿון אַן אַריער? דו ביסט עלטער פֿון מיר, און איך דאַרף דיך ניט לערנען. וואָרום זאָלסטו ניט אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די אַרבעטער־שמאַטעס, אָנטאָן אַ שניפּס און ווערן אַן אופּזעער, דערנאָך וועסטו קאָנען ווערן מײַן געהילף...

— איך דאַנק אײַך, — האָט נאָך אַ לאַנגער פּאַוזע אַרויסגעבראַכט דער שמיד, — נאָר ניט מײַן פֿאַטער, ניט מײַן זיידע זײַנען ניט געווען קיין אופּזעער און ניט קיין קאָמענדאַנטן. מיר האָבן שטענדיק געאַרבעט מיט דער לאָפּעטע אָדער מיטן האַמער בײַ דער האָרניע.

— אונדזער גרויסער פֿירער, — האָט איבערגעשלאָגן דער אָבער, — וויל, אַז די דײַטשן זאָלן לעבן גליקלעך. איצט וועלן אָט די רוסישע, אוקראַיִנישע, פּױלישע שווײַנען אַרבעטן אויף אונדז... דער באַרוף פֿון דער ריינער אַריער־ראַסע איז געוועלטיקן איבער דער וועלט. אַ העלפֿט פֿון די רוסישע שווײַנען וועט דער פֿירער פֿאַרניכטן, זיי וועלן פֿאַרפֿוילט ווערן אין די לאַגערן, און די איבעריקע וועלן אונדז באַדינען. צוליב וואָס דאַרפֿסטו אַזוי שווער אַרבעטן?

— איך, הער קאָמענדאַנט, בין געוווינט אַרבעטן. בײַ אײַך אַרבעט איך מיט אַלע גלײַך.

— געוויס, מיר האָט מען איבערגעגעבן, אַז דו אַרבעטסט דאָ ערלעך אַלע טאָג. נאָר איך וויל דיר פֿאַרגרינגערן דאָס לעבן. דײַן באַרוף איז זײַן דאָ אַן עלטסטער. דו דאַרפֿסט אונדז העלפֿן, דערציילן, ווו האָבן די פֿאַרפֿלוכטע קאָמוניסטן באַהאַלטן די מאַשינעס, ווער פֿירט דאָ פּראָפּאַגאַנדע קעגן רײַך.

— געוויס... איך פֿאַרשטיי...

— מאָרגן ווערסטו אַן אופּזעער. אויב ניט, וועסטו פֿאַרפֿוילט ווערן אין טורמע, איך וועל דיך מישפּטן, ווי אַ פֿאַררעטער. דו ביסט אַ דײַטש, און דײַן כּיוו איז אונדז קומען צוהילף. ווײַזן, ווו עס זײַנען באַגראָבן די מאַשינעס.

— קיין שום מאַשינעס זײַנען נישטאָ, — האָט געזאָגט פּיליפּ, — די רוסן האָבן זיי אַרויס־געפֿירט קיין סיביר... זיי־האָבן דאָ אַלץ פֿאַרניכטעט, פֿאַרברענט.

— ווער האָט עס פֿאַרניכטעט? — האָט דער אָבער איבערגעשלאָגן.

— יענע, וואָס האָבן עס געטאָן, זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אויף מיזרעך. אַלץ אַרויסגעפֿירט.

— דו לײַגסט, דו לײַגסט! — האָט אויסגעשריגן דער אָבער, און דאָס געקנייטשטע פּאָנעם זײַנס האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט.

די קאַלטבלוטיקייט און די איראָניע פֿון פּיליפּן האָט דעם קאָמענדאַנט אַרויסגעבראַכט פֿון די כּיילים. אים האָט זיך ניט פֿאַטויפֿעט אין קאָפּ, וואָס אַ מענטש זאָגט זיך אָפּ פֿון אַ פּאָסטן, פֿון אַ הויכן לוין, פֿון אַ לײַכט לעבן...

— ניין, פרידריך, דו ביסט ניט קיין דײַטש, בײַ דיר פֿליסט ניט קיין דײַטשיש בלוט! ער איז צוגעשפּרונגען צו אים און אים גענומען שלאָגן מיטן פֿויסט אין פּאָנעם, אין קאָפּ.

פרידריך האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט פֿונעם פּאָנעם, אויפֿגעהויבן אויף דעם אָבער זײַן בליק און זיך אָנגערופֿן:

— אָט אויף דעם זײַנט איר פֿייִק. איר האָט געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין דײַטש? ניין, איך בין אַן עכטער דײַטש! דו ביסט אַ מערדער, דו ביסט ניט קיין דײַטש.

— פֿאַרמאַך דײַן מיִעס מויל, ווײַל איך וועל דיך צעקוועטשן, ווי אַ וואָרעם! — דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער פֿון דער קאָבורע.

פרידריך איז אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט, אַ ריס געטאָן אויף זיך דאָס העמד:

— נאָר אויף דעם זײַנט איר פֿייִק. איך בין אַ דײַטש, ניט דו, איך! איך!

יענער האָט פרידריכן ווידער דערלאַנגט מיטן פויסט אין קאָפּ און אַ ריטשע געטאָן צום סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער וואַנט, ער זאָל אים פאַרשפּאַרן אין טורמע.

די יעדזיע, אַז מע האָט פאַרשפּאַרט דעם פּאַטער אין טורמע, האָט דערשיטערט מאַרגאַריטען. זי האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס זי דאַרף איצט טאָן, ווי אַזוי וועט זי איצט לעבן. איינס האָט זי געוווּסט, אַז זי מוז זיך אָנעמען מיט קויכעס און ווערן געזונט, גיין אַף אַרבעט, קעדיי האָבן די מעגלעכקייט העלפן דעם פּאַטער און די מענטשן, וואָס לעבן אין דער באַהעלטעניש.

זי האָט געוווּסט, אַז מענטשן וועלן איר קומען צו הילף, זי וועט ניט בלייבן איינזאַם. דעם פּאַטער האָבן געהאָלפן טאַראַס, אָקסאַנע, סטעפע, און זיי וועלן זי איצט אויך שטיצן מיט וואָס זיי וועלן קאָנען. נאָר צום קעלער, צו דער באַהעלטעניש טאָר קיינער ניט האָבן קיין צוטריט. בלויז זי און טאַראַס דאַרפן זיך באַגעגענען מיט די באַהאַלטענע.

אַ שווערער גורל איז איר אויסגעפאַלן. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע צאָרעס, נייע געפאַרן. מע האָט געלעבט אין שרעק, און די געפאַר האָט שטענדיק געלויערט איבערן קאָפּ.

מאַרגאַריטע האָט געפּוילעלט באַ זיך, אַז זי איז געזונט. זי קאָן זיך שוין באַוועגן, גיין, עפּעס טאָן. און אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי צונויפגענומען אַ קוישל עסן, גרעט, אַ פּריש העמדל און זיך אַוועקגעלאָזט קיין ראַפּייעווקע צו דער טורמע.

די זעלבע טורמע. די זעלבע פאַרזשאַווערטע גראַטעס. נאָר אַנדערע וועכטער. אין קאַסקעס. אין גרינע און שוואַרצע מונדירן.

עס איז זי באַפאַלן אַ פּאַכעד, ווען זי האָט זיך באַגעגנט נאָענט מיט די פאַשיסטן.

אַ בלאַסע, אַן אָפּגעשוואַכטע, האָט זי פאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל און עס אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, זי זאָל פאַר די טורמע־לייט אויסזען עלטער, מיִעסער.

מע האָט זי אַריינגעפירט אין אַ קליין האַלבטונקל צימערל, ווו עס איז געזעסן באַ אַ קליין טישל אַ דאַרער פאַרשוין מיט אַן ערד־שוואַרץ פּאָנעם. דער פאַרשוין האָט געהאַט אַזאַ אויסזען, ווי עס וואָלט געווען אונטער אַ פּרעס. זיינע גרויסע גרינע אויגן האָבן אויסגעזען, ווי אָנגעמאָלטע, ניט קיין לעבעדיקע. זיך אופגעהויבן, פאַריכט דעם פּרענטש, וואָס איז געהאַנגען אַף אים, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט קלוימערשט מיטפילנדיק:

— אייער פּאַטער, מעדכען, געפינט זיך באַ אונדז? ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אונדז העלפן. ער שטאָלצירט ניט דערמיט, וואָס ער איז אַ דייטש... און איר זייט אַ דייטשקע? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן און איר אונטערגערוקט אַ בענקל.

— איך בעט מיר דערלויבן איבערגעבן דעם פּאַטער שפּייז, — האָט זי געוויזן מיט די אויגן אַפן קוישל, — דערלויבט מיר זיך זען מיט אים... און ווער איך בין, איז ניט וויכטיק.

— ניט וויכטיק. נאָר דייטשיש בלוט רינט אין אייערע אָדערן און איר דאַרפט זיין שטאָלץ, וואָס איר געהערט צו דער ריינער אַריער־נאַציע.

— איך בין זייער שטאָלץ, — האָט זי אַ באַמקע געטאָן אונטער דער נאָז און, קעדיי פאַרענדיקן דעם געשפּרעך, אַרויסגענומען דאָס עסן און עס באַוויזן דעם פאַרשוין.

ער האָט אַ קוק געטאָן מיט די גרויסע פאַרגליווערטע אויגן אַפן לעבל ברויט, אַף די ציבעלעס און אַ שמייכל געטאָן:

— באַ אונדז אין דייטשלאַנד עסן אַזוינס ניט אַפילע קיין שווינען. איר וועט זאָגן אייער פּאַטער, אַז אויב ער וועט זיך דערמאָנען, אַז אין זיינע אָדערן פליסט אַריש בלוט, אויב ער וועט אונדז העלפן, וועט ער באַפרייט ווערן און באַקומען באַ אונדז אַלץ. דער הער קאָמענדאַנט האָט אים פאַרגעלייגט אַ גוטן געהאַלט, אַ גוט הויז, און דער פּאַטער האָט זיך אַנטזאָגט. ער וויל ניט דינען דעם פּיורער, דעם פּאַטערלאַנד, נאָר די סאָוועטן, די שווינען. גייט און זאָגט אים, ער זאָל זיך באַטראַכטן. ניט גוט, ניט גוט.

דעם אָפּיצערס ווערטער האָבן זי דערמונטערט. דער פּאַטער איז אויסגעוואַקסן אין אירע אויגן, און זי איז מיט אים געווען שטאָלץ. איצט האָט זי שוין פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מע האָט אים פאַרשפּאַרט הינטער די גראַטעס, און אַ שווערער שטיין איז אַראָפּ פון איר האַרצן.

דער דראָנג האָט זי באַגלייט מיטן קויטיקן שוואַרצן קאָרידאָר אין קאַמערע, ווו דער פּאַטער איז געלעגן אַף אַ ביסל איבערגעפריִעטער שטרוי, אַ פאַרוואַקסענער, אַן אָפּגעריסענער, מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן. אַז די טיר האָט זיך צעעפנט, האָט ער זיך אַפילע ניט אופגעהויבן, נאָר, דערקענט די טאָכטער, איז ער אופגעשפּרונגען, זי אַרומגענומען.

— מאַרגאַריטע? טאָכטער מיינע. זיי האָבן דיך אויך...

— ניין, ניין, פֿאָטער. מיר האָט מען דערלויבט אַרײַנקומען אָף עטלעכע מינוט צו דיר, שפּײַז איבערגעבן,— האָט זי א ווײַז געטאָן אפֿן קוישל און קוים זיך אײַנגעהאַלטן, זי זאָל זיך ניט צעוויינען.

אירע אויגן זײַנען דערשראָקענע ארומגעלאָפֿן איבער די ווענט. דאָס לאָשן האָט בא איר ווי אָפּגענומען, קוקנדיק אפֿן פֿאָטער, ווי די באַנדַיטן האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער אים.

— מײַן גאָט,— האָט זי שטיל ארויסגעבראַכט,— סאַרא מערדער! פאַרוואָס? מײַן גאָט! ניט קיין מענטשן זײַנען זיי, ווילדע כײַעס.— און פֿונעם הארצן האָט זיך בא איר ארויסגעריסן א געיאָמער.

— טאַטע, האַלט זיך פעסט, גיב זיך ניט אונטער!— האָט זי קוים ארויסגעזאָגט.— דער עמעס וועט זיגן.

דער פאַרשוין מיט די גרויסע טויטע אויגן איז געוואָרן מאַלע־רעציכע, דאָס פּאָנעם האָט זיך בא אים איבערגעקרימט און געוואָרן שרעקלעך. ער איז צוגעשפּרונגען צום מיידל, זי אָנגעכאַפּט פֿאַר די האָר און מיט כוצפּעדיקע ווערטער זי ארויסגעשטויסן פון דער קאַמערע.

— דײַטשן זײַנט איר? קרעציקע הינט, ניט קיין דײַטשן!— האָט ער געשריגן.

און האַלטנדיק זי פֿאַר די צעפּ, ארויסגעשטויסן אָף דער גאַס.

מאַרגאַריטע האָט ניט געפֿילט קיין ווייטעק. זי איז געווען גליקלעך, וואָס זי האָט כאָטש עטלעכע מינוט געזען דעם פאָטער, וואָס זי האָט זיך איבערצײַגט, אז ער איז ניט אײַנגעבראָכן.

זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך. דער קאָפּ האָט זיך מוירעדיק געדרייט. אָך, ווי עס פעלט איר איצט אויס דער פֿאָטער, אירע טרײַע פרײַנט יוליס און סטאַסיק! יענע זײַנען שוין געווען אין פיל שטעט, זײַנען שוין דערוואַקסן און וואַלטן איר געקענט פאַרענטפערן פיל פראַגן. נאָר ווער ווייסט, ווו זײַנען זיי און וואָס איז מיט זיי געשען?

א פאַרמאַטערטע איז מאַרגאַריטע געקומען אהיים. עס איז שוין געווען פינצטער, און אין די ארומיקע הײַזער האָט מען לאַנג אויסגעלאָשן די שײַן. טאַראַס איז ניט געשלאָפן. ער איז געשטאַנען בא דער טיר און געוואַרט אָפן מיידל. ער האָט זיך שטאַרק באומרויִקט, וואָס זי האָט זיך אזוי לאַנג ניט אומגעקערט, שוין איבערגעטראַכט דאָס ערגסטע.

מאַרגאַריטע האָט שנעל אויסדערציילט וועגן דער באַגעגעניש מיטן פאָטער און דעם אָפיצער. ער האָט אופמערקזאַם זי אויסגעהערט, באַרויִקט, ווי ער האָט געקענט, און מיטן קלומפּקל עסן, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, פאַרזיכטיק זיך אראָפּגעלאָזט אין קעלער, אין דער באַהעלטעניש פון זײַנע פרײַנט. ער האָט זיי געדאַרפט פיל דערציילן. דעריקער זאָגן, זיי זאָלן ניט פאַרלירן די האָפענונג, ניט אראָפּפאַלן בא זיך. וואָס עס זאָל ניט געשען אין יִשעוו, וועט מען זיי ניט פאַרלאָזן. ער האָט זיי אויך געבראַכט גוטע נײַס, וואָס־דער ברודער האָט איבערגעשיקט אהער פון די בערג: היטלערס בליצקריג איז דורכגעפאַלן. עס איז א ליגן, אז די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט מאָסקווע און לענינגראַד... און קאַלזמאַן מאָסקווע לעבט, וועט לעבן די ראַטנמאַכט, דער סוינע וועט צעשמעטערט ווערן.

נאָך עטלעכע כאַדאָשים איזדיעקעוועון זיך איבער פרידריכן האָבן די פאַשיסטן באַשטימט, אז ער איז אראָפּ פון זינען, און מע האָט אים ארויסגעטריבן פון דער טורמע. אויב ער וויל ניט לעבן שיין און ברייט, ווי אַלע דײַטשן און פאָלקסדײַטשן, טאָ זאָל ער אומקומען פון הונגער צוזאַמען מיט די רוסישע און אוקראַיִנישע שווײַנען.

אזא איז געווען דער אורטייל נאָך דעם, ווי מע האָט אים ניט געקאָנט אײַנברעכן.

א קראַנקער, צעשלאָגענער, האָט ער זיך אומגעקערט אהיים. מאַרגאַריטע מיט די שכיינים האָבן זיך דערשראָקן, קוקנדיק אָף אים.

פיליפ האָט ווייניק גערעדט. ער האָט געוואָלט לעבן ווי אַלע, און אים האָט ניט געאַרט, וואָס די פאַשיסטן האַלטן אים פאַר א מעשוגענעם.

מאַקסים סוכאַדאָל האָט אָף א צײַט געגומען פיליפן צו זיך אין שפּיטאַל, און ביסלעכווײַז איז דער „מעשוגענער" געקומען צו־זיך.

פיליפ האָט אָנגעהויבן מײַסטרעוועון אין שטוב קווערטלעך, טאַבורעטקעס, שאַפעלעך אָף צו פאַרקויפן. ער האָט אויסגעאַרבעט פאַרשיידענערליי ברען־מאַשינקעס פון קוילן־הילזעס, לעמפּעלעך, און דאָס האָט אים געגעבן א מעגלעכקײַט זיך און די טאָכטער דערנערן און דערנערן די מענטשן, וועלכע ער האָט אויסגעהאַלטן בא זיך אין קעלער.

אָנהייב פרילינג, נאָך דעם שווערן, הונגעריקן ווינטער, האָט פיליפ זיך אָנגעהויבן פילן בעסער. ער האָט זיך אָבער באַמיט ניט וואַרפן אין די אויגן פון די דײַטשן.

דאָס, וואָס אפֿן באַצירק האָט מען נאָך אַלץ ניט פאַריכט די נאַפט־סקוואַזשינעס און נאַפט האָט מען ארויסבאַקומען זייער ווייניק, האָט ניט געלאָזט רוען דעם קאָמענדאַנט און זײַנע

אופזעער. מע האָט ניט באַוויזן אופשטעלן א טורעם, אָנהייבן ארויסבאַקומען ברענשטאָף, ווי ער איז אפּסנײַ קאַליע געוואָרן. און די דײַטשן האָבן געזוכט די שולדיקע, דורכגעפירט נײַע און נײַע אַבלאַוועס, אונטערזוכונגען אין אַלע ווינקלען.

טאַראַס מיט פיליפּן האָבן זיך באַטראַכט, אַז האַלטן ווײַטער אין זייער באַהעלטעניש, אין קעלער, די מענטשן איז געפערלעך און מע וועט דאַרפן, ווען עס וועט זיך אײַנשטעלן א טרוקענער וועטער, צוזוכן אין די בערג א ווינקל, וווּ מע וועט קאָנען אויסגראָבן א מער זיכערן בונקער, קעדיי אונטער א נויט אריבערפירן אַהין די פּרײַנט.

## דער אומדערוואַרטער גאַסט

אין איינעם פון די סאָפּהאַרבסטיקע אָוונטן, ווען עס האָט געגאָסן אַן אײַנגעאַקשנטער רעגן, אַן איבערגעמישטער מיט שניי־גרויפּן, פון יענע רעגנדלעך, וואָס, אַז זיי טשעפּען זיך צו אין די קאַרפּאַטן, קאָנען זיי זיך זיפּן וואָכנווײַז, איז צו פיליפּס הויז צוגעפאָרן א שוואַרצער „מערסעדעס”. פון דאָרטן זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען צוויי בראַווע יונגע אָפיצערן אין נײַע שוואַרצע מונדירן מיט הויכע היטלען, אויף וועלכע עס האָבן געגלאַנצט די שײַנע צייכנס — צוויי איבערגעקרייצטע ביינער מיט א שאַרבן.

לויט דעם, ווי די מאַשין איז געווען פאַרליאַפּעט מיט בלאָטע, איז געווען צו זען, אַז זי איז אַהער געקומען פון אויסרײַסעניש.

פיליפּ, וואָס איז א מידער, אַן אויסגעווייקטער פונעם רעגן, געשטאַנען בײַ דער גרויסער שיסל אונטערן בוים און געוואַשן זיך, קעדיי זיך זעצן עפּעס איבערכאַפּן — ער האָט שוין ווידער געאַרבעט אַפּן באַצירק, — האָט זיך דערשראָקן אײַנגעקוקט אין די אומגעבעטענע געסט און געבליבן שטיין א דערשיטערטער.

ער האָט זיך גראַדע געקליבן אַראָפּטראָגן אין קעלער פאַר זײַנע כאַווײרים שפּײַז און זיי אַרויספירן א ביסל אויף דער פרישער לופט. איז האָסטו דיר!

וואָס האָט דער אומגעוואַרטער באַזוך געקאָנט באַטײַטן?

שיקט זיך, א שפּאָגל־נײַע אַבלאַווע? מע האָט דאָך פריִער אויסגעמיטן זײַן הויף, ווײַל ער, פיליפּ, איז לויט דעם כעזשבן פון די באַלעבאַטים געווען א מעשוגענער.

ער האָט איבערגעפירט דעם בליק אויפן סעדל, נאָר דאָרטן איז קיינער ניט געווען. עפּעס ניט ענלעך אויף קיין אַבלאַווע, און ער האָט זיך א ביסל באַרויִקט, אַרײַנגעגאַנגען נאָך דעם פּאָרל אין שטוב.

איינער פון די געקומענע איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל, באַטראַכטנדיק די אָרעמע באַלעבאַטישקײַט, און זיך פאַרקרימט. דער אַנדערער האָט א קלאַפּ געטאָן מיט די אַפּצאַסן און פריילעך אויסגעשריגן:

— נעמט אויף געסט!

מאַרגאַריטע, וואָס האָט זיך געפּאָרעט בײַם טיש, איז אוועקגעגאַנגען צום אויוון, און פיליפּ, ניט קוקנדיק אויף די אַרײַנגעקומענע, האָט פאַרגעזעצט זיך אַרומוואַשן מיט דעם האַנטעך.

— אַלאָ, איר דערקענט מיך ניט? — האָט דער ערשטער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

פיליפּ האָט אָפּגעמאָסטן מיט א קאַלטן בליק דאָס פּולבלעך־זעלבסטצופרידענע פּאָנעם פונעם יונג, און א קנייטש געטאָן מיט די אַקסל. ניין, ער דערקענט ניט, כאָטש אין האַרצן בײַ אים האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן, ווען ער האָט דערזען בערטעס בענאָק...

— פּאָטער, וואָס זשע, טאָמאַסן דערקענט איר ניט? דאָס בין איך, טאָמאַס! — האָט יענער פרײַלעך אויסגעשריגן און זיך א לאָז געטאָן צו אים מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט, נאָר דער פּאָטער האָט זיך ווי ניט אומיסטן אויסגעקערעוועט צו אים מיטן רוקן.

זיך א ביסל פאַרלוירן פונעם קאַלטן אופנאַם, האָט טאָמאַס געמאַכט א טראָט צום אויוון, ווו עס האָט זיך געפּאָרעט די שוועסטער, און שוין ווייניקער פרײַלעך זיך אָנגערופן:

— זע נאָר, מאַרגאַריטע, ווי דו ביסט אויסגעוואַקסן! און דו דערקענסט מיך אויך ניט?

זי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט א לאַנגן שווײַגנדיקן בליק:

— טאָמאַס? און מיר האָבן שוין געמיינט...

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט א שיקער געלעכטער, גענומען צעשפּיליען דעם פרענטש מיט די בליאַכעס:

— האָסט געמיינט, אַז טאָמאַסן האָט מען שוין דערהאַרגעט? ניין, טאָמאַס לעבט! ניט

אזוי גיך ווערט מען טאָמאסן... אלאָ, ריכארד, וואָס שטייסטו, ווי אַ פּרעמדער, טו זיך אויס, פיל זיך ווי בא זיך אין שטוב. — און ער האָט אים אונטערגערוקט אַ טאַבורעטל.

— זעץ זיך צו. באַקען זיך מיט מײַניקע. ווי געפעלט דיר מײַן פּאַטערס פּאַלאַץ? נישקאָשע, איך וועל זיי אַריבערפירן צו זיך קיין לעמבערג. גענוג געמאַטערט זיך אין דער לאָך. דאָרטן האָב איך פאַר זיי צוגעגרייט אַ ווונדערלעך מאָווערל, ווו עס האָט געווױנט דער פּאַרזיצער פון שטאָטראַט. — ער האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט, אָפּגעשפּיליעט דעם רימען מיטן רעוואָלווער, אַראָפּגענומען דעם נאַסן קיטעל און אים אופגעהאַנגען אַפן בענקל אַזוי, אַז דער פּאַטער און די שוועסטער זאָלן זען דעם אײַזערנעם קרייץ.

ער איז צוגעגאַנגען צום אויוון, אַרײַנגעקוקט אין די טעפּ, דערנאָך אַ פּײַף געטאָן צום שאָפער, וואָס איז געבליבן אין דרויסן בא דער מאַשין, און באַפוילן ברענגען דעם קויש מיטן עסנוואַרג.

מיט דער פלינקייט און זאַכלעכקייט פון אַ קעלנער האָט טאָמאַס צעשטעלט אַפן טיש דאָס גוטס, וואָס איז געווען אין קויש, אופגעפּראַבקעוועט אַ פלאַש קאָניאַק און אונטערגערוקן צום פּאַטער און דער שוועסטער:

— זעצט זיך, וועלן מיר אויסטרינקען פאַר אונדזער זיג.

טאָמאַס האָט איבערגעקערט אין גאָרגל אַרײַן די גלאָז און געשמאַק גענומען פאַרבײַסן מיט אַ שטיק וווּרשט.

זײַן קאָלעגע, דאָס דאַרע בלאָנדע אָפיצערל מיט די שמייכלענדיקע בלאָווע אויגן, האָט אַ באָמקע געטאָן „כײַלו!" און אויך אויסגעטרונקען, זיך גלײַך גענומען פאַר דער אכילע. צוויי פּולע גלעזלעך זײַנען געבליבן שטיין אַפן טיש.

— זע נאָר, און פאַרוואָס טרינקט איר ניט? — האָט טאָמאַס אופגעהויבן דעם בליק אַף פיליפן און מאַרגאַריטען. — בא אונדז, אַז מע האַלט ניט אונטער אַזאַ טאָסט, קאָן מען באַקומען טויט־שטראָף, מיר טרינקען דאָך פאַר אונדזער פּיורער, — ער האָט אַ ווונק געטאָן אַפן לאַץ פון זײַן קיטעל, — און פאַר מײַן ערשטן קרייץ.

דער פּאַטער האָט זיך געפּאָרעט אין שופלאָד, קלוימערשט עפּעס געזוכט, און ניט געקוקט אין יענעמס זײַט. מאַרגאַריטע איז געשטאַנען באַם פענצטער אַ בלאַסע, אָן אופגערעגטע. „אַפילע ניט געפרעגט, ווו איז די מוטער..." — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, געוואָלט אים זאָגן, נאָר זיך פאַרהאַלטן, קוקנדיק, ווי ער שלינגט זשעדנע דעם ווורשט.

טאָמאַס האָט איבערגעקערט אין מויל דאָס צווייטע גלעזל, פאַרביסן און צוגעגאָן צו פיליפן מיט אַ שטיק ווורשט אין די ציין, אַ קלאַפּ געטאָן אים איבער דער פּלייצע:

— נעמט, פּאַטער, טרינקט אויס מיט אונדז. דאָס איז ריכארד, מײַן בעסטער פרײַנט. מיט אים זײַנען מיר פונעם ערשטן טאָג אין פײַער צוזאַמען.

— זייער שיין, — האָט פיליפּ, אַראָפּנעמענדיק טאָמאַסעס האַנט פון דער פּלייצע, שטיל געזאָגט, — אַפילע אַף דער מוטער פרעגסטו ניט... דיך האָט דאָך אַ מוטער אַמאָל געבאָרן.

— אַך, יאָ! שיר ניט פאַרגעסן, — האָט טאָמאַס זיך געכאַפּט, — דער קאָפּ איז אַזוי פאַרטראָגן. אַלע טאָג אין וועג. אַ שווערע שטראָף־אָפּעראַציע... איר מיינט, אַז אומזיסט האָב איך באַקומען אַ קרייץ און פאָגאָנעס פון אַן אָפיצער? ווו איז די מוטער? זי ווערט באַלד אַרײַנגיין? איך וויל אויסטרינקען פאַר מײַן מוטער...

פיליפּ האָט טיף אַ זיפץ געטאָן:

— יאָ, זי ווערט באַלד אַרײַנגיין.

— מאַרגאַריטע, קאָך אונדז אָפּ קאַפע. איך האָב געזאָגט ריכאַרדן, מײַן פרײַנט, אַז דו גרייטסט גלענצנד קאַפע. אָט שטייט זי אין קויש. בעסער גרייט צו זודיקע וואַסער, וועל איך אליין. אין רעסטאָראַן, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט קיינער ניט געקענט קאָכן קיין קאַפע, ווי איך. איך וועל דיך אויך אויסלערנען. גרייט נאָר צו זודיקע וואַסער.

ער האָט ווידער אויסגעטרונקען, פאַרביסן און ניט אופגעהערט פּלאַפּלען:

— אַ שווידערלעכער וועטער. אָבער אַז איך טרינק גוט אויס, נעמט מיך ניט קיין קרענק. אַזאַ שווערער טאָג הײַנט! די רוסישע שווײַנען לעבן ליובאָוויטש, וואָס זיצן אין לאַגער, די געפאַנגענע, האָבן אופגעהויבן אַ בונט, זיך געוואָלט צעלויפן. נו, מיר האָבן זיי געגעבן! קיין איינעם ניט איבערגעלאָזט לעבעדיק... ווילדע שווײַנען. איינער אַ פאַרווונדעטער האָט מיך אַ ביס געטאָן אין פוס, ווען איך האָב אים אַ טאָרע געטאָן... ער האָט בא מיר גלײַך געקראָגן נאָך אַ קויל און זיך באַרויקט.

— יאָ, דו געדענקסט, ריכארד, דאָרטן איז געווען אַ מעדכען. אַ שיינע, מיט שוואַרצע אויגן. זי האָט זיך געוואָרפן מיט אַ מעסער אַף אונדזער גרופּנפירער. אַ פאַרווונדעטע, און מיט אַ מעסער, אַזאַ טײַוול! ווען איך דערשיס זי ניט, וואָלט זי דעם גרופּנפירער דערשטאָכן.

מאַרגאַריטע האָט זיך אײַנגעהערט אין די שרעקלעכע רייד און זיך קוים אײַנגעהאַלטן, זי זאָל טאָמאַסן ניט אָנשפּײַען אין פּנים. זי האָט אױף אים געקוקט מיט דערשראָקענע אויגן און ניט געגלייבט, אַז איר ברודער איז געוואָרן אַזאַ אויסוואורף. וואָס וועט זײַן, אויב עמעצער פון די שכנים וועט אים זען אין דער פאַרהאַסטער אוניפאָרם מיטן קרייץ! וואָס וועט מען זאָגן וועגן איר, וועגן פאָטער? ניין, דאָס איז שוידערלעך! ווי זאָגט מען אים, אַז ער זאָל אוועקגיין פונדאַנען, אַז זי פאַראַכטעט אים צוזאַמען מיט אַלע זײַנע לײַט. בעסער וואָלטן איר די אויגן אַרויס, איידער זי האָט דערזען דעם אויסוואורף. בעסער וואָלט זי טויב געוואָרן, איידער זי האָט דערהערט זײַנע שוידערלעכע רייד! ווען עס זיצט ניט אָט דער ריכאַרד, וואָס שמייכלט נאַריש און פרעגט, און מעסט זי ניט אַלעמאָל מיט זײַנע כוצפּעדיקע בלאָווע אויגן, וואָלט זי אים דערלאַנגט מיט אַ שטיק האָלץ אין קאָפּ, ווי דער פאָטער האָט געטאָן דאָרטן, באַ דער שול, זי וואָלט אים מיט די פיס געטאָפּטשעט.

מאַרגאַריטע האָט זיך איבערגעקוקט מיטן פאָטער. ער איז געזעסן אױף דער באַנק באַם אויוון מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ דערשיטערטער. זעט אויס, ער האָט איצט געטראַכט פּונקט אַזוי, ווי זי. עס האָט זיך געפילט, אַז ער האַלט זיך קוים אײַן, נאָר פאַרביסן די ליפּ, האָט ער געשוויגן.

טאָמאַס האָט צעשפּיליעט דאָס העמד, זיך אופגעהויבן, געמאַכט עטלעכע טריט איבערן צימער, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ, און איך האָב געמיינט, אַז איר האָט זיך שוין געקראָגן גוט מעבל. אָרעם לעבט איר. איך וועל קומען אַ צווייט מאָל, וועל איך אײַך ברענגען אַ גאַנצע לאַסטמאַשין מיט אַנטאָן, קילעמעס, געפעס. באַ מיר אין לעמבערג איז די גאַנצע שטוב פאַרוואַלגערט מיט גוטס. די סאָוועטן האָבן אַלץ געוואָרפן. אַ קאָמעדיע... דער גרופּנפירער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן, וועט ער מיך מיטנעמען קיין בערלין. און אײַך וועל איך אויך נעמען אַהין. גענוג זיך מאַטערן אין דער לאָך.

— אַ דאַנק, טאָמאַס, פאַר דײַן גוט האַרץ, — האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ פיליפּ. מאַרגאַריטע האָט געזען, ווי עס האָבן זיך צוזויפגעדריקט דעם פאָטערס פינגער אין אַ פויסט. זי איז צוגעשפּרונגען, אים אַרומגענומען און אַ שעפּטשע געטאָן, ער זאָל זיך באַרויִקן. טאָמאַס איז איצט ווילד, שיקער, און מע קאָן פון אים אַלץ דערוואַרטן.

שאָקלענדיק זיך, איז טאָמאַס צוגעגאַנגען צום אויוון, אַרויסגעשלעפּט דעם זודיקן טשײַניק, אוועקגעשטעלט אים אױפן טיש און גענומען גרייטן קאַפע. פּלוצעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָנצילנדיק דעם בליק אױף דער שוועסטער, און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— יאָ, מאַרגאַריטע, שיר ניט פאַרגעסן! איך האָב דיר געבראַכט אַ גרוס פון דײַנע קאַוואַלערן — פון סטאַסיק קראַווטשוקן און דעם ייִדן מיט די ברילן, ווי הייסט ער דאָרט... יוליס.

מאַרגאַריטע איז דערציטערט געוואָרן.

אָפּגעזופּט אַ ביסל קאַווע פון דער טשאַשקע, האָט טאָמאַס פאָרגעזעצט:

— דו געדענקסט זיי, ריכאַרד, צוויי העלדן! לעבן לעמבערג, אין לאַגער פון די קריגסגעפאַנגענע, האָב איך זיי דערקענט. פאַר דעם קריג בין איך באַ זיי געווען אין טעכניקום. זיי זײַנען דאָרטן געוואָרן פלאַמיקע קאָמסאָמאָלצעס. נו, אַז דער קריג האָט זיך אָנגעהויבן, זײַנען זיי אוועק אין דער רוסישער אַרמיי. זיך געשלאָגן הינטער לעמבערג. און מע האָט ביידע פאַרכאַפּט אין געפענקעניש. זיי זײַנען, עמעס, געווען פאַרוווּנדעט. מיט אונדזער גרופּנפירער זײַנען מיר געקומען אין לאַגער. און דאָרטן האָב איך זיי דערקענט. איך הייב אָן מיט זיי ריידן, געוואָלט ראַטעווען, און זיי קוקן ניט אױף מיר. עס געפעלט זיי ניט מײַן מונדיר. נו, טראַכט איך, אויב אַזוי, וועט איר פאַרפוילט ווערן צוזאַמען מיט אַלע קאָמוניסטישע שווײַנען. דעם מיט די ברילן, יוליסן, האָט מען גלײַך אױפן אָרט צעשאָסן — ער האָט פרעך באַלייריקט אונדזער פירער. און דעם סטאַסיקן האָט דער גרופּנפירער פאָרגעלייגט אַרײַנטרעטן צו אונדז אין דינסט. און וואָס מיינסטו? דער סמאַרקאַטש האָט אָנגעשפּיגן דעם מאַיאָר אונדזערן אין פּנים! און מיר האָבן זיך מיט אים גלײַך צערעכנט... מער וועט ער שוין ניט שפּײַען!

מאַרגאַריטע האָט געפילט, ווי דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרייט, אָט־אָט וועט זי פאַלן. און, קוים אײַנהאַלטנדיק אין זיך דעם געוויין, אַרויסגעלאָפן אין הויף.

דערזען, ווי די שוועסטער איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב און דער פאָטער האָט זיך אָפּגעקערט, האָט טאָמאַס אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל. פאַררייכערנדיק אַ פּאַפּיראָס, האָט ער געזאָגט צו ריכאַרדן:

— נערוועזע זײַנען מײַנע פריינטלעך געוואָרן. מע קאָן מיט זיי קיין וואָרט ניט אויסריידן, — ער האָט אָנגעגאָסן זיך און זײַן קאָלעגע נאָך צו גלעזלעך, — מע דאַרף זיי מיטנעמען

אַף אַן אַקציע, וועלן זיי ניט זײַן אַזוי נערוועז. געדענקסט, באַם קעגנטאַנקען־יאַר לעבן סאַמ־באַר, ווען לעבעדיקע האָבן אַנגעהויבן אַרויסקריכן פֿון אונטער די דערשאָסענע. דאָס ערשטע מאָל איז מיר אויך געווען שרעקלעך. כ׳האָב געשאָסן און ניט געקוקט. דערנאָך — זיך צוגעוווינט. און דו, ריכאַרד?

— געוויס, — האָט יענער אַ באָמקע געטאָן אונטער דער נאָז און צוגעפֿאַלן מיטן קאָפּ צום טיש.

פּיליפּ האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט עס מער ניט אויסהאַלטן. טאָמאַסעס רייד האָבן אים ניט געלאָזט לעבן. „מײַן גאָט, — האָט ער געטראַכט, — ווען וועט זיך דאָס ענדיקן? איך וועל אַראָפּ פֿון זינען. איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן. אויסגעכאַוועט אַ שרעקלעכע גיפֿטיקע שלאַנג. ווען איך ווייס, וואָס פֿאַר אַ טײַוול דאָס וואַקסט, וואָלט איך אים דערשטיקט אין וויג. אַ גליק, וואָס בערטע האָט ניט דערלעבט די שאָ און זעט ניט טאָמאַסן. זי וואָלט אָפּן אָרט געשטאָרבן״.

דער שאָפֿער האָט אַנגעקלאַפּט אין פֿענצטער, דערמאָנט טאָמאַסן, אַז עס איז שוין שפּעט און ביז באַגינען מוזן זיי זײַן אין דער זאָנדערקאָמאַנדע. עס שטייט פֿאַר אַ גרויסע אַקציע אין דער געטאָ.

פֿון די ווערטער איז טאָמאַס אַ ביסל געקומען צו־זיך. אופֿגעוועקט ריכאַרדן, זיך שנעל גענומען אָנטאָן.

דער שאָפֿער האָט אַרײַנגעבראַכט אין שטוב אַן עמער קאַלטע וואַסער פֿונעם ברונעם, גענומען גיסן די וואַסער די אָפֿיצערן אָפּן קאָפּ. שוין פֿון דער שוועל האָט טאָמאַס אַ זאָג געטאָן צום פֿאָטער, אַז ער אַנטשולדיקט זיך, וואָס ער איז הײַנט אַזוי ווייניק דאָ געווען. ווען־ניט־איז, באַ אַ גינסטיקן פֿאַל, וועט ער ווידער זיך אַראָפּכאַפּן צוגאַסט.

פּיליפּ איז געבליבן שטיין אינמיטן דער שטוב מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. דערהערט, ווי פֿון יענער זײַט פֿענצטער האָט זיך צעזשומעט דער מאָטאָר און דער שוואַרצער „מערסע־דעס״ איז אָפּגעפֿאָרן, האָט ער פֿרײַער אָפּגעאָטעמט, אופֿגעהויבן די אויגן צו דער סטעליע און אַרויסגעשעפּטשעט:

— מערדער, אַהין ניט פֿאַרפֿאָרן און צוריק ניט קומען. די ערד זאָל אַרויסוואַרפֿן דײַן מיִעס געביין. קיין זייכער זאָל פֿון דיר און דײַן בלוטיקער קנופּיע ניט פֿאַרבלײַבן!

פּיליפּ האָט צעעפֿנט דאָס פֿענצטער אַף דורכלופֿטערן די שטוב, טאָמאַסעס געדעך זאָל דאָ ניט פֿאַרבלײַבן. ער האָט אַרײַנגערופֿן מאַרגאַריטען. זי איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט אַ פֿאַרכאַלעשטע. דאָס האַרץ איז שיִר ניט צעריסן געוואָרן. זי האָט געטראַכט גלײַך לויפֿן צו סטעפֿען, צו אָקסאַנען, טאַראַסן און דערציילן וועגן סטאַסיקס טויט. געוואָלט זיך אַראָפּלאָזן אין דער באַהעלטעניש און דערציילן וועגן דעם, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט וועגן יוליסעס לעצטער לעבנס־מינוט. נאָר זיך באַטראַכט, אַז זי וועט דערווײַל קיינעם ניט זאָגן. מע וואַרט מיט אומגעדולד אַף סטאַסיקן און יוליסן. זאָלן דערווײַל די אומגליקלעכע מענטשן ניט וויסן. אַז מע האָט אַ האָפֿענונג, איז גרינגער איבערצוטראָגן אַלע צאָרעס.

פּיליפּ האָט זי ניט געלאָזט גיין אין קעלער איבערגעבן די פֿרײַנט עסן און וואַסער. ער איז אַליין אַהין געגאַנגען.

## די בערג שווײַגן ניט

באַ קעצלבראַנדטן זײַנען די געשעפֿטן אָפּן באַצירק נאָך אַלץ געגאַנגען ניט פֿויגלדיק. וויפֿל ער האָט זיך ניט באַמיט, מע זאָל פֿאַרגרעסערן דעם אַרויסבאַקום פֿון ברענשטאָף, האָט זיך עס באַ אים ניט באַקומען. בלויז עטלעכע נאַפֿט־סקוואַזשינעס האָט זיך אים מיט גרויס מאַטערניש אײַנגעגעבן אופֿשטעלן. מע האָט געפּאָמפּעט נאַפֿט מיט די זשעלאָנקעס, ווי אין די אַמאָליקע אַלטע צײַטן, נאָר זײַנע באַלעבאַטים האָט עס ניט באַפֿרידיקט. מע האָט אים געזידלט, געדראָעט, אַז אויב אַף ווײַטער וועט עס אַזוי גיין, וועט מען באַ אים אַראָפּרײַסן די פּאָגאָנעס און אָוועקשיקן אָפּן פֿראָנט.

נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, אַז די נײַע מעכאַניזמען האָבן די סאָוועטן מיט זיך אַרויסגעפֿירט, די צוגעזאָגטע מאַשינעס פֿון דײַטשלאַנד שיקט מען ניט, ווײַל אַף די פֿראָנטן האָט זיך אַלץ ניט געקלעפּט, די דײַטשישע אַרמייען האָבן זיך פֿאַרגראָבן אין דער ערד, כאַפּן שווערע קלעפּ. נאָך דעם, ווי מע האָט צעשמעטערט די דײַטשישע דיוויזיעס הינטער

מאָסקווע און דערנאָך אין דאָנבאַס, אפֿן דאָן, איז דער קאָפּ איצט ניט דערבײַ, מע זאָל שיקן מעכאַניזמען פֿון דײַטשלאַנד.

ער האָט אין דער גאַנצער אומגעגנט אויסגעזוכט איבערגעגעבענע, טרײַע מענטשן פֿון די פֿאָלקסדײַטשן און יענע, וואָס זײַנען מאַסקים געווען מיטאַרבעטן מיט דער נײַער מאַכט, נאָר אַלעמאָל, ווי נאָר עס איז געקומען אַהער אַן אופֿזעער, אַן אינזשעניער אָדער טעכניקער, איז ער שנעל נעלעם געוואָרן, ווי אין וואַסער אַרײַן, אָדער מיט אים איז גאָר געשען אַן אומגליקספֿאַל. און דאָ, וווּ עס רינגלען דיך אַרום באַהאַלטענע סאָנים, וואָס כאַטש שנײַד זיי אָפּ שטיקער, ווילן זיי ניט אַרויסגעבן די שעדיקער, אָט דאָ אין די שרעקלעכע בערג, באַרג־שפּאַלטן און וועלדער, זײַ אַ בעריע און שטעל אײַן אָן אָרדענונג!

מיט די אָרטיקע נאַפּטלער האָט ער שוין געפּרוּווט מיט גוטן און מיט שלעכטן. זיי גייען טאַקע אַרויס צו דער אַרבעט, שטייען ניט ליידיק, נאָר קיין גרויס נאַכעס זעט מען ניט. און די נאַפּט־גריבער זײַנען אַ בלינדע זאַך. אָט שטייען שאָענווײַז באַ זיי דער טאַראַס קראַוטשוק, פֿרידריך, וועלכן אַלע רופֿן דאָ פֿיליפּ, זיי אַרבעטן, שלעפּן אַרויס פֿון די פֿאַרשאָטענע, פֿאַר־האַקטע גרויסע גריבער שטיקער אײַזן, רעלסן און דער רועך ווייסט וואָס, נאָר קיין נאַפּט זעט מען ניט.

מע זעצט די נאַפּטלער אין טורמע, מע שלאָגט זיי, מע מיימעסט, נאָר דאָס זײַנען מאָדנע באַשעפֿענישן — זיי גיבן קיינעם ניט אויס.

פֿאַרטאָג, ווען די אופֿזעער קומען צו דער אַרבעט, רײַסן זיי אַראָפּ פֿון די טורעמס און סטויפּעס נײַע פֿלוגבלעטלעך, ווו עס שרײַבט זיך וועגן דעם, אַז אינגיכן וועט די רויטע אַרמיי באַפֿרײַען די ערד פֿון די אָקופּאַנטן... און זיי, די פֿינצטערע און אָפּגעשטאַנענע, גלייבן אָט די נאַרישע בלעטלעך און אַרבעטן אָפּ אַ פֿקומען דעם טאָג, מער דאַרפֿן זיי גאָרניט.

די צײַט איז געגאַנגען. אָט איז שוין ווידער אונטערגעקומען דער זומער. אויב דער נײַער דײַטשישער אָנגריף אָף אַלע רוסישע פֿראָנטן וועט זיך אײַנגעבן און מע וועט דערגיין ביז אוראַל, וועט דער קאָמענדאַנט בעטן, מע זאָל צושיקן אַהער אַ ספּעציִעלע שטראָף־קאָמאַנדע, וואָס זאָל אויסלערנען די שווײַגנע אַרבעטן, אויספֿילן אַלע באַפֿעלן זײַנע. דערווײַל האָט ער אַליין מיט זײַנע באַשיידענע קויכעס געמוזט לאַווירן, זיך ניט פֿאַרקריגן מיט די נאַפּטלער, זאָל דערווײַל זײַן ניט קיין סאַך ברענשטאָף, נאָר שפּעטער וועט אַלץ אופֿגעשטעלט ווערן און עס וועט גיין אַ גאַנג.

דער קאָמענדאַנט האָט געלייגט גרויסע האָפֿענונג אָף דער דריטער סקוואַזשינע, וועלכע איז שוין קימאַט געווען אָפּגערייניקט. אַהער האָט ער געשטעלט ערלעכע מענטשן. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז גאָר אינגיכן וועט פֿון דער גרוב אַ פֿליס טאָן ברענשטאָף, אַז מע וועט פֿאַרגיסן מיט אים דעם גאַנצן טאָל. געאַרבעט האָט דאָרטן אויך טאַראַס, וואָס האָט פֿון שטענדיק אָן געשעמט פֿאַרן בעסטן מײַסטער אפֿן באַצירק. מיט אים איז געווען דער מעשוגענער דײַטש, דער פֿיליפּ. כאָטש ער האָט זיך אָפּגעזאָגט ווערן אַן אופֿזעער, נאָר, דאַכט זיך, אַרבעטן אַרבעט ער געטרײַ. די מענטשן זײַנען שטילע, רויִקע און פֿאַרנעמען זיך ניט מיט קיין זײַטיקע זאַכן. מע צאָלט זיי גוט, און זיי זײַנען מיט דער אַרבעט צופֿרידן. עמעס, דער אופֿזעער, וועלכן דער אָבער האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון סטאַניסלאַוו, האָט לעצטנס גענומען צווייפֿלען אין דער איבערגעגעבנקײַט פֿון די אַרבעטער. ער האָט געהאַלטן, אַז מע דאַרף זיך בעסער צוקוקן צו זיי.

ער האָט באַמערקט, אַז אָפּטלעך פֿאַרשווינדן אייניקע פֿון זיי און מע זעט זיי ניט אַ פּאָר טעג אָף דער אַרבעט. דער אופֿזעער האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז טאַראַס גאַנוועט זיך אָפּטלעך אַרויס פֿון יִישעוו און גייט אַוועק דורך די גרינע לאַבירינטן פֿון די בערג צום ברודער, צו ראָמאַן קראַוטשוקן, וועלכער האָט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט און פֿאַרשרײַבט די נײַעס, וואָס עס גיט איבער מאָסקווער ראַדיאָ. ער כאַפּט אויף די נײַעס, שרײַבט זיי איבער אָף אַ שרײַבמאַשין, און דער ברודער, טאַראַס, צעקלעפּט זיי אָף די פּלויטן, אָף די ווענט, אָף די נאַפּט־טורעמס אינעם „שוואַרצן טאָל”, אין ראָפּײַעווקע און אין די אַרומיקע יִישוווים.

מיטן אָנקומען פֿונעם זומער האָט די דאָזיקע אַרבעט גענומען אָף זיך מאַרגאַריטע. פֿון מאָל צו מאָל האָט זי זיך דערקליבן צו ראָמאַן קראַוטשוקן, געבראַכט אים נײַעס פֿון דער היים און דערנאָך זיך אומגעקערט מיט די בלעטלעך.

פֿאַרשפּרייט די בלעטלעך האָבן אויך אַנדערע — אירע כאַווערטעס פֿונעם יִישעוו.

דאָס מאָל האָט זיך אויסגעגעבן אַ שווערער טאָג. טאַראַס האָט זיך באַגינען אומגעקערט פֿון די בערג אַ פֿאַרמאַטערטער און שלעפּעריקער. דער נײַער אופֿזעער, וואָס האָט לאַנג געשפּירט נאָך אים, האָט פֿאַרנאַכט, ווען מע האָט שוין געקליבן זיך גיין אַהיים, באַמערקט,

ווי טאַראַס האָט זיך פאַרגאַנוועט צו דער דריטער נאַפט־גרוב, וואָס מע האָט שוין געהאַלטן באַם לאָזן אין גאַנג, און איבערגעהאַקט דעם שטאָלענעם קאַנאַט.

דער אופזעער איז צוגעשפרונגען, געכאַפּט טאַראַסן, געוואָלט שלעפּן אים צום קאָמענדאַנט, נאָר פיליפּ און נאָך עטלעכע אַרבעטער זײַנען אויסגעוואַקסן לעבן אופזעער. זיי האָבן געפּרוּווט דערווײַזן, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט בעקיוון און אַז טאַראַס איז דאָ ניט שולדיק... זיי האָבן געוואָרנט דעם אופזעער, וואָס האָט זיך ערשט ניט לאַנג באַזעצט מיט זײַן מישפּאָכע אין פאַרשטאָט פון ראַפּײַעווקע, אַז אויב ער וועט מעלדן דעם קאָמענדאַנט, וועט ער מיט דער גאַנצער מישפּאָכע זײַנער אומקומען. זיי האָבן אויך צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט האַלטן די צונג צווישן די ציין, וועט מען אין עטלעכע טעג אַרום ברענגען אין אָרדענונג די גרוב, ליקווידירן די אַוואַריע. און יענער האָט פון שרעק צוגעזאָגט, אַז ער וועט שווײַגן. נאָר צי קאָן מען גלייבן אַן אופזעער, אַ טרײַען דינער פון קאָמענדאַנט? טאַראַס האָט אַליין פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געהאַנדלט ניט באַטראַכט, לײַכטזיניק און דאַרף זײַן איצט באַזונדערס געהיט.

מע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, נאָר די שטימונג איז געווען געפּאַטערט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב דער אופזעער וועט טאַראַסן אויסגעבן, וועט מען אים צעשיסן. אַ שרעק איז די מענטשן באַפאַלן.

פאַרשיידענע פּלענער זײַנען געבוירן געוואָרן. אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז טאַראַס מוז גלײַך פאַרשווינדן פונעם יישעוו, אוועק אין די בערג. נאָר ווי קאָן ער פאַרלאָזן די שטוב אַזוי פּלוצעם?

איינס האָט ער געוווּסט, אַז די געפאַר האָט זיך אָנגערוקט, און ניט בלויז אויף אים, נאָר אויך אויף זײַן פרוי, דער מוטער, זײַנע פרײַנט און כאַווײרים.

פון דער היים האָט טאַראַס מיט פיליפּן זיך אוועקגעלאָזט צו סוכאַדאָלען אין שפּיטאָל. מע האָט זיך געדאַרפט אויסייצענען, וואָס טאָן, וויאַזוי אויסמײַדן אַ טראַט, וואָס קאָן טײַער קאָסטן. מע האָט זיך דערמאָנט, אַז דער נײַער אופזעער איז געווען צוריק מיט אַ קורצער צײַט קראַנק און זיך געהיילט באַם דאָקטער. עפּשער וועט סוכאַדאָל צו אים גיין און בעטן פאַר טאַראַסן?

אָבער אין אַזאַ שפּעטער צײַט גיין אין שטאָט איז געווען געפערלעך. דער קאָמענדאַנט איז אין קאָנטאָר ניט געווען די לעצטע פּאָר טעג, און אַלציינס, ביז ער וועט זיך ניט אומקערן פון ליובאָוויטש, וווהין ער פאָרט נעכטיקן אויף זײַן מאַשין, וועט דער אופזעער, זעט אויס, קיינעם ניט דערציילן וועגן טאַראַסן. מע האָט אָפּגערעדט, אַז סוכאַדאָל וועט גיין צום אופזעער אינדערפרי.

באַם דאָקטער איז מען זיך לאַנג פאַרזעסן. ס'איז געוואָרן גאַנץ שפּעט. דער אַרום איז געווען אײַנגעהילט אין טיפן שלאָף. פאַרטאָן אין אומרויִקע מאַכשאָוועס, האָט טאַראַס מיט פיליפּן געשפּאַנט אַהיים.

יאָ, עס שטייט אַלעמען פאַר אַ שווערער אויספּרוּוו. מע דאַרף זײַן אויף דער וואַך. יעדע מינוט קאָן זיך אַראָפּלאָזן די האַק.

זיי האָבן זיך געזעגנט לעבן טאַראַס' שטוב. פיליפּ האָט זיך מיט אַ ברייטן שפּאַן געלאָזט אַהיים. ער איז געווען מיד. די געפאַר, וואָס איז איצט געהאַנגען איבער זײַן כאַווער, האָט אים אײַנגאַנצן געפּלעט. ער האָט צוגעזאָגט, אַז באַגינען וועט ער צו אים קומען. פאַר דער נאַכט וועט מען עפּעס דאַרפן צוטראַכטן.

אַרום איז געווען פינצטער. אַ שווערער פאַרגעפיל האָט באַגלייט פיליפּן און געטאָטשעט זײַן נעשאָמע. ער האָט געוווּסט, אַז שלאָפן די נאַכט וועט ער שוין ניט קענען. כאָטש אַלעמען, האָט ער געדאַרפט זיך נאָך אופהייבן אין די בערג, זיך אוועקלאָזן צום אָפּגרונט, אַהין, ווו ער מיט טאַראַסן האָבן צוריק מיט אַ פּאָר כאָדאָשים אויסגעגראָבן אַ געהיימען בונקער און איבערגעפירט אַהין שיקע קושנירן מיט זײַניקע. שוין דעם דריטן טאָג איז פיליפּ צו זיי ניט געגאַנגען, און יענע זײַנען געווען אָן שפּײַז. אומבאַדינגט, אום יעדן פּרײַז מוז ער נאָך הײַנט צו זיי גיין. די טאָכטער האָט שוין געוויס צוגעגרייט פאַר זיי עסן.

די פינצטערניש וועט פיליפּן ניט אָפּשטעלן — ער קאָן צום בונקער זיך דערקלײַבן אַפילע מיט פאַרמאַכטע אויגן.

טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער פאַרקערעוועט צו זײַן געסל און דערשטוינט געוואָרן, דערזעענדיק באַ דער שטוב דרײַ אויטאָמאָבילן. ער איז דערציטערט געוואָרן פון שרעק. עפּשער האָט שוין דער אופזעער איבערגעגעבן וועגן דער אַוואַריע און מע איז געקומען מיט אַן אונטערזוכונג? ער האָט זיך געוואָלט אומקערן, נאָר זיך דערמאָנט, אַז דאָרטן איז דאָך געבליבן מאַרגאַריטע. שטילערהייט איז ער צוגעגאַן נעענטער.

וואָס איז דאָס? פאַרוואָס זײַנען אַזוי באַלויכטן די פענצטער און עס טראָגט זיך פון דער שטוב אַ געזאַנג, עמעצער שפּילט אַף אַ האַרמאָניק, עס הערן זיך שיכּורע קוילעס...

צוגעגאַנגען אַף די שפּיץ פינגער צום זײַטיקן פענצטער, האָט פיליפּ דערזען אין שטוב עטלעכע שיכּורע, צעכראַסטעטע אָפּיצערן און האַלב־נאַקעטע צעפּאַטלטע פרויען. באַם טיש איז געשטאַנען טאָמאַס, געשפּילט אַף דער האַרמאָניק, געקײַכט פון געלעכטער און געגאָסן אין די גלעזער ווײַן. „ווידער געקומען און מיט אַ שיכּורער קאָמפּאַניע, — האָט פיליפּ אַ טראַכט געטאָן, — עס איז דאָך אַ כאַרפּע, אַ שאַנדע פאַר שכנים. פאַרוואַנדלט די שטוב אין אַ שאַנד־הײַזל". ער האָט זיך בעסער צוגעקוקט. דאָס זײַנען געווען העכערע באַיאָרטע אָפּיצערן.

ער האָט מיט די אויגן אַ זוך געטאָן מאַרגאַריטען. ווו איז זי?

פיליפּ האָט זיך געלאָזט צו דער הינטערטיר. באַ דער קנאַפּער שײַן, וואָס האָט זיך אַרויס־געשלאָגן פונעם פענצטער, האָט ער דערזען באַ אַ בוים צוויייען. ער איז צוגעגאַן נעענטער און דערקענט די טאָכטער. זי האָט זיך מיט הענט און פיס אָפּגעשלאָגן פון אַ צעכראַסטעטן אָפּיצער, אין וועלכן פיליפּ האָט גלײַך דערקענט טאָמאַסעס פרײַנט, ריכאַרדן. מאַרגאַריטעס מויל איז געווען פאַרשטעקט מיט אַ נאָזטיכל, דאָס קאָפּטל אַף איר — צעריסן, און מע האָט אַרויסגעזען די אַנטבלויזטע בריסט. זי האָט ניט געקאָנט שרײַען, און דער הונט האָט זי אײַנגעקלעמט אין זײַנע הענט.

פיליפּ איז צוגעשפּרונגען, אָנגעכאַפּט דעם מערדער באַם קאָלנער, אַ שלײַדער געטאָן אַף דער ערד, גענומען טאָפּטשען מיט די שטיוול. יענער האָט זיך אויסגעדרייט און, קוקנדיק מיט פּאַכעד אַפן צעבייזערטן פאָטער, אַרײַנגעלאָפן אין שטוב.

פיליפּ האָט געגלעט די טאָכטער איבערן צעפּאַטלטן קאָפּ, געפּרוּווט זי באַרויִקן:

— מײַן גאָט, סאַראַ מערדער... וויאַזוי האָט ער זיך דערלויבט. איך וועל אים דערשטיקן. איך וועל באַלד... — ער האָט זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר, נאָר די טאָכטער האָט אים אָפּגעשטעלט, באַהאַלטן מיט די הענט די אַנטבלויזטע ברוסטן:

— גיי ניט אַהין, פאָטער, זיי וועלן דיך הארגענען. אַלע זײַנען זיי טויט־שיכּור. טאָמאַס האָט זיי אַהער געבראַכט. איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, נאָר דער מערדער, ריכאַרד, האָט מיך אָנגעיאָגט און זיך איזדיעקעוועט איבער מיר.

זי האָט געוויינט, ציטערנדיק פון פּאַכעד, קוים געכאַפּט דעם אָטעם.

— וואָס טוט זיך באַ מיר אין שטוב? — האָט פיליפּ געבראָכן די הענט. — איך וועל גיין דיר אַרויסטראָגן עפּעס אָנטאָן. וועסט אַוועקגיין נעכטיקן צו טאַראַסן. באַלד טראָג איך דיר אַרויס...

פיליפּ איז אַרײַן אין מאַרגאַריטעס צימערל, גענומען אַ פּאַק קליידער פון דער שאַפע און אַרויס אַפן גאַנעקל. איבערגעגעבן איר דאָס אָנטאָן, האָט ער זי אַרויסגעפירט אַף אַ זײַטיקער סטעזשקע.

— גיי אַהין און וואַרט אַף מיר. דערצייל דערווײַל גאָרניט. איך וועל שפּעטער קומען צו דיר. גיי, טאָכטערקע. וואָס קאָן מען טאָן? גאָט, וואָס די מאַמע האָט ניט דערלעבט דערצו...

ער האָט זיך אומגעקערט צו דער שטוב, געשטאַנען עטלעכע מינוט הינטער דער טיר, ניט געוווּסט, וואָס דאַרף ער טאָן. סײַדן דערשטיקן דעם הונט, דעם ריכאַרדן, וואָס האָט געוואָלט שענדן זײַן טאָכטער. ווען ער, פיליפּ, קומט ניט אָן... זי וואָלט זיך דאָס לעבן גענומען. וואָס טוט זיך? עק וועלט!

פיליפּ איז אַרײַן אין שטוב. ריכאַרד האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל. דערזען דעם פאָטער, איז טאָמאַס צוגעגאַן צו אים מיט זײַן שיכּורן געגנגל, אויסגעשטרעקט די האַנט, אים געוואָלט אַרומנעמען. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק און עפּעס גענומען שטאַמלען. אין צימער זײַנען געזעסן און געלעגן אין פאַרשיידענע פּאָזעס שיכּורע אָפּיצערן מיט זייערע מוידן. מע האָט שוין ניט געוווּסט, אַף וואָס פאַר אַ וועלט מע געפינט זיך.

פיליפּ האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס דאַרף ער טאָן. די שכנים וועלן דאָס דערזען, וועט קיינער ניט וועלן קוקן אין זײַן זײַט, מע וועט זיך פון אים אָפּקערן, ווי פון אַ קרעציקן, און גיי דערצייל, אַז דאָס איז ניט זײַן זון, נאָר זײַן שאַנדע, זײַן אומגליק...

עס איז שוין שפּעט. מע דאַרף צווײַלן. ווען די קלאָווים וועלן זיך אויסניכטערן, וועט פיליפּ שוין ניט קאָנען גיין צום בונקער.

גענומען דאָס קלומעקל עסן, האָט ער זיך אַרויסגערוקט פאַרזיכטיק פון דער טיר, אַריי־בערגעקראָכן איבערן שטיינערנעם פּלויט און זיך געלאָזט אַרוף־באַרג, צום גרינעם לאַבירינט פון ביימער, קאָרטשעס, פעלדזן, יאַרן. עס איז געווען שווער צו גיין. ער האָט געפילט אַ מוירעדיקע מידקײַט, נאָר דאָרטן וואַרטן זײַנע אויסגעהונגערטע כאַווײרים. ווער ווייסט, ווען



ער וועט זיך א צווייט מאָל אהין ארויסרײַסן? וואָס קאָנען נאָך אָפּטאָן יענע שלעק, וועלכע האָבן פארפולט זײַן שטוב? עפשער זײַנען זיי געקומען דורכפירן אַן אקציע?

ער האָט געאײַלט צו די בערג, צום בונקער.

א האלבע לעוואָנע איז ארויסגעקראָכן פון אונטער די אָנגעדראָלענע וואָלקנס און באַשײַנט א ־שטיק וועג. אָט איז ער שוין באלד באם ציל. באלד וועט ער זיך באגעגענען מיט די מענטשן, וואָס ווארטן אַף אים. נאָך א ביסל... נאָר פארוואָס איז אים הײַנט אזוי שווער זיך דראפּען איבער די בערג, איבער די מאָכיקע פעלדזן?

אָט האָט ער זיך ענדלעך דערקליבן ביזן ראנד פונעם אָפּגרונט. אָט דאָ דערנעבן געפינט זיך דער בונקער. פיליפּ וועט צוגיין צו דער קרומער סמערעקע, וואָס הענגט אָנגעבויגן איבערן שווארצן בארג־אָפּריס, דרײַ מאָל אָנקלאַפּן מיטן שטעקן, א פײַף טאָן, ווי א פויגל, און די מענטשן וועלן אופשטיין פון דער ערד, זיך לאָזן צו אים.

ער האָט שוין אופגעהויבן א שטעקן, צוגעגאנגען נעענטער צו דער סמערעקע. אָבער וואָס איז דאָס? ער הערט, דאכט זיך, א שטארק סאָפּען. עמעצער שפּירט אים נאָך?

פיליפּ איז דערציטערט געוואָרן, זיך אומגעקוקט. ניט ווײַט פון אים איז געשטאנען ברייט צעשטעלט די פיס א צעכראסטעטער און שמייכלענדיקער טאָמאס.

א קעלט איז דורכגעלאָפן איבער פיליפּס לײַב. מיט א שווערער צונג האָט טאָמאס ארויס־געבראכט:

— נו, וואָס האָט איר זיך, פּאָטער, אָפּגעשטעלט? גייט! איר גייט געוויס אַף א שפּאציר אין די בערג... און עפשער גייט איר זאמלען שוואָמען?

מיט רעציכע איז ער צוגעשפּרונגען צו אים, ארויסגעריסן פון זײַנע הענט דאָס קלומעקל, עס אויסגעשאָטן אַפן גראָז. עס האָט זיך א שאָט געטאָן פון דאָרטן ברויט, קעז, ציבעלעס.

— דאָס האָט איר געוויס מיטגענומען פאר זיך עסן? איך פארשטיי. — און, קוקנדיק פּי־ליפּן כוצפּעדיק אין די אויגן, פאָרגעזעצט: — וועמען באהאלט איר דאָ אויס? וועמען טראָגט איר עסן, — קאָמוניסטן, ייִדן? באוויַזט, ווו באהאלט איר זיי?

אַף א פּאָר רעגעס האָט פיליפּ אָנגעוווירן דאָס לאָשן. ער האָט געקוקט אַפן שיקערן טאָ־מאסן, ווי אַף א בייזוווּנדער. ער האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אזא אופגעבראכטן. און, גענומען זיך אין די הענט, געזאָגט:

— טאָמאס? ווי קומסטו אהער? דו ביסט טויט־שיקער, גיי שלאָפן.

— גוט... איך וועל גיין שלאָפן, — האָט ער איבערגעשלאָגן, — נאָר פריִער וועט איר מיר באווײַזן די שווײַנען, וועלכע איר באהאלט. איך וועל ברענגען מײַן עלטסטן א מאטאָנע. איר האָט אים געזען? ער איז דאָרט בא אײַך אין שטוב. זאָגט מיט גוטן. צווינגט ניט, איך זאָל מײַנע גענאָסן רופן אהער. פאר אײַך וועט זײַן ערגער...

ער האָט ארויסגעשלעפּט פון קאַבורע דעם פאַראַבעלום און אים אופגעהויבן אינדערלופטן.
— באלד וועל איך אופהייבן א שיסעריי, און מיינע וועלן גלייך אהער קומען. דעמלט, פּאַטער, וועט פאר אייך זיין ערגער. באלד רוף איך זיי. פּאַטער...

— וואָס? — האָט מיט רעציכע ארויסגעבראַכט פיליפּ און צוגעגאַן נעענטער צו טאָמאַסן, אים אריינגעקוקט אין די אויגן. — דו וואגסט מיך רופן פּאַטער? דו ביסט מיין זון? איך קען ניט קיין זון קיין מערדער.

און ניט וויסנדיק, ווי עס האָבן זיך צו אים געמומען קויכעס, האָט פיליפּ א מוירעדיקן קלאַפּ געטאָן טאָמאַסן איבער דער האַנט. דער רעוואָלווער איז אראָפּגעפאַלן אפן גראָז. ווען טאָמאַס, א דערשראָקענער פונעם אומדערוואַרטן קלאַפּ, האָט זיך א לאָז געטאָן צום געווער, האָט פיליפּ אים דעריאָגט, אָנגעכאַפּט פאר די לאַצן פונעם צעכראַסטעטן קיטעל, אף וועלכן עס האָט א בלאַנק געטאָן דער קרייץ, מיט אלע קויכעס אים א טרייסל געטאָן און א שליי־דער געגעבן אף די שאַרפע שטיינער.

טאָמאַס האָט זיך פון ווייטעק געקאָרטשעט, ווי א שלאַנג, — א שווערן קרעכץ געטאָן און זיך אויסגעצויגן.

פיליפּ איז א רעגע געשטאַנען איבערן טויטן קערפּער פון טאָמאַסן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

ער האָט זיך מיט שרעק ארומגעקוקט, צי קיינער גייט ניט אהער. ארום איז געווען שטיל און פּוסט. דער ווינט האָט געפּיפּט אין די קרוינען פון די ביימער. די האַלבע לעוואָנע, דער איינציקער איידעס, איז אף א פּאָר רעגעס פאַרקראָכן אונטער א וואָלקן און ווידער זיך באוויזן.

ער האָט אופגעהויבן די אויגן צום הימל, ווי ער זאָל זיך וועלן ווענדן צו גאָט אליין, און א שטילן שעפּטשע געטאָן:

— פאַרגיב מיר, בערטע... דיין טאָמאַס איז אויסגעוואַקסן א מערדער, אַן אויסוואורף, און ער האָט פאַרדינט אזא טויט. גאָט זעט דעם עמעס...

ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צום טויטן קערפּער און מיטן פוס אים אראָפּגעשטויסן פון דער קרוטשע אין פינצטערן טהאָם.

פיליפּ האָט זיך אָנגעבויגן, צונויפגענומען דאָס צוואָרפענע איבערן גראָז עסן אין טאָר־בעלע, באהאלטן דעם רעוואָלווער אין בוזעם און זיך שנעל געלאָזט צו דער סמערעקע, דריי מאָל אָנגעקלאַפּט און א פייף געגעבן.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט ער זיך באגעגנט מיט זיינע כאווירים.

ער האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך פאַרהאַלטן און געזאָגט, אז זיי זאָלן שפּעטער וואַרטן אף אים. אויב קיין שטערונג וועט ניט זיין, וועט ער נאָך קומען און מיט זיי איינגעם אוועק טיפער אין די בערג. אזוי דאַרף זיין.

פיליפּ האָט זיך אָנגעהויבן פאַרזיכטיק, נאָר שנעל אראָפּלאָזן פונעם בארג.

מיט א פאַרטייעטן אָטעם איז ער אף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום פענצטער. אין שטוב איז געשטאַנען אזא כראָפּעריי, אז מע האָט זי געקאָנט הערן אין צווייטן עק ייִשעוו. דאָ און דאָרט זיינען געלעגן די שיקערע אָפיצערן מיט זייערע מוידן. באם טיש, צוואָרפן די הענט, איז געשלאָפן, ווי א דערהארגעטער, ריכארד. אף די בעטן — די עלטערע אָפיצערן, טאָמאַסעס נאַטשאַלניקעס. זיי זיינען געלעגן דיקע, פעטע, ווי די זאַטע פּיאַווקעס, וועלכע האָבן זיך נאָרוואַס אָנגעזויפּט מיט פרעמד בלוט.

„נעקאָמע, — האָט א שניט געטאָן אין מויער. — נעקאָמע!"

ער האָט אין איין מינוט באַשטימט, וואָס ער דאַרף טאָן, וויאזוי זיך אָפּרעכענען פאר זיין כאַרפּע, פאר זיינע יעסורים, פאר דער טאָכטער, פאר בערטען, יוסיפן, סטאַסיקן, יוליסן — פאר טויזנטער, טויזנטער אומשולדיקע מענטשן.

ער האָט שוין מער וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט. אוועקגעלאָפן צו טאַראַסן, האָט ער אים אופגעוועקט, געהייסן, מע זאָל די מינוט וואַרפן אלץ, ווייל די געפאַר איז נאָענט. מע זאָל אויך נעמען סוכאַדאָלן, נאַסטיען...

אלע זיינען געשטאַנען און מיט פּאַכעד אים אָנגעקוקט, ניט פאַרשטאַנען, וואָס איז גע־שען, נאָר טאַראַס האָט פאַרשטאַנען, אז מע מוז אַנטליפן.

מיט זייטיקע סטעזשקעס, קיינער זאָל ניט באַמערקן, האָט מען זיך געלאָזט ארוף, צו די בערג.

פיליפּ האָט אָנגעוויזן, ווו מע זאָל זיך דאָרטן צונויפנעמען, און וואַרטן אף אים, און אליין זיך אוועקגעלאָזט צו זיין הויז, ווו די פענצטער זיינען שוין געווען אויסגעלאָשן. מע האָט נאָך קיינמאָל, דאַכט זיך, ניט געזען דעם שמיד אזא אופגערעגטן און אַנטשיידענעם.

מע האָט זיך ניט נאָכגעפרעגט, צי איז עס טאַקע א מוז אַנטלויפן פון דער היים און אַלץ וואַרפן, ווי בעשאַס א סרייפע. טאַראַס האָט פאַרשטאַנען, אַז די אייַלעניש איז פאַרבונדן מיט דעם הייַנטיקן אינצידענט זייַנעם אפן באַצירק. דער אופזעער, דער הונט, האָט, זעט אויס, אים, טאַראַסן, טאַקע אויסגעגעבן, און די טויט־געפאַר הענגט איבער זייַן קאָפּ. ער האָט אַלעמען אָפּגעשיקט אַהין, וווּהין פיליפּ האָט געהייסן, און אַליין אַוועקגעגאַנגען נאָך אים.

ער איז אָף די שפּיץ פינגער צוגעקומען צום פענצטער און צוזאַמען מיט זייַן כאַוער אַרייַנגעקוקט אינווייניק. ער האָט געזען, ווי עס כראַפּען עטלעכע אָפיצערן מיט מוידן. פיליפּ איז אָפּגעטראָטן, צוגעגאַנגען צו די מאַשינעס, דערזען אָף איינער פון זיי אַן אייַזערנע דייזשקע מיט בענזין, זי פאַרזיכטיק אַראָפּגעקייַקלט אפן גראָז, אופגעדרייט דעם קאָרעק, אַרייַנגעשפּרונגען אין הויף און געכאַפּט צוויי עמער, א ווונק געטאָן צו טאַראַסן, ער זאָל אָנגיסן, און מיט די פולע עמער צוגעגאַנגען און באַגאָסן די טיר, די פענצטער. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אומגעקערט און געכליופּעט דעם בענזין, ווו עס האָט זיך געמאַכט, צוניפּגעטראָגן צו דער טיר די שטרוי, וואָס איז געלעגן אין עק הויף, פאַרוואַרפן מיט שמאַטעס די טיר, די פענצטער. צוניפּגעדרייט און א צינד געטאָן א גרויסן שטורקאַטש. די שטוב האָט געגומען פלאַקערן פון אַלע זייַטן, אַזוי אַז דער טייַוול אַליין וואָלט ניט געקאָנט אַרויס א לעבעדיקער פון דאָרטן.

ער האָט מיט טאַראַסן זיך געלאָזט לויפן איבער דער פאַרדרייטער סטעזשקע, וואָס פירט אין די בערג, אַהין, ווו עס זייַנען פריִער אַוועק די יִשוווניקעס.

זיי זייַנען שוין געווען העט אפן גרויסן באַרג, ווען מע האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט. א מוירעדיקער פלאַם האָט זיך געהויבן אין הימל אַרייַן. די שטוב האָט געפלאַקערט פון אַלע זייַטן, און מעכטיקע פייַער־צונגען האָבן געבושעוועט אינעם ווינט.

פיליפּ איז געשטאַנען און געקוקט אָף דער סרייפע, דאָס האַרץ האָט א ביסל געגאָיעט — עס ברענט אַלץ, וואָס ער האָט פאַר די שווערע צענדליקער יאָר דאָ אָפּגעשפּאָרט, אַלץ איז אַוועק מיטן פייַער, נאָר, נישקאָשע, דאָס איז גוט! ער האָט א ביסל געשטילט זייַן האַס, געגומען נעקאָמע. זאָלן די מערדער ברענען צוזאַמען מיט זייַן גוטס. אויב די בלוטיקע הענקער וועלן אומקומען, אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד, וועט ער לעבן, אַרבעטן, זיך פאַרדינען אָף אַלץ. און אויב זיי וועלן דאָ בלייַבן געוועלטיקן — דאַרף ער גאָרניט!

זיי האָבן דעריאָגט די מענטשן, וועלכע זייַנען אַוועק אין די בערג פריִער. אַלע האָבן מיט שרעק געקוקט אין יענער ריכטונג, ווו עס האָט געבושעוועט די סרייפע. מע האָט מיט פאַכעד באַטראַכט פיליפּן און טאַראַסן, אַנשטויסנדיק זיך, אַז דאָס דאַרף זייַן זייער אַרבעט.

— וואָס איז דאָרט, דער גאַנצער יִשעוו ברענט?

— ניין, — האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פיליפּ, — די קאַטן ברענען. מייַן שטוב.

ער האָט ניט גערן געענטפערט. אין די אויגן זייַנען האָבן זיך באַוויזן טרערן. אים איז שווער געוועןריידן. עפּשער שפּעטער, ווען מע וועט שוין זייַן ווייַט, וועט ער אַלץ דערציילן געַנוי, דערווייַל מוז מען אייַלן, מע טאָר זיך ניט פאַרהאַלטן.

פיליפּ האָט פאַרקערעוועט צום ראַנד אָפּגרונט, א רעגע געשטאַנען, זיך אייַנגעקוקט אין דער טיף. פון דאָרטן האָט זיך בלויז דערטראָגן א שטיל כליופּערייַ פון א שטראָם, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן געוואַלגער פון שטיינער און שוואַרצע קוסטעס. קיינער פון די מענטשן האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס קוקט ער אַראָפּ אינעם טהאָם און וואָס זוכט ער דאָרטן.

ער האָט פאַרקערעוועט צו דער סמערעקע, וואָס איז געהאַנגען איבערן שוואַרצן אָפּגרונט, א קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן, וואָס ער האָט אופגעהויבן, דרייַ מאָל זיך צעפּייַפט, ווי א סאָלאָווי, און פון דער זייַט, פון צווישן די געדיכטע קוסטעס, האָט זיך פאַמעלעך געעפנט א שטיקל ערד, און די אַרומיקע מענטשן זייַנען דערשטוינט געוואָרן, דערזעענדיק, ווי עס קומט אַרויס פון אונטער דער ערד דער פעטער שיקע קושניר, שיפּרע, רייזל, זאַלמען און די איבעריקע.

אַלע זייַנען עטלעכע רעגעס געשטאַנען, ניט דערקענענדיק איינע די אַנדערע. נאָר ווען מע האָט זיך ענדלעך דערקענט, האָט מען זיך א לאָז געטאָן האַלדזן און קושן. אין דעם ווינקל פון די קאַרפּאַטן, ווו זעלטן האָט געטראָטן א מענטשישער פוס, האָט זיך צעטראָגן א געוויין, א געיאָמער.

כאָטש מע איז שוין געווען גאַנץ ווייַט פונעם יִשעוו, האָט מען נאָך אַלץ געזען, ווי עס בושעווען די פלאַמען. די מענטשן פון בונקער האָבן דערשראָקענע אַהין געקוקט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס ברענט און פאַרוואָס אייַלט מען טיפער אין די בערג.

פֿון מאָל צו מאָל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אין דער געדיכטעניש פֿון די ביימער און מאָכיקע פֿעלדזן, קעדיי איבערכאַפּן דעם אָטעם, זיך אָנעמען מיט פֿרישע קויכעס און גיין ווײַטער.

די זון האָט שוין גענומען פֿאַרגיין, ווען מע איז געקומען צו א ווינקל, ווו מע האָט ניט אָנגעזעזן קיין וועגן און קיין שטעגן. אין דער גרינער געדיכטעניש זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגע־לאָפֿן, ווי מע וואָלט זיך אמאָל צעקריגט, עטלעכע הײַזער, געדעקטע מיט מאָכיקן שינדל. ניט קיין דערפֿאַרענער וואָלט ניט אזוי גרינג געפֿונען די דאָזיקע כאַטעס, נאָר טאַראַס און מאַרגאַריטע זײַנען דאָ שוין ניט איין מאָל געווען, געגאַנגען צו ראָמאַן קראַוועטשוקן נאָך פֿלוגבלעטלעך. אָט ערגעץ דאָ ניט ווײַט איז געווען זײַן באַהעלטעניש. קימאַט אין אַלע כאַטעס האָבן געוווינט די מענטשן, וועלכע זײַנען געוואָרן פֿאַר די שווערע כאַדאָשים זײַנע טרײַע פֿרײַנט און אים מיטגעהאָלפֿן אין אַלץ, אין וואָס ער האָט זיך געניייטיקט. איצט איז צוגעקומען הילף. אָט דאָ וועט מען צײַטווײַליק בלײַבן וווינען, אַרבעטן, קעמפֿן. אָט דאָס ווינקל איז געבליבן סאָוועטיש, כאָטש ווײַט, אונטן, אין די שטעט און דערפֿער, אין די יִישוּווים, האָבן געווילדעוועט די אָקופּאַנטן.

אהער, אינעם ווילדן ווינקל, האָט ניט דערגרייכט קיין פֿוס פֿון די פֿאַשיסטן. אהער האָבן זיי זיך ניט אײַנגעשטעלט קריכן, און דאָס ווינקל האָט אויסגעזען, ווי א ווונדערלעך אינדזעלע אין א צעבושעוועטן יאַם.

אין א פֿערטל שאָ אַרום האָט זיך אַף דער שוועל פֿון א קליין שטיבל, וואָס אונטער א מאָכיקן פֿעלדז, באַוויזן ראָמאַן קראַוועטשוק אַף זײַנע מיליצעס, און דער אוילעם האָט מיט טומל זיך א לאָז געטאָן צו אים.

— גאָטעניו... ראָמאַן? אזאַ צײַט געווען צעשיידט...

דאָס פֿאַרוואַקסענע געעלטערטע פּאָנעם האָט א שמייכל געטאָן. אָפּגעגאַנגען פֿון דער שוועל, האָט ער זיך אָוועקגעזעצט אַפֿן גראָז, צעשפּיליעט דעם קאָלנער פֿונעם העמדל און, באַטראַכטנדיק יעדן באַזונדער, אָפּגעשטעלט דעם בליק אַפֿן ברודער און פֿיליפּן:

— נו, דערציילט, קינדער, וואָס פֿאַר א ווינט האָט אײַך אזוי אומדערוואַרט געבראַכט אהער?

ער האָט אָנגעשטרענגט זיך אײַנגעהערט אין פֿיליפּס ווערטער. און פּונקט ווי די אַרו־מיקע, באַגיטיקט אַלץ, וואָס ער האָט זיך נאָרוואָס דערוווּסט וועגן טאָמאַסן, דער סרייפֿע, די אומגעבעטענע געסט, וואָס זײַנען אַוועק מיטן פֿײַער. פֿיליפּ האָט אויך דערציילט וועגן טאַראַסן, וועגן דער אַוואַריע.

ראָמאַן קראַוועטשוק האָט אויסגעהערט פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף די געשיכטע, און די אויגן האָבן זיך באַ אים צעשײַנט.

שיקע קושניר, וואָס האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך א ציגאַר טוטין, האָט אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע זײַן פֿאַררייכערטע ליולקע, צוגעגאַנגען צו ראָמאַנען, גענומען א ביסל טוטין פֿון זײַן טאָרבעלע, פֿאַררייכערט און געזאָגט:

— איך וועל אײַך זאָגן, די געשיכטע איז א קלוגע זאַך! זי לערנט, ווי א גוטער רעבע. וועגן דעם אַלץ טראַכט איך שוין גאָר לאַנג. ווי איר ווייסט, האָב איך אין מײַן לעבעדיקן קייווער געהאַט גענוג צײַט צו טראַכטן. איר פֿאַרשטייט, מײַנע טײַערע פֿרײַנט, אַז מע האָט באַ מיר צוגענומען דעם האַמער מיט דער קאָוואַדלע, מיטן בלאָזזאַק און מע האָט געמאָלדן, אַז שיקע קושניר, דער פּאַטאָמסטווענער קאָוועל, און אַלע זײַנע איינגלוביקע זײַנען מענטשן פֿון לעצטן סאָרט, אַז מע דאַרף אים אָפּמעקן פֿון דער ערד, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אזאַ ווילדע מעשוגאַס, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזען און די געשיכטע האָט נאָך ניט געהערט. אַזעלכע טאַליאָנים, ווי די פֿאַשיסטישע מערדער, זײַנען נאָך ניט געווען און וועלן קיינמאָל, דאַכט זיך, ניט זײַן...

זיך טיף פֿאַרצויגן מיטן רויך פֿון זײַן ליולקע, האָט דער פֿעטער שיקע קושניר פֿאָרגע־זעצט:

— איז אַקעגן דעם, וואָס איר זאָגט — די געשיכטע... די שרעקלעכע מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, און די שולדיקע וועלן הענגען אַף דער טליִע. דאָס איז א געזעץ. נאָר יענע, וואָס האָבן געבוירן אַזעלכע שרעקלעכע טאַליאָנים, וועלן לאַנגע יאָרן כאַראָטע האָבן. לאַנג־לאַנג וועט די וועלט זיי דערמאָנען זייערע פֿאַרברעכנס. דויר־דוירעס וועט מען זיי פֿאַרשעלטן די ביינער. אזוי וויל די געשיכטע. און עס וועט דאָך קומען א צײַט, ווען מע וועט אין די צאָרעס און רעדיפֿעס דאַרפֿן א ביסל פֿאַרגעסן און מע וועט מאַכן שאָלעם... גוט, זייער גוט, וואָס מיר, פֿיליפּ, זײַנען ניט געוואָרן מיט דיר קיין סאָנים. געבליבן גוטעפֿרײַנט... און דאָס ווערטל

זאָגט: „מע טאָר ניט מעסטן אַלע אויף איין אַרשין". עמעסע פּריוואַט דערקענט מען אין אַ נויט. און דו, פיליפּ, מיט דײַן טעטערל האָבן אויסגעהאַלטן דעם שווערן עקזאַמען. און מיר דאַכט, אַז אַפילו הײַנט פלאַנצן מיר שוין דעם איילבירט־בוים...

— וואָס פאַר אַן איילבירט־בוים? — האָט איבערגעשלאָגן אָקסאַנע. — עפּעס רעדסטו ניט אַזוי ווי שטענדיק, שיקע!

— וואונדער ניט ווי שטענדיק, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — איך האָב דאָך געזאָגט, אַז איך האָב אַ סאַך געטראַכט אין מײַן לעבעדיקן קייווער. איר ווילט וויסן — וואָס פאַר אַ בוים? באַלד וועל איך אײַך פּרוּוון דערקלערן. עפּשער וועט איר צושטימען מיט מיר. און עפּשער ניט. ווער ווייסט? די אַלטע גריכישע לעגענדע דערציילט וועגן אַן איילבירט־בוים — דעם בוים פון שאַלעם און פרײַנטשאַפט, — וועלכער האָט געגעבן פּרוכט ערשט אויפן איין־און־נײַנציקסטן יאָר, נאָך דעם, ווי מע האָט אים פאַרפלאַנצט. ניט יעדערער האָט געוואָלט פאַטערן קויכעס, צײַט, פלאַנצן אַזאַ מין בוים, וויסנדיק, אַז ניט ער וועט געניסן פון זײַנע פּיירעס... אָבער יענע גערטנער, וועלכע האָבן פאַרפלאַנצט אַזאַ איילבירט־בוים, האָבן זיך דעראַבערט קאָוועד און דאַנקבאַרקײַט פון די קינדער און קינדסקינדער, פון די קומענדיקע דורות און זײַנען אַרײַן אין דער אייביקײַט... איך טראַכט, קינדער, אַז מיר האָבן פאַרפלאַנצט אונדזער איילבירט־בוים.

— אוי, שיקע, — האָט זיך אָנגערופן שיפרע, — און איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז דו ביסט בײַ מיר אַזאַ כאַכעם!

— איך האָב דאָך אײַך גלײַך געזאָגט, אַז איך בין פאַר דער צײַט געוואָרן אַ שטיקל פילאָסאָף, — האָט אַ ווייטעקלעכן שמייכל געטאָן דער שמיד.

ראָמאַן קראַווטשוק האָט באַטראַכט דעם אוילעם, ווי מע איז גראָוו געוואָרן, אויסגעטריקנט, אויסגעמאַטערט, דערצאָרנט, און זיך אופגעהויבן פון אָרט:

— נו, מײַנע טײַערע, דעריקער איז דאָס, וואָס מע האָט ניט פאַרלוירן די האָפענונג, דעם גלויבן אין דער צוקונפט. דער סוינע טאָפּטשעט נאָך אונדזער ערד, און מיר מוזן מיט אַלע קויכעס אים שטערן, נעמען נעקאָמע. מיר, עמעס, זײַנען דאָ ניט קיין סאַך. נאָר, ווי זאָגט מען, פון קליינע שטראָמען ווערט אַ גרויסער טײַך...

באַטראַכט דעם אַרום, האָט ער צוגעגעבן:

— אָט דאָ וועט דערווײַל זײַן אונדזער היים. באַלד וועלן מיר זיך ווי־ניט־איז אײַנאָרדענען, עטלעכע טעג זיך אָפּרוען, קומען צו־זיך, אָנעמען זיך מיט קויכעס — און צו דער אַרבעט!

זינט יענער שרעקלעכער און רומפולער צײַט האָט זיך דורכגעטראָגן איבער די קאַרפּאַטן אַ שיין ביסל יאָר. די ווינטן און ווייגעס האָבן שוין לאַנג אויסגעגלײַכט מיט דער ערד די בונקערס און שוצגראָבנס, ווו עס האָבן זיך אופגעהאַלטן ערלעכע מענטשן, קעמפער. שוין לאַנג־לאַנג, אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון די בערג צו זייערע היימען, צו זייערע נאַפט־טורעמס און וואַרשטאַטן.

דער „שוואַרצער טאָל" איז שוין ווידער ניט צו דערקענען. עס זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן די שוואַרצע הילצערנע טורעמס און אַלטמאָדישע קאַטשעגאַרקעס. הויכע שטאָלענע טורעמס הייבן זיך אַלץ העכער און העכער אין די בערג, און אַלע מאָל דערפרייט זיך דער קאַנט מיט אַ נײַעם נאַפט־פאָנטאַן, וואָס שלאָגט פון די אָקאַרשט־דורכגעעגבערטע טיפע סקוואַזשינעס — נאַפט־גריבער. ראַפּײַוועקע און די אַרומיקע יישווים זײַנען אין די נעכט פאַרגאָסן מיט אַ ים עלעקטרישער שײַן.

שוין לאַנג האָט מען אַראָפּגעטראָגן די נידעריקע הײַזלעך, און עס זײַנען דאָ און דאָרט אויסגעוואַקסן ליכטיקע מויערן, נײַע גאַסן.

אָפט קומען אויף די באַצירקן, צו די שטאָלענע נאַפט־טורעמס דער גראָוער שיקע קושניר און ראָמאַן קראַווטשוק. מע שטייט לעבן די עסטאַקאַדעס, ווו טאַראַס, פיליפּ, זאַלמען מאַרקוס לערנען די יונגע כעוורע עגבערן די ערד, זיך דערקלײַבן צו די טיפּסטע נאַפט־האָריזאָנטן, און מע איז זיי מעקאַנע, וואָס זיי זײַנען נאָך אין זאַטל. אומעטיק איז ביידע פרײַנט אַרומגיין אָן אַרבעט, זײַן אויף מעלוכישע קעסט — פענסיאָנערן. נאָר וואָס ווילסטו טאָן, אַז עס האָט זיך אַרײַנגעמישט דער העכסטער געזעץ פון לעבן — קיין זאַך עלטערט ניט אַזוי די מענטשן, ווי יאָרן...

מוז מען זיך אָפּרוען אויף דער עלטער. אָפט זיצן זיי ביידע אין סעדל, וואָס מע האָט דאָ פאַרפלאַנצט אויפן הויכן ברעג פון דעם שוימיקן און שטענדיק רוישנדיקן בארג־שטראָם. מע שפּילט אין ביינדלעך, מע כאַפּט אַרײַן אַ שאַך. ראָמאַן קראַווטשוק קוקט אָפּטער פון אַלץ

אַרײַן אין אַ פֿרישער בלאַט, און דער פּעטער שיקע קושניר, וואָס איז געוואָרן די לעצטע צײַט אַ ביסל שוואַך אויף דער ריִע, פֿרעגט:

— נו, ראָמאַן, וואָס שרײַבט מען דאָרט? וואָס הערט זיך אויף דער וועלט?

ראָמאַן קראַוטשוקס צעקאַרבט פֿאַרברוינט פּנים צעשמייכלט זיך, און אַ יאַם קנייטשעלעך לויפֿן זיך צונויף בײַ זײַנע טיפֿע דורכדרינגעוודיקע אויגן:

— אויף דער וועלט איז רויִק, שיקע, און ניט שטאַרק רויִק. נאָר אונדזער אײלבירט־בוים, דאַכט זיך, וואַקסט און נעמט זיך אָן מיט קויכעס.

— נו, דאַנקען גאָט דערפֿאַר, — שאָקלט צו מיטן שווערן קאָפּ דער אַלטער, גראָוער שמיד און פּיפּקעט זײַן אַלטע אויסגערייכערטע ליולקע, — אַבי דער אײלבירט־בוים וואַקסט, וועלן שוין עפּשער מער קיין מילכאָמעס זיך ניט איבערכאַזערן און מענטשן וועלן שוין לעבן רויִק, אָן צאָרעס, אָן יעסורים.



## ארון וועגעליס

# נ־ײַע לידער

### איך בענק נאָך אײַך

דעם אָנדענק
פון מוישע טייף, מאָטל גרוביאַן, שיקע דריז

כאוויירים מײַנע בא דעם ווײַן און באם געוויין
און בא דער לוסט
און בא דעם גלוסט — כאוויירים מײַנע,
איר זײַנט אוועק
און מיך געלאָזט אליין —
איך האָב צו אײַך א טײַנע.

איך בענק נאָך אײַך.
אין מיר די בענקשאַפט וויעט באדערנאכט.
אף מיר די ענגשאפט לויערט, ווען איך ווארט,
ווען כ׳קאָן פון איינזאמקײַט מײַן לעבן ניט באוואָרענען,
ווײַל שוין פאריכטן קאָן מען איצטער גאָרניט...

די שײַן, וואָס איז פארלאָשן, מיך באשײַנט.
פון אונדזער קרײַז איך בין פארבליבן איינער.
איך הער נאָך הײַנט דעם ראש,
און ס׳טרייסלט מיך נאָך הײַנט,
ווי אין א וואָגן
אף א וועג מיט שפיצעכיקע שטיינער.

געוועזן דער וואָגן איז געמאכט מיט פיל פארשטאנד,
ער האָט אויך איבער הימלען זיך געטראָגן,
און מיטאמאָל האָט איר זיך, אָדלערס, אויסגעשפאנט
און איבערגעלאָזט
מיך
באם וואָגן.

כאוויירים מײַנע! נאָענט נאָך איז דער אמאָל,
אין אים איך זע נאָך אלץ, און כ׳ווער פון אלץ מעוווּלוול.
די העכסטע פרײַז אצינד פאר דעם איך צאָל,
וואָס ערשט ניט לאנג געשאצט מיר האָבן וואָלוול.

א קליינינקײַט, א שפאס, וואָס מיר דערמאָנט אין אײַך,
פארשיקערט מײַן געמיט, עס נאָיען אזש די אייוורים.
מײַן יעדן שפאן מיט אײַערן כ׳פארגלײַך,
מײַנע כאוויירים.

איך בענק נאָך אײַך.
אין מיר די בענקשאַפט וויעט באַדערנאַכט.
אַף מיר די ענגשאַפט לויערט, ווען איך וואַרט,
ווען כ'קאָן פון איינזאַמקײַט מײַן לעבן ניט באַוואָרענען,
ווײַל שוין פאַריכטן קאָן מען איצטער גאָרניט...

איך נעם צונויף
אײַערע טיפקײַטן און פלאַכקײַטן, די עמעסן און די געמאַכטקײַטן,
איך פּרוּוו אין איין געשטאַלט אײַך איצט צונויפנעמען,
צונויף־דרייען,
מיט מײַנעם, מיטן אייגענעם געשטאַלט צונויפירן,
צונויף־פירן,
און עס באַקומט זיך, ווי מע וואָלט דרײַ רענדלעך וועלן אויסלײַען,
ווײַל ס'איז באַוווּסט די פרײַז פון פערטן־אויספּירלעך.

כ'וואָלט בעסער שוין פאַרלאָרן אײַך אין דער טראַנשיי,
כ'וואָלט בעסער פון אַן אומזיניקן אומגליק אײַך פאַרלאָרן.
אָ, זאָל מען מוחל זײַן מײַן מאַנצבלשן געשריי,
אָ, ווי צו מײַנע יאָרן.

בא ליאַמעס ייִנגלשע, אין הייליקער הולטײַסטווע,
אין אַט דער קורצער צײַט, ווען מענטש איז נאָך אַן זאָרג,
ווען ס'איז שוין מינץ פאַראַן און נאָך ניטאָ קיין טײַסטער —
מיר האָבן איינס באַם אַנדערן געגומען פרייד אַף באָרג.

און ס'האַרץ מיר האָבן אויסגעביטן אַף דעם ניגן,
וואָס אַלע מאָל האָט אים פאַרשריבן דער פון אונדז,
ווער ס'האָט געוואָגט זיך אָפּזאָגן פון פאַרגעניגן
לעטויוועס קונסט.

איך בענק נאָך אײַך.
אין מיר די בענקשאַפט וויעט באַדערנאַכט.
אַף מיר די ענגשאַפט לויערט, ווען איך וואַרט,
ווען כ'קאָן פון איינזאַמקײַט מײַן לעבן ניט באַוואָרענען,
ווײַל שוין פאַריכטן קאָן מען איצטער גאָרניט...

## דיכטונג

שטייט א בוים אינמיטן דער וועלט,
אליין א וועלט א פּולע,
אָנגעשטאָפּט מיט היץ און קעלט
און מיט פייגל דולע.

און דער בוים שטייט הויל־קאַטויל
אין דעם שלעכטן וועטער,
און מיר הערן פון זײַן מויל
א געזאַנג מיט ווערטער:

שפּעט אין האַרבסט, ווען ס'פאַלט די בלאַט,
דאַן ווייסן אַלע גרינטלעך:
ס'האָט דעם בוים די קעלט פאַרשאַט,
קומט זײַן לעצטער ווינטער.

איך... בוים... אינמיטן... וועלט...
אליין... א וועלט... א פּולע...
איך פאַרלאָז זיך... אין דער קעלט...
אַף די פייגל דולע...

## מאָרגן — הײַנט

ווען טרעפן מײַנע ייִדן וועט איר מאָרגן,
דערמאָנט זיך, אַז געלעבט זיי האָבן הײַנט.
די נײַס פון זייער זײַן איר האָט פאַרבאָרגן,
פאַרלייקנט אָן א סיבע, ווי מיר שײַנט.

נאָר מאָרגן וועט איר טרעפן מײַנע ייִדן,
דערפרייען זיך מיט זיי איר וועט פילײַכט.

און, מעגלעך, איר וועט זײַן פון דעם צופרידן,
וואָס זיי אין מאָרגן ווײַכן ניט פון אײַך.

פאַרוואָס זשע זײַנט איר הײַנט אַזעלכע בלינדע?
פאַרוואָס זשע זײַנט איר טויב צו זיי אַצינדער?

בריסעל, 1971

## גאַנץ פּאַריזש

איך קום צו פּאַריזש, ווי מע קומט צו א פרוי —
אף א ביסעלע צײַט, אף א קאַפּעלע פרייד,
זי באַגעגנט אזוי:
„איך געטרוי"... „איך פאַרטרוי"...
זי געזעגנט מיט לייד:
„מע צעשיידט"... „מע צעשפּרייט"...

וואָס מאַכסטו, פּאַריזש?
וואָס וואַרטסטו?
וואָס לאַכסטו, פּאַריזש?
וואָס טראַכסטו?

עס טרעפט, ס'נעמט אן אנדערע דעם אויבנאָן —
אוויניאָן, צי ליאָן, צי דיזשאָן, צי טולאָן, —
נאָר דאָס דויערט ניט לאַנג,
ווײַל פּאַריזש לאָזט ניט אָפּ
ניט דעם גוף,
ניט דעם שלאָף,
ניט דאָס האַרץ,
ניט דעם קאָפּ.

וואָס ווילסטו, פּאַריזש?
וואָס פּילסטו?
וואָס שפּילסטו, פּאַריזש?
וווהין צילסטו?

פּאַריזש מיך פאַרנאַרט אין איר גאַס־בודואַר,
און איך ווער באַדערנאַכט אין פּאַריזש א קלאָשאַר,
און דאָ גלײַך
ווער איך רײַך,
אזש א ראָטשילד איך ווער,
און דאָס האַרץ איז מיר לער...

וואָס שטוינסטו, פּאַריזש, דו שיינס דו?
וואָס ווײנסטו, פּאַריזש?
וואָס מיינסטו?

איך קום אין געצײַל קיין פּאַריזש — אף א ווײַל,
ס'איז דער אייפל מײַן דאַך,
מאָנפּאַרנאַס איז מײַן טיש.
קיין פּאַריזש כ'האָב געבראַכט קופּידאָנישע פײַל,
פיר אוועק פון פּאַריזש
גאַנץ פּאַריזש, גאַנץ פּאַריזש.

פּאַריזש, 1968

## ווער איז א ייִד

די שׂילעס אײַערע — זײַ האָבן דאָך אײַן מעלע:
מע זעט, ווהין דאָס שטריקעלע זיך ציט.
איך ענטפער גלײַך, ראַבויסײַ, אָף דער שׂילע,
וואָס מוטשעט אײַך אזוי:
ווער איז א ייִד?

דאָס לאַנד, ווו כ'לעב, געוועזן אמאָל א ציצנס,
איצט אין סינטעטיק האָט עס א געשמאַק.
א ייִד איז דער, ווער ס'טראָגט שוין ניט קיין ציצעס
און ווייסט ניט, וואָס עס איז א לאַפּסערדאַק.

דעם מענטשן מיר דערקענען לויט די מידעס
און לויטן ייִכעס, וואָס אין זיך ער היט.
א ייִד איז דער, וואָס פרעגט ניט, ווער א ייִד איז,
און איז פון זיך אליין א ייִד.

ווין, 1971

## כ'זיץ לעם באַלאָניע אין א שענק

פונוואַנען איז דער מענטש געגאַן —
פון אַפריקע צי פון די אַנדן?
געאַרבעט מיט א שטיין אין האַנט,
צי דאַן מיט שטיינער שוין געהאַנדלט?

וואָס האָט מיט זיך דער מענטש געבראַכט
אינעם פאַרמעסט פון פרייד און זאָרגן —
פון טריבע שענקלעך דעם באַנאַכט,
צי פון די פעלדער דעם פרימאָרגן?

כ'זיץ לעם באַלאָניע אין א שענק,
ווו פּאַניי־סיניאָרן עסן — זויפן.
עס קומט אַרײַן א קינד און ברענגט
אַן עמער וואַסער צו פאַרקויפן.

דערנאָך א מיידל קומט אַרײַן,
צעשפּיליעט באַ דער ברוסט דאָס קאָפּטל
און זאָגט, אַז פאַר א בוטל ווײַן
דו קאָנסט מיט איר דײַן ווילן אָפּטאָן.

נו, יאָ — דער מענטש, ער איז געגאַן
פון דאָרט, פון דאָ, פון ערטער אַנדערע,
געאַרבעט מיט א שטיין אין האַנט
און שוין מיט שטיינער אויך געהאַנדלט.

באָלאָניע, 1972

## פאַר גוטסקייט פאַר דײַנער כ׳האָב מוירע

איך וויל ניט, דו זאָלסט זיי פאַרצײַען, פאַר אונדז ביסטו, רוסלאַנד, דאָס מוז־לאַנד,
וואָס פרעמדע געפעלן זיי טרעפּ, דאָס לאַנד, וואָס דעם שעקער פאַרפאָלגט,
וואָס איצט אינעם ברונעם זיי שפּײַען, דער שטיין, וועלכער טרעפט אין דיר,
פון וועלכן זיי האָבן געשעפּט. רוסלאַנד,
ער טרעפט אינעם ייִדישן פאָלק.

מיט זיי ניט קעדייַ איז צו טײַנען איך וויל ניט, אַז זײַן זאָלסטו מויכל,
וואָס גוט איז און וואָס עס איז שלעכט: איך דאַרף ניט, זאָלסט זײַן צו זיי מילד.
די נישטיקע ברוּים — זיי זײַנען פאַר גוטסקייט פאַר דײַנער כ׳האָב מוירע,
דעם שטויב אויף דײַן ערד ניט די ווערט. דאָס אייגענע פאָלק זיי פאַרשילט.

ווין, 1961

## פונעם ליבע־ציקל

### איך געדענק

איך געדענק דײַן ביאָגראַפיע, אויסגעבראָכן אויף דעם גלויבן,
אָנגעהויבן פון דעם בליץ, אַז געשאַפן האָט דיך גאָט,
וואָס באַשײַנט האָט גאָטס באַשאַפונג
און וואָס דויערט נאָך ביז איצט. ווײַל אַרויסגעוויזן האָט זיך,
אַז אין דיר זײַנען פאַרקניפּט:
איך געדענק דיך, אָנגעהויבן פּרוּיִשקייט (וואָס איז אַ גאָט־זאַך),
פון דעם דונער, וועלכער האָט ערדישקייט (וואָס פון אַ ריפּ).

### מערער — ווייניקער

אַזוי, און ניט אַנדערש, איך פּאַסקן, — אומיסטן אויף גלאָז גיי איך באָרוועס,
צעבערעך מיר דעם קאָפּ אין אַ שטיין: און טאָמער דו שטעלסט מיך ניט אָפּ,
אויף ווייניקער בין איך ניט מאַסקים, דאַן שלאָגן מיט זיך כ׳וועל קאַפּאָרעס
מיט מערער איך וועל זיך באַגיין. אַרום דײַן פאַרטראָגענעם קאָפּ.

קיין מאָס, קיין באַשייד און קיין גרענעץ! פון אייגענעם האַרצן דאָס באַסקאָל
איך בעט און איך בענטש און איך קוועל. דערהערן איז שווער און פאַרשטיין.
די ליבע — אָט קליין ווי אַ גענעץ, אויף ווייניקער בין איך ניט מאַסקים,
און אָט איז זי גרויס ווי די וועלט. מיט מערער איך וועל זיך באַגיין.

שירע גאַרשמאַן

# כאַנעס שאָף און רינדער

(דערציילונג. דריטער טייל)

כאַנע איז ניט געשלאָפֿן. פֿונדעסטוועגן איז איר ניט גרינג געווען אַראָפּצוגיין פֿון געלעגער. דאָס קליינע צימערל איז פֿול געווען מיט פֿינצטערער ענגשאַפֿט, די פֿאַרפֿרוירענע פֿענצטער האָבן ניט דורכגעלאָזן קיין טראָפּן שייַן פֿונעם ווינטערדיקן פֿרימאָרגן.

כאַנען איז שווער אָנגעקומען אַראָפּצושאַרן די קאָלדרע. זי האָט פּאַוואָליע אַראָפּגעלאָזט די פֿיס פֿון דער צעהויקערטער סאָפֿע און איז אַזוי געזעסן אַ רעכטע ווייַלינקע. זיך אַרומגעקוקט, גאָרנישט ניט דערזען, אַרייַנגעטאָן די הענט אין די אַרבל פֿון דער סאַטינענער שוואַרצער קאָסאָוואָראָטקע, נאָר זיי ניט דורכגעצויגן. אַזוי איז זי געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פֿון צייַט צו צייַט שווער אָפּגעאָטעמט. זי האָט זיך עפּעס ניט איַינגעפּאַסט אינעם דאָזיקן רעמל, פּונקט ווי אַהער וואָלט ניט צוגעפּאַסט, אַשטייגער, אַ בוים, ווען מע וואָלט אים פּלוצעם דאָ פֿאַרפֿלאַנצט. סאָפּקאָלסאָף האָט כאַנע דורכגעצויגן די הענט דורך די אַרבל פֿון דער קאָסאָוואָראָטקע און גענומען אָנטאָן די יופּעצע, וועלכע איז אויפֿגענייט געווען פֿון דעם מין מאַנופֿאַקטור, וואָס מע רופֿט „טשאָרטאָווע קאָזשע”. איצט איז איר געבליבן אַרייַנצוקריכן אין די קירזעווע שטיוול, פֿון וועלכע איינער וואָלט געווען איבערגענוג פֿאַר אירעביידע פֿיס. און שוין אַזוי שטייענדיק אין די קאָמונע־בגאָדים, צווישן די קינדער, וואָס זייַנען געשלאָפֿן אויף דער פּאָדלאָגע און נעכעמיען, וואָס האָט אַזוי רעגלמעסיק, אַזוי גרינג־צוצ׳זענדיק געאָטעמט אויף דער באַוווסטער סאָפֿע, וועלכע ס׳איז שוין לאַנג צייַט געווען אַרויסצוּוואַרפֿן, האָט זי זיך פֿאַרטראַכט.

וויפֿל ס׳איז דער זייגער, האָט כאַנע ניט געוווּסט. אָבער זי איז אויפֿגעשטאַנען פּונקט צו דער צייַט פֿונעם ערשטן געמעלק. מיט דעם כילעק, וואָס אין אַלע אוועקגעשטראָמטע באַגינענס האָט זי פּינקטלעך געוווּסט, וואָס זי וועט טאָן. איצט האָט זי לאַכלוטן ניט אָנגעהויבן וויסן, וויאַזוי זי וועט באַגעגענען דעם טאָג. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, אָבער איר שאַרפֿע ריַע האָט אומזיסט געגעבערט די געדיכטע פֿינצטערניש. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז די ווענט זייַנען מאַמעש לעבן אירע אויגן. האָט זי אויסגעצויגן אַ האַנט, און זי איז געווען פֿאַרכידעשט, וואָס איר האַנט באַוועגט זיך פֿרייַ און טרעפֿט ניט אין דער וואַנט.

זי האָט געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן אַהער, אַ פּאָר שפּאַן אַהין, ענדלעך אָנגעטאַפּט די קליאַמקע פֿון דער טיר, אַריבערגעשפּרייַזט די שוועל און איז שטיין געבליבן אין דער קיך. די שוואַכע שייַן פֿון עלעקטרישן לעמפּל, וואָס איז געהאַנגען אונטערן סאַמע סופֿיט, אַן אַרומגעפּלאָכטנס מיט דינעם דראָט, האָט אַרויסגערופֿן בא כאַנען ראַכמאָנעס. אַ ראַכמאָנעס צו דער שייַן, וואָס האָט קוים געזשיפּעט דורך דער טונקעלער נעץ פֿון דרעטלעך. און זי האָט אַ טראַכט געטאָן: „שוין בעסער אַ לאַמטערן, איידער אַזאַ לעמפּל”. עפּעס אַ קאָל האָט איבערגעריסן איר געדאַנק. אָבער כאַנע האָט ניט גלייַך דערהערט, וואָס עס האָט געזאָגט די עלטערע פֿרוי, וועלכע כאַנע האָט פּלוצעם דערזען, יענע האָט איבערגעכאַזערט דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן:

---

דעם ערשטן און צווייטן טייל פֿון דער דערציילונג זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 7 און 9 פֿאַרן 1973 יאָר.

— איר דאַרפֿט אין קלאָזעט? אָט דאָ.

כאַנע האָט אַנגעקוקט די פּרוי, זיך ראַפּטום א לאָז געטאָן צו דער טיר און איז צוריק אַרײַן אין צימער.

ווי פּריִער, זײַנען די קינדער געשלאָפֿן. ווי פּריִער, האָט נעכעמיע רעגלמעסיק־גרינג געאָטעמט. כאַנע האָט, ענדלעך, פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז צו פֿרי אויפֿגעשטאַנען. זי האָט אַראָפּ־געטרייסלט די גרויסע שטיוול פֿון אירע קליינע פֿיס, אין אַנטאָן זיך צוגעשפּאַרט לעבן די קינדער אַף דער פּאָדלאָגע. זי איז געלעגן מיט אָפֿענע אויגן, די בידנע שײַן פֿון לעמפּל אין פֿינצטערן געפֿלעכט איז געשטאַנען פֿאַר אירע אויגן. זי האָט געטראַכט, אַז די מעלקערנס מעלקן איצט די דריטע בעהיימע. אַזוי וואָרהאַפֿטיק האָט זי עס געהערט, געזען, ווידער גע־הערט, ווי די מילך פֿאַלט מיט א ווייכער מורמלערײַ אין עמער, און דאָס האָט אַנגעיאָגט אַף איר א דרעמל. דער לײַכטער דרעמל האָט געבראַכט צו איר די קינדהײַט. זי האָט פּלוצעם דערזען, ווי דער זיידע זיצט באַם טיש, ווי זײַן יאַרמלקע שאָקלט זיך א ביסינקע, ווי ער נעמט פּאַרכטיק מיט צוויי פֿינגער א בלאַט פֿון דער אָפֿענער געמאָרע, ווי ער בייגט זיך צו די קליינע אויסיִעלעך. אַלץ נידעריקער און נידעריקער זינקט זײַן קאָפּ, אַזש די יאַרמלקע פֿאַלט אים שיר ניט אַף די אויגן. טוט ער א כאַפּ די יאַרמלקע, גלײַכט זיך אויס, שאָקלט זיך הין־און־הער, פֿאַרפֿעלט שטיל, פֿאַרטיפֿט, אָפּגעשיידט פֿון אַלץ און אַלעמען. און אָט פֿאַר־שווינדט דער זיידע, און באַלד ווערט א זומערדיקער טאָג, די עפּלביימער אין סאָד שטייען אין ווײַס־ראָזלעכער בליִונג, עס פֿלאַטערן די גרינע בלעטער, ווי זומער־פֿייגעלעך. דער זיידע רײַסט אַרויס ווו נאָר א גרעזל אַרום די שטאַמען פֿון די ביימער, און ער זאָגט טיף־פֿרום, ווי א טפֿילע:

— העלף, טעכטערל, לעבן דײַן פּיסל וואַקסט א כריין־בלאַט.

זי פֿאָלגט, אָבער דער געוויקס רירט זיך ניט פֿון אָרט. דער זיידע שפּאַרט אָן דעם רעכטן פֿוס אַפֿן ראַנד פֿון דער לאָפּעטע, טוט א זיפֿץ, די לאָפּעטע שנײַדט זיך אַרײַן אין דער ערד, און אָט ליגט שוין א בלייכער, לענגלעכער וואָרצל מיט האַריקע וואָנצעלעך. דער זיידע טוט אים א הייב, טרייסלט אָפּ פֿון אים די ערד און הייסט שטיל:

— טעכטערל, ליבינקע מײַנע, טראָג דאָס אוועק דער באָבען, וועט זי מאַכן כריין צו דער פּעציאַ. איבערמאָרגן איז דאָך שאַבעס.

פֿאַר אירע אויגן שטייט דער סאָד, די גרינע גלאַנציקע קאַרשן אַף די צווײַגן פֿון די קאַרשנביימער. די ווײַמפּערלעך־קוסטעס זײַנען מיט אָן א שיר קניפּלעך. די בינען זײַנען פֿאַרנומען ביז גאָר... דער זיידע שטייט אָנגעשפּאַרט אַפֿן הענטל פֿון דער לאָפּעטע, קוקט אַזוי לײַטזעליק אַף אַלץ, שעפּטשעט צו איר:

— זעסט, ווי מע האָרעוועט, מע ווייסט ניט וואָס פֿריִער צו טאָן.

— ווער? — פֿרעגט כאַנע ווי אַף דער וואָר.

— ווער? דער אינדיק מיטן בער! קוק אַף די בינען. א דאַנק אים אין הימל. איך בין זוכע געוווען צו זען זײַן באַשאַף.

כאַנע האָט זיך אופֿגעכאַפּט, נאָר אַלץ שטייט פֿאַר אירע אויגן. „פֿאַרוואָס איז מיר אַזוי אומעטיק? פֿאַרוואָס קוועטשט מיר אַזוי דאָס האַרץ?" — טראַכט זי. ניט דאָס ערשטע מאָל איז אַזוי. קימאַט טאָמיד, ווען זי שטייט עפּעס פֿאַר א ניסאָיען, שווימט צו איר די קינדהײַט, קומט צו איר דער סאַמע באַליבטער, טײַערסטער, דער איינציקער אַף דער גאַנצער וועלט — דער זיידע איר.

און אַלעמאָל ווערט גרינגער איר געמיט דערפֿון. אַלעמאָל, אָבער ניט איצט...

— מאַמע, איך וויל צו דיר, — דאָס האָט זיך אופֿגעכאַפּט דאָס עלטערע מיידעלע, פֿערעלע.

— איך בין דאָך לעבן דיר, מײַן קינד.

— מאַמעלע, לאָז, איך וויל אָנרירן דײַנע באַקן און דײַנע ליפּן. ס'איז אַזוי פֿינצטער, אַז איך זע דיך ניט. פֿאַרוואָס איז דאָ ניטאָ אַזאַ לאָמפּ, ווי אין קינדערהיים?

— דו געדענקסט ניט, מיר זײַנען דאָך אין מאָסקווע.

— איך ווייס, אַף קיין בעטעלע וועל איך שוין קיינמאָל ניט שלאָפֿן.

— וועסט שלאָפֿן, וועסט שלאָפֿן, לעבן מײַנס. אָבער שטילער, וועסט אופֿוועקן אַלעמען.

— זאָלן אַלע אופֿשטיין. איך וויל עסן!

— כאַנוקל, גיב פֿערעלען א שטיקל צוקער, — האָט נעכעמיע זיך אופֿגעכאַפּט און זיך געלאָזט הערן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן כאַנעס ערשטער טאָג אין מאָסקווע.

עס איז גרינג צו זאָגן — אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן כאַנעס טאָג. זי האָט לאַכלוטן ניט געוווּסט, וואָס פריִער צו טאָן. א גליק, וואָס נעכעמיע האָט אַרויסגעהאָלפן.

— כאַנוקע, כאַפ ניט, אײַל זיך ניט, זאָלן די געלעגערס ליגן. פריִער טו אָן די קינדער, און איך וועל דערווײַל אַרויסלויפן נאָך מילך, — האָט נעכעמיע גענומען דעם רודער אין זײַנע הענט.

בייס נעכעמיע איז געקומען מיט דער מילך, זײַנען די געלעגערס געווען אין אָרדענונג. כאַנע האָט אָנגעטאָן און אַרומגעוואַשן די קינדער. זיי זײַנען געזעסן יעדערער מיט א שטיקל צוקער אין האַנט, און דאָס צימער איז פול געוואָרן פון זייערע קלינגענדיקע קעלעכלעך.

נאָך אָנבײַסן איז נעכעמיע מיט כאַנען אַוועק אַפן מאַרק, וואָס האָט זיך געפונען אַף אַרבאַט. אַהין איז געגאַנגען א טראַמווײַ. ווי נאָר כאַנע האָט דערהערט, אַז דער טראַמווײַ קלינגלט, האָט זי אַרויסגעריסן פון נעכעמיען איר האַנט און זיך געלאָזט לויפן. ער האָט זי דעריאָגט, ווידער גענומען איר האַנט, שטיל און שטרענג צו איר געזאָגט:

— וואָס לויפסטו? דו קענסט גיין ווּ דו ווילסט. אָבער דער טראַמווײַ קאָן ניט גיין ווי דו, ער מוז גיין נאָר אַף רעלסן. דערפאַר זאָלסטו זיך ניט שרעקן, ער וועט אַף דיר ניט אַרופאָרן.

בייס זיי זײַנען געקומען אַפן מאַרק, האָט נעכעמיע געגעבן כאַנען א קליין טײַסטערל מיט דרײַ רובל. דערזען, אַז כאַנע קוקט אַף אים מיט אירע בלויע ריינע אויגן, האָט ער ניט פאַרזאַמט זי צו באַרויִקן:

— שרעק דיך ניט, קינדעלע. איך וועל באַלד צוריק קומען. גיב אַכטונג אַפן טײַסטערל, און דאָ זאָלסטו שטיין. גיי אין ערגעץ ניט אַוועק, אַז ניט, וועל איך דיך פאַרלירן. זײַ א טשוטעטשקע פריילעכער, מײַן טרייסט.

— בולבע זאָל איך קויפן פאַרן גאַנצן געלט?

— וואָס רעדסטו, כאַנוקל? אַזויפיל קאַרטאָפל וועלן מיר דאָך ניט דערשלעפן. מע וועט דאַרפן א וואַגאָן! און געדענק, וואָס איך זאָג דיר: אָט דאָ זאָלסטו שטיין!

כאַנע האָט אים באַגלייט מיטן בליק, ביז ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דערנאָך איז איר געפעלן געוואָרן א יונג פאָרל. דאָס פאָרל איז געשטאַנען בא א קליין טישל, ניט ווײַט פון דאָרטן, ווּ מע האָט פאַרקויפט קאַרטאָפל. אַפן טישעלע זײַנען געווען אָנגעוואַלגערט בלעכענע געצאָקטע פיטשינקע פורעמלעך. און דאָס פאָרל האָט פריילעך און פאַרשײַט מיט א ניגן געזונגען:

— ניע פראָכאָדיטיע מימאָ! ניע פראָכאָדיטיע מימאָ! פאָרמאָטשקי דליא פעטשעניא, פאַלטשיקי אָבליזשעטיע! — דאָס באַטײַט: קויפט פורעמלעך פאַר קיכעלעך! די פינגער וועט איר אָפלעקן!

כאַנען זײַנען די פורעמלעך זייער געפעלן. זי וואָלט בעפיירעש געקויפט אַזוינע דרײַ פאַר די קינדער. ניט ווינציקער איז איר אויך געפעלן דאָס פאָרל. זיי זײַנען געווען אַזוי לוסטיק, יונג, אַזוי מאָדנע אויסגעפוצט, כאַנע האָט פון זיי די אויגן ניט אַראָפּגענומען און ניט געקאָנט באַשליסן, צי זײַנען זיי כאָסן־קאַלע אָדער זיי זײַנען שוין מאַן און ווײַב? און ווי זי שטייט אַזוי פאַרגאַפט און קוקט אַף זיי, גייט פלוצעם צו אַן עלטערע פרוי, טוט זי א שטאַרקן שטויס אין אַקסל, בייגט זיך אײַן, הייבט עפּעס אויף און ווערט פאַרשוווּנדן. כאַנע האָט געוואָלט א שפּאַן טאָן און זאָגן דער פרוי א צווייי ווערטער, אָבער זי האָט זיך דערמאָנט, אַז נעכעמיע האָט איר ניט געהייסן זיך רירן פון אָרט. און טאַקע גלײַך האָט זי דערזען, ווי נעכעמיע גייט צו איר.

— האָסט נאָך ניט געקויפט קיין קאַרטאָפל?

כאַנע האָט ניט געענטפערט אַף זײַן פראַגע, ווײַל איר צונג איז ווי געליימט געוואָרן. זי האָט דערפילט, אַז איר רעכטע האַנט איז ליידיק. זי האָט אָנגעקוקט נעכעמיען און באַגעגנט אין זײַן בליק מיטגעפיל און וווּנדער. ערשט איצט האָט זי פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די פרוי האָט זי אַזא שטויס געטאָן און דערנאָך זיך גלײַך אײַנגעבויגן. כליפּענדיק, האָט זיך כאַנע פאַרענטפערט:

— טײַערינקער, איך בין א האָר ניט שולדיק. איך בין די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ווי דו האָסט מיר געהייסן. פלוצעם האָט מיך איינע אַזא שטורכע געטאָן. נו, האָב איך פאַרלאָרן דאָס טײַסטערל, און זי האָט עס אופגעהויבן.

— פאַרפאַלן, מײַן קינד. אָבער וויינען דאַרפסטו ניט. אין מאָסקווע טאָר מען ניט גענעצן. מע דאַרף זײַן מיט א קלאָרן זינען. וואָרעם דאָ קאָן מען פאַלן אַפילע, ווען קיינער שטופּט

ניט. — אזוי האָט נעכעמיע געטרייסט כאַנען, ניט פאַרפעלט זי אַ קוש צו טאָן, און אינגיכן זײַנען זיי געווען אין שטוב.

די קינדער האָבן אַזוי געשריִען און געקוויטשעט, אַקוראַט כאַנע מיט נעכעמיען זײַנען אַ יאָר ניט געווען אין שטוב. כאַנע האָט זיי באַרויִקט און זיך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט לאַנג ניט געטראַכט וואָס צו קאָכן. אָבער דער קאַרטאָפל־זופּ איז זייער געפעלן געוואָרן נעכע־מיען און די קינדער. ווען נעכעמיע איז נאָך וואַרמעס אַוועקגעגאַנגען, האָט כאַנע זיך גענומען אַרומקוקן, וואָס עס טוט זיך אַרום איר. געעפנט די צווייטע טיר, וואָס איז די גאַנצע צײַט געווען פאַרמאַכט, האָט זי דערזען נאָך אַ קליין צימערל. „אױב אַזױ, איז די זאַך גרינגער", — האָט כאַנע אַ טראַכט געטאָן. זי האָט אַלץ אַרויסגעטראָגן פון צימערל, געעפנט די פאַרטקע, אַרומגעווישט דעם שטויב פון די ווענט און פון סופיט. ווען דער צימער איז געווען אָפּגעג־ראַמט, האָט זי אַרײַנגעפירט אַהין די קינדער און צוגעמאַכט די טיר. צו פאַרנאַכט־צו האָבן ביידע צימערן געבלאַנקט, און בײַס נעכעמיע איז געקומען פון שטאָט, איז ער שטיין געבליבן פון יענער זײַט טיר אַף אויסגעשפּרייטע צײַטונגען.

— גיי אַרײַן, האָב קיין מורא ניט, — האָט כאַנע זיך געוועדטלט.

— טרייסט מײַנער, ווי האָסטו דאָס באַוויזן? — האָט נעכעמיע זיך געוווּנדערט. און ווען ער האָט דערזען, אַז דאָס צווייטע צימערל איז אויך ריין, האָט ער טרויעריקלעך אָנגעזאָגט:

— וואָס האָסטו געדאַרפט אופראַמען דאָס צווייטע צימערל, עס איז דאָך ניט אונדזערס.

— וועמענס דען איז דאָס?

— כ'האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז איך ווױן מיטן בלאָנדן. ער איז אויך געווען אין קאָמונע, געדענקסטו?

— איך געדענק. ווי זשע? אָבער ווו איז ער איצטער?

— ער איז אַוועקגעפאָרן קיין קיִעוו מאַכן דעקאָראַציעס צו אַ ספּעקטאַקל.

— ער וועט קומען צוריק? — האָט כאַנע געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, אַז זי וואָלט זייער געוואָלט הערן, אַז דער קינסטלער וועט ניט קומען.

— איך זע, אַז דו ווילסט עס ניט, נאָר ער וועט קומען. דערבײַ האָט ער געשריבן, אַז ער קומט מיט אַ ווײַב, ווײַל ער האָט דאָרטן כאַסענע געהאַט.

— זעסטו, דאָס פאַרדריסט מיך גראָד. כּיי וואָלטן זיי געזען, וואָס פאַר אַ גרויסאָרטיקער סמיטניק באַ זיי אונטערן בעט איז געווען, — האָט זי שאַדנפרייִדיק אויסגעשריִען.

— מיילע, קיין גרויסע טײַנעס וועלן זיי צו דיר ניט האָבן. האָבן זיי ניט געזען, וויפל מיסט זיי האָבן פאַרמאַגט, — האָט נעכעמיע זיך געוועדטלט.

וואָס אַ טאָג ווײַטער, האָט נעכעמיע אַלץ מער געזען, אַז כאַנע איז טאַקע ניט קיין פוילערקע. זיכער האָט ער דאָס געוווּסט פריִער אויך. און פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט אופגעהערט צו ווונדערן.

— קום אַהער, זיץ אַ מינוט.

— מיט דיר, וויפל דו ווילסט, — פלעגט זי גרייטפאַרטיק זיך אָנרופן. אָבער אין אַ ווײַ־לינקע אַרום איז זי שוין לעבן אים ניטאָ. איז זי ווידער פאַרנומען מיט עפּעס. גאַנץ אָפּט פלעגט נעכעמיע אופהערן צייכענען און לאַנג נאָכגעקוקט, ווי זי רייניקט מערן, שיילט בולבע, בראָקט קרויט, שײַערט מיט זאַמד דעם טשײַניק. וואָרעם וואָס זי זאָל ניט געווען טאָן, האָבן אירע הענט צו אַלץ געקלעפּט. איבער אַלע אַרבעטן זײַנען זיי געפלויגן ווי די פויגלען. נע־כעמיע האָט ניט איין מאָל געזען, ווי זײַן מאַמע אָדער די עלטערע שוועסטער פלעגן זיך פּאַרען אין קיך. אָבער אַז זיי זאָלן, ווי כאַנע, קאָנען אַראָפּנעמען אַזוינע לאַנגע דינע גע־קרײַזלטע שאָלעכץ פון אַ בולבע, מע זאָל אַזוי גיך, שפּאַרעוודיק־דין שאָבן אַ מער, האָט ער ניט געזען קיינמאָל.

— גיי טו, וואָס דו דאַרפסט. וואָס קוקסטו מיר אין די הענט? — האָט אין אַזוינע פאַלן געזאָגט כאַנע.

— טרײַב מיך ניט, גיב אַף אַ מינוט דאָס מעסער. כ'וויל אָפּרייניקן אַ מערל פאַר זיך.

— נו וואָס כאַפּסטו. שנײַדסט און שנײַדסט מיטן מעסער אַף איין אָרט. גיב אַהער. זעסט, איין שאָב און פאַרטיק.

ער האָט געזען, אַז זי איז גערעכט, אָבער ער האָט געוואָלט וויסן:

— ווער האָט דיר עס געוויזן, פונוואַנען קענסטו דאָס?

— וואָס איז דאָ צו וויסן. דער סייכל דאַרף האָבן אויגן. זעט מען שוין, אַז מע דאַרף ניט מוטשען, וואָס מע האַלט אין האַנט. מע דאַרף ניט פּאַטערן דאָס, אַף וואָס מענטשן האָבן געהאָרעוועט.

דוכט זיך, אַ קלייניקייט, אָבער נעכעמיען האָט עס געלערנט צו פֿאַרשטיין, ווי דאָס מאַזל האָט אים צוגעשפּילט. די שטובֿ־אַרבעט האָט זיך אײַנגעשטעלט ווי פֿון זיך אַליין, אַלץ איז געווען צו דער צײַט, ווײַל כאַנע איז קיינמאָל ניט געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט. אין אַ פֿרײַער שאָ איז זי געגאַנגען מיט די קינדער אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אָדער זי איז פּאָשעט מיט זיי געווען אין הויף. אַזוי אַז נעכעמיע האָט אַלע טאָג געהאַט שטילע שאָען צו אַרבעטן. די קינדער זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, געווען ווי אַלע קינדער. עס האָט ניט געהאָלפֿן, וואָס נעכעמיע האָט געזאָגט ניט איין מאָל, אַז צום טיש, ווו ער זיצט און אַרבעט, טאָר מען זיך ניט צורירן. ווי נאָר ער איז אַף אַ רגע אַוועקגעגאַנגען פֿון טיש, זײַנען די קינדער שוין געווען דאָרטן. מע האָט געכאַפּט פּאַפּיר, בלײַערס. אַזוי אַז נעכעמיע האָט געמוזט געפֿינען אַן אייצע. ער האָט די קינדער געגעבן פּאַפּיר און פֿאַרב, אַ טעמפּ שערעלע. דאָס אַלץ האָט ער אַוועקגעלייגט אַף דער סאָפֿע, ווו די קינדער זײַנען געווען פֿאַרנומען שאָענלאַנג. די עלטערע, פֿערעלע, האָט זיך זייער צוגעבונדן צו אים. ביילקעלע און ראָכעלע פֿלעגן זעלטן צו אים צוגיין.

אַנומלטן האָט כאַנע געהערט, ווי ביילקע זאָגט צו פֿערעלען:

— פֿאַרוואָס רופֿסטו אים טאַטע? די מומע פֿון קיך האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ פֿרעמ־דער פֿעטער און מער קיינער ניט.

— די מומע פֿון קיך ווייסט גאָרנישט. ווען ער וואָלט ניט געווען אײַער טאַטע, וואָלט ער אין קאָמונע ניט געקומען. און דו, ביילקע־בולקעלע, זאָלסט ניט ריידן מיט דער מומען. און דעם טאַטן האָב ליב, ווײַל ער האָט דיך אויך ליב, — האָט כאַנע געזאָגט צו די קינדער, אָבער אַפֿן האַרצן איז איר געווען ניט הײמלעך.

אין אָוונט האָט זי געוואַשן אַ קינדערש געוועש. די שכיינע האָט געסמאַליעט אַפֿן פֿלאַם פֿון פּרימוס כאַזערשע פֿיסלעך. כאַנע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳איז די ריכטיקע מינוט צו זאָגן דער שכיינע אַ צוויי ווערטער.

— איך בעט אײַך זייער, איר זאָלט ניט ריידן מיט מײַנע קינדער.

יענע האָט אופֿגעהערט צו רייניקן דאָס פֿאַרשוואַרצטע פֿיסל און, פּאַכנדיק מיטן מעסער אינדערלופֿטן, זיך אָנגערופֿן:

— אַזוינע באַריניעס ווי דו גייען באַ מיר הונדערט אַף אַ טוץ. באַ דיר פֿרעג איך ניט, וואָס צו ריידן און ווען צו שווײַגן!

כאַנע האָט שוין גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ פּראַכט די שכיינע איז, און האָט מער צו איר קיין וואָרט קיינמאָל ניט אויסגערעדט. די קינדער האָט זי ניט אַרויסגעלאָזט פֿון צימער, און ווי נאָר זי האָט געהאַט אַ פֿרײַע שאָ, איז זי מיט זיי אַוועקגעגאַנגען. כאָץ אַלע אַרבעטן, האָט נעכעמיע געלערנט מיט כאַנען רוסיש. זי האָט שוין גאַנץ פֿליסיק געלייענט, ניט שלעכט געשריבן. דאָס איז אויך געווען אַ גוט צײַט־פֿאַרברענגען פֿאַר די קינדער. זיי פֿלעגן זיצן, ווי פּאַרקישעפֿט, בייס נעכעמיע האָט פֿאָרגעלייענט.

גאַנץ אָפֿט זײַנען אַרײַנגעקומען קינסטלער, דיכטער. עס זײַנען געווען אַזוינע, וואָס פֿלעגן קוקן אַף כאַנען, ווי אַף אַ פּוסטקײַט. און דערבײַ פֿרעגן: „קיינער איז ניטאָ אין שטובֿ?“. „קיינער ניט“, — פֿלעגט כאַנע ענטפֿערן. דערבײַ פֿלעגט זי דערפֿילן, ווי עס באַשלאָגט זי אַ היץ.

נעכעמיע איז אַנומלטן פֿון ערגעץ געקומען, גלײַך דערזען, אַז כאַנע איז עפּעס צעטראָגן, און געפֿרעגט:

— ס׳האָט עפּעס געטראָפֿן?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן, דאָ איז געווען קאָרנבלום, צי קאָרנוויק. איך געדענק ניט, ווי זײַן פֿאַמיליע איז. קוקט ער אַף מיר, ווי מע קוקט אַף אַ פּלויט, און גיט אַ זאָג: „קיינער איז אין שטובֿ ניטאָ, כ׳וועל קומען שפּעטער...“ ענטפֿער איך אים: „צו וועמען רעדט איר, קיינער איז דאָך ניטאָ“.

— מאָלאָדיעץ, אַזוי זאָלסטו אַלעמאָל טאָן. זיי וועלן זיך מוזן צוגעוווינען.

— זיי וועלן זיך יאָ צוגעוווינען, ניט צוגעוווינען, אָבער וואָס איז עס פֿאַר אַ כאַזערײַ?

— כאַנוקל, האָבן אַן אינטעליגענטע פּראָפֿעסיע איז נאָך ווײַט פֿון זײַן אַן איידעלער מענטש. צוביסלעך וועסטו זיך אויך צוגעוווינען, ביסט דאָך שוין ניט קיין קינד. נעם זיך וואָס ווינציקער צום האַרצן פֿון אַזוינע זאַכן.

גאָר גיך איז כאַנען פֿאָרגעשטאַנען אַ גרויס פֿאַרגעניגן. נעכעמיע האָט געקראָגן בילעטן אַף „פּרינצעסן טוראַנדאָט“. כאַנע האָט אָנגעטאָן דאָס בלויע קלייד, וואָס נעכעמיע האָט גע־בראַכט אין קאָמונע. „דאָס כאַסענע־קלייד“, — האָט כאַנע עס גערופֿן. אָבער קיין שיך האָט זי נאָך ניט געהאַט, דעריבער האָט זי אָנגעטאָן די קירזעווע שטיוול. זי האָט ניט באַמערקט,

ווי אייניקע מענטשן באַטראַכטן אירע פּיס. ווען דער פֿאַרהאַנג האָט זיך אופֿגעהויבן, האָט כאַנע ביכלאַל אין זיך פֿאַרגעסן. זי האָט געזען פֿאַר זיך אַזאַ יאַמטעוו, אַזאַ פּײַערלעכקײַט, אַזויפֿיל רײַכע קאָלירן, אַז נעכעמיע האָט זי אַלע מאָל געדאַרפֿט אַ צי טאָן פֿאַרן אַרבל, ווײַל פֿון צײַט צו צײַט האָט זי אַרויסגעגעבן אַ קוויטש, ווי אין סטעפּ. ווען זיי זײַנען נאָכן ספּעקטאַקל אַרויסגעגאַנגען אױף דער גאַס, איז כאַנע צוגעפֿאַלן צו נעכעמיען, זי האָט אויסגע־קושט זײַנע באַקן, די שלייפֿן, דעם שטערן און מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם פֿון דאַנקבאַרקײַט געהאַלטן אין איין שיטן:

— אוי, וואָס פֿאַר אַ שיינע זאַך דו האָסט מיר געוויזן! די גאַס און די הײַזער זעען אױס־טער אויס וואָכעדיק. פֿיר מיך אַלעמאָל אין טעאַטער.

— טרייסט מײַנער, שטילער, מיר זײַנען דאָך אױף דער גאַס, מענטשן קוקן אױף אונדז. געוויס וועלן מיר גיין אין טעאַטער. נעשאָמעלע מײַנע, אַלץ פֿאַרשטייסטו, אַלץ פֿילסטו. דו האָסט מיך נאָך ליב אַזוי ווי אין קאָמונע?

— וואָס פֿרעגסטו דאָס, וואָס דו ווייסט? קיינער אין דער וועלט האָט נאָך קיינמאָל קיינעם אַזוי ניט האָלט ג־ע־ה־א־ט!

דאָס איז געווען עמעס. די צוויי מענטשן זײַנען געווען איין גוף און איין נעשאָמע. וואָס ווײַטער, האָט זיך כאַנע אַלץ מער צוגעווױנט צו דער נײַער אויסקומעניש. ניט אַלע קינסט־לער, דיכטער, וועלכע פֿלעגן קומען אַהער, האָבן געקוקט אױף כאַנען ווי אױף אַ פּוסטן אָרט, עס פֿלעגט אָפּטער אַרײַנגיין אַ קינסטלער, וואָס האָט געהאַט, ווי כאַנען האָט זיך אויסגעוויזן, אַ מאָדנע טעווע: ער פֿלעגט קושן די האַנט. וועגן דערויף האָט כאַנע אויך באַמערקט נעכע־מיען. און ער האָט איר קלאָר געמאַכט די זאַך:

— דו געדענקסט, איך האָב דיר דערציילט, אַז אין קאָסטראָמאַ איז געווען ניקאָלײַ ניקאָ־לײַעוויטש קופּרעיאַנאָוו, צו וועלכן איך בין אָנגעקומען זיך לערנען מאָלערײַ. און ער האָט מיך אַרויסגערופֿן קיין מאָסקווע. ער שטאַמט דאָך פֿון דוואָריאַנסטווע. און ניט נאָר דערפֿאַר, ער איז פּאַשעט אַ ריטער, זייער אַן איידעלער. קוק זיך צו צו אים.

ס׳פֿלעגט אויך אַרײַנקומען איינע אַ קינסטלערן, פֿרידע בליומבערג. זי איז זייער צוגעלאָזט געוואָרן. אָפּט געבראַכט צאַצקעס פֿאַר די קינדער. אַנומלטן האָט זי געזאָגט צו כאַנען:

— עפּשער וועט איר זיך באַליידיקן אױף מיר, אָבער איך וויל אײַך עפּעס זאָגן. מײַן מאַמע איז אַ פֿאַרוואַלטערן פֿון אַ קינדערגאָרטן. עס קאָן טרעפֿן, אַז דאָרטן זאָל זײַן אַ פֿרײַ אָרט, עפּשער וואָלט איר אַהין גיין אַרבעטן. דאָס וואָלט פֿאַר די קינדער אויך געווען בעסער.

— פֿאַרוואָס זאָל איך זיך באַליידיקן, איך בין אײַך זייער דאַנקבאַר. דאָס וואָלט געווען זייער גוט, — האָט זיך כאַנע אָנגעכאַפּט.

אָבער דערווײַל איז זיך געגאַנגען טאָג נאָך טאָג. קיין אַרבעט האָט ניט געפֿעלט. נעכע־מיע האָט איצט ניט געהאַט קיין באַשטעלונגען, אָבער אַלציינס איז ער געזעסן גאַנצע טעג באַם טיש. כאַנע האָט אים געזען יעדער שאָ און יעדע מינוט, און אָפֿט פֿלעגט זי זיך דער־מאָנען דעם זיידן. ס׳פֿלעגט איר דורכפֿלײַען אַ געדאַנק: „אַזאַ צאַדיק איז מיר באַשערט געווען, אַזאַ צאַדיק, ער איז דאָך פּונקט ווי דער זיידע״.

דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, מיט דעם כילעק, וואָס דער זיידע האָט זיך געשאָקלט באַ דער געמאָרע און נעכעמיע האָט מיט דער בלײַקע אין האַנט אָדער מיטן פּענדזעלע זיך גע־ראַנגלט און געראַנגלט, ביז עס איז צו שטאַנד געקומען אָפּן פּאַפּיר, וואָס ער האָט געוואָלט. און אַזוי פֿריש און לעבעדיק, ווי עס וואָלט געמאַכט געוואָרן מיט איין אָטעם.

וועגן שמועס מיט פֿרידען האָט כאַנע גאָרנישט געזאָגט נעכעמיען. אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט יענע אַליין גערעדט מיט נעכעמיען. און אין אַ קורצער צײַט אַרום איז כאַנע אַוועק אַרבעטן אין קינדערגאָרטן.

דער הימל איז געוואָרן העכער און ליכטיקער, די טעג לענגער, אָבער פֿאַר כאַנען זײַנען זיי אַלציינס געווען צו קורץ. דאָס פֿאָרן צום קינדערגאָרטן מיטן טראַמוײַ האָט געדויערט מער ווי אַ שאָ, ווײַל ער האָט זיך געפֿונען אױף ראָגאָזשסקע. דערווײַל איז כאַנע געווען אַ באַהעלפֿערקע אין קיך. אָבער אין אַ מאָנאַט אַרום איז זי שוין אָפּט געשטאַנען באַ דער פּליטע. די קעכן קסעניע טימאָפֿייעוונע איז נאָכאַנאַנד ערגעץ אוועקגעגאַנגען, זי פֿלעגט אָנ־זאָגן כאַנען:

— כאַנאַ דאַווידאָוונאַ, כ׳מוז צולויפֿן אין אַן אָרט, קאָך אויס אַ רײַז־קאַשע פֿאַר די קינדער.

— פֿאַרוואָס ניט? גיט מיר רײַז, מילך, צוקער, פּוטער.

— אַלץ, כוץ פּוטער, איז אָפּן טיש.

פאַרוואָס „כוץ פּוטער", האָט כאַנע ניט געפֿרעגט. זי האָט שוין געוווּסט, אַז אָפּטלעך באַגייט זיך די קאַשע אָן „דערויף". דאָס האָט זיך גוט אָנגעזען אױף דער קעכן גופֿא. קוקנדיק אױף יענער, האָט כאַנע געטראַכט: „אױף אַלע מײַנע ליבע געזאָגט געוואָרן..."

אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען אין קיך וואָלט ניט געווען אַ דריטע. געהייסן האָט זי יעוודאָקיִע און זי האָט געטאָן אַלע שוואַרצע אַרבעטן. ווי נאָר די קעכן פֿלעגט אַרויסגײן, פֿלעגט יעוודאָקיִע ווערן אױסער־זיך:

— אוך, איז דאָס אַ סטערווע! אַליין פּרעסט עס און זויפֿט, אַזש די שקורע אירע פּלאַצט. זי זאָל דאָס אַמאָל זאָגן: „נאַ דיר, דוסקע, אַ ברעקל פּוטער, אַ לעק סמעטענע".

כאַנע האָט געהערט און געשוויגן, אָבער ווען די קעכן פֿלעגט צו איר זאָגן:

— כאַנאַ דאַווידאָוונאַ, נעם אַ פֿלעשל מילך. ווילסט ניט קײן מילך, נעם דיר אַ צוויי הערינג, אַ סלאָיִקל פּאָווידלע.

כאַנע האָט עס ניט נאָר ניט גענומען, זי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. עס זײַנען געווען פֿאַלן, ווען כאַנע איז אױף אַ נידעריק וועגעלע מיט קלײנע רעדעלעך אַהינטער קסעניע טימאָ־פֿײעוונען געגאַנגען צו דער באַזע נאָך פּראָדוקטן. דעמלט האָט יענע אױסגעגאָסן דאָס האַרץ:

— כאַנאַ דאַווידאָוונאַ, דו מיינסט, איך ווייס ניט? דוסקען קריכן אַרויס די אויגן. די איבעריקע וואָלטן זיך אױך ניט אָפּגעזאָגט פֿון אַ מאַרך־ביינדל, אָבער קיינער זעט ניט, ווי איך שלעפּ, ווי איך הייב גאַנצע זעק מיט צוקער, ווי איך שטיי און בראָט זיך בײַ דער פּליטע.

כאַנע האָט געהערט און געשוויגן. זי האָט נאָך ניט געזען, אַז קסעניע טימאָפֿײעוונע זאָל עפּעס שלעפּן. אַנומלטן האָט זי געפֿרעגט בײַ דער קעכן:

— פֿאַרוואָס גייען ניט אײַערע קינדער אין גאָרטן? איר זאָגט דאָך, אַז איר האָט צוויי קינדער.

— מײַנע קינדער האָבן דאָרטן גאָרנישט ניט פֿאַרלאָרן. מײַן מאַן איז איצט אין דער היים, מײַן מאַן איז ניט קײן שיקער, ניט קײן אױסבערענגער, מײַנע קינדער וועלן זיך באַדרייען אָן דעם קינדערגאָרטן.

וואָס ווײַטער, האָט כאַנע אַלץ מער פֿאַרשטאַנען, וואָס אין דער קעכן שטעקט. יענע האָט עס דערפֿילט און זיך געסטאַרעט אױסמײַדן כאַנען, בײַס מע האָט געדאַרפֿט גיין נאָך פּראָדוקטן אױף דער באַזע. נעמען יעוודאָקיִען — איז געווען ערגער ווי שלעכט. דעריבער האָט אױף אײנער אַ פֿאַרזאַמלונג די קעכן אַזוי לאַנג געשריִען: „איך בין ניט קײן פֿערד, איך וועל ניט שלעפּן אױף זיך", ביז די פֿאַרוואַלטערן איז אײַנגעגאַנגען אױף נאָך אַ „יעדיניצע". דאָס הייסט, נעמען אַ מענטשן, וואָס זאָל ברענגען פּראָדוקטן פֿון דער באַזע, האַקן האָלץ, אַרײַנ־טראָגן קוילן, אײַנהייצן די פּליטע, צוקלײַבן אַרום דער שטוב. די פֿאַרוואַלטערן האָט נאָר גע־פּאָדערט, „אַז דער מענטש זאָל זײַן אַ מאַנצבל, ווײַל עס הייבט זיך דער דאָך פֿון די קוילעס אין קיך".

דערווײַל האָט זיך כאַנע היפּש צוגעלערנט לייענען רוסיש. צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט איז זי געפֿאָרן אַלעמאָל מיט אַ בוך. אַ גאַנצע וואָך זײַנען די קינדער געווען אין קינדערגאָרטן. אױף זונטיק האָט זיי כאַנע גענומען אַהיים. איין זונטיק איז זי געגאַנגען מיט זיי אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אַ צווייטן — אױף וואָלכאָנקע, אין פּושקין־מוזיי. כאַנע האָט געבעטן נעכעמיען:

— דו גיי מיט די קינדער ווו דו ווילסט. איך וועל אַליין גיין. דערנאָך וועל איך דיר ווײַזן, וואָס מיר געפֿעלט.

בײַס זי האָט נעכעמיען צוגעפֿירט צו סעזאַנען, צו פּיסאַראָ, צו דעגאַ, האָט ער מיט אַ שמייכל באַגיטיקט:

— ס'איז ווויל, כאַנוקל. עס פּאַסט דיר זייער צו קוקן אױף גוטע בילדער. דו שײַנסט.

— ביסט גערעכט. דעם קומענדיקן זונטיק, אויב דו וועסט מאַסקים זײַן, וועסטו ערגעץ גיין מיט די קינדער, און איך וועל אַליין גיין אַהער.

אַזוי איז טאַקע געווען, און קומענדיק פֿון מוזיי, פֿלעגט כאַנע זײַן אַזוי אָפֿן האַרצן, ווי בײַס עס פֿלעגט זיך ענדיקן שאַבעס אָדער יאָמטעוו און די באָבע פֿלעגט אַראָפּנעמען דעם טישטעך פֿונעם טיש.

וואָס ווײַטער, האָבן זיי זיך אַלץ מער ליב געהאַט. ס'האָט נאָך ניט געטראָפֿן, ער זאָל ניט אָפּוואַרטן כאַנען, ווען זי קומט מיטן טראַמוויי פֿון דער אַרבעט. ניט אומזיסט זאָגט דאָס ווערטל: „וואָס מער מע האָט, אַלץ מער וויל מען". אַנומלטן האָט כאַנע צו אים געזאָגט:

— באַגעגענען אין אָוונט איז גרינגער ווי ניט באַגלייטן אינדערפֿרי.

— כאַנוקל, האָב אַ ביסל סאָוועסט. איך לייג זיך דאָך זייער שפּעט.

— ערשטנס, קומט מיר אויס, אז מע דארף ניט ריידן ביז נאָך האַלבער נאַכט וועגן קונסט. די בעסטע זאַך איז, אַז די מאַכסט קונסט. אָבער ווען דו לייגסט זיך פריער און די גייסט מיך ניט ארויסבאַגלייטן, וואָלט איך שוין געוווּסט, וואָס איך האָב צו טאָן.

— וואָס וואָלסטו געטאָן?

— פּרוּוו מיך ארויסבאַגלייטן אינדערפרי, וועסטו זען.

ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס כאַנע האָט זיך אַזוי געוווּרטלט, איז זי געווען ניט די, וואָס אין קאַמונע. און ווען נעכעמיע וואָלט ניט געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין זיינע זאַכן, וואָלט ער דאָס געקאָנט לינדערן. וואָרעם כאַנע איז געווען פאַרומערט ניט ווייל זי איז געווען פאַר־האַרעוועט. איר געמיט האָבן געדריקט די שטאָט, די גרויסע הויכע הייזער, די טראַמווייען, די מענגעס מענטשן. ניט איין מאָל האָט זי געטראַכט: „אַן אומגליק, וואָס אַזויפיל מענטשן האָבן זיך צונויפגעקליבן אַף איין אָרט". די קיך האָט איך ניט גרינגער געמאַכט איר האַרץ. דוסיע האָט נאָך אַלץ צוגעזאָלצן אַף די ווונדן:

— אַזאַ פּאַראַזיטקע! אַלץ פאַר זיך און נאָר אין זיך! זאָל דאָס אַמאָל זאָגן: „נאַ דיר, דוסיע, אַ שטיקל פלייש אָדער אַן אַנדער זאַך"

כאַנע האָט ווי ניט געהערט, אָבער דוסיען האָט עס געבראָטן באַם האַרצן. זי האָט זיך ניט באַרויקט:

— שווייגסט? האָסט דאָך אויגן, זעסטו? פאַרוואָס זאָגסטו ניט וועגן דערוף דער פאַר־וואַלטערן? נישקאָשע, איך וועל זיך נעמען צו איר. אַ פּראַש האָט אַ לאַנגן עק אַף אַ קורצער צייט!

כאַנע האָט עס ניט געקאָנט אַריבערטראָגן. פאַרשטייט זיך, זי האָט געוווּסט, אַז עס זיינען דאָ גאַנאַווים, ליגנערס, כאַניפּעסניקעס, צווייפּנעמדיקע ברוים. אָבער אַזוי נאָענט לעבן זיך האָט זי דאָס קיינמאָל ניט געזען. ס'איז איר איצט ניט איין מאָל געקומען אַפּן זינען, ווי זי פלעגט אַמאָל זאָגן צו העניקען פון קינדערהיים, וואָס פלעגט קומען נאָך דער מילך אין שטאַל: „נאַ דיר אַ קווערטל מילך, טרינק אויס". און ווי העניקע פלעגט נעמען דאָס קווערטל, פלעגט אַ גאָס טאָן די מילך אין פּאַן, און אַ מאַך טאָן: „מיט אַ קווערטל מערער פאַר די קינדער".

די קינסטלער, דיכטער האָבן זיך טאַקע צוגעוווינט צו דעם, אַז כאַנע איז די באַלעבאָסטע פון שטוב. פון מינסק פלעגן אויך קומען דיכטער — דעם בלאָנדנס ברודער און אַ באַרימטער פּאָעט מיט אַ מוירעדיק־געקרייזלטער פּאַטלע האָר. פון זיינע לידער איז כאַנע געווען אַנציקט. ווען ער פלעגט לייענען אַף אויסווייניק, האָט זי געשלונגען די ווערטער. אָבער האָבן אים פאַר אַ שאָכן איז איר געווען אומדערטרעגלעך. ווי כאַנע האָט זיך געוווּנדעט און געקערט, האָט זי געקליבן זיינע שטייפע געקרייזלטע האָר, אַפילע אין דער גלאָז, פון וועלכער ער האָט געטרונקען טיי, זיינען זיי אויך געווען.

— גוואַלד, ווי דערלעב איך שוין, ווען פאָרט ער שוין אַוועק קיין מינסק?

— כאַנוקל, דו וועסט טאַקע זיינע האָר ניט געפינען, אָבער זיינע לידער וועסטו אויך ניט הערן.

— ביסט געררעכט. אַ קאַפּאָרע די האָר פאַר די לידער.

עס פלעגט טרעפן, אַז כאַנע האָט ניט געקאָנט צוקלייבן, ווען זי איז געקומען פון דער אַרבעט. מע איז געזעסן אַף דער סאָפע, אַף די שטולן, אַפּן פענצטער־ברעט, און עס איז געגאַנגען אַ געפּעכט וועגן די אימפּרעסיאָניסטן, וועגן רענעסאַנס, וועגן די צוואַנציקער יאָרן און וועגן איצטיקער קונסט. ס'זיינען געווען אַזוינע זונטיקס, בייס כאַנע האָט ניט געקאָנט אויסבאָדן די קינדער. און מאַנטיק אינדערפרי, אַ מידע, ניט קיין אויסגעשלאָפענע, גייט זי מיט נעכעמיען און מיט די קינדער צום טראַמוויי. גוט כאַטש, וואָס אַף דער אַרבעט איז איצט געוואָרן אַ ביסל רויקער. קסעניע טימאָפייעוונע האָט טאַקע געקראָגן אַ שוואַרצאַרבע־טער און גראַדע אַ מאַנצבל, ווי די פאַרוואַלטערן האָט עס געוואָלט. דעם מאַנצבל רופט מען מאַקאַר. ער איז ווּקסיק, ברייטפּלייציק, רירעוודיק. ווען ניט די באָרד און וואָנצעס, וואָלט ער אויסגעזען אַ סאַך יינגער. איצט שאַצט אים כאַנע — אין אַ יאָר דרייסיק. די אַרבעט אין קינדערגאָרטן איז פאַר אים אַ שפּילעכל. דער הויף אַרום קינדערגאָרטן איז שטענדיק ריין. האָלץ, קוילן איז צו דער צייט. די פּראָדוקטן, וואָס כאַנע פלעגט ברענגען פאַר דריי מאָל, ברענגט ער פאַר איין מאָל. כאַטש אין דרויסן איז שוין גאַנץ לינד, טראָגט מאַקאַר זיין שאָפּן פּעלצל, די אויערן פונעם האָזן־היטל באַמבלען זיך. ווען די קעכן טוט צו אים אַ געשריי: „מאַקאַר, קושאַטו!", לאָזט ער איבער דאָס שאָפּן פּעלצל אין קאָרידאָר, זעצט זיך אַף אַן איבערגעקערטן עמער, עסט פּאַוואָליע, די ברעקלעך, וועלכע פאַלן אַף דער געפּאַרבטער פּאָד־לאָגע, נעמט ער צונויף און לייגט אַריין אין קעשענע פון דער וואַטענער קאַמזעלקע. נאָכן

עסן גייט ער צו צום קראַן, טרינקט לאַנג, מיט גרויס האַנאָע. די קעכן טראָגט אים אונטער א גלאָז, ער נעמט זי ניט, ווישט אויס די וואָנצעס, טוט א שפּאַן, און ער איז שוין פון יענער זײַט טיר. דאָרטן טרייסלט ער אויס די קעשענעס, און די שפּערלעך האָבן האַנאָע פון די ברעקלעך.

— א ווילער יונג. פלאַם־פײַער. ווער עס וועט אים נעמען פאַר א מאַן, וועט זײַן גליק־לעך, — באַמערקט קסעניע טימאָפייעוונע.

— וואָס איז דער טאַלק, אַז ער האָט קיין פּאַספּאָרט ניט, — שטעלט ארײַן יעוודאָקיִע.

— און אַז דו ביסט געקומען פון דאָרף, האָסטו געהאַט א פּאַספּאָרט? איצטער ביסטו גע־וואָרן א כּאַכאָמע. געדענקסט, ווי דו האָסט געגאָסן טרערן און געקליאַנטשעט, איך זאָל דיך נעמען, געדענקסט, ווי דו האָסט געטײַנעט, אַז דו וועסט האָרעווען נאָר פאַרן שטיקל ברויט?

אזוי פלעגט זיך דורכשמועסן די קעכן מיט דער באַהעלפערן.

כאַנע פלעגט אָפטמאָל קוקן אויף מאַקאַרן, און זי האָט געהאַט א מאָדנע געפיל, עס האָט זיך איר געדוכט, אַז ווען זי זעט אים ערגעץ אין פעלד, וואָלט זי זיך שוין יאָ דערמאַנט ווו און וואָס... אָבער דאָס פלעגט געדויערן א רעגע, ניט מער. און מאַקאַר, ווי ער וואָלט גאָר־נישט ניט געהערט, ניט פאַרשטאַנען. טוט זיך, וואָס מע דאַרף. שאַבעס נאָך וואַרמעס גייט ער מיט א בעזעמל אין מערכעץ, קומט פון דאָרטן א רויטער, טרינקט זיך גוט אָן מיט וואַסער פון קראַן, דערנאָך עסט ער אויף א פולע שיסל הירזשענע קאַשע און זאָגט געלאַסן צו כאַנען:

— כאַנא דאַווידאָוונא, דו פאַסט זיך אזוי אהער, ווי איך. דו מיינסט, איך זע ניט. דוסקע וואָלט דיך דערטרונקען אין א לעפל וואַסער.

— נעמסט צו הארב, — טוט א זאָג כאַנע. ווײַל דוסיע שטייט אויף א לייטערל און וואַשט די פענצטער. דאָס לייטערל גיט זיך א דריי א ביסעלע, מאַקאַר טוט א געשריי:

— קריך אַראָפּ, קריך אַראָפּ, זאָגט מען דיר!

כאַנע האָט אופגעהערט איבערצודרייען די קאָטלעטן אויף דער סקאָוורעדע. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז פון מאַקאַרס געשריי האָבן זיך די טעפּ אויף דער פּליטע א הייב געטאָן... כאַנען גופא האָט דער געשריי אוועקגעטראָגן ווײַט־ווײַט פונדאַנען. עס איז בא איר קיין סאָפעק ניט געווען, אַז דער מענטש, ניט קיין אַנדערער, האָט זיך דעמלט אין סטעפּ געיאָגט נאָך איר, ווען זי איז געזעסן אויפן פערד, און ער, ניט קיין אַנדערער, האָט געשריגן: „קריך אַראָפּ!". ערשט פאַרנאַכט, פאַרן אוועקגיין פון דער אַרבעט, האָט כאַנע געלאַסן און ווי גלײַכגילטיק א פרעג געטאָן:

— מאַקאַר, פונוואַנען ביסטו געקומען אהער?

— פונוואַנען איך זאָל ניט קומען, בין איך שוין דאָרט ניטאָ.

— ווילסט ניט, דאַרף מען ניט.

ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער זײַט, ווו יעוודאָקיִע איז געשטאַנען. כאַנע האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל ניט קיין איבעריקע אויערן. און זי האָט טאַקע געטראָפן. בײַס יעוודאָקיִעס ארויסגעגאַנגען אויף א ווײַלע פון קיך, האָט מאַקאַר א שטילן הוסט געטאָן, אָפּגעזיפצט, ווי ער וואָלט צוגעבראַכט נעענטער די ווערטער צום מויל, און האָט שטיל געזאָגט:

— פונוואַנען בין איך? קסעניע טימאָפייעוונע האָב איך געזאָגט, אַז איך בין פון קערטש. אינדערעמעסן בין איך פון א דאָרף ניט ווײַט לעבן סאַקי. איך וועל לאַנג קיין קיך־מוזשיק ניט זײַן. ווילסט וויסן, פונוואַנען איך בין? איך בין פון דזשאַבאַהי. ניט ווײַט פון אונדז זײַנען דאָ זשידאָווסקע קאָמונעס. ס'האָט זיך אזוי געמאַכט, אַז איינער א מערזאַוועץ האָט געמאַסערט מײַן טאַטן. ער האָט אָנגעהאָוועקעט, אַז מײַן טאַטע און מײַן זיידע זײַנען געווען קולאַקעס. מע האָט אופגעדעקט דעם ליגן. דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן ניט דערלעבט, מײַן ווײַב אויך ניט. איך בין אָבער געקומען צוריק קיין דזשאַבאַהי. און איין מאָל האָב איך געזען, ווי א זשידאָווסקע קאָמונאַרקע רײַט אויף מײַן פערד. איך האָב זי אָבער ניט געקאָנט דעריאָגן. אוך, ווען איך דעריאָג זי דאַן!

— וואָס וואָלט געווען?

— בעסער פרעג ניט. איך בין דאַן געווען זשעדנע נאָך א באַבע! נו, אָבער דאָס פערד האָב איך גענומען. איך האָב עס פאַרקויפט, און איך האָב געהאַט הויצאָעס צו קומען אהער. אויף דער באַזע האָט מיר איינער געזאָגט, אַז מע נעמט דאָ בויען א גרויסן זאַוואָד, „שאַריקאָ־פּאָדשיפּניק". אהינצו וועל איך גיין אַרבעטן.

— דו ביסט דאָך אַן ערד־אַרבעטער, ווי וועסטו זיך קאָנען באַגיין אָן ערד?

— נישקאָשע, איך וועל זיך באַגיין. מיט ערד האָבן מיר מער ניט צו טאָן. כ'זאָל אפילע

וויסן, אז יעדער זאַנג איז פֿול מיט גילדענע קערנער, בין איך מער קיין ערד־אַרבעטער ניט! נו גענוג, איך וועל גיין אַ קראַץ טאָן מיט דער גראַבליע דעם הויף.

אין אָוונט האָט עס כאַנע דערציילט נעכעמיען.

— גאַנץ פֿײַן! ווען דאָס דערציילט מיר אַן אַנדערער, וואָלט איך זיך אויסגעלאַכט, — האָט נעכעמיע באַמערקט.

■

דאָס, וואָס יעווּדאָקיִע האָט געזאָגט צו כאַנען: „איך וועל זיך נעמען צו אײַך", האָט כאַנען אַ ברען געטאָן ווי פֿײַער. זי האָט שוין אַליין ניט איין מאָל געטראַכט, אַז זי דאַרף מעלדן וועגן דערויף דער פּאַרוואַלטער. איצט האָט זיך די קעכן מיט יעווּדאָקיִען געקריגט קימאַט אַלע טאָג. ס'איז דאָ אַ ווערטל: „מע גייט אַזוי לאַנג מיטן קרוג נאָך וואַסער, ביז דאָס אויערל רײַסט זיך אָפּ". אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט האָבן זיך אין קיך אַרײַנגעשטעלט צוויי פּרויען מיט אַ מאַנצבל, זיי האָבן אַרויסגערופֿן די קעכן, און ערשט אין דרײַ טעג אַרום איז די קעכן צוריק געקומען אָף אַ ווײַלע. נאָכאַמאָל האָט זי כאַנע געזען אָפֿן געריכט. דאָס סאַמע מערקווירדיקע אָפֿן געריכט איז געווען, וואָס קסעניע טימאָפֿייעוונעס מאַן איז געקומען אַן אומגעבעטענער. לויט זײַן גוטן ווילן האָט ער זיך אַרויסגערופֿן צו זאָגן איידעס.

— איך וואָלט ניט געקומען, נאָר שווײַגן קאָן איך ניט. פֿרעגט באַ איר, כאַווײירים ריכ־טער, וויפֿל מאָל איך האָב איר געזאָגט, אַז זי זאָל ניט שלעפּן אַזויפֿיל, מיר האָבן ניט געקאָנט פֿאַרניצן דאָס, וואָס זי פֿלעגט ברענגען. פֿונדעסטוועגן בעט איך באַם געריכט, אַז מע זאָל זי ניט שטרענג מישפּעטן, ווײַל זי איז אַ מאַמע פֿון צוויי קינדער. איך האָב אַלץ געזאָגט.

דער פּסאַקדין איז געווען ניט קיין האַרבער, אָבער אויך ניט קיין ווייכער. קסעניע האָט געקראָגן דרײַ יאָר טפֿיסע. די באַלעבאָסטע פֿון פּראָדוקטן־שפּײַכלער און די קעכן איז גע־וואָרן כאַנע.

ווי באַוווּסט, איז פֿאַר כאַנען ניט געווען קיין נאָוועע האַרעוואַניע. אָבער איצטער פֿלעגט זי זײַן פֿאַרנומען ביז שפּעט אין דער נאַכט. די שפּעטע נאַכט איז נאָך געווען אַ האַלבע צאָרע, ס'איז אָבער געווען אומעגלעך אַריבערצוטראָגן יעווּדאָקיִעס פֿערעבענדעווען. אַלע עסן דאָס, וואָס ס'איז געבליבן פֿון די קינדער, — זי וויל אַ שטיקל הערינג. אַלע עסן זופּ, — זי וויל אַ שטיקל רוי פֿלייש, ווען זי זיך אין דער היים אויסקאָכן, וואָס זי האָט ליב. ביז כאַנע האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— דו ווייסט גוט, דוסיע, אַז איך בין ניט קיין קאַצעוו. ווילסט ניט עסן, וואָס אַלע עסן, גיי צו דער פּאַרוואַלטערן.

— יאָ, איצטער קאָן איך גיין ווו איך וויל. כאָטש קסעניע איז געווען אַ גוטע שטוקע, פֿונדעסטוועגן...

— איך וועל ניט גיין זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן, וואָס דו מיינסט, נאָר איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ווער עס וועט גאַנוועגען און דיר אויך געבן אַ כיילעק, דער וועט זײַן פֿאַר דיר גוט. און מער וועל איך מיט דיר וועגן דערויף ניט ריידן. ווילסט עס, ווילסט ניט, ניט מײַן דײַגע!

אין אַ דרײַ־פֿיר טעג אַרום איז מאַקאַר, ווי זײַן שטייגער איז געווען, געזעסן אָפֿן איבער־געקערטן עמער און האָט געררייכערט. כאַנע איז געווען אין פּראָדוקטן־שפּײַכלער. פּלוצעם טוט מאַקאַר אַ געשריי:

— כאַנאַ דאַווידאַוונאַ, גיי גיכער, טו אַ קוק, וואָס טוט די מאַכשייפֿע באַ דײַן קאָשעק. כאַנע איז צוגעלאָפֿן. מאַקאַר האָט אַליין אַרויסגענומען פֿון קאָשעק אַ היפּש שטיקל פּוטער און אַ שקאַרמיץ מיט צוקער. כאַנע האָט אופֿגעהויבן די האַנט, און עס וואָלט געשען דאָס, וואָס ס'איז געשען מיט די פּאַסטעכער אין סטעפּ, דערפֿאַר וואָס זיי האָבן ניט אָנגע־פֿאַיעט די קעלבער, נאָר מאַקאַר האָט באַצײַטנס אָנגעכאַפּט כאַנעס האַנט, מיט דער אַנדערער האַנט פֿאַרהאַלטן יעווּדאָקיִען און געהייסן כאַנען לויפֿן נאָך דער פּאַרוואַלטערן. אַזוי האָט זיך געענדיקט דער בילבל, וואָס יעווּדאָקיִע האָט געוואָלט מאַכן אָף כאַנען.

וואָס ווײַטער, איז כאַנען געוואָרן אַלץ שווערער צו אַרבעטן. ווײַל זי פֿלעגט ענדיקן די אַרבעט זייער שפּעט, איז נעכעמיע זי געקומען אָפּנעמען פֿון דער אַרבעט. אויב זי איז פֿאַר־נומען, דרייט ער זיך אַרום אין הויף פֿונעם קינדערגאָרטן, און די צײַט ציט זיך פֿאַר אים, ווי אַ פֿאָדעם פֿון אַ פֿלאָנטער. דערפֿאַר אין טראַמוויי פֿלעגט ער זיצן לעבן איר און שפּען נאָכעס. ער קוקט און קוקט אָף איר, און וווּנדערט זיך שטילינקערהייט:

— כאַנוקל, פֿונוואַנען האָב איך דיך גענומען. קוק אָף מיר, זאָג איך דיר. וואָס קוקסטו דאָרטן אָפֿן יונגן באָכערל, וואָס דאַרפֿסטו אים?

אין די זונטיקס פאַרמאַכט זיך די טיר ניט. פון גאַנצפרי הייבן אָן צו קומען דיכטער, קינסטלער, אויך אַזוינע, וואָס קלעפּן גלאַט צו קונסט. עס קומט, אַשטייגער, אַ הויכער, אַ שוואַרצוואָגיקער יונגערמאַן, וועלכער שרײַבט ניט און מאָלט ניט, נאָר הערט ניט אויף צו לערנען אַלעמען, וויאַזוי מע דאַרף זיך פירן, וויאַזוי מע דאַרף זײַן ערלעך, אָפּגעהיט פון אַ ניט־ריין וואָרט. מיט אַ וואָך צוריק זונטיק איז ער געקומען האַלב אַכט אינדערפרי און גאַנצע צוויי מיט אַ האַלבער שעה געהאַלטן אַ דראָשע וועגן ערלעכקײַט. נעכעמיע האָט געהערט, געהערט און באַמערקט:

— נאָסן, איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז זייער נייטיק, אָבער עס וואָלט געווען געוווּנטשן, דו זאָלסט דאָ האָבן אַ צוויי־דרײַ צוהערער, וועלכע פאַלשעווען און קריכן צו יענעם אין קעשענע.

כאַטש כאַנע איז געווען אין קיך, האָט זי דאָס געהערט, און זי האָט זיך זייער צעלאַכט. נעכעמיע איז דורכגעלאָפן די קיך, האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: „נישקאָשע פון אַ רעדע" און איז אַרויסגעלאָפן נאָך ברויט. בייס ער איז געקומען מיטן ברויט און כאַנע האָט גענומען גרייטן צום טיש, האָט זי ערשט געקייַכט פון געלעכטער, ווײַל נאָסן איז אין מאַנטל געלעגן אויף דער צעפּאַרענער סאָפע און געשמאַק געכראָפּעט, ווי אַ האַלצהע־קער, און גאָר ניט ווי קיין פילאָסאָף, וואָס האָט ערשט געהאַלטן אַזאַ טיפע רעדע.

זונטיק פלעגט אויך קומען ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש, נעכעמיעס לערער. ער גייט אַרײַן, כאַפּט אַראָפּ דעם הוט, בייגט זיך אײַן און טוט אַ קוש כאַנעס האַנט. אויב זי טוט עפּעס, וואַשט דאָס געפעס אָדער שיילט בולבע, טוט ער זי אַ קוש באַם עלנבויגן. זעצט זיך קיינמאָל ניט אויף דער סאָפע, נאָר אַלעמאָל אויף אַ שטול. נעמט אַרויס פון דער אייבערשטער, ברייטער רעקל־קעשענע אַ ווײַסע מויז מיט ראָזע אויגן, ווי קרעלן, רופט צו די קינדער, און עס הייבט זיך אָן אַ שפּרינגערײַ מיט אַ קוויטשערײַ, פאַרטויבט צו ווערן. ער גלעט די קינדער איבער די קעפּלעך, לייגט אַרײַן די מויז אין קעשענע און נעמט שמועסן מיט נעכעמיען וועגן אַן אויסשטעלונג, וואָס ער האָט געזען, וועגן וואַן־גאָגס בריוו צו זײַן ברודער טעאָ און וועגן נאָך אַ סך זאַכן. כאַנע הערט זיך צו אופמערקזאַם, פונדעסטוועגן באַנעמט זי זייער ווינציק פון דעם, וואָס ער רעדט. בייס ער גייט אַוועק, באַגלייט אים נעכעמיע. ווען ער קומט צוריק, טיילט ער זיך מיט זײַנע געדאַנקען:

— וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכער מענטש דאָס איז, ווי באַשיידן ער פירט זיך, און צו מיר באַציט ער זיך פּראָסט, ווי אַן עמעסער ברודער.

— דו ביסט גערעכט, נאָר וואָס דאַרף ער קושן די האַנט? פאַרדרײַוואָכן זונטיק איז ער געקומען, האָב איך גראָד געוואַשן גרעט, האָט ער מיך גאָר אַ קוש געטאָן אין שטערן. כ'האָב זיך אַזוי פאַרשעמט.

— האָסט זיך ניט וואָס צו שעמען, קיין בייז ניט, — האָט נעכעמיע זי באַרויקט, און זיי האָבן ביידע גענומען צוראַמען אין צימער.

ניט איין זונטיק זײַנען די קינדער געבליבן אומגעבאָדן, קיין געוועש האָט כאַנע אויך ניט געקאָנט מאַכן, ווײַל עס איז געווען פול מיט מענטשן: ס'איז געקומען דער דיכטער, דעם בלאָנדנס ברודער פון מינסק, און דער דיכטער מיט דער מוירעדיקער טשופּרינע געקרײַזלטע האָר. דעם בלאָנדנס ברודער האָט געלייענט אַ ליד: „און אַזוי הייבט זיך אָן דײַן געשיכטע, מיטן לעבן, וואָס שלעפּט דיך מיט, האָסט אויף אַזויפיל גערי‌כט זיך, לאָזט זיך אויס, נאָר אַ נײַע ליד".

כאַנען איז עס זייער געפעלן געוואָרן, אָבער זי האָט געפרעגט:

— אַ נײַע ליד איז דען ווינציק?

— אויב אַ גוטע, איז גאָר ניט קנאַפּ. אָבער בעסער איז עטלעכע גוטע, — האָט ער דער־קלערט. דערזען, ווי זי שטייט מיטן בעזעם, האָט ער זי געטרייסט:

— לאָז זיך אָפּ פון דערוף, כאַנעלע. זײַ ניט באַרויגעז אויף אונדז, רו אָפּ אַ ביסל. זאָל בלײַבן אַ ביסל מיסט אויף איבעראַכטאָג, — און גלײַכצײַטיק צום דיכטער מיט דער געקרײַזל־טער טשופּרינע:

— הער אויף, ברעך ניט אָפּ די פלעכטלעך פון אַלע בולקעלעך, טרייפע קישקע!

אָבער יענער קײַט שוין גאַנץ געשמאַק, ער שטייט לעבן קריטיקער, וואָס האָט זיך אַרײַנ־געשאַרט, ווי אַ שאָטן, רעדט אַזוי שטיל, קוים וואָס מע הערט. זאָגט כאַנען אַ ווייכן, העפלעכן, פרײַנטלעכן „גוטמאָרגן".

איצט האַלט דער דיכטער מיט דער געקרײַזלטער טשופּרינע דעם קריטיקערס נאָז מיט צוויי פינגער, און יענער בעט שטיל און מילד:

— וואָס טוט איר, גענוג, קוועטשט ניט אַזוי, איך בעט אײַך, דאָס איז מיר זייער אומאַנ־גענעם, נו!

יענער לאָזט אָפּ די נאָז, דער קריטיקער דעקט זי צו מיט זײַן האַנט, און עס גייט שוין אָן אַמפּעריי. מע אַמפּערט זיך און וועגן לידער. איינער זאָגט, אַז האָפּשטיינס לידער זײַנען בעסער, דער צווייטער זאָגט, אַז האַלקינס. דערנאָך טרינקט מען טיי, מע לייענט ווידער לידער. אויב עס מאַכט זיך, אַז ניקאָליי ניקאָלײַעוויטש פּאַלט אַרײַן אין אַזאַ שאַ, נעמט ער ניט אַרויס די ווײַסע מויז פון דער אייבערשטער רעקל־קעשענע, ער קנײטשט פּאַרלאָרן מיט די אַקסלען, טוט אַ זאָג צו נעכעמיען: „קאַקאָי שום, קאַקאָי שום, פּאַשלי נאַ וואָלקאַנקו"[1].

גאַנץ אָפט האָט כאַנע געראַמט און געוואַשן ביז נאָך האַלבער נאַכט, אָבער אופשטיין האָט זי אַלציינס געמוזט פינף אַזייגער. זי פלעגט אָפּט פילן, אַז זי פאַלט פון די פיס.

■

אַזוי איז זיך געגאַנגען די צײַט. דער פרילינג האָט זיך צוגערוקט, אַרבעט איז אַלץ צוגע־קומען און צוגעקומען. כאַנע האָט זיך געסטאַרעט, אַלץ זאָל זײַן צו דער צײַט. שוין אָפּגערעדט, אַז דאָס עסן פאַר די קינדער איז געוווען געשמאַקער, ווי פריִער, ווײַל אַלע פּראָדוקטן זײַנען געגאַנגען אין קעסל. צו דעם אַלץ איז טאַקע אַזוי געשען, ווי נעכעמיע האָט פאָרויסגעזאָגט. דער בלאָנדער מיט זײַן ווײַב זײַנען געקומען פון קיִעוו. איצט האָט שוין כאַנע געוווּסט, אַז מע רופט אים יאַשע, אַמאָל פּראָסט — יאַק. דאָס ווײַב האָט מען גערופן בראָניסלאַווע יאַסי־פּאַוונע. יאַקאָוו האָט זי גערופן בראַן. אין די אויגן האָט זי נעכעמיע גערופן מיטן נאָמען און פאָטערנאָמען, הינטער די אויגן האָט ער זי גערופן מאַדאַם. זי איז געוווען העכער פון מיטעלן וווּקס, איר קליינער קאָפּ איז געוווען באַוואַקסן מיט גלײַכע, שטײַפע, ווי דראָטלעך, געשווירענע האָר. איצט איז זי שוין, אַפּאַנעם, אַ היפּשע צײַט ניט געוווען אין שערערײַ — זײַנען זיי שטײַ־פע, געדיכטע, שוואַרצע געשטאַנען אָף אירע אַקסלען. איר הויכער בוזעם איז געלאָפן פאָרויס, די פּלאַטשיקע קליבעס האָבן זיך קוים־קוים באַוועגט. אָבער מערקווירדיקער פון אַלץ זײַנען אין איר יאַמטעוודיקן אָנבליק געוווען אירע וואַכעדיקע, טונקעלע קאָלירלאָזע אויגן. פאַר־שטייט זיך, אַז כאַנע האָט גלײַך דעם זעלבן אוונט ניט פאַרזאַמט צו זאָגן וועגן דעם נעכעמיען.

— ריכטיק, מײַן טרייסט, ווי האָסטו דאָס מאַמענטאַלנע דערזען? אירע אויגן זײַנען דאָך טאַקע ווי צוויי אָפּגעריבענע קנעפּלעך.

— כ'קאָן ניט אויסהאַלטן פון דיר. אינדערעמעסן האָסטו דאָס פריִער געדאַרפט זען, דו ביסט דאָך דער קינסטלער.

— איצט זע איך, אַז מיר זײַנען בעעמעס מאַן און ווײַב, איך דערקען אין דײַן טאָן, אַז דו האָסט צו מיר טײַנעס.

— וואָס רעדסטו? וואָס פאַרא טײַנעס? וואָס ווײַטער, האָב איך דיך אַלץ מער האָלט, — איז כאַנע זיך מוידע געוווען.

איצט האָט כאַנע ניט געקאָנט פאַרוואָרפן נעכעמיען, אַז ס'איז גרינגער אין אוונט צו באַגעגענען, ווי באַגינען צו באַגלייטן. אַלע טאָג האָט ער זי באַגלייט. דער טראַמווײַ גייט שוין — און ער לויפט נאָך אַלץ און וואָרנט:

— כאַנוקל, זײַ געהיט! איבערן וועג ניט לויפן, ניט לויפן! הערסט, וואָס איך זאָג?

— איך הער, איך וועל זײַן פאָרזיכטיק. גיי צוריק, קאָנסט נאָך כאַפּן אַ שלאָף. כ'וועל ניט לויפן, ניט לויפן! וואָס דאַרף איך זיך אָנהייבן מיט אַלע טראַמווײַען און מיט אַלע איז־וואָזשטשיקעס, — שרײַט כאַנע, שטייענדיק מיט איין פוס אין טאַמבור און מיטן צווייטן אַפן טראַמווײַ־טרעפּל.

— גיי שוין אַרײַן אין וואַגאָן, שטיי ניט אַזוי, — פּאָדערט ער, און אַליין גייט ער צוריק טאַקע כאַפּן אַ דרעמל.

כאַנע ווידער זעצט זיך, ווײַל אין טראַמווײַ איז אין אַזאַ פריִער שאָ פרײַ. זי נעמט אַרויס דעם בוך, וואָס ניקאָליי ניקאָלײַעוויטש האָט אַנומלטן געבראַכט. זי לייענט און פּראַלט אַלע ווײַלע אַרויס אַ געלעכטער, אַזוי אַז די פאַרשלאָפענע פּאַסאַזשירן קוקן זי פאַרוווּנדערט אָן. געקומען צו דער אַרבעט, שטעלט זי צו קאָכן אַ הירזשענע קאַשע, מאָלט פלייש אָף דער פלייש־מאַשינקע, צעלייגט פּירקאַנטיקע שטיקעלעך פּוטער אָף די פּלאַכע טעלערלעך. דער־הערט, ווי די טיר עפנט זיך, קערעוועט זי אויס דעם קאָפּ און דערזעט די פאַרוואַלטערקע יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע. יענע קוקט אָן כאַנען און וויל וויסן:

[1] „סאַראַ טומל, סאַראַ טומל, קום אָף וואָלקאַנקע".

— וואָס זײַט איר אַזוי פֿריילעך? איך זע, אַז אָט־אָט צעלאַכט איר זיך.

— איר האָט געטראָפֿן, דער פּרינץ גייט מיר ניט אַרויס פֿון זינען.

— וואָסער פּרינץ?

— יענער פּרינץ, וואָס האָט געזוכט אַ שידעך מיט אַן עמעסער פּרינצעסן און האָט נעבעך בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט געפֿינען אַזאַ. ביז אין אַ גוטסרעגן האָט צוגעבלאָנקעט די אויסגע־ווייקטע, די עמעסע פּרינצעסן צום קייזערלעכן פּאַלאַץ.

— איך הייב ניט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס איר רעדט, — האָט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע זיך מוידע געווען.

— וואָס פֿאַרשטייט איר ניט? די פּרינצעסן שטייט לעבן טויער פֿון פּאַלאַץ אַן אויסגע־ווייקטע ביזן לעצטן פֿאָדעם. מע האָט זי טאַקע אַרײַנגעלאָזט אין פּאַלאַץ, און די אַלטע באַ־האָוונטע קייסערינע האָט געזאָגט: „מיר וועלן שוין באַלד זען, צי זי איז די עמעסע פּרינ־צעסן, צי ניט?"

און ווי זי זאָגט עס, שלײַדערט זי אַראָפּ דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט פֿון בעט, לייגט אַוועק אַן אַרבעס אויף די הוילע ברעטער, לייגט אַרויף צוועלף פּערענעס. און וואָס זשע מיינט איר, די פּרינצעסן האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט אַ גאַנצע נאַכט איבערן אַרבעסל. אויף די זײַטן זײַנען איר פֿאַרבליבן ברוין־בלויע סימאָנים.

— אוי, דאָס איז אויסגעצייכנט! איך ווייס שוין, דאָס איז די פּרינצעסן אויפֿן אַרבעסל, — האָט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע אויסגערופֿן און זיך אויך צעלאַכט. זיך אויסגעלאַכט, האָט זי זיך פֿאַרוווּנדערט:

— כאַנע דאַווידאָוונע, איר לייענט אַנדערסענען דאָס ערשטע מאָל?

— כ'האָב אַפֿילע ניט געהערט קיינמאָל, אַז עס איז דאָ אַזאַ שרײַבער.

— איך בין אײַך מעקאַנע, איר וועט נאָך האָבן אַ סאַך פֿאַרגעניגן. כאָטש איך האָב געלייענט די מײַסעלעך, ווען איך בין אַלט געווען נײַן יאָר, געדענק איך זיי ביז איצט, — האָט די פֿאַרוואַלטערן געזאָגט און איז אַוועק צו דער טיר.

— יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע, איר קענט איצט אָפּעסן פֿרישטיק, כ'האָב אויסגערעכנט און איך זע, אַז ס'וועט זײַן פֿאַר די קינדער איבערגענוג.

— ניין, ניין. ווי אַלע, אַזוי איך, — האָט די פֿאַרוואַלטערן געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען. זי איז אַרויסגעגאַנגען, און מאַקאַר איז אַרײַנגעקומען. ער האָט זיך געזעצט, ווי שטענדיק, אויפֿן איבערגעקערטן עמער, און כאַנע האָט אים דערלאַנגט אַ פֿולן טעלער מיט קאַשע.

— דו ווייסט, כאַנאַ דאַווידאָוונאַ, איך עס בײַ דיר דעם לעצטן אָנבײַסן. איך בין געווען נעכטן דאָרט, ווו מע בויט „שאַריקאָפּאָדשיפּניק", און איך גיי אַהינצו אַרבעטן.

— וועסט יאָ אַרבעטן, וועסט ניט אַרבעטן. נאַ דיר צו דער קאַשע אַ גלאָז זויערמילך.

— זויערמילך האָב איך ליב, אין דער היים פֿלעגט די מאַמע אָפּקאָכן קאַרטאָפֿל אין מונ־דירן, זי פֿלעגט ברענגען אַ פֿולע מאַקיטרע זויערמילך, עס וויפֿל דו ווילסט! — האָט זיך דער־מאָנט מאַקאַר.

— עס גיכער, איין פֿוס דאָ, אַ צווייטער — אויף דער באַזע. וואָרעם ווער עס קומט פֿריִער, דער מאָלט פֿריִער, — האָט כאַנע אונטערגעשײַלט מאַקאַרן. זי האָט קעסיידער אונטערגעשײַלט יענעם און זיך.

אויב אין קאָמונע פֿלעגט זי אָפּט קומען צו די קינדער ניט צו דער באַשטימטער שאָ און מע האָט זי אַרײַנגעלאָזט, האָט זי איצטער די קינדער געזען נאָר זונטיק, ווײַל די דערציִערנס פֿון קינדערגאָרטן האָבן געזאָגט אויסדריקלעך:

— דו מיינסט, אַז דו אַרבעטסט דאָ, קאָנסטו אַרײַנגיין, ווען עס ווילט זיך דיר? — עס האָט איר אָפּט געקוועטשט דאָס האַרץ און טרערן האָבן זי געוואָרגן. אַגעוו, טרערן פֿלעגן איצט גאַנץ אָפּט אופֿזידן אין אירע אויגן. איז עמעצער געווען אין קיך, האָט זי זיך געהאַמעוועט, אויב קיינער איז ניט געווען כוץ איר, איז די מאָס איבערגעגאַנגען, זי האָט זיך גוט אויסגע־וויינט, דערבײַ זיך אָפּגעהיט, די טרערן זאָלן ניט פֿאַלן אין טאָפּ אָדער אויפֿן ברויט, וואָס זי שנײַדט, דערנאָך האָט זי גוט אויסגעווישט דאָס פּאָנעם און זיך געמוסערט: „העלדינע, אַ מאַמע ביסטו? דאַרפֿסט נאָך אַליין אַ מאַמען". עס איז איר איצט אָנגעקומען גאַנץ שווער צו גיין פֿון דער אַרבעט אַהיים, אַפֿילע אויב נעכעמיע האָט זי באַגעגנט. זי האָט גוט געפֿילט, אַז זי איז אינעם צימערל אַ פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן, כאָטש ניט יאַקאָוו, ניט בראָניסלאַווע יאָסיפֿאָוונע האָבן איר קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. אָבער כאַנע האָט געפֿילט אויף שריט און טריט, אַז זי פֿאַרנעמט דאָ צופֿיל אָרט. עס זײַנען געווען נאָך סיבעס, וואָס האָבן כאַנען קלאָר געמאַכט, אַז זי איז דאָ ניט זייער גלײַכן. ווי נאָר זי פֿלעגט זיך זונטיק שטעלן וואַשן גרעט, איז שוין בראָניסלאַווע געשווומען מיט אַ היפּש פּעקל קויטיקס אין די אויסגעשטרעקטע,

ברייט־פּאַנאַנדערגענומענע הענט. זי טוט אַ וואָרף דאָס פּעקל אױף דער פּאָדלאָגע לעבן כּאַנעס פּיס און זאָגט, שמייכלענדיק:

— פּאַריינס ווּעסטו דאָס מאַכן, ס׳איז נאָר עטלעכע שטיקלעך.

אָפּטער פון אַלץ פלעגט זי דאָס טאָן, בײַס נעכעמיע פלעגט ערגעץ אַוועק מיט די קינדער. און כּאַנע האָט וועגן דעם אים קײנמאָל קיין וואָרט ניט געזאָגט. עס איז אָבער דאָ אַ ווערטל, אַז „יעדער שטריק האָט אַן עק״. אין איינעם אַ זונטיק איז נעכעמיע מיט די קינדער גראָד געווען אין שטוב, ווײַל עס האָט גערעגנט. כּאַנע איז געשטאַנען בײַ דער בלעכענער מולטער און האָט געמאַכט אַ געוועש. בראָניסלאַווע יאָסיפאָוונע איז אַרויסגעגאַנגען פונעם קליינעם צימערל, טראָגנדיק אין די אויסגעצויגענע הענט אַ היפּש פּעקל. זי האָט עס אַ וואָרף געטאָן לעבן כּאַנעס פּיס און, ווי טאָמיד פאַרבײַגייענדיק, צוגעוואָרפן:

— עטלעכע שטיקלעך פּאַריינס.

נעכעמיען האָט ווי אַ הייב געטאָן פון זײַן אָרט. מיט איין שפּרײַז איז ער געשטאַנען צווישן כּאַנען און, ווי ער האָט געררופן בראָניסלאַווען, צווישן דער מאַדאַם. ער האָט זי אָנגעקוקט, קוים פאַרשטאַנען, וואָס ער טוט. זײַנע פּיס האָבן, ווי אָן זײַן ווילן, צונויפגעשאַרט דאָס, וואָס בראָניסלאַווע האָט צוגעוואָרפן, און, עס אַזוי שאַרנדיק, ניט מיט זײַן קאָל אויסגערופן:

— ווען אַ טויטער וועט ניסן און איר וועט אים זאָגן „צו געזונט״, דאַן וועט כּאַנעלע... — און צו כּאַנען: — כּאַנוקל, איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל. פאַרוואָס האָסטו מיר עס ניט געזאָגט? דו האָסט ניט געוווּסט, אַז דו וועסט באַגעגענען אַ כאַזער, האָסטו קיין פּאָמיריניצע ניט צוגעגרייט?! אַך דו, אָרעם קינד מײַנס, — האָט נעכעמיע מיט אַ געפּאַלן קאָל גערעדט צו כּאַנען און געגלעט אירע האָר.

כּאַנע האָט מאַמעש ניט געקאָנט אָנקוקן ניט נאָר בראָניסלאַוון, נאָר אַפילו איר קלייד, אירע לאַקירטע לאַדעטשקעס. עס האָט איר געשלאָגן צו דער גאַל, ווען זי האָט געהערט, ווי יענע זאָגט:

— יאַקאָווו, יאַשענקע, העלף מיר אויסטאָן די טופליעס. — יענער האָט געפאָלגט, און כּאַנע האָט עס אָפּט איבערגעקרימט. נעכעמיע האָט געקײַכט פון געלעכטער און באַגיטיקט:

— כּאַנוקל, ביסט אַ מאַלאַדיעץ. דו האָסט אויגן, וואָס זעען.

■

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „מאַדאַם״ איז אַ וויסנשאַפטלעכער טוער. זי האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין אַ מאַנאַטשריפט, און די שטוב־אַרבעט פלעגט אָפּטאָן אַ געקומענע עלטערע פרוי. אנומלטן, בײַס די מאַנצבלען זײַנען אין שטוב ניט געווען, האָט בראָניסלאַווע זיך געווענדט צו כּאַנען מיט אַזאַ פראַגע:

— זאָג מיר, זײַ אַזוי גוט, פאַרוואָס ווילסטו ניט מיט דײַנע קינדער לעבן אין בײַשטאָט, עס געפעלט דיר גראָד מײַן דירע?

כּאַנע האָט קיין איין וואָרט ניט געענטפערט. פאַרוווּנדערט איז זי אויך ניט געווען. זי האָט מער אָדער ווייניקער שוין געקאָנט אָפּשאַצן די דאָזיקע וויסנשאַפטלעכע טוערן. אָבער גרינגער איז איר פון דעם ניט געוואָרן. זי האָט נעמלעך אויך פאַרשטאַנען, אַז נעכעמיע איז ניט קיין באַלעבאָס אַפילו פונעם צימערל, ווו זיי געפינען זיך.

אױף מאָרגן בײַ דער אַרבעט איז כּאַנען אַלץ געפאַלן פון די הענט. די פּאַרוואַלטערקע האָט געקוקט, ווי כּאַנע טיילט סמעטענע אין קליינע טעפּעלעך, און ווען דאָס איז געוואָרן אויסגעטיילט, האָט זי, ווי גלײַכגילטיק, געפרעגט:

— כּאַנע דאַווידאָוונע, איר זײַט פאַרמאַטערט, אָדער בײַ אײַך האָט עפּעס געטראָפן?

— נאָך דער אַרבעט, אויב איר וועט האָבן צײַט, וויל איך זיך מיט אײַך דורכריידן.

— גוט, איך וועל זײַן אין קאַבינעט.

ניט צוליב פּוסטער נײַגעריקייט האָט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע עס געפרעגט. ניט דערפאַר וואָס כּאַנע איז גרייט געווען פאַר אַ באַליביקן אויסגיסן דאָס האַרץ, האָט זי געזאָגט: „איך וויל זיך מיט אײַך דורכריידן״. די פּאַרוואַלטערן האָט געזען און פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ מענטש כּאַנע איז. כּאַנע האָט זיך אויך ניט געגאַרט אין דער פּאַרוואַלטערקע. גאַנץ אָפּט אין אָוונט זײַנען זיי געזעסן, געמאַכט די כעזשבוינעס, דערבײַ געשמועסט צוביסלעך. פּאַוואָליע האָט זיך יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע דערוווּסט, וויאַזוי כּאַנע איז מעגולגל געוואָרן אַהער. בײַס זי האָט אויסגעהערט, וואָס כּאַנע האָט גערעדט, איז זי אַ ווײַלינקע געזעסן פאַרטראַכט, דערנאָך האָט זי, ווי ציילנדיק יעדער וואָרט, אָנגעהויבן:

— איך פאַרשטיי, אַז אײַער מאַן האָט זייער ערנסט געדאַרפט דורכטראַכטן, אײדער ער האָט אײַך מיט די קינדער געגומען אַהער. אָבער איר האָט אים כאָטש געפרעגט: האָסט א ווינקל?

— ס׳איז מיר אפילו ניט אײַנגעפאַלן, ער איז דאָך ניט קיין יינגעלע, ער איז אַלט קנאַפּע דרײַסיק יאָר.

— זעט איר שוין, וואָס זשע האָט איר פּרעטענזיעס צו אים? ער איז נאָך קיין טאַטע ניט געווען, און איר א מאַמע זײַט יאָ געווען... אָבער איר דאַרפט ניט זײַן אַזוי דערשלאָגן. ס׳וועט זיך געפינען עפּעס אן אויסוועג.

— איך האָב צו קיינעם קיין טענות ניט. און איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז די שכנים מײַנע דאַרף מיך מיט מײַנע קינדער, ווי א לאָך אין קאָפּ. אָבער איך קאָן אַהין מער ניט גיין. ווען איך האָב זיך ווו אַהינצוטאָן, וואָלט מײַן פוס דאָרטן קיינמאָל ניט געווען!

— דאָרטן איז דאָך אײַער מאַן, איר זאָגט דאָך, אַז איר האָט אים ליב?...

— זייער! אָבער ווי קאָן ליבע דערלאָזן, אַז מע זאָל דערנידעריקן און באַליידיקן? איך האָב אײַך דאָס דערציילט דערפאַר, ווײַל איך האָב געהאָפט, אַז איר וועט מיך לאָזן נעכטיקן דאָ אין קאָרידאָר, ביז איך וועל קריגן ווו צו נעכטיקן מיט מײַנע קינדער.

— פאַרוואָס עפּעס דאָ אין קאָרידאָר? א געוויסע צײַט וואָלט איר געקאָנט נעכטיקן בא מיר, אָבער איך קענט איצט קיין זאַך ניט באַשליסן אָן אים, דער ערשטער האָט ער געדאַרפט וויסן וועגן דעם. איר זײַט באַגלײַך שולדיק. פאָלגט מיך, גייט אַהין, ווי אַלע טאָג. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, דערציילט אים ניט קיין מײַסעס, וואָס יענע האָט אײַך געפרעגט און געזאָגט. רעדט זיך פּאָשעט פּראָסט דורך מיט אים, ברענגט אים אָפּן געדאַנק, אַז ס׳איז נייטיק צו קריגן א דירע, אַז אין בײַשטאָט איז עס מער מעגלעך. אײַער עלטער מיידעלע וועט דעם קומענדיקן האַרבסט אוועק אין שול? ווו וועט איר זי אוועקזעצן מיט א העפט, מיט א ביכל? קורץ, איך דאַרף אײַך ניט לערנען וואָס צו זאָגן.

כאַנע האָט אײַנגעזען, אַז די פאַרוואַלטערקע איז גערעכט. אין אָוונט האָט זי נעכעמיע באַגעגנט, ער האָט גאָרנישט ניט באַמערקט. ערשט דערנאָך, ווען זיי האָבן אָפּגעטרונקען טיי, האָט ער דערזען און פאַרשטאַנען, אַז זי איז זייער צעטרודערט. אַזיווי יאַקאָוו מיט בראָ־ניסלאַווען זײַנען געווען אין זייער צימערל, האָט ער שטיל געזאָגט:

— קום, לאָמיר זיך א ביסל דורכגיין.

אַף דער גאַס האָט ער געפרעגט:

— ס׳איז עפּעס געשען אַף דער אַרבעט?

— וואָס פעלט דיר אײַן?

— איך זע דאָך, זאָג, וואָס האָט געטראָפן?

— כ׳וואָלט זיך געוווּנדערט, ווען דו וואָלסט ניט געזען.

— וואָס איז, דו פילסט זיך שלעכט?

— איך האָב ניט קיין צײַט צו פילן. און איך וויל מער ניט וווינען אינאיינעם מיט זיי.

— איך וויל דאָס אויך ניט. דערווײַל זע איך ניט, מיר זאָלן זיך קאָנען אָרויסקלײַבן. איך האָב דיר ניט געזאָגט וועגן דעם, אָבער איך האָב דערלאַנגט א מעלדונג אין קינסטלער־פאַריין.

— ביז וואָס־ווען מוזן מיר געפינען עפּעס א צימערל, די פאַרוואַלטערקע פון קינדער־גאָרטן האָט מיר געזאָגט, אַז אויסער דער שטאָט קאָן מען עפּשער יאָ קריגן.

— געוויס וועל איך צופאָרן. אָבער מע דאַרף האָבן געדולד, ס׳איז גאָרניט פון די גרינגע זאַכן. איך דאַרף דיר זאָגן, אַז דאָס צימערל, ווו מיר זײַנען, איז טאַקע מײַנס, זנאַטשיט, דו וווינסט ניט מיט זיי, נאָר מיט מיר. איך האָב געהאַט א גרויסן ליכטיקן צימער, איז איינמאָל געקומען צו מיר יאַקאָוו, ער האָט גערעדט און מיך אײַנגערעדט, כ׳זאָל זיך אַריבערקלײַבן צו אים. דערנאָך האָט ער מיר געמאַכט די פּראָפּיסקע.

— נעכעמיעלע, איך פאַרשטיי אין דערויף גאָרנישט. נאָר אויב איך זאָג דיר, אַז איך קאָן דאָ מער ניט לעבן, זאָלסטו וויסן, אַז איך וועל ניט זײַן אונטער איין דאַך מיט יאַקאָווס ווײַב. וואָס פאַר א צימערל דו וועסט ניט קריגן, זאָל זײַן פינף שפאַן, וועל איך זײַן צופרידן. כ׳וועל עס אויסקאַלכן, אופראַמען. מיר וועלן פריי אָפּעטעמען.

— באַרויק זיך. גוט, געוויס וועל איך זוכן. און קום אין שטוב. זײַ ניט אַזוי טרויעריק. איך קען דאָס ניט זען. דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אַלץ וועל איך טאָן, קעדיי דיר זאָל זײַן בעסער ווי דיר איז.

אין שטוב האָט כאַנע מער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. זיי האָבן אויסגעלאָשן די שײַן און זיך געלייגט שלאָפן. אינדערפרי האָט נעכעמיע געהאַט א טײַנע:

— כאַנוקל, פאַרוואָס טראָגסטו ניט דײַן כאַסענע־קלײד? שוין צײַט, זאָלסט אוועקוואַרפן דײַנע קאָמונע־טואַלעטן. מע האָט דיר דאָך צום אַכטן מאַרט געגעבן אַ פּרעמיע — טופּליעס. פאַרוואָס זשע גײסטו אַרום אין די שטיוול?

— אויב דו האָסט דערפון קלעמעניש, וועל איך אָנטאָן די טופּליעס, אַ נאַפּקעמינע.

— טו אָן איצט.

— איצט האָב איך קײן צײַט ניט.

— פאַרוואָס? דו זיצסט דאָך בעמײלע.

— איך זיץ, ווײַל איך וויל זיך דערמאָנען מײַן כאָלעם. שווײַג־שווײַג, איך האָב זיך שוין דערמאָנט. איך גײ זיך אַזוי באַנאַכט אין סטעפּ, עס איז אַ כוישעכדיקע נאַכט, שטאָקפינצטער. איך גײ און איך גײ אין דער פינצטער, מיטאַמאָל נעמט אופגײן די זון. זי גײט אוף פּאַמעלעך־פּאַמעלעך, פּונקט ווי עפּעס אַ ריז וואָלט זי מיט קויעך אַרויסגעשטופּט פון דער פינצטערניש. די ליכטיקײַט שפּרײט זיך, שפּרײט זיך, און אײנײנעם מיט דער ליכטיקײַט דערהערט זיך פונדערווײַטן אַ טופּען פון פערד, אַ הירזשערײַ. איך הער עס אַלץ בוילעטער, אַלץ נעענטער, און אָט יאָגט שוין איבערן סטעפּ אַ טאַבון פערד. זײ יאָגן מיט פאַריסענע קעפּ און אופגע־ריסענע מײַלער, אַזוי אַז איך זע די ציין, און זײערע טלאָען פּויקן אַף דער טרוקענער ערד, ווי אַף אַ פּויק. איך לויף אויך מיט די פערד אײנײנעם. אָט־אָט כאַפּ איך זיך שוין אָן באַ דער גריווע פון אַ טונקל־שוואַרצן פערד, נאָר ער טוט אַ דרײ מיטן האַלדז, די גריווע גליטשט זיך אַרויס פון מײַן האַנט, איך פאַל אַנידער. איבער מיר טראָגט זיך אַ טופּען און אַ הירזשערײַ, מיט אַלע קויכעס קוועטש איך זיך צו דער ערד. איבער מיר טראָגט זיך אַ גוואַלדיקע, היר־זשענדיקע כוואַליע, און די פּלײצע טוט מיר אַזוי וויי, איך כאַפּ זיך אַזש אוף פון ווײטעק. דער באַלויכטענער סטעפּ פּויקט, צי דאָס האַרץ מײַנס? יאָ, אַוודע דאָס האַרץ, עס שפּרינגט אַזש אַרויס.

— טרײסט מײַנער, כאַנוקל. דו ביסט דאָך אַ פּאָעט.

— ווערסט לאַכן פון מיר, אָפּט ווילט זיך מיר אַזוי אָנשרײַבן, וואָס איך ווײס, וואָס איך האָב געזען און וואָס איך זע איצט. ס'אַ ווערטעלע צו זאָגן, דאָס אַלץ צו געדענקען. אַמאָל וויל איך אַזוי דערצײלן וועגן דעם, אַז איך פּיל אַף זיך אַ שווערע־שווערע מאַסע, און די מאַסע קאָן איך ניט אַראָפּוואַרפן. דאָס איז אַ סאַך שווערער ווי האָרעווען.

— כאַנוקל, זאָלסט עס קײנמאָל ניט טאָן. דו דאַרפסט דאָס ניט!

— וואָס רעדסטו, נעכעמיע? פונוואַנען ווײסטו, אַז איך דאַרף דאָס ניט!

— דו מעגסט מיר טרויען, אַז דו דאַרפסט עס ניט. זאָלן דאָס טאָן די, וואָס זײַנען מיִעס, וואָס זײַנען... מיט אײן וואָרט — דו דאַרפסט דאָס ניט! איך האָב דיך אַזוי ליב, איך וועל זיך שוין פּאָסטאַרעווען צו קריגן אַ קוואַרטיר, דאַן וועל איך אַרבעטן מער ווי איצט, דו ווערסט אוועקגײן פון קינדערגאָרטן, דו ווערסט זײַן מײַן באַלעבאָסטע און מײַן געליבטע. גלײב מיר, עס וועט זײַן אויסגעצײכנט!

— איך ווײס, אַז דו האָסט מיך ליב. איך ווײס, אַז אומעטום וועט אונדז זײַן אויסגע־צײכנט. איך האָב דיך ליב מער ווי זיך אַלײן! פונדעסטוועגן, זיצסטו באַם טיש און דו אַר־בעטסט, דו דערצײלסט מיט בלײַקעס, מיט פּענדזלען וועגן דעם, וואָס דו זעסט. פאַרוואָס זשע זאָגסטו, אַז איך דאַרף דאָס ניט טאָן?

— טרײסט מײַנער, מיר דערצײל וועגן אַלץ, וואָס דו זעסט. און קום צום טראַמווײַ, ווערסט פאַרשפּעטיקן, — האָט נעכעמיע זי געבראַכט צו דער וואָר, און ווי שטענדיק, בײס זי איז שוין געשטאַנען אַפן טראַמווײַ־טרעפּל, האָט ער געוואָרנט:

— זײַ געהיט, איבערן וועג ניט לויפן, ניט לויפן!

■

צי אַ מאַלעך שנעלט יאָ אין נעזל, בײס אַ קינד דאַרף דערזען די ליכטיקע וועלט, צי ניט, אָבער אַז איטלעכער האָט זיך זײַן מאַזל, דאָס האָט כאַנע פאַרשטאַנען. זי גופע האָט ניט געטראַכט, צי האָט זי באַם געבוירן ווערן געכאַפּט פון אַ מאַלעך ניט קײן מאַזלדיקן שנאָל... אָבער זי האָט אָפּט געפילט, אַז ס'וואָלט ניט געווען קײן אוולע, ס'זאָל איר זײַן אַ ביסל גרינגער, ווי איר איז. דערווײַל איז קײן שום אויסזיכט און קײן האָפענונג ניט געווען, אַז איר אויסקומעניש זאָל געלינדערט ווערן.

אין די קראָמען זײַנען די פּאָליצעס געווען פול מיט פּעקעלעך קאַווע פון כאַזערשע ניס. ברויט קויפן אַלע נאָר אַף ברויט־קאַרטלעך. שניט־סכוירע, שוכוואַרג קאָן מען באַקומען נאָר ווען מע באַקומט אַף דער אַרבעט אָן אָרדער. אין קינדערגאָרטן האָט כאַנע אויך גוט געזען,

ווי די מאַמעס, וואָס ברענגען און נעמען אָפּ די קינדער, זײַנען פֿאַרדײַגעט. אָפֿט זאָגט צו כאַנען יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע: „דאָ וועט אַרײַנגיין אַ פֿרוי, גיט איר אַ צוויי גלאָז רײַז און אַ שטיקל מאַרגאַרין". און לויט דעם, ווי די פֿרוי נעמט עס, פֿאַרקוועטשט כאַנען דאָס האַרץ. די לעצטע צײַט איז איר צוגעקומען נאָך אַ דײַגע: זי האָט נאָך וועגן דעם נעכעמיען ניט געזאָגט, אָבער זי ווייסט, אַז זי טראָגט. „מער פֿעלט איר ניט, ווי ברענגען אַן אויפֿל צו דער „מאַדאַם".

עס טרעפֿט אויך, אַז זי מישט מיטן גרויסן הילצערנעם לעפֿל די הירזשענע קאַשע און אין איר זינען מישן זיך טײַנעס צו זיך זעלבסט: „אַ מאַמע פֿון קינדער טאָר קיינעם ניט ליב האָבן. אין קאָמונע זײַנען מײַנע פֿייגעלעך געווען ווי אין אייגענע הענט, איצט זײַנען זיי ווי איבערגעזעצטע פֿלאַנצונגען. זיי זײַנען עלטער געוואָרן אַף צען יאָר, און איך גופֿא?" דעם געדאַנק וועגן זיך האָט זי געטריבן פֿון זיך, וואָרעם אויב די קינדער זײַנען „איבערגעזעצטע פֿלאַנצונגען", איז זי דאָך ווי אַן אַרויסגעריסענער בוים.

די שטאָט, די גאַסן, דער טראַמוויי, די איזוואָזשטשיקעס, די הײַזער, די מענגעס מענטשן האָבן איר אויסגעזען ווילד־פֿרעמד. „דער הימל איז פֿאַרשטעלט פֿון די אויגן, באַנאַכט זעט מען ניט קיין שטערן, ווײַל מע איז מיד און מע אײַלט זיך לייגן שלאָפֿן. באַגינען זעט מען ניט דעם זון־אויפֿגאַנג, ווײַל מע לויפֿט אָן אָן אָטעם צו דער אַרבעט. פֿאַרנאַכט זעט מען ניט דעם זון־פֿאַרגאַנג, ווײַל מע וויל שוין גיכער דערזען דעם טראַמוויי, וואָס וועט אָוועקפֿירן אַהיים. אַזויפֿיל מענטשן, אַזאַ גרויסע שטיבער, אַזאַ געלאַף, אַזאַ אײַלעניש. אָן אומגליק, וואָס אַזויפֿיל מענטשן האָבן זיך צונויפֿגענומען אַף איין אָרט". — אַזוי האָט כאַנע ניט דאָס ערשטע מאָל באַזיניקט דאָס, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט.

ווי האָט עס אַנדערש געקאָנט זײַן? איר זיידנס שטוב אין קליינעם שטעטעלע איז געווען ניט ווײַט פֿון פֿעלד. דאָס פֿעלד איז געווען נאָענט צום וואַלד. אַלע האָבן געקענט איינער דעם אַנדערן. איינער האָט דעם צווייטן אונטערגעטראָגן דעם גוטמאָרגן, דערציילט, וואָס נעכטן האָט מען געקאָכט און וואָס מע האָט בעדייע צו קאָכן הײַנט. אַז אַ קינד האָט ווי געטאָן דאָס בײַכל, האָט געוווּסט די גאַנצע גאַס. איז געווען אַן איבערגאַנג מאַזלען, ווינט־פּאָקן — האָבן אַלע מאַמעס געגרייט לײַוונטענע פּיטשינקע טאָרבעלעך, אָנגעשאָטן אַהין נאַפּטאַ־לין, צוגעניית בענדעלעך און זיי אָנגעטאָן די קינדער אַף די העלדזלעך. זומערצײַט איז כאַנע מיט דער באָבען און מיטן זיידן אָפּט געגאַנגען אין וואַלד, מע האָט געדאַרפֿט צונויפֿבינדן אַ סאַך בעריאָזעווע בעזעמלעך, עס זאָל זײַן מיט וואָס זיך צו בעזעמען אין מערכעץ. די באָבע האָט געוווּסט, אַז ראַמאַנקעס איז צום מאָגן, מענטע צו קאָפּווייטעק, טויזנטגעבלעטער צו די געלענקען. קינדווײַז האָט עס כאַנע געהאָלפֿן איבערקלײַבן, בינדן. אָן אַ שיר טרוקענע גראָז־בעזעמלעך פֿון ליפּע־בלי‌ונג, האָזן־שטשאַוו זײַנען געהאָנגען אַף צוועקעס אין דער באָבעס שלאָפֿקאַמער. דער זיידע, זיכרוינע־לי‌וראָכע, האָט געטײַנעט צו דער באָבען:

— דײַן גראָזוואַרג קומט מיר צו כּאַלעם. דו זאָגסט, עס העלפֿט פֿון אַלערליי כּאַלאַסן? איך זאָג דיר, אַז דאָס העלפֿט נאָר צום ניסן, אַפּ־טשי, אַפּ־טשי! — האָט דער זיידע זיך געמאַכט אַקוראַט ווי ער ניסט.

אין קאָמונע איז קיין וואַלד ניט געווען, איז אָבער געווען אַ סטעפּ, אַ הויכער, ברייט־פֿאַנאַנדערגעשפּרייטער הימל, אַ פֿרײַער שמעקנדיקער ווינט. איז דאָך טאַקע גאָר קיין וווּנדער ניט, וואָס כאַנע האָט זיך געפֿילט אינעם צימערל, ווי אין אַ שטײַג, און אין קיך אַף דער אַרבעט — ווי אין קלעם. אָבער בייס אַ מענטש איז געבענטשט מיט פֿײַיקײַט צו טראַכטן, צו פֿאַרשטיין, וואָס אים רינגלט אַרום, האָט ער פֿרייד פֿון דעם, וואָס ער קאָן עס באַזיניקן. כאַנע האָט קיין שײַכעס ניט געהאַט צו דער מערהײַט מענטשן, וואָס טראָגן זיך מיטן יאָך פֿון דער אַלטעגלעכקײַט, פֿון טיף־פּערזענלעכע איבערלעבונגען. בייס אין קיך פֿלעגט קומען אַ פֿרוי, וועלכע די פֿאַרוואַלטערקע האָט געשיקט צו כאַנען, האָט כאַנע אָפּט אָנשטאָט צוויי גלעזער רײַז אַרײַנגעשאָטן אַ ביסעלע מערער. איינע אַ פֿרוי פֿלעגט קומען אָפּטער ווי אַנ־דערע. כאַנע פֿלעגט זי מעכאַבעד זײַן מיט אַ ביסל קאַשע, אַמאָל מיט אַ גלאָז טיי. איין מאָל, נאָכאַמאָל, ביז די פֿרוי האָט דערציילט, אַז זי איז אַן איינזאַמע מאַמע, אַז דער מאַן האָט זי פֿאַרלאָזט, איז ערגעץ אָוועקגעפֿאָרן און האָט פֿאַרגעסן, אַז ער האָט דאָ געלאָזט צוויי קינדער. כאַנע האָט עס געהערט, מיטגעפֿילט, זיך דערוווּסט בא דער פֿאַרוואַלטערקע, אַז ניט מיט איינער טרעפֿט עס, אַז אין קינדערגאָרטן זײַנען דאָ עטלעכע קינדער, וועלכע האָבן קיין טאַטעס ניט. כאַנע האָט עס געהערט, דערבײַ זיך דערמאָנט דעם קינדערהיים פֿון דער קאָ־מונע, די דערצי‌ערנס פֿון קינדערהיים, וועלכע האָבן קיין ביסן ניט אַראָפּגעשלונגען פֿון די קינדערס עסן. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז אַ מאַמע זאָל פֿילן, איר קינד איז געקריוודעט, ניט צו זאָט אָנגעהאָדעוועט. און אָט קומט איר ווידער אַפֿן זינען, ווי הענקע, וואָס אַרבעט אין

קינדערהיים, קומט אין שטאָל נאָך מילך, ווי זי, כאַנע, דערלאַנגט איר דאָס קווערטל מילך און זאָגט: „טרינקט אויס!“, ווי הענקע גיסט אויס די מילך פון קווערטל אין פאַן, טוט אַ זאָג: „זײַ ניט בעסער צו מיר ווי צו זיך“. צי דען איז עס צו פאַרגלײַכן, ווי די דערציִערנס פון קינדערגאָרטן זאָגן צו כאַנען: „זשאַלעווע ניט, זשאַלעווע ניט, גיב נאָך אַ צוויי לעפל, מיר לייגן געגונג קויכעס פאַר די קינדער“.

אַף די פאַרזאַמלונגען פון קינדערגאָרטן האָט כאַנע ניט איין מאָל גערעדט וועגן דערוף, אָבער עס העלפט, ווי אַ טויטן באַנקעס. אָט טראַכט זי וועגן דעם, אָט טראַכט זי וועגן עפּעס אַנדערש: „אוואָדע איז מיר באַשערט אַ גליק. געוויס איז נעכעמיע אַ זעלנטהייט, אוואָדע דאַרף איך דאָס שאַצן. אָבער ער האָט גאָרנישט ניט פאַרלאָרן. אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, איז מיט אים. דערצו האָט ער נאָך מיך אויך“. אַנומלטן האָט זי אים געפרעגט:

— נעכעמיעלע, זאָג מיר, וואָס האָסטו געטראַכט, ווען דו ביסט געקומען נעמען מיך מיט די קינדער?

— איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל דיך נעמען אַהער, וועלן זיי ניט גיין אין קיין קינדערגאָרטן, זיי וועלן זײַן מיט אונדז, איך האָב דאָך ניט געוווּסט, אַז יאַקאָוו וועט אַזוי גיך קומען פון קיִעוו און דערצו נאָך מיט אַזאַ מאַדאַם. איך ווייס, אַז דאָס געפעלט דיר ניט...

— דו געפעלסט מיר, בין איך גליקלעך. פאַרוואָס ווילסטו קלאָר מאַכן דאָס, וואָס איז קלאָר? איך האָב געטראַכט, דיר זאָגן, צי ניט, נאָר סײַווי וועסטו דאָס וויסן דער ערשטער. ווי וועלן מיר זיך אַהינטאָן, אויב עס וועט זײַן נאָך אַ קינד?

כאַנע האָט עס אַרויסגערעדט און זיך אַליין דערשראָקן. אָבער נעכעמיע איז צוגעפאַלן צו איר, געקושט איר פּנים און אירע הענט און אַלץ געוואָלט וויסן:

— כאַנוקל, דו ביסט זיכער, אָבער געוויס?

— הער אויף, נעכעמיע. וואָס וועלן מיר טאָן, ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן? שטענדיק איז פול מענטשן, מע שרייט און מע רייכערט. ס'איז אומעגלעך צו ברענגען אַ קליינס אַהער.

■

ניט גרינג, אוי ניט גרינג איז כאַנען איצט געוועזן אַפן האַרצן! ניט גרינג איז איר אויך אָנגעקומען די אַרבעט. מאַקאַר איז טאַקע אַוועק אַף „שאַריקאָפּאָדשיפּניק“, עמעס, מע האָט גענומען נאָך אַ מענטשן אין קיך, די פאַרוואַלטערקע האָט געזאָגט כאַנען, זי זאָל ניט פאָרן נאָך פּראָדוקטן, ווײַל זי האָט פאַרשטאַנען, אַז כאַנע איז אַף דער צײַט, אָבער די פּראָדוקטן קומען ניט אַליין אין קיך. די לעצטע צײַט גייט אַרײַן יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע, זי העלפט איבערקלײַבן גרויפּן, אַרבעס. ס'איז פון איר ניט פאַרבאָרגן, וואָס בא כאַנען אַפן האַרצן טוט זיך. דערפאַר פרעגט זי שטיל, אײַנגעהאַלטן:

— כאַנע דאַווידאָוונע, אויב איך קאָן אײַך מיט עפּעס העלפן, וועל איך דאָס טאָן מיט פאַרגעניגן.

— כ'האָב אַליין געטראַכט זיך ווענדן צו אײַך נאָך הילף. אָבער, ערשטנס, האָב איך דערפילט, אַז איך וויל דאָס ניט, צווייטנס, איז שוין צו שפּעט.

— עס איז קיינמאָל ניט שפּעט צו העלפן.

— ס'איז דאָ פאַלן, ווען עס איז שפּעט, ס'איז שוין בא מיר דער פערטער כוידעש.

— אײַער מאַן ווייסט?

— יאָ.

— איך האָב אײַך געזאָגט עטלעכע מאָל, איר זאָלט אַף דער באַזע נאָך פּראָדוקטן ניט פאָרן, און זײַט ניט אַזוי דערשלאָגן און פאַרלאָרן. אַ בלינדע הון געפינט אויך אַ קערנדל. אײַער מאַן וועט געפינען אַן אויסוועג. איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל, איר זאָלט קיין פּראָדוקטן ניט שלעפּן.

— יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע, איך ווונדער זיך אַף אײַך, איר ווייסט דאָך, אַז עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל.

— איך פאַרשטיי אײַך ניט. איר רעדט, ווי אַ פּיצל. אין אַזעלכע זאַכן איז אַלעמאָל דאָס ערשטע מאָל.

כאָטש די ווערטער האָבן כאַנען געטראָפן אין סאַמע האַרצן, איז זי געווען אַזוי זיכער אין זיך, אַז זי איז יעדעס מאָל געפאָרן מיטן וועגעלע און מיט דער צווייטער אַרבעטערקע אַף דער באַזע. אָפּט האָט זי זיך געווונטשן, אַז זי זאָל פּאַטער ווערן פונעם טראָגן, נאָר קוים

האָט זי זיך דערמאָנט, ווי גליקלעך נעכעמיע איז, ווי ער וואַרט אױף דעם, האָט זי זיך באַרויִקט. זי האָט דאָך גוט געוווּסט, ווי גינציק, ווי געטרײַ, ווי באַהעפט נעכעמיע איז צו איר. פונדעסטוועגן איז כאַנען וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ שווערער און ביטערער.

■

די טעג זײַנען געוואָרן לענגער, ליכטיקער און וואַרעמער. כאַנע האָט געאַרבעט ווי פריִער, ווי פריִער איז זי אױף זונטיק מיט די קינדער געפאָרן אהיים און יעדער מאָל פלעגט זי זיך אָפּסנײַ וווּנדערן, ווי פּאָר זעקס טעג וואַקסט אָן אַזויפיל פּעטס און ברוד אױף אַלץ, וואָס געפינט זיך אין צימער: די צעראַטע, די פענצטער־ברעטער, אַפילו די אַנלענען פון די שטולן זײַנען געווען ווי אַריסגעשמירט אין פּעטס. אַלץ האָט זי געוואַשן מיט זודיקער וואַסער. און נעכעמיע האָט זי געטרייסט:

— כאַנוקל, נעם זיך ניט צום האַרצן. אַלץ איז באַשמירט מיט זײַער פּוטער.

— פונוואַנען האָבן זיי אַזויפיל פּעטקײַט?

— זיי קויפן דאָס אין דער קאָמערטשעסקער קראָם.

דער זונטיקדיקער טאָג פלעגט אַוועקגיין איינס־און־צוויי. אָט האָט זי געלייגט די קינדער שלאָפן, אָט האָט זי זיי שוין געדאַרפט וועקן. דאָס איז געווען אַ ביטערע זאַך. די קינדער האָבן געוויינט, זיך ניט געלאָזט אָנטאָן, צו דער אַרבעט איז זי געקומען אַ פאַרמאַטערטע, און עס האָט זיך ערשט פאַר איר אָנגעהויבן אַ נײַער אַרבעטסטאָג.

אָפּט הייבט זיך אָן דער טאָג מיט פאָרן נאָך פּראָדוקטן אױף דער באַזע. עמעס, זי פאָרט מיטן וועגעלע דרײַ מאָל אַנשטאָט איין מאָל, פונדעסטוועגן קומט עס איר אָן ניט גרינג.

יעליזאַוועטע אַבראַמאָווּנע איז געווען אַ באַהאַוונטער מענטש, און זי איז געווען גערעכט, בייס זי האָט געזאָגט: „אין אַזעלכע זאַכן איז אַלעמאָל דאָס ערשטע מאָל". כאַנע האָט זיך געפילט ערגער ווי יענע דרײַ מאָל. דאַן האָט זי געטרונקען און געגעסן, ווי אַלע מענטשן. איצט האָט זי נאָר געטרונקען... פון אַלץ האָט איר געעקלט. זי האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם רייעך פון די געריכטן, וואָס זי האָט געקאָכט. ניט איין מאָל איז זי אַרויסגעלאָפן פון קיך כאַפן פרישע לופט. פלוצעם פלעגט אױף איר אָנפאַלן אַזא האַרצקלאַפעניש, אַז זי האָט געשפּירט — אָט שפרינגט איר אַרויס דאָס האַרץ. טאַקע איבער די רייכעס פון קיך איז כאַנע מיט גרויס ביישעק געפאָרן אױף דער באַזע. עטלעכע מאָל האָט נעכעמיע אונטערגעהאָלפן. איצט איז ער גראָד געווען פאַרנומען, ער האָט געהאַט אַ באַשטעלונג, און ער איז גאַנצע טעג און ביז שפּעט אין אָוונט געזעסן באַם טיש. אַזוי אַז כאַנען האָט ער באַגעגנט, אָבער מער ווי אױף דעם האָט ער קיין צײַט ניט געהאַט. אין די זונטיקן פלעגט נעכעמיע זי אָפּרײַסן פון דער שטוב־אַרבעט, און זי פלעגט עטלעכע שאָ זײַן מיט די קינדער אױף דער פרישער לופט. ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דער קינסטלער־פאַריין האָט געגעבן נעכעמיען אַ פּוטיאָווקע אױף צוויי וואָכן, און ער איז אַוועקגעפאָרן אין אַ ביישטאָטישן שפּעפרישן אָפּרו־הויז.

איינעם אַ פרימאָרגן איז כאַנע פאַמעלעך געגאַנגען באַם סאַמע טראָטואַר, די שטריק פון וועגעלע האָט זי אַרומגעדרייט אַרום דער האַנט, קעדיי דאָס וועגעלע מיט די פּראָדוקטן זאָל גיין גלײַכמעסיק און זיך ניט גליטשן אױף אַלע פיר רעדעלעך, בייס די גאַס גייט אַ ביסעלע באַרג־אַראָפּ. אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט זיך כאַנע געפילט ניט גוט, אירע אַלע גלידער זײַנען געווען ווי מיט בלײַ אָנגעגאָסן. אין קאָפּ האָט איר אַ ביסעלע געשווינדלט, נאָר פאַרנדיק צו דער באַזע, האָט זי זיך צעשטרייט און ס'איז ווי גרינגער געוואָרן. איצט, פאָרנדיק צוריק, האָט זי פלוצעם דערפילט אַ ווייטעק אין קרייץ. מיט די לעצטע קויכעס האָט כאַנע דערשלעפט די פּראָדוקטן צום הויף פון קינדערגאָרטן. אין הויף האָט איר שוין קיין קויעך ניט געקלעקט אַרײַנצושלעפּן דאָס וועגעלע, אַ קעלט האָט זי דורכגענומען, און אין דער זעלבער צײַט האָט עפּעס פרײַ און הייס אַ פלייץ געטאָן פון איר, און זי איז אומגעפאַלן.

■

כאַנע איז צו־זיך געקומען אין שפּיטאָל, און זי האָט ניט געפרעגט, „ווו בין איך", זי האָט זיך גלײַך דערמאָנט, וואָס מיט איר האָט געטראָפן. די פאַלאַטע־שוועסטער האָט דערזען, אַז כאַנע פּרווּט זיך אַ קער טאָן אױף אַ זײַט, האָט יענע שטרענג געוואָרנט:

— קראַנקע, איך ווייס, אַז ס'איז אײַך ניט באַקוועם, אָבער ליגט רויִק, ווײַל ערשט נעכטן איז געווען אײַער אָפּעראַציע.

— וואָס פאַר אַן אָפּעראַציע?

— איר האָט דאָך געהערט, איידער מע האָט אײַך געגעבן דעם שלאָף־טרונק, ווי דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף אַרויסנעמען בײַ אײַך דאָס קינד. מיט איין וואָרט, אַלץ איז אין אָרדענונג, ליגט רויק, אַז ניט, קאָן זײַן אַ בלוט־שטורץ.

פון דער שוועסטערס ווערטער איז אַרײַנגעדרונגען אין כאַנעס גלידער אַ קאַלטע פּאָסט־קײַט. זי האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו דער וואַנט, און פּײַנלעכע, הייסע טרערן האָבן אַ גאַס געטאָן פון אירע אויגן. די שוועסטער איז ווידער צוגעגאַנגען צו איר:

— קראַנקע, נעמט זיך די מינוט אין די הענט, צעלאָזט זיך ניט, וואָרעם איר קענט אײַנגאַנצן פאַרשפּאָרן געזונט צו ווערן.

כאַנע האָט אויפגעהערט צו וויינען, און אַף וויפל זי איז געווען בעקויעך, האָט זי פּונדעסטוועגן אָפּגעענטפערט דער שוועסטער:

— ס'וואָלט געווען גלײַכער, איר זאָלט האָבן צו טאָן מיט געזונטע, זיי וואָלטן אײַך געענטפערט מיט קענגזײַטיקער ליבע.

לאַנג האָט כאַנע ניט געקאָנט טראַכטן וועגן דער שוועסטער. זי האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס מיט איר האָט געטראָפן, אָבער מער פון אַלץ האָט זי געטראַכט וועגן די קינדער: „ס'האָט געדאַרפט טרעפן מיט מיר אַזאַ אומגליק, קעדיי איך זאָל פאַרשטיין, ווי פאַראַסעמט מײַנע קינדער וועלן בלײַבן אָן מיר".

...און די קינדער?

די קינדער האָבן ניט אויפגעהערט צו פרעגן בײַ די דערציִערנס און בײַ יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונען: „ווו איז אונדזער מאַמע? פאַרוואָס איז זי נעכטן און נאָכאַמאָל נעכטן ניט געקומען צו אונדז, אונדזער מאַמע?"

— כ'האָב אײַך דאָך געזאָגט, אַז די מאַמע איז קראַנק. זי וועט נאָר געזונט ווערן, וועט זי קומען צו אײַך.

— מיר ווילן זען, ווי זי איז קראַנק, — האָבן אַלע דרײַ מיטאַמאָל געזאָגט.

איר ווייסט דאָך, אַז מע טאָר אין שפּיטאָל ניט גיין.

— מיר וועלן זאָגן דעם דאָקטער, אַז מיר זײַנען אויך קראַנק, — האָט די קלענסטע געפונען אָן אייצע.

אַפן זעקסטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע האָט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע געפּויעלט בײַם הויפּט־דאָקטער, ער זאָל איר דערלויבן צו ברענגען די קינדער אין שפּיטאָל. ווי נאָר די טיר האָט זיך געעפנט, קוים האָבן די קינדער פאַרשטאַנען, אַף וואָס פאַר אַ בעטל זייער מאַמע ליגט, האָבן זיי זיך אַוועקגעריסן פון דער פאַרוואַלטערקע און זײַנען צוגעפאַלן צו כאַנען. זיי זײַנען זיך פאַרגאַנגען אין אַזאַ ביטער געוויין, אַז די קראַנקע און אַפילע די שוועסטער, וועלכע איז שטענדיק געווען האַרב און ניכטער, האָבן געוויינט ניט ווינציקער פון כאַנען. דער דאָקטער האָט דערהערט דעם יאָמער, איז ער צוגעגאַנגען צו די קינדער און האָט קלויג מערשט פאַרוווּנדערט געזאָגט:

— דאָס ערשטע מאָל זע איך אַזעלכע קינדער, וואָס האָבן ניט ליב זייער מאַמען.

די קינדער האָבן נאָך העכער געגומען וויינען. דאַן האָט דער דאָקטער מיט גוטן און מיט בייזן זיי אײַנגערעדט, אַז ער האָט עפּעס פאַר זיי אין קאַבינעט. ער האָט זיי טאַקע געגעבן מאַנפּאַסיע, און אַז זיי האָבן שוין געהאַט עפּעס אין מויל, האָט ער ערשט געקאָנט זיי אײַנשמועסן, אַז אויב זיי וועלן וויינען, וועט ער מער אַהער קיינעם ניט אַרײַנלאָזן.

בײַס יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע איז אַוועקגעגאַנגען מיט די קינדער, האָט דער דאָקטער ערשט גוט אויסגעמוסטערט כאַנען. זי האָט זיך אָפּגעגעסן, וואָס זי איז אײַנגעגאַנגען אַף דעם, אַז נעכעמיע זאָל אַוועקפאָרן אין אָפּרו־הויז.

אַף מאָרגן איז געקומען פרידע און האָט דערציילט:

— איך בין געגאַנגען צו יאַקאָוון זיך דערוויסן נעכעמיעס אַדרעס. איך האָב אים געשיקט אַ טעלעגראַמע. פאַרייִנס האָב איך אים געזאָגט, אין וואָס פאַר אַ שפּיטאָל איר ליגט. זײַנען געווען בײַ אײַך?

— דערווײַל ניט. זיי דאַרפן מיך אַזוי, ווי אַ פּראַש אַ שירעם. צווייטנס, בין איך גאָר ניט אַזוי איינזאַם. אײַער מאַמע קומט אַלע טאָג, איר קומט. יעוודאָקיִע האָט מיר נעכטן געבראַכט אַ פלעשל מילך, עטלעכע טרוקענע בייגל, אַזוי, אַז איך קאָן זיך באַגיין אָן יאַקאָוון מיט זײַן בראָניסלאַווע.

■

פון טאָג צו טאָג האָט כאַנע זיך געפילט בעסער. זי איז שוין צוביסלעך אַרומגעגאַנגען, זי האָט געפרוווט ריידן מיטן דאָקטער וועגן אויסשרײַבן, נאָר ער האָט זיך געמאַכט ניט־

הערנדיק. כאַנע האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער פירט זיך אַזוי, אָבער אַ סיבה איז געווען. יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע האָט זיך דורכגערעדט מיטן דאָקטער, זי האָט אים דערציילט כאַנעס לאַגע און האָט געפּועלט בײַ אים, ער זאָל זיך ניט אײַלן מיטן אויסשרײַבן. פאַרשטייט זיך, אַז יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע האָט עס ניט דערציילט כאַנען, אַקוראַט ווי זי האָט איר קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן דעם, אַז אַף זונטיק נעמט זי די קינדער צו זיך, זי באָדט זיי און טוט אַלץ, וואָס מע דאַרף.

אַנומלטן נאָך מיטיק איז כאַנע געזעסן אַף איר געלעגער און געלייענט „כאָלסטאָמער". כאָטש די דערציילונג האָט זי זייער פאַרכאַפּט, האָט זי ניט געקאָנט ניט באַמערקן, אַז דאָ קומט עפּעס פאָר. ס'איז דורכגעלאָפן די שוועסטער, דערנאָך איין ניאַניע און די אַנדערע, מיטאַמאָל איז דער דאָקטער אויך דורכגעלאָפן די פּאַלאַטע, דערנאָך איז שטיל געוואָרן און די ניאַניע האָט געבראַכט אָוונט־ברויט.

— וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ טומל נאָך מיטיק? — האָט כאַנע געפרעגט בײַ דער ניאַניע.

— אַ טומל? ס'איז שוין געווען איינמאָל אַ מײַסע. עס איז געקומען איינער אַ יונגערמאַן צו זײַן ווײַב, — נעמט די ניאַניע פון דער דריטער פּאַלאַטע און זאָגט אים אָן אַ גוטע בסורה, אַז זײַן ווײַב איז געשטאָרבן. אַז ער טוט עס אַ פאַל אין כאַלאַשעס, מע האָט אים קוים אָפּגע־מינטערט, ער ליגט נאָך איצט אויך אין אָופּנאַם־קאַבינעט. איך בין אַרײַנגעגאַנגען אַ קוק טאָן אַף אים, ס'איז אַזאַ ראַכמאָנעס, אַז איך קאָן אײַך גאָרניט זאָגן.

— פון וואָס איז געשטאָרבן זײַן ווײַב?

— איך ווייס ניט, איך אַרבעט דאָך ניט אין יענער פּאַלאַטע. אָבער דאָס ווײַב איז גאָר־ניט געשטאָרבן. דער דאָקטער האָט געגעבן דער ניאַניע, וועלכע האָט עס אַרויסגעליאַפּעט, יענעם כײַלעק!

כאַנע האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין לייענען. אין אַ ווײַלינקע אַרום האָט זי פאַרמאַכט דאָס בוך, אָבער אַלץ איז געשטאַנען פאַר אירע אויגן. זי האָט געדענקט יעדער וואָרט פון דער דערציילונג, מאַמעש געזען אַלץ פאַר די אויגן. זי האָט פּלוצעם אַ טראַכט געטאָן: „מיך וואָלט מען אויך אָוועקגעשלעפּט, ווען איך וואָלט געווען אַ פערד, בייס איך בין אומגעפאַלן". און באַלד האָט זיך שוין ווידער געדרייט אין איר מויעך דאָס קעסיידערדיקע: „וואָלט איך געפאָלגט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונען און ניט געשלעפּט די פּראָדוקטן, וואָלט דער אומגליק ניט געטראָפן". אָט אַזוי קרײַזן די געדאַנקען, קרײַזן אָן אַ סאָף, און כאַנע בלײַבט ליגן אַ פאַרכושטע. ווי'אַזוי די טיר פון פּאַלאַטע האָט זיך געעפנט, האָט זי ניט געהערט, אָבער זי האָט גלײַך דערהערט, ווי די קראַנקנשוועסטער האָט הויך אויסגערופן:

— כאַוורעטע פײַנבערג, צו אײַך איז מען געקומען.

נאָר דער שוועסטערס אויסרוף איז לאַכלוטן געווען איבעריק, ווײַל נעכעמיע איז שוין געשטאַנען לעבן כאַנעס בעט.

— ווי פילסטו זיך, ווי פילסטו זיך? — האָט ער געפּרעפּלט.

— איך פיל זיך ניט שלעכט. וואָס ביסטו אַזוי בלייך?

די קראַנקנשוועסטער איז צוגעגאַנגען און האָט געוואָרנט:

— דאָ זאָלט איר זיך גוט האַלטן. פרײַער האָרעוועט דאָס ווײַב אין שטוב און אַף דער אַרבעט ווי אַן אָקס! און דער געטרײַער לײַבלעכער מאַן מאַכט זיך ניט־זעענדיק. דערנאָך ווערט ער ווייך, ווי פּוטער, גיסט טרערן, מאַכט אַ כאַלאַשעס מער ווי אַף אַ שאַ, דער דאָך הייבט זיך אין שפּיטאָל.

— יעקאַטערינאַ פּאַוולאָווּנאַ, איר זעט דאָך, ער האַלט זיך זייער גוט, — און צו אים: — אָט שטייט אַ שטול, זעץ זיך. וואָס איז געשען?

— אַ קלייניקײַט, מע האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט געשטאָרבן.

— דו זעסט דאָך, אַז איך לעב. זעץ זיך. פונוואַנען האָסטו זיך דערוווּסט, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן? דו האָסט געקראָגן פרידעס טעלעגראַמע?

— די טעלעגראַמע בלאָנדזשעט ערגעץ, מיסטאָמע. פרידע אַליין איז געקומען. איצטער פאַרשטיי איך גאָרניט, ווי איך האָב געקענט אָוועקפאָרן. מיט די אייגענע הענט...

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר כאַנע האָט אים איבערגעשלאָגן:

— איך בעט דיך, האָב ראַכמאָנעס. וואָס איז די פּולע, מיט אייגענע הענט, צי מיט פרעמדע הענט. ס'איז ניטאָ וואָס צו כאַלעשן און ס'איז ניטאָ וואָס צו וויינען. וויש אויס די טרערן. מעגסט זײַן זיכער, אַז איך האָב שוין געוויינט פאַר דיר אויך. רוק צו דעם שטול. וואָס זיצסטו פונדערווײַטן? איך זע עפּעס, אַז זיי לויפן, זיי טומלען, נאָר פרעג מיך בעכיירעם. ערשט דערנאָך האָט מיר די ניאַניע דערציילט, אַז איינער אַ יונגערמאַן איז געפאַלן כאַלאַ־שעס, ווײַל מע האָט אים געזאָגט, אַז דאָס ווײַב איז געשטאָרבן.

— ביסט געזעצט, ס'איז טאַקע קיין פּולע ניט. מאָרגן פֿאַר איך זוכן אַ דירע. דאָס איז איצט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. דו וועסט מער ניט דאַרפֿן אַרבעטן, ס'הייסט דו וועסט האָבן אַ סאַך אַרבעט, אָבער ניט אין קיין אַנשטאַלט.

דוכט זיך, אַזוי ווינציק צײַט איז נעכעמיע געווען אין פּאַלאַטע, און די דעזשורנע שוועסטער הייסט אים שוין גיין פּונדאַנען.

■

נאָך נעכעמיעס אַוועקגיין איז אַף אַ ווײַלינקע געקומען יעליזאַוועטע אַבראַמאָווּנע. זי האָט זיך זייער פֿאַרוווּנדערט, וואָס כאַנע האָט באַ איר געבעטן עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר.

— איר דאַרפֿט אָנשרײַבן אַ בריוו, וועל איך אײַך ברענגען אַ קאָנווערט אויך.

— אַ דאַנק, קיין קאָנווערט דאַרף מען ניט. איך וויל פּראָסט עפּעס פֿאַרשרײַבן, — האָט כאַנע אויסגעמײַדט אַ קלאָרן ענטפֿער.

כאָטש כאַנע איז געווען זייער צוגעבונדן צו יעליזאַוועטע אַבראַמאָווּנען, האָט זי איצט געוואָלט, אַז יענע זאָל גיכער אַוועקגיין, ווײַל זי האָט די גאַנצע צײַט געהאַט אַ געפֿיל, אַז איר איז נייטיק עפּעס גרינטלעך באַטראַכטן. און טאַקע, ווי נאָר יעליזאַוועטע אַבראַמאָווּנע איז אַוועקגעגאַנגען, האָט כאַנע דערזען אַ בילד פֿון איר ווײַטער קינדהײַט. „ס'איז אַ ווינטערדיקער שאַבעס־נאָכטס. אַפֿן טיש שטייט אַ גרויסע שיסל מיט אָפּגעקאָכטער בולבע אין מונדירן, אין אַ צווייטער שיסל שטייט זויער קרויט, אַף אַ גרויסן פֿאַרצעלײַענעם טעלער ליגן געבאַקענע הערינג, אַרום טיש זיצן עטלעכע שכיינים, עטל כײַקל דעם גלעזערס האָט שוין איר כיילעק אויפֿגעגעסן, זי שטייט לעבן אויוון און וואַרעמט זיך. קיינער זעט ניט, אָבער כאַנע זעט זייער גוט, ווי עטל האָט אויפֿגעהויבן דאָס אייבערשטע קליייד און שטייט אַזוי, קעדיי עס זאָל איר זײַן וואַרעמער. אַפּאַנעם, אַז די באָבע האָט אויך געזען דאָס, וואָס דאָס אייניקל זעט, און האָט זיך צעבייזערט: „טרייפֿער ביין, מאַזיק, וואָס האָסטו צו קוקן, ווו מע דאַרף ניט!” דאָס אַלץ איז אַזוי אויסדריקלעך־בולעט געשטאַנען פֿאַר כאַנעס אויגן, אַז זי האָט זיך אַזש צעשמייכלט, נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָט כאַנע שוין געטראַכט: „פֿאַרוואָס זאָגט נעכעמיע „דו דאַרפֿסט דאָס ניט”, בייס איך האָב אים געזאָגט, אַז כ'וויל עפּעס פֿאַרשרײַבן. ער האָט עס ניט געדאַרפֿט זאָגן, דאָס איז ניט גוט, כ'קאָן ניט פֿאַרשטיין זײַן מיין דערבײַ. אָבער פֿאָלגן וועל איך אים ניט...” — האָט כאַנע באַשלאָסן.

ווי נעכעמיע האָט כאַנען צוגעזאָגט, אַזוי האָט ער געטאָן. ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אָדעלנע, און עס האָט אים האָט אים אָפּגעגליקט: ער האָט לאַנג ניט געדאַרפֿט זוכן. ניט ווײַט פֿונעם וואָקזאַל אין אַ זײַטיקער גאַס האָט ער געדונגען צוויי צימערן מיט אַ באַזונדער אַרײַנגאַנג. די צימערן זײַנען געווען ליכטיקע, ניט קיין קליינע, און מער פֿון די צימערן איז נעכעמיע געווען צופֿרידן פֿון דער באַלעבאָסטע. פֿונעם ערשטן קוק איז זי אים געפֿעלן געוואָרן. ערשטנס, האָט זי גערעדט יידיש בעסער פֿון אים; צווייטנס, האָט זי גלײַך באַ אים געפֿרעגט:

— ווען פֿאָרט איר אַריבער?

— גלײַך ווי מע וועט אויסשרײַבן מײַן ווײַב פֿון שפּיטאָל.

— פֿאַרוואָס האָט איר מיר גלײַך ניט געזאָגט, אַז אײַער ווײַב איז קראַנק?

— כ'האָב געטראַכט, אַז דאָס איז ניט וויכטיק צו זאָגן.

— וואָס איר האָט געטראַכט, ווייס איך ניט, אָבער קיין אַדערוף וועל איך באַ אײַך ניט נעמען. זײַט אַזוי גוט, לייגט אַרײַן דאָס געלט צוריק אין קעשענע. איך מאַך מיט אײַך אָפּ אַזוי: ביז פֿינפֿטן מײַ איז געבליבן אַ וואָך. הייסט עס, אַז אין אַ וואָך אַרום קומט איר צו פֿאָרן מיר זאָגן, צי איר דאַרפֿט די דירע, צי ניט? אויב איר זאָגט מיר גאַרניט, וועל איך פֿאַרדינגען די צימערן, ווײַל דאַטשניקעס פֿעלן ניט, די טיר מאַכט זיך ניט צו. נאָר אַזוי־ווי איר דאַרפֿט די דירע אַף ווינטער אויך, וועל איך אַף אײַך וואַרטן.

— פֿאַרוואָס נעמט איר דאָס געלט ניט?

— זײַט ספּאָקוינע, באַ וועמען ס'איז טײַער געלט, באַ מיר — אַ וואָרט.

פֿון אָדעלנע איז נעכעמיע געפֿאָרן צו כאַנען, און כאָטש עס איז געווען ניט קיין טאָג פֿון באַזוכן די קראַנקע, האָט אים די שוועסטער אַרײַנגעלאָזט. און פֿאַרגעוואָרפֿן:

— גייט שוין, גייט אַרײַן, וואָס זאָל איך מיט אײַך טאָן. איר קאָנט נאָך ווידער מאַכן אַ כאַלאַשעס.

נעכעמיע האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיק, האָט אַ שפּאַן געטאָן צו כאַנעס בעט און אָנגעזאָגט:

— כאַנוקל, ביסט אַ באַלעבאָסטע פֿון צוויי צימערן.

— ווײַט פון מאָסקווע?

— ניין, ניט ווײַט פון מאָסקווע און ניט ווײַט פון וואָקזאַל, און ביידע צימערן האָבן טירן, וועל איך קענען זיצן און אַרבעטן, ווי אַ גראַף.

— נו, אַז דו וועסט זײַן אַ גראַף, וועל איך זײַן אַ גראַפֿיניע. דער דאָקטער האָט מיר הײַנט געזאָגט, אַז אַנהייב קומענדיקע וואָך שרײַבט מען מיך אויס.

— אויב אַזוי, פאַר איך מאָרגן אין אודעלנע, זאָל די באַלעבאָסטע צוגרייטן די צימערן, — האָט נעכעמיע געזאָגט צו כאַנען, און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

געקומען צו ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטשן, האָט ער אים דערציילט וואָס און ווען, און יענער האָט אַף אים געקוקט און פון צײַט צו צײַט געזאָגט: „טאַק, טאַק, טאַק". ער האָט אַרויסבאַגלייט נעכעמיען און גערעדט ווי מיט זיך אַליין:

— איך בין געווען בײַ יאַקאָוון. ניט ער און ניט זײַן ווײַב האָבן קיין וואָרט ניט געזאָגט, אַז כאַנע דאַווידאָווונאַ איז קראַנק. דאָס איז ניט פאַרשטענדלעך. — און מיטאַמאָל האָט ער אַ פרעג געטאָן: — געלט דאַרפט איר?

— ניין, אַ דאַנק.

— דערלאַנגט אַ מעלדונג אין „מאָסך"[1], אַז איר זײַט געבליבן מאַמעש אַפן גאַס. דאָס איז דאָך טאַקע אַזוי.

— יאָ, כ'וועל דאָס טאָן.

— יאַקאָוו אָדער זײַן ווײַב האָבן באַזוכט כאַנע דאַווידאָווונען אין שפּיטאָל?

— קיינמאָל ניט. אָבער כאַנע דאַווידאָוונע איז ניט געווען איינזאַם.

ערשט איצט, ווען נעכעמיע האָט געזאָגט די ווערטער: „כאַנע דאַווידאָוונע איז ניט געווען איינזאַם", האָט ער אין דער פולער מאָס פאַרשטאַנען, וואָס יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע און פרידע האָבן פאַר אים געטאָן. בייס ער האָט אין אַ פאָר טעג אַרום געטראָפן יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונען אין כאַנעס פאַלאַטע און ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט געדונגען אַ דירע, האָט זי מיט אַ געפאַלן קאָל געזאָגט:

— די ערשטע צײַט זאָלט איר העלפן ווי פיל איר קענט. כאַנע דאַווידאָוונע דאַרף אָפּרוען.

און ווען זי איז מיט אים אַרויס פון פאַלאַטע, האָט זי זיך ווידער אומגעקערט צו דעם:

— ס'איז וויכטיק, איר זאָלט ניט זײַן אַזוי זיכער ווי פריִער, אַז כאַנע האָט אָן אַ שיר קויכעס און זי קאָן אַלץ בײַקומען. מע דאַרף זייער אַכטונג געבן אַף איר, ווײַל זי געהערט צו די מענטשן, וואָס וויפל זיי זאָלן ניט נעמען אַף זיך, דאַכט זיך זיי, אַז עס איז אַלץ ווינציק.

— אַ דאַנק, יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע, איך וועל דאָס אין זינען האָבן.

— אין זינען האָבן איז ווינציק. וואָס איר קאָנט אַליין ניט, זאָגט מיר און מײַן פרידען, מיר וועלן אײַך העלפן. איר ווערט מיר אַנטשולדיקן, נאָר מיר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר פאַרשטייט ניט אינגאַנצן כאַנען. זי האָט מיר אַנומלטן איבערדערציילט אַנדערסענס אַ מײַסעלע מיט אַזויפיל געשמאַק און פאַרשטאַנד, אַז דאָס האָט מיך מער ווי פאַרוווּנדערט. דאָס איז דאָך עמעסע פייִקײַטן. זי נעמט אויך מיט אַזאַ פרישן אָריגינעלן געפיל, איך וועל ניט זײַן פאַרוווּנדערט, אויב מיט דער צײַט וועלן זיך בײַ איר אַרויסווײַזן גאָר זעלטענע פייִקײַטן. אײַך האָט זייער אָפּגעגליקט, דאָס טרעפט ניט אַזוי אָפט, — האָט יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע געזאָגט צו נעכעמיען, געזאָגט עס ניט נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט געוואָלט ווײַזן, אַז זי פאַרשטייט מער פון אים, זי איז אויסן געווען דערמיט, אַז ער זאָל וויסן, ווי הויך זי שטעלט כאַנען.

איצט איז נעכעמיע געווען פאַרנומען מיט אײַנאָרדענען די דירע. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין סאַך דײַגעס האָט ער ניט געהאַט. די באַלעבאָסטע האָט געגעבן צוויי בעטן, שטולן, צוויי טישן, אַזוי אַז ער האָט געדאַרפט קריגן נאָר דאַטשע־בעטלעך פאַר די קינדער און שויך. בייס כאַנע איז אַרײַנגעגאַנגען און האָט דערזען דעם צימער, אַפילע צוויי־דרײַ נאַרציסן מיט אַ גרין צווײַגעלע אין אַ סלאָיִקל, האָט זי אַזש אַ פאַטש געטאָן מיט די הענט פאַר פרייד. אין אַ פאָר טעג אַרום האָט נעכעמיע געבראַכט די קינדער, און, ענדלעך, זײַנען זיי געוואָרן עמעסע באַלעבאַטים. איין זאַך האָט נעכעמיען אַ ביסעלע פאַרשטערט זײַן פרייד. ער האָט געפילט, אַז כאַנע איז מיט אים ניט ביזן סאָף אָפנהאַרציק, און ער איז געווען גערעכט. אַף דעם פאַפיר, וואָס יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונע האָט געבראַכט כאַנען אין שפּיטאָל,

[1] מאָסקווער קינסטלער־פאַריין.

האָט זי אָנגעשריבן וועגן דעם, ווי איר באָבע פֿלעגט שאַבייסענאַכטס מעכאַבעד זײַן די שכיינע ווינטער מיט בולבע אין מונדירן און מיט זויער קרויט, זומער מיט קאַלטן שטשאַוו. זי האָט עס אָנגעשריבן פּונקט אַזוי, ווי דאָס בילד איז אַנטשטאַנען פֿאַר אירע אויגן. און איינמאָל, בייס נעכעמיע איז ניט געווען אין שטוב און ס'איז גראַד געקומען פֿרידע, האָט כאַנע פֿאַרגעלייענט דאָס, וואָס זי האָט אָנגעשריבן. פֿרידע האָט געלאַכט און געלויבט. אָבער נעכעמיע האָט אַ היפּשע צײַט ניט געוווּסט וועגן דעם.

יעליזאַוועטע אַבראַמאָוונען האָט כאַנע איצט גערופֿן פּראָסט לייע, און ס'האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז לייע רעדט גאַנץ פֿײַן ייִדיש, אַ סך בעסער, ווי נעכעמיע האָט גערעדט מיט אַ קורצער צײַט צוריק. כאַנע האָט אָנגעשריבן נאָך אַ קליינינקע דערציילונג וועגן דעם, ווי זי האָט זיך געלערנט באַ שמועל דעם רעבן אין כיידער, און וועגן מיילעכקע סענדערס, וואָס איז געזעסן לעבן איר און ניט אָנגעהויבן צו געדענקען קיין איין וואָרט פֿון כומעש; און וויאַזוי זי, כאַנע, פֿלעגט אים אונטערזאָגן, דערפֿאַר פֿלעגט איר מיילעכקע אַלע פֿרײַטיק געבן אַ גראָשן. אַזוי האָט זיך באַ איר אָנגעקליבן צוויי קאָפּעקעס און זי, כאַנע, האָט געקויפֿט באַ וויכנע דער צוקערניטשקע כאַלווע. געקומען מיט דער זיסקײַט אַהיים, האָט זי זיך באַהאַלטן אַהינטערן האַלץ, געגעסן און געגעסן און דערפֿילט, אַז עס גייט שוין צוריק. דעמלט האָט זי פֿאַרוואָרפֿן דעם רעשט כאַלווע צווישן האָלץ און איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב. אַרײַנגעגאַנ־גען און דערזען וויכנען, דערפֿילט אַ קעלט אין אַלע גלידער, און ניט אומזיסט, ווײַל דער זיידע האָט געפֿרעגט: „פֿאַר אונדז האָסטו געלאָזט אַ שטיקעלע נאַשערײַ?" די באָבע האָט גאָרנישט געפֿרעגט, זי האָט געגעבן אַ פּאָר גוטע פּעטש. דעריבער האָט כאַנע פֿײַנט כאַלווע ביז היינטיקן טאָג. דאָס אַלץ האָט זי באַשריבן מיט אַלע פּראַטים, און ווען זי האָט עס איבערגעלייענט לייען, האָט יענע געקײַכט פֿון געלעכטער. דערנאָך האָט לייע געפֿרעגט:

— נעכעמיען האָט איר דאָס געלייענט?

— ער זאָגט, אַז איך דאַרף דאָס ניט.

-- וואָס דאַרפֿט איר ניט?

-- ער זאָגט, אַז איך דאַרף ניט שרײַבן.

— איר פֿאָלגט אים דאָך ניט.

— איך פֿאָלג ניט און וועל ניט פֿאָלגן!

אַזוי איז טאַקע געווען. אָבער עס זײַנען אַוועק יאָרן, ביז כאַנע האָט אופֿגעהערט צו צערײַסן דאָס, וואָס זי פֿלעגט אָנשרײַבן.

עס האָט זיי שטאַרק אָפּגעגליקט מיט דער באַלעבאָסטע. ראַזאַליע סאָלאָמאָנאָוונע האָט זי באַ זיי געהייסן. באַ די קינדער — באָבע רייזע. זי איז טאַקע געווען ווי אַ מאַמע צו כאַנען מיט נעכעמיען און אַ באָבע צו די קינדער. די קינדער האָבן מאַמעש אופֿגעלעבט. ס'איז אַף זיי אַרוף אַ נײַע הויט, זייער געלעכטער און זייער שפּילן זיך האָט היימלעך געמאַכט אַלץ אַרום און אַרום. כאַנע האָט זיך געוווּנדערט:

— נעכעמיע, איך פֿאַרשטיי ניט, ס'איז זיי דאָך ניט צו דערקענען. פֿון געבוירן־טאָג אָן זײַנען זיי געווען אין קינדערהיים, און איך האָב ניט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז זיי קאָנען זײַן אַזוי פֿריילעך.

כאַנע האָט זיך גוט פֿאַריכט, די לופֿט האָט אויך צוגעהאָלפֿן. אַ ביסל האָבן זיי זיך געערגערט, ווײַל זיי זײַנען געווען זיכער, אַז רייזע וועט אַף די זומערדיקע כאַדאָשים הע־כערן דאָס דירע־געלט, אָבער רייזע האָט קיין וואָרט וועגן דעם ניט געזאָגט, און נעכעמיע מיט כאַנען האָבן געהאַט די פֿולע מעגלעכקײַט צו פֿאַרגלײַכן רייזען מיט יאַקאָווס ווײַב, מיט בראָניסלאַווען, וואָרעם רייזע האָט געטאָן פּונקט פֿאַרקערט, זי פֿלעגט צוניפּכאַפּן דאָס, וואָס עס האָט זיך איר אויסגעוויזן צו זײַן ניט זייער ריין, בייס כאַנע איז אין שטוב ניט געווען, און דערנאָך פֿלעגט זי זיך אַרײַנשטעלן מיט אַ היפּש פּעקל אויסגעפּרעסטע ציכלעך, האַנטע־כער, קינדער־זאַכן, און ס'האָט ניט געהאָלפֿן, וואָס כאַנע האָט יעדער מאָל מאַמעש זיך געבייזערט.

— נו, טאָכטער, וואָס בייזערסטו זיך? ניט צוליב דעם האָב איך זיך געשטעלט צו דער מולטער. כ'האָב גענומען וואַשן אייגענע זאַכן, האָב איך זיך דערמאָנט אין דײַנע. הײַנט וואָס קומט מיר דערפֿאַר?

האָט זי פֿרײַטיק אינדערפֿרי געבאַקן געבעקס, אַ פּאָר קוילעטשן, האָט זי שוין אויסגע־מאַרקירט, אַז עפּעס זאָל בלײַבן אַף זונטיק, פֿאַר כאַנעס געסט, וואָרעם זונטיק פֿלעגט קומען פֿרידע מיט דער מאַמען, ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש מיט דער ווײַסער מויז אין דער אייבערשטער קעשענע פֿון רעקל, און רייזעס געבעקס איז טאַקע גוט צוניץ געקומען.

דערווײַל האָט זיך די צײַט גערוקט צו זומער־צו, און אָט איז שוין טאַקע טאַמעז. אַנומלטן האָט נעכעמיע געזאָגט צו כאַנען, אַז דער קינסטלער־פאַריין גיט אים אַ שעפערישע קאָמאַנ־דירונג.

— וואָס הייסט, דו וועסט אוועקפאָרן? — איז כאַנע געוואָרן אויסער־זיך.

— טײַערינקע, אַלע זומער פאָר איך אוועק. ווען ניט דאָס, ווי וואָלט איך זיך מיט דיר באַקענט?

כאַנע האָט זיך געמאַכט ניט־הערנדיק. זי איז אוועק אין קיך אָנצינדן דעם פּרימוס, פאַריינס אויסלעשן דעם פאַרדראָס. „אַלע זומער פאָר איך אוועק. אײַ דער זומער איז גאָר אַן אַנדערער, ווי די פריִערדיקע“, — האָט כאַנע געטראַכט. כאָטש נעכעמיע האָט ניט דער־מאָנט וועגן איר קרענק, האָט ער זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז מע האָט דאָס געקאָנט אויסמײַדן. ער האָט זיך מאַמעש אופגעגעסן, און ניט איין מאָל איז אים געקומען אין זינען: „ווען איך פאַרלאָז זיך ניט אָף יאַקאָוון, ווען איך פאָלג אים ניט, און ווען איך דינג גלײַך אַ דירע, וואָלט דערצו ניט געקומען“. דאָך איז אים אפילע ניט אײַנגעפאַלן, אַז דאָס יאָר דאַרף ער אין ערגעץ ניט פאָרן. כוץ דערוף, איז זיך דאָס לעבן געגאַנגען רעגלמעסיק. די קינדער זײַנען געווען געזונט און זאַט, כאַנע האָט געפירט די באַלעבאַטישקײַט באַדאַכט און שפּאָרעוודיק. נעכעמיע איז געווען פול מיט אַרבעטס־אימפּעט. די באָבע רייזע האָט געהאָלפן מיט וואָס זי האָט געקענט. אָבער אַ מענטש ווייסט קיינמאָל ניט, וואָס עס שטייט אים פאָר. אין איינעם אַ טאָג, בייס כאַנע איז געזעסן אַפן גאַנעק און האָט געלייענט, זײַנען צוגעגאַנגען אַ פּרוי מיט אַ מאַנצבל. זיי האָבן גאָרנישט ניט געפרעגט, זײַנען גיך פאַרבײַגעגאַנגען כאַנען, זי אפילע אַ שטויס געטאָן מיטן טשעמאָדאַן, און אין אַ פאָר שאָ אַרום האָט כאַנע דערהערט קוילעס פון דער באָבע רייזעס צימער אַרויס, און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס זײַנען געקומען יאָרשים.

כאַנע האָט עס ריכטיק פאַרשטאַנען, זי האָט נאָר ניט געוווּסט, אַז זי וועט אין אַ פאָר טעג אַרום דאַרפן זוכן אַ דירע. זי האָט געלאָזט די קינדער בא דער באָבע רייזען און איז מיט נעכעמיען צוזאַמען אויסגעפאָרן זייער אַ סאַך ערטער פון מאָסקווער בײַשטאָט. זיי האָבן ענדלעך קוים מיט צאָרעס געפונען אַ קליינעם צימער אין ליובלינאָ. פאַרשטייט זיך, אַז נעכעמיע האָט אָפּגעלייגט זײַן רײַזע. ביז זיי האָבן זיך אַ ביסעלע אײַנגעאָרדנט, עפּעס גע־קויפט, איז שוין געווען אווגוסט. טאַקע דאַן איז יאַקאָוו געקומען צו זיי און האָט כאַנען דערלאַנגט אַ בריוו. כאַנע איז געווען זייער פאַרוווּנדערט, נאָר קוים האָט זי אופגעריסן דעם קאָנווערט און איבערגעלייענט די ערשטע ווערטער, איז איר שוין קלאָר געוואָרן וואָס און ווען. און אָט איז דאָס, וואָס אין בריוו איז געשטאַנען: „כאַנע־כאַנטשע, אַ גוטמאָרגן אָף דיר, שיינער מענטש! אוועקגעפאָרן און אַרויסגעוואָרפן פון הארצן און פון מויעך. ס׳וואָלט דיר זייער געפּאַסט, זאָלסט כריוקען... דו דאַרפסט זיך ניט ווונדערן, פונוואַנען איך האָב דײַן אַדרעס. כעווער האָט אופגעראַמט דעם צימער, האָט זי געפונען אין דײַן געלעגער אַ פּוסטן קאָנווערט מיטן מאָסקווער אַדרעס. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זייער געוואָרט, דו זאָלסט אַרײַנשיקן אַ צוויי ווערטער. און איך האָב אָפּט געטראַכט: כאַסענע געהאַט און פאַרגעסן דעם זײַ־געזונט. צי געדענקסטו כאָטש, מיט וואָס פאַר אַ כיישעק דו פלעגסט אופעסן די אוגערקע אין גאָרטן! אַזוי פאַרגעסן. פײַן, שענער קאָן גאָר ניט זײַן! עס דאַרף דיר זײַן קלאָר, ווי באָב־יויך, אַז איך וואָלט דיר אויך ניט געשריבן, אָבער נויט ברעכט אײַזן. צו וועמען זאָל איך ריידן? וועמען האָב איך? זאָג שוין אליין, וועמען?.. דאַרפסט וויסן זײַן, אַז ס׳איז שוין אויס קאָמונע. גלײַך ווי מיר זײַנען געוואָרן קאָלווירטניקעס, זײַנען היפּש קאָמור־נאַרן אוועקגעפאָרן. די, וועלכע זײַנען געבליבן, האָבן האַסטיק פון האַסטיקער זיך גענומען פאָרן, וואָרעם ווער עס האָט קיין זיוועג ניט געהאַט, דעם האָט די פּראַוולעניע פון קאָלווירט קיין קו ניט געגעבן. כ׳האָב דערהערט אַזאַ זאַך, זאָג איך, אַז איך וויל אויך אַ בעהיימע, אויב ניט קיין געקעלבטע, איז כאָטש אַ קעלביקע, אויב ניט קיין קעלביקע, זאָל זײַן אַ טע־לעצע. מאַכט צו מיר דער פאָרזיצער פון קאָלווירט: „כײַע, ווילסט אַ בעהיימע, נעם אַ מאַן!“ קורץ גערעדט, איך האָב גוט געלאַכט, נאָר אַז איך האָב דערזען, וואָס פאַר אַ שידוכים מע טוט, האָב איך געלאַכט נאָך מער. עפראַיִם האָט כאַסענע געהאַט מיט זעלדקען, אײַזיק האָט כאַסענע געהאַט מיט כעווערן, מיט דײַן שכיינע. שימקע קאָניוך האָט כאַסענע געהאַט מיט מינען, געדענקסט, אָט די, וואָס האָט געאַרבעט אין קינדערהיים. פאַרשטייסטו אַליין, אַז ווי־באַלד איך האָב ניט געוואָלט קיין מאַן, בין איך געבליבן אָן אַ בעהיימע. דעריבער בעט איך בא דיר, דערוויס זיך, צי איז טאַקע עמעס, צי מע בויט אין מאָסקווע אַ זאַוואָד, וועלכער רופט זיך „שאַריקאָפּאָדשיפּניק“. פאַראַכטאָגן האָב איך אוועקגעפירט גרינס קיין סאַקי, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אָנפאַיִען די אָקסן אין טעמעש באַם ברונעם. איך זע, אין איין שטוב איז

פֿאַרקלאַפּט די טירן מיט די פֿענצטער, אין נאָך אַ שטוב, אין אַ דריטער שטוב אויך אַזוי. פֿרעג איך באַ אַ פֿויערטע, וואָס איז צוגעגאַנגען צום ברונעם: וואָס טוט זיך דאָ? דערציילט זי מיר, אַז איינער האָט געקראָגן אַ בריוו פֿון זײַן פּלעמעניק פֿון מאָסקווע, מע קאָן דאָרטן גוט פֿאַרדינען, שרײַבט דער פּלעמעניק. אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ, און אַז ער אַרבעט טאַקע באַם בויען דעם גרויסן זאַוואָד. און אַז דעם, וואָס האָט געשריבן דעם בריוו, רופֿט מען, דוכט זיך, מאַקאַר. אַז ער האָט גוט געקײַט די ערד, ביז ער האָט געקראָגן אַרבעט אין עפּעס אַ קיך, נאָר איצטער וווינט ער אין אַ באַראַק, מיט מענטשן גלײַך. האָט מאַקאַרס פֿעטער איבערגעלאָזט האַק־און־פּאַק, פֿאַרקלאַפּט די טירן מיט די פֿענצטער און הײַדאַ — קיין מאָסקווע. אַנדערע האָבן דערזען אַזאַ זאַך, האָט מען אויך אַזוי געטאָן. וואָלסט איצטער טעמעש ניט דערקענט. אַ פּוסטעניש. בעט איך דיך זייער, כאַנע, שרײַב מיר גלײַך אָן וועגן דערוף, איך וואָלט דיך אַפֿילע געבעטן, דו זאָלסט זיך דערוויסן דעם אַדרעס, ווו עס בויט זיך דער דאָזיקער „שאַריקאָפּאָדשיפּניק״, וועל איך פֿאַרפֿאָרן גלײַך אַהין, ווײַל איך זע דאָך, אַז דו האָסט פֿאַר פֿינף כאָדאָשים ניט געפֿונען קיין שאָ אָנצושרײַבן עטלעכע ווערטער. האָב איך דיך ניט וואָס צו באַלעסטיקן. זײַ געזונט, פֿונדעסטוועגן געדענק איך דיך און איך האָב דיך ליב. כײַע פֿונעם גרינוואַרג״.

כאַנע האָט פֿאַרגעלייענט דעם בריוו, ווײַל פֿרידע און לייע זײַנען דאָ גראָד געווען. מע האָט געלאַכט, דערנאָך האָט פֿרידע אומעטיק געפֿרעגט:

— וואָס וועט זײַן מיט די דערפֿער? ווער וועט זייען און שנײַדן, אויב די פֿויערים לויפֿן זיך פֿאַנאַנדער?

— ווער עס לויפֿט, און ווער עס בלײַבט אויף אַן אָרט, — האָט נעכעמיע געטרייסט.

אינגיכן איז נעכעמיע טאַקע אוועקגעפֿאָרן אין אַ שעפֿערישער קאָמאַנדירונג. באַם געזעגענען זיך האָט ער געזען, אַז עס וואָלט גלײַכער געווען, ווען ער פֿאָרט ניט, וואָרעם כאַנע האָט אים קוים אַ קוש געטאָן, מיט געכאַלעשטע ליפּן. געקומען אין שטוב, האָט כאַנע דערפֿילט, אַז עס איז גאָר ניט אַזוי שרעקלעך, וואָס נעכעמיע איז אוועקגעפֿאָרן, און אין די קומענדיקע טעג האָט זי שוין געוווּסט וואָס צו טאָן. די נעכט זײַנען נאָך געווען ניט אַזוי לאַנג, און ווי נאָר ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט שוין כאַנע געשריבן. געשריבן, געריסן, ווידער געשריבן און ווידער געריסן. אָבער פּלוצעם האָט זי אָנגעשריבן וועגן אַ שוואַרצער הון, „ווי די דאָזיקע הון, די מאַרשאַס, פֿלעגט אַרײַנלויפֿן אין שטוב, ווי די באָבע פֿלעגט זי נעמען יאָגן און יענע פֿלעגט אַרויף אויפֿן טיש, גראָד דאַן, ווען די באָבע האָט געזיפּט מעל, וואָלקנס האָבן זיך געהויבן ביז דער סטעליע. דערנאָך איז די הון פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, די באָבע האָט געזוכט און געזוכט און אין ערגעץ זי ניט געפֿונען. אַנומלטן האָט די באָבע געדאַרפֿט עפּעס אויפֿן בוידעם. אין אַן אַלטן קופֿערטל האָבן אירע הענט זיך אָנגעשטויסן אויף דער הון. זי האָט צעקרעלט דער באָבעס הענט און איז ווי אַ משוגענע אַרויסגעפֿלויגן פֿון קופֿערטל. אויפֿן דעק פֿון קופֿערטל האָט די באָבע אָנגעטאַפּט וואַרעמע פֿלעשעלעך, שפּולקעס פֿון פֿאָדעם און נאָך שמאָכטעס. האָט זי פֿאַרשטאַנען, פֿון וואָס די הון האָט געוואָלט אויסבריִען הינדעלעך. האָט זי דאָס אַלץ אַרויסגעשלײַדערט פֿון קופֿערטל, געבראַכט אָנדערהאַלבן צענדליק אייער, אוועקגעלייגט אויפֿן אָרט פֿון די פֿלעשלעך און די אַנדערע שמאָכטעס, און ס׳איז געווען אַזוי ווי די באָבע האָט געוואָלט. די מאַרשאַס האָט אויסגעבריט פֿופֿצן הינדעלעך...״ אָט דאָס האָט כאַנע ניט צעריסן. שרײַבן איז געווען ניט די גרעסטע צאָרע כאַנעס, זי אַליין האָט אָפּט געטראַכט: „מײַן צאָרע איז, וואָס לייענען האָב איך נאָך ליבער, ווי שרײַבן״. עס האָט אָפּט געטראָפֿן, זי זיצט און שרײַבט, מיטאָמאָל, זי געדענקט ניט וויִאַזוי, האַלט זי שוין אַ בוך אין די הענט. און אוועקלייגן אים קאָן זי שוין ניט. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז זי פֿלעגט פֿון זיך באַהאַלטן די ביכער. אָבער, פֿונדעסטוועגן, האָט זי געלייענט זייער אַ סאַך. און אַקוראַט ווי ס׳האָבן זי גערירט שאָלעם־אַליכעם און פּערעץ, אָפּאַטאָשו און ווײַסנבערג, האָפּשטיין און האַלקין, אַקוראַט אַזוי פֿלעגן זי ביז טרערן רירן טשעכאָוו און טאָלסטאָי, סערוואַנטעס און דיקענס. „האָישאָ מאָראַס כאַנע״ איז געווען איינע פֿון אירע באַליבטע פּערסאָנאַזשן. בײַ אַנדריי באָלקאָנסקי איז געשטאָרבן, האָט כאַנע געקלאָגט, ווי מע באַקלאָגט אַ לײַבלעכן מענטשן. בײַ זי האָט געלייענט באַ דיקענסן, ווי דייוויד קאָפּערפֿילד דערציילט, „אַז אין ערגעץ וואַקסט ניט אַזאַ גרין גראָז, ווי דאָס גראָז אויף דעם בעסוילעם, ווו מײַן טאַטע ליגט אין אייביקער רו״, פֿלעגט איר פֿאַרקוועטשן דאָס האַרץ, און נעכעמיע האָט עס געזען לויט איר און געכויזעקט:

— כאַנוקל, וואָס פֿאַר אַן אומגליק האָט געטראָפֿן אין דער קלאַסישער ליטעראַטור?

— אין דער קלאַסישער ליטעראַטור טרעפֿן אומגליקן דערפֿאַר, ווײַל דאָס טרעפֿט מיט

אונדז און מיט אלעמען! — פלעגט כאנע זייער ערנסט ענטפערן. און צוגעבן: — מיט וואָס איז דער „פּאַטער גאָרִיאָ" גליקלעכער פון „טעוויע דעם מילכיקן"?

נעכעמיע האָט נעמלעך פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף מער ניט זאָגן, בייס כאנע זיצט און שרײַבט: „לייג זיך, סײַווי וועט זיך גאָרנישט ניט באַקומען". אָפּט, ווען ער האָט זיך אופגע־כאַפּט, האָט ער געזען, ווי כאנע זיצט באַם טיש, און ער האָט זיך געמאַכט שלאָפנדיק. וואָס ווײַטער, האָט זיך זײַן זאָרג וועגן איר געמערט. איצטער האָט ער אָפטער ווי פריִער געזאָגט: „עס עפּעס". אַף באַנאַכט פלעגט ער אָפּן טיש אוועקשטעלן א גלאָז מילך, א שטיקל ברויט אָדער א ציגעלע צוקער. נאָך דער קאָמאַנדירונג איז ער אָפּט געפאָרן אין שטאָט מיט די אַרבעטן, וואָס ער האָט געבראַכט, אָפּגערעדט דערפון, אַז כאנע האָט יעדער בויגן, יעדער געמעל באַטראַכט ניט איין מאָל. אָבער אין שטאָט נעכטיקן איז ער קיינמאָל ניט געבליבן, אָפּט געקומען מיטן לעצטן צוג, אָנגעקלאַפּט אין פענצטער צוויי מאָל. צוגעפּלעטשט דאָס פּאָנעם צו דער שויב, שטייט ער אזוי פון יענער זײַט, כאנע פון דער זײַט, אין צימער. זיי שמייכלען א ווײַלעטשקע איינער צום אנדערן, און כאנע גייט האַסטיק עפענען די טיר. פון ליובלינאָ האָבן זיי אריבערגעוואַנדערט קיין צאַריצינאָ, פון צאַריצינאָ קיין פּערלאָווקע, און אומעטום איז כאנע געווען אן אויסגערעכנטע, שפּאָרעוודיקע באַלעבאָסטע, און, ווי דאָס פּאַר־דינסט האָט נאָכגעלאָזט, אזוי האָט זי געפירט די באַלעבאַטישקײַט. נאָר אזא באַלעבאָסטע, ווי רייזע, האָבן זיי מער ניט געהאַט. און ווו זיי זײַנען ניט געווען, איז רייזע צו זיי געקומען, אַלעמאָל עפּעס געבראַכט, אָפּט גענומען די קינדער מיט זיך, אָבער זי האָט זיך זייער געעל־טערט, נאָר זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט.

— כאָטש איך בין א שכיינע באַ מײַן זון, בין איך נאָך מיט גאָטס הילף א באַלעבאָסטע אין מײַן אייגענעם צימער.

פון די קאַרגע ווערטער רייזעס האָבן כאנע מיט נעכעמיען גוט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר א זון רייזע האָט.

■

ערשט אין 1937 האָט דער קינסטלער־פאַריין געגעבן נעכעמיען א דירע. אינעם סאָף פונעם זעלביקן יאָר האָט כאנע געבוירן א זון.

# ווערק פון אונדזערע לייענער

## דיכטונג

### וועלוול ווערניק

(קיִעוו)

### דער רויטער שטערן

ס'האָט מײַן טאַטע דער קירזשנער
פון רויטן געוואַנט
א שטערנדל מיר אויסגעשניטן,
דאָס שטערנדל האָט ער אַליין מיט זײַן האַנט
מיר צוגענייט פלינק צו דעם היטל.
אַף שליאַכן פון לעבן, ווו כ'האָב נאָר
געשפּאַנט,
ווו ס'האָט מיך מײַן גורל געטראָפן,

דער שטערן דער רויטער — דער סימבאָל
פון לאַנד
איז שטענדיק דעם וועג מיר פאַרלאָפן.

און שפּעטער מיט יאָרן, אין הייליקן קריג
פאַרטיליקט מיר האָבן דעם סוינע.
א שטערן א רויטער — און אָרדען פון זיג
געוואָרן איז מײַן שטאָלצע באַלוינונג.

### דער הערבסט פון מײַן היימלאַנד

איך רים אים, פון היימלאַנד פון מײַנעם דעם הערבסט,
באַקרוינט מיטן האַמער, באַקרוינט מיטן סערפּ.
מיט פּאַנען מיט פּופּצן באַצירט ער מײַן לאַנד —
דעם בונד פון די פעלקער פון גרויסן פאַרבאַנד.

די שטראַלן פון אונדזער סאָוועטישן הערבסט
באַלײַכטן, באַשײַנען די גאַנצענע ערד.
דער הערבסט פון מײַן לאַנד, ווי די שענסטע מאַטאַנע,
שײַנט ווי א צירונג אַף אונדזער לעוואָנע.
דער הערבסט, א שאָליעך פון קאָסמישער ערע,
העלט אַף פּלאַנעטעס פון מאַרס און ווענערע.

### באַם יאַם

די זון האָט געוויגט זיך אין הימלשן וויגל,
געקוקט פון דער הייך אינעם יאַמישן שפּיגל.
האָט פּלוצעם דער הימל צעעפנט די טירן —
אין יאַם אויסגעגאָסן די הימל־קאָלירן.
דאָס וואַסער אין יאַם איז געוואָרן דאַן בלוי,
עס האָט זיך צעמישט מיטן הימלשן טוי.

## מאַניע מיניעוויטש
(גאָרקי)

### דערמאָנונג

אין קינדהייט כ'האָב אָפט פון מײַן טאַטן געהערט:
— ציט אונטער דעם רימען, ס'ווערט טײַערער

האָבער!

דער איקער געווען אין מישפּאָכע דאָס פערד,
דאָס פערד האָט געמוזט זײַן אי זאַט, אי ניט מאָגער.
דאָס פערד האָט געאַקערט, דאָס פערד האָט געזייט,
אין יאַזדעס אין ווײַטע געפירט באַלעבאַטים,
עס האָט אונדז געשפּײַזט און באַשוכט און
באַקליידט.

געצייטערט עס האָט איבער אים אונדזער טאַטע.
נאָר מיר איז געפעלן דאָס פערד, ווען ס'האָט פרײַ
פון לאַסט, פונעם שווער אָנגעלאָדענעם וואָגן,
געלאָזן די שטעטלשע הײַזקעס פאַרבײַ
און מיך, א פאַרשײַטס, איבער לאָנקעס געטראָגן.
אָן צוים און אָן זאָטל! די באָרוועסע פּיס,
ווי קלינגענדע שפּאָרן, דעם פערד אין די זײַטן.
די הריווע — א פאָן! איך בין זיכער, געוויס
געפלאַטערט זי האָט ווי א פאָן פונדערווײַטן...

---

## י. טאַבאַקמאַכער
(ביראָבידזשאַן)

### א „קאַראַקטער" כאַווער

— אזא באַגעגעניש! כ'האָב לאַנג געוואַרט אַף איר!
מײַן ליבער פרײַנט, קום שוין אהיים צו מיר.
שוין פופצן יאָר אַוועק, זיך פאַרשטעלן איז שווער.
איך האָב געהערט, דו ביסט אַן אינזשעניער...
מײַן פאַך עס איז מוזיק, אין דעם איז מײַן טאַלאַנט,
דו זעסט, אָט הענגט דער פידל אַף דער וואַנט.
א רעגע וואַרט, איך נעם מײַן אינסטרומענט.
דו הערסט? ס'איז שובערטס קלאַסישער „מאָמענט"...

דער פידלער שפּילט, זײַן פּאָנעם שײַנט פון גליק,
דער כאַווער הערט זיך אײַן אין זײַן מוזיק.

— איך האָב געשפּילט אין מאָסקווע גלאַזונאָוון,
פאַר מיר א גליקלעכער געווען איז יענער אָוונט.

דער פידלער פאַרגעזעצט זײַן שפּילן האָט נאָך לאַנג,
און ניט געלאָזט דעם גאַסט אַרויסלאָזן א קלאַנג.

— טשײַקאָווסקין כ'לייג דיר פאַר און נאָכדעם רובינשטיינען,
אַגינסקיס פּאָלאָנעז מעלאָדישן און שיינעם...

דער גאַסט האָט מיטן פוס די טיר געטאָן א שטויס
און איז אין דרויסן, פונקט ווי פון געפענקעניש, אַרויס.

---

# בראָניע סינעלניקאָווע

(מאָסקווע)

## דער קאַוון

אהיים האָט די מאמע א קאַוון געבראַכט,
און קוים איך דערטראָגן זי האָט פונעם מארק.

א בײַכיקער־גרויסער, און שווער אף דער וואָג,
ס'וועט ליגן דער קאַוון אוןווארטן א טאָג,

ביז קומען די מאמע וועט פון דער קאָנטאָר, —
וועט ציִען דער טאָג זיך פאר מיר, ווי א יאָר.

דאן האָב איך דעם קאַוון באקוקט און באטראכט
און האָב פונעם שופלאָד א מעסער געבראַכט.

א מעסער א כאלעף, סײַ גרויס און סײַ שארף,
נו, פינקטלעך אזא מין, ווי איך האָב באדארפט.

דעם קאַוון איך שנײַד, פונקט ווי כאלע, ווי ברויט,
אָך, שמעקט ער געשמאק, ער איז זאפטיק און רויט.

די קערעלעך שווארצע, ווי שטיקעלעך קויל,
דער קאַוון צעגייט זיך אליין אינעם מויל.

איך האָב ניט געקארגט אים, געגעסן ביז זאט —
שוין לאנג כ'האָב האנאָע אזוי ניט געהאַט.

פון גרויס פארגעניגן איך האָב מינאסטאמע
פארגעסן א ריפטעלע לאָזן דער מאמע.

## דער שאָפער

זעסט, עס וואקסט א נײַער מויער,
ס'איז מײַן ברודער דאָרט א בויער.
און מײַן טאטע — א שאָפער,
פירט ער ציגל אָט אהער.

זייער פיל איז שוין אופגעטאָן
אין דעם נײַעם שטאָט־ראיאָן.
גרינן דאָס גראָז בא יעדן הויז,
און דאָס הויז איז הויך און גרויס.

דארף איך שוין אצינד ניט קלערן
אף זיך אויסקלײַבן א פאך,
כ'האָב באשטימט א שאָפער ווערן,
ארבעט איז פאראַן א סאך.

## זאלמען מינקין

(דאָנעצק)

### דער אינוואליד

באם מארק, אין גרינעם בײַדל,
עס זיצט אַן אינוואליד.
פון ארבעטן אָן אופהער
די הענט ניט ווערן מיד.

ער קלאפּט געניט די פלעקלעך,
און אָט — דער שוך איז גרייט.
מע קוקט אף אים מיט כידעש,
מע ווונדערט זיך אָן רייד.

בייס סטאלינגראדער שטורעם
די פיס געלאָזט אין שלאכט.
איצט זיצט ער, קלאפט די פלעקלעך
אין בײַדל לעם דעם מארק.

ער ארבעט אלץ געשווינדער,
די ארבעט מאמעש ברענט.
פון ביידע פיס דער קויעך
איז איצט אין זײַנע הענט.

---

## ארן זײַטשיק

(אָרענבורג)

### מעסושעלעכס היטל

מעסושעלעך, ווי באַוווּסט,
געלעבט האָט קנאפּע טויזנט יאָר.
און עמעס צי א ליגן —
אזוי־אָ שטייט געשריבן.
איז קלאָר, אז דאָר נאָך דאָר
האָט זיך צעוואקסן זײַן געזינד.
פון יעדן קינד,
פון יעדן זון און שנור
געהאט ער האָט א סאך אור־אור־
אור־אייניקלעך בא טויזנט אָדער מער:
איינס גייט אהין, איינס גייט אהער,
האקלאל, א גאנצן טאָג פון פרי ביז שפעט
עס ציט זיך א שטאפּעט נאָך א שטאפּעט:
דאָ עמעץ איז געשטאָרבן, דאָרט — געבאָרן,
דעם כעזשבן האָט ער שוין פארלאָרן!
און שטארקער דארף מען זײַן פון אײַזן,
קעדיי זיך אומעטום און צו דער צײַט באוויזן.
און נאָך: צו יעדער סימכע און צו יעדן בראָך
זיך אָנטאָן דארף ער — שאבעסדיק צי וואָך?
נאָר פאמעלעך
האָט אונדזער מעסושעלעך
צוגעטראכט דערצו א מיטל —
א היטל
פון צוויי פארקערטע טיילן אופגענייט —
סײַ אף טרויער, סײַ אף פרייד.
לינקס און רעכטס:
העל — אף גוטס, און שווארץ — אף שלעכטס.
און ס'גילט פון דעמלט אָן דער בײַט,
צוגעפּאסט צו יעדער צײַט.
און אָט אזוי עס גייט זיך:
מע דארף אף רעכטס, מע דארף אף
לינקס — עס דרייט זיך!
דער צופאסלער, דער פשאָרע־מאַן — ס'א זאך...
איר זאָגט, ער איז א קלוגער?
נאָר סייכל דארף מען האָבן דען א סאך
צו זײַן א פליוגער?

● ● ●

**פּראָזע**

## מוישע מאַנדעל

(טשערנאָוויץ)

# צוליב שאָלעם=באַ׳ס

הײַנט איז זונטיק. דער טאָג ווײַזט אויס צו זײַן א שיינער, אזוי האָט אויך צוגעזאָגט די ראַדי׳אָ, כאָטש זי האָט איבערגעלאָזט אַן אָרט פאר „אין אייניקע ערטער וועלן דורכגיין שלאַקסרעגנס”, אָבער געוויס ניט אונדז מיינט מען.

אין דרויסן איז טאַקע א מעכײַע. ערשט ניט לאַנג האָבן זיך, עמעס, אָנגעטראָגן שוואַרצע שטיקלעך כמאַרעס און אַף א מינוט א הוליע געטאָן: זיך אָנגעדונערט, אָנגעבליצט, ווי לעכויזעק א שפּײַ געטאָן אַף דער דאָרשטיקער ערד מיט עטלעכע קײַלעכיקע רעגנוואַסער און זיך פאַנאַנדערגעלאָפן הענדעם־פּענדעם, ווער וווהין — פּרווּוט כאַפּט אונדז. דערווײַל שײַנט שוין ווידער די זון, סע בליאַסקען די רעגנטראָפּנס אַף די אויסגעצוואָגענע בלעטער און גראָזן, אַפן מוטנעם הימל האָט זיך עכט באַלעבאַטיש אויסגעצויגן דער פילקאָלירנדיקער רעגנבויגן און קוועלט פון פאַרגעניגן. דער הימל איז שוין ווידער ריין, דער רעגן — גלײַך ווי ניט געווען.

איך דערפיל מיך ייִנגער אַף א פאָר צענדליק יאָר און באַשליס זיך דורכפאָרן צוגאַסט צו די „פיליפינער אייזלען”. ווייסט איר, אַפאָנעם, ניט, ווער זיי זײַנען, די „פיליפינער אייזלען”? וועל איך אײַך דערציילן.

...ארל איז געשטאַנען בא דער געאָגראַפישער קאַרטע, געשטאַנען, נעבעך, אין געהאַקטע ווונדן און זיך געבעטן בא אונדז מיט די אויגן ראַכמים, מע זאָל אים ראַטעווען, אונטערזאָגן כאָטש א פאָר ווערטער. באַלד זײַנען די פאָדערשטע פאַרטעס געקומען אין באַוועגונג און גענומען אים פלײַסיק „ראַטעווען”. דאָס האָט אים אָבער שלעכט געהאָלפן — אָנשטאָט „פיליפינער אינדזלען” האָבן זײַנע אָנגעשפיצטע אויערן אופגעכאַפּט „פיליפינער אייזלען”.

דער לערער האָט א ביטערן שמייכל געטאָן:
— גיב נאָכאַמאָל א טראַכט, דערמאָן זיך, עפשער גאָר פיליפינער אָקסן?

— ניין, פיליפינער אייזלען, — איז ארל אײַנגעשטאַנען אַף זײַנעם.

פון דעמלט אָן טאַקע האָט זיך צו ארלען צוגעקלעפּט דער צונאָמען „פיליפינער אייזלען”. איצט ווינען מיר נאָענט איינער פון צווייטן, אינגאַנצן א שאָ פאָרן מיטן אווטאָבוס.

ס׳וואָלט גאָרניט געשאַט, — טראַכט איך בא זיך, — מיטנעמען מיט זיך אין דער נעסי׳ע מײַן שאָכן בערקען, וועט ניט זײַן אזוי לאַנגווײַליק דער וועג. דער שטענדיק באַרויגעזער אַף דער וועלט בערקע וועט מיר פיל פריילעכער ניט מאַכן, אָבער פאָרט א מיטשמועסער.

לעכאַטכילע וויל בערקע אפילע ניט זען און ניט הערן:
— צו קיין אייזלען פאָר איך ניט, זאָל זײַן אפילע פיליפינער.

ווען איך מאַך אים אָבער קלאָר דעם איניען, נעמט ער אופמערקזאַם באַטראַכטן דעם הימלרוים, ער גלייבט ניט דעם הימל מיט זײַן אָפנאַרנדיקער בלויקײַט, דאָס קלוימערשט מילד ווינטעלע וועט נאָך באַווײַזן וואָס עס קאָן, עס וועט נאָך אַראָפּברעננען יענעם גוסרעגן, און ער, בערקע, האָט קנאַפּן כיישעק צו בלײַבן שטעקן בא די „פיליפינער אייזלען”. ער גלייבט אויך ניט דער ראַדי׳אָ מיט אירע פראָגנאָזן, און ער טײַטשט זיי אויס פונקט פאַרקערט. קומט מיר טאַקע אָן גוט שווער, ביז איך פּעקל ארײַן דעם גרויסן סקעפּטיקער אין אווטאָבוס ארײַן.

אין אווטאָבוס זעצט זיך בערקע אנידערגרינג אַפן שפיץ באַנק, דאָס הייסט, אז איך בין נאָך מיט אים ניט פאַרטיק, ער קאָן נאָך כאַראָטע האָבן.

בישכיינעס מיט מיר זיצט א גוואר — ווײַזט אויס, פון די בארג־איינוווינער, הוצולן. איך פארפיר מיט אים א פרײַנטלעכן שמועס.

— בא אונדז, — זאָגט ער, — אף די בארג־רוקנס, וועט איר קיין ראכוועסדיקע ווייצן־פעלדער, ווי דאָ בא אײַך, ניט טרעפן, דער־פאר אָבער זײַנען פאראן בא אונדז א סאך שאָף. נאָר מע דארף זיך גוט אָנהאָרעווען ארום זיי...

— פארשטייט זיך, שאָף איז ניט קיין ציגן, — פרווו איך ארויסווײַזן מײַנע פונדאמענטאלע ידיעות אין הילכעס שאָף, — שערן שעפעלעך דארף מען קענען...

— געוויס, — באשטעטיקט ער, — איר מעגט זען, וואָס פאר א גרויסער יאָמטעוו ס'איז בא אונדז, ווען מיר באגלייטן ארויס די טשאבא־נען מיט די טשערעדעס אין וועג ארײַן. מיר כאפן דעמלט א גוטן הוליע.

— און ווען זיי קערן זיך אום בעשאָלעם אהיים, איז נאָך א גרעסערער יאָמטעוו, — זעץ איך פאָר ארויסווײַזן מײַנע טיפע ידיעות.

— ריכטיק, — באשטעטיקט ער ווײַטער, — הײַנט מעגט איר זען, וואָס פאר א פרעכטיקע נאטור איז בא אונדז. ניט אומזיסט רופט מען אונדזער קאנט „די בלום פון אוקראַיִנע”.

דער שמועס געדויערט אָבער ניט לאנג. גיך געזעגנט זיך אָפּ דער הוצול מיט אונדז און שטײַגט אראָפּ פונעם אוטאָבוס. בערקע קע־רעווועט זיך אויס צו מיר און שמייכלט כיט־רעוואטע פון הינטער די ברילן. ער פרעגט מיט איראָניע:

— אויב, יאנקל, דו ביסט טאקע אזא באַקי אין הילכעס שאָף, זאָג זשע מיר, זײַ מויכל, וועלכן טאם פארמאָגט שאָפּענע מילך?

שאָפּענע מילך! שאָפּענעם קעז האָב איך אפי־לע געגעסן, אָבער שאָפּענע מילך אין לעבן ניט געזען. אָבער מע דארף האַלטן פאסאָן.

— שאָפּענע מילך, — באַק איך אָפּ א טערעץ אפּן אָרט, ניט לאנג געטראכט, — האָט דעם טאם פון געוויינלעכער ציגן־מילך, נאָר א ביס־סעלע צוגערייכערט.

— ביסט א שאַקרען ערשטער סאָרט. ניט אומזיסט האָט דיר צוריק מיט יאָרן ביילקע געגעבן דעם וועג. זי האָט באלד דערקענט, מיט וועמען זי האָט צו טאָן. ווייסט, וואָס נאָך איך וועל דיר זאָגן? ער איז ניט קיין הוצול.

— ווער דען איז ער, א פלאָקנשיסער? — ווער איך שוין א ביסל אין קאס.

— עפשער, נאָר קיין הוצול געוויס ניט. הוצולן טראָגן ניט קיין וועליורעווע שליאפּעס מיט געקווייטלטע שניפּסן, זיי טראָגן פראָסטע שליאפּקעס מיט פעדערן.

הערן דערוויידערונגען פון בערקען איז בא מיר ניט קיין נײַס, דערפאר נעם איך זיך ניט אונטער אים לייענען א לעקציע וועגן לעבן און שטייגער פון די הײַנטצײַטיקע הוצולן, נאָר פארן „שטאָך” מיט ביילקען ווילט זיך מיר בעפיירעש אים גוט ארײַנזאָגן. אָבער ווער איז דאָס ארײַן אין אוטאָבוס? דאָס איז, דוכט זיך, ארקעס בעניאָכיד. ער גייט טאקע צו גלײַך צו מיר, גיט מיר די האנט און זעצט זיך צו נאָענט לעבן מיר.

— איר פאָרט עפשער צו אונדז? — פרעגט ער.

— יאָ, צו אײַך. און פונוואַנען פאָרט עס א יונגערמאן, אויב ס'איז קיין סאָד ניט?

— געוועזן צוגאסט באם ווײַב.

דאָס לאָזט זיך א ביסל ניט פארשטיין, און איך זוך א פיירעש בא בערקען:

— בערקע, ביסט דאָך עפּעס אן אלטער נויעף, גיב מיר צו פארשטיין די נײַע מאָדע. אין א רוטאָג פאָרט מען צוגאסט צום ווײַב, און וואָס טוט מען מיט די איבעריקע וואָכיקע טעג? — און איך ענטפער אליין פאר אים. — אין דעם ווארי־אנט שטעקט א קלוגע לאָגיק: וואָס זעלטענער מע זעט זיך, אלץ שטארקער און לאַנגדויערנדיקער איז די ליבע, מע עסט זיך ניט אײַן איינער דעם צווייטן.

באם באָכער ווערן די אויגן טרויעריק:

— איר לאכט, דיאדיע יאשע, און איך גיי שוין ארום א שטיק צײַט ווי א דולער. עס איז א כאַרפע צו דערציילן. דער מאמען מיט דער באָבען געפעלט ניט דער שידעך, עס שטייט זיי ניט אָן, וואָס ליובע איז א פּאַשעטע אר־בעטערן, אָן הויכער בילדונג, זיי ווילן זי ניט וויסן און ניט קענען. מיר לעבן באזונדער: זי — אין א צוזאמענוווינונג, און איך אין דער היים...

— נו און דער טאטע דײַנער, דער דירעק־טאָר, וואָס זאָגט ער?

— ער איז דאפקע אף מײַן זײַט, נאָר איר ווייסט דאָך די ווערט פון זײַן דייע אין שטוב.

— ווילד, ווילד, א ביזאיען פאר לײַטן, נאָר בא די „פּיליפּינער אייזלען” קאָן זיך אזוינס פארלויפן. ווי געפעלט דיר, בערקע, אזא נאַ־רישע געשיכטע? מעגסט זיך שוין, גאריק, פארלאָזן אף אונדז, מיר וועלן שוין מאכן אָר־דענונג. דו, בערקע, וועסט זיך פארנעמען מיט דער באָבען, און איך מיט דער מוטער. מאַס־קים?

בערקע וויל אפילע ניט הערן.

— כאס־וועכאָלילע, אָן מיר. מיש מיך ניט ארײַן אין פרעמדע געשעפטן, — טוט ער א מאך מיט דער האנט. — איך שטעל זיך פאָר, ווי דו וועסט שוין דאָרט האקן א טשײַניק, שיטן מיט שקאָרים, ווי דו קענסט, און דערצו נאָך מיך שטעלן פאר אן איידעס. איך וואָרן דיך: מיך ניט ארײַנמישן, אף מיר ניט אויסרעכענען.

— אָבער, בערקע טײַערער, צוליב שאָלעם־באַיִס מעג מען דאָך א ביסל פאנטאזירן.

— לאָז מיך צורו, מיך טשעפּע ניט.

ניין איז ניין.

...אין שטוב טרעפן מיר די מישפּאָכע זיצן ארום טיש בא אן ערנסטן שמועס, וואָס האָט זיך מיט אונדזער ארײַנקומען שנעל איבערגע־ריסן. די טראָפּנס שוויס, וואָס גלאנצן בא ארקען אפן שטערן, און דער קעמפערישער אויסזען פון דעם ווײַב און שוויגער זאָגן איי־

דעס וועגן דער הייסער דיסקוסיע, וואָס האָט דאָ נאָרוואָס געפלאַקערט.

אונדזער אַרײַנקומען און דאָס באַגריסן זיך אויף הויכע טענער מאַכט אַ ביסל לינדער די אָנגעשטרענגטע אַטמאָספער. די „פיליפינער אייזלען", וואָס האָבן טכילעס אויסגעזען מיד און שווער געאָטעמט, הייבן אָן אָפּגיין, קומען צו־זיך און נעמען שיטן מיט ווערטלעך און אַנעקדאָטן. איך, פאַרשטייט זיך, שטעל פאָר די באַלעבאַטים מײַן בעסטן פרײַנט באָריס אַלעקסאַנדראָוויטשן (בערקע פאַריכט — „אַבראַמאָוויטש"), פאַרגעס ניט אויסרעכענען זײַנע גרויסע מײַלעס און פאַרדינסטן, פאַר וואָס בערקע איז מיך מעכאַבעד מיט אַ בעקאָוועדיקן שטויס אין דיך.

ווען מיר זיצן שוין באַם געגרייטן טיש און שלינגען געלאָסן די געשמאַקע מײַכאָלים נאָך די גלעזלעך מאַשקע, וואָס האָבן אונדז ווויל צעוואַרעמט, פאָר איך אַרויס מיט אַ געמאַכטן רויגעז:

— ווי שעמט איר זיך ניט, אַזאַ אַלטן גוטנפרײַנט, ווי איך, ניט געבן צו וויסן, אַז איר מאַכט כאַסענע גאַריקן...

באַ די באַלעבאַטים ווערן רויט די פּענעמער, און נאָך אַ קורצער פאַרלעגנהײַט באַקומט אַרקע דאָס לאָשן:

— אוי, יאַשע, ווען דו ווייסט, וואָס פאַר אומזיסטע, נאַרישע צאָרעס מיר לעבן איבער די לעצטע צײַט, וויפל געזונט עס קאָסט שוין אונדז אָפּ די געשיכטע מיט גאַריקס „כאַסענע"...

— וואָס זשע, מע האָט אײַך דעם נאַדן אָנגעזעצט? — מאַך איך זיך טאַמעוואַטע.

— נאַרישקײַטן, ווער רעדט הײַנטיקע יאָרן פון נאַדן. סאָניען און דער שוויגער גייט ניט אונטער דער שידעך. איך האָב זיך שוין אַזוי פאַרמוטשעט, די שטוב איז מאַמעש פאַרוואַנדלט אין אַ געהענעם.

— דו, דו אַליין ביסט שולדיק אין דעם גאַנצן אומגליק! — שרײַט אויס די אופגעבראַכטע דירעקטאָרשע. — ווען דו זאָגסט פון דעם ערשטן טאָג „ניין", וואָלט גאַריק ניט געסמייעט אונדז אונטערטראָגן אַזאַ ווילע מאַטאָנע.

גאַריק, דערפילנדיק, אַז עס הייבט זיך שוין אָן ווידער אַ מאַכלויקעס, רוקט זיך פּאַמעלעך אַרויס אין צווייטן צימער.

נאָך אַ קורצער פּויזע זעצט פאָר די באַלעבאָסטע:

— אַזאַ גאַריק, אַזאַ גאָלדענער גאַריק וואָלט ניט געקאָנט נעמען אַ מיידל מיט הויכער בילדונג און טאַקע פון אַ פײַנער שטוב? קאַרג אַזעלכע מיידלעך פאַראַן אין שטאָט? פאַרוואָס קומט אונדז לײַדן אַזאַ ביזאָיען? — דאָ פאַלט זי ווידער אָן אויף די „פיליפינער אייזלען". — אַז אַ מענטש זאָל טאָג און נאַכט אין זינען האָבן נאָר די אַרבעט, די פאַבריק, און וואָס אין שטוב טוט זיך, גייט אים גאָר ניט אָן.

זי ווישט אָפּ מיטן טיכעלע די אָנגעלאָפענע טרערן און קוקט מיט האָפענונג אין מײַן זײַט: זי וואַרט, ווײַזט אויס, איך זאָל זי אונטערהאַלטן.

— איך הער אײַך געדולדיק אויס, — זאָג איך, — נאָר איך פאַרשטיי ניט, מיט וואָס געפעלט אײַך ניט ליובע, וועלכן כיסאָרן האָט איר באַ איר געפונען? זי איז עפשער מיִעס ווי דער טויט, אָדער אַ גרויסער נאַר, עפשער ניט קיין באַלעבאָסטע?

— וואָס רעדסטו? — גיבן זיך די „פיליפינער אייזלען" אַ הייב פונעם בענקל. — זיי האָבן זי אפילע אין די אויגן ניט געזען.

— דאַן פאַרשטיי איך גאָרניט, כאָטש האַקט מיך און בראָקט מיך.

— ניטאָ וואָס צו זען, — שטאַמלט אַרויס די באָבע, — ער איז אַרײַנגעפאַלן, דער טאַכשיט אונדזערער, אין אַן עמעסער בלאָטע.

— דער רועך האָט אַראָפּגעבראַכט אַהערצו דאָס דאָזיקע גליק פון ערגעץ אַ דעראַזשנע, — כאַפּט אונטער די באַלעבאָסטע, — די מאַמע אירע איז דאָרט אַן אופּראַמערן אין אַ שול, און זי אַליין איז אַ פּאָשעטע אַרבעטערן אויף דער פאַבריק, פאַרמאָגט אפילע ניט קיין צען קלאַסן. נישטאָ מיט וועמען גיין צום טיש.

— ווּעדליק מיר איז באַוווּסט, — זאָג איך געלאַסן, — איז אויך גאַריק קיינמאָל קיין גרויסער לאַמדן ניט געווען, איר האָט אים קוים דערשלעפּט ביזן אַכטן קלאַס און נאָכדעם אַריבערגעפעקלט אין אַן אָוונטשול. ער איז אויך אַזאַ פּאָשעטער אַרבעטער, ווי זײַן ווײַבל. גיט זשע מיר, זײַט מויכל, צו פאַרשטיין, מיט וואָס שטייט העכער אײַער גאַריק פון דעם דעראַזשנער מיידל?

— וואָס רעדט איר? — ווערט אַזש די באָבע אופגעציטערט. — אַלע לערער אין שול פלעגן שטענדיק זאָגן, אַז גאַריק איז זייער אַ ספּאָסאָבנער, נאָר איין כיסאָרן האָט ער — ער וויל ניט. ווען גאַריק וויל נאָר, וואָלט ער שוין איצט געוויס געווען אַ פּראָפעסאָר. וואָס איז דאָ וואָס צו טײַנען, אונדזער גאַריק איז ווערט גרעסערס, און מיר מעגן אויך האָבן שענערע מעכוטאָנים.

— שולדיק זײַנען די רעפּעטיציעס, — קרעכצט אַרויס די באַלעבאָסטע, — דאָרטן האָט זי אים פאַרדרייט דעם קאָפּ. איך האָב פריִער געוווּסט: דאָרט, ווו ס'הייבט זיך אָן מיט טעאַטער, וועט זײַן אַ שלעכטער סאָף. די ליבע הייבט מען אָן שפּילן אויף דער סצענע און מע קאָנטשעט אין דרויסן.

— איך פאַרשטיי ניט, יאַשע, — ווענדט זיך צו מיר דער באַלעבאָס ניט איבעריק דרייסט, — וואָס געפעלט זיי אַזוי ניט דער ייִכעס? פאַרוואָס איז מיר יאָ אָנגעשטאַנען דער ייִכעס, ווען איך בין באַגליקט געוואָרן מיט יוקל דעם שטריקלדרייערס מיזינקע?

— עס געפעלט דיר ניט מײַן ייִכעס? — ווערט אָנגעצונדן די באַלעבאָסטע. — ווער האָט דיך געצוווּנגען מיך נעמען?

— ביסט גערעכט, דאָס איז טאַקע מײַן דרײַטער פעלער, וואָס איך בין באַגאַנגען אין לעבן.

— און וועלכע זײַנען די ערשטע צוויי? — איז סאָניע נײַגעריק צו וויסן.

— דער ערשטער פּעלער — וואָס איך האָב געדונגען א צימער בא דײַן טאַטן אין שטוב. דאָרטן טאַקע האָב איך געפּאַקט דאָס גרויסע גליק. דער צווייטער פּעלער — וואָס איך האָב ניט געפּאָלגט מײַן באָבען. „איך דאַרף זי ניט, — האָט זי געשריִען, — זי האָט אפילע ניט קיין זיבן קלאַסן".

דאָס רופט ארויס אַן אלגעמיינעם געלעכטער. ווען מיר נעמען שוין נאָך צו גלעזלעך און די שטימונג ווערט א געהויבענע, טרעט איך צו אקטיוער צו מײַן דיפּלאָמאַטישער מיסיע.

— סאָפיע יאַקאָוולעוונע, — זאָג איך, — איז קיין נאַר ניט געווען און האָט געוווּסט, וועלכן העכט ארײַנפּאַקן אין איר נעץ. ווײַזט אויס, אז ליובע איז אויך ווײַט פון א נאַר, אויב זי האָט זיך פּארקוקט אף גאַריקן. גאַריק האָט מיר דערציילט, אז ליובע פּארמאָגט גאָלדענע הענט, ארבעט אויסגעצייכנט און איז אף דער פאבריק דאָס אייבערשטע פון שטייסל.

— ריכטיק, — באַשטעטיקט דער באַלע־באָס, — גאַריק זאָגט, אז זי באקומט אָפּט פּרע־מיעס און גראַמאָטעס. מע קלײַבט זיך אפילע ארויסרוקן איר קאַנדידאַטור פאַר א דעפּוטאַט...

— אָט כאַפּט מען זי שוין אויס פאַר א דע־פּוטאַט! — בייזערט זיך נאָך אלץ די באָבע.

— פאַרוואָס ניט? — גיי איך שוין ארײַן אין ראַזש. — מיט וואָס פאַרדינט זי ניט אזא ערע? איר קאָנט נאָך האָבן צוויי דעפּוטאַטן אין שטוב. נאָר ניט דאָס איז דער איקער, וויכטיק איז דער מענטש אליין. אָט האָט איר א לע־בעדיקן בײַשפּיל. באָריס אלעקסאַנדראָוויטש, — איך ווײַז אָן אף מײַן שאָכן, — איז א געווע־זענער דירעקטאָר פון א גרויסן צוקער־זאַוואָד הינטער קיִעוו. ער פּארמאָגט צוויי ווילע זין, אף אלע מײַנע ליבע געזאָגט געוואָרן, איינער אַן אינזשעניער, דער צווייטער א שלאָסער.

דאָ כאַפּ איך פון בערקען אונטערן טיש אזא זעץ אין פוס, אז עס גלוסט זיך־מיר לאָזן א טרער פון ווייטעק. די סיבע איז קלאָר — ער איז אלע יאָרן א בוכהאלטער און פּארמאָגט איין זון — א פּאַרזעסענעם באָכער.

נאָר איך קום צו־זיך און זעץ פאָר:

— דער ערשטער זון האָט כאַסענע געהאַט פאַר א דאָקטערשע, און דער צווייטער האָט גענומען א מיידל, וואָס ארבעט אף דער טרי־קאָטאַזש־פאבריק. וואָס זשע מיינט איר? פרעגט בא באָריס אלעקסאַנדראָוויטש, וועלכע שנור איז לײַטישער און איבערגעגעבענער דעם מאַן? ווער איז מער באַלעבאָסטע אין שטוב? ווער באַציט זיך בעסער צו שווער־און־שוויגער? די דאָקטערשע כאַפּט זיך ארײַן צו זיי אמאָל אין א יויוול, בלאָזט פון זיך שטענדיק, ווי א אינ־דיק — „איך בין א דאָקטער", הייסט עס, און די שוויגער האָט בא איר קיין אנדער נאָמען ניט, ווי „סטאַרוכאַ".

— איך וואָלט אזא שנור אף דער שוועל ניט געלאָזט, — באַמערקט די דירעקטאָרשע.

— אז בערטע אָסיפּאָוונע, די שוויגער, איז געווען קראַנק, — צעלאָז איך ווײַטער מײַן פאַנ־טאַזיע, — איז די ייִנגערע שנור שאָענווײַז אָפּ־געזעסן בא איר בעט, עטלעכע נעכט ניט צו־געמאַכט מיטן אויג און זי באַדינט ווי אַן אייגענע טאָכטער. די דאָקטערשע אָבער פלעגט זיך ארײַנכאַפּן אף א ווײַלע, א טאַפּ טאָן אין אײַלעניש איר דויפּעק, א שמאָרע טאָן מיט דער נאָז און אוועק צו אלדי רוכעס.

— ווו נעמען זיך אף דער וועלט אזעלכע פּאַרזעניִשן? — שטאַמלט ארויס מיט רוגזע די אַנצייגיקע באָבע.

— ניט איין מאָל האָט איר באָריס אלעק־סאַנדראָוויטש געוואָלט געבן דעם וועג, ווען בערטע אָסיפּאָוונע זאָל אים ניט אָפּהאלטן. עמעס זאָג איך, באָריס אלעקסאַנדראָוויטש?

בערקע גיט א מין שאָקל מיטן קאָפּ, וואָס קאָן הייסן: אי עמעס, אי א גרויסער ליגן.

— קיין יאַסליעס וויל זי ניט, „זיי זײַנען ניט קראַנק, — זאָגט זי, — די שווער־און־שוויגער, זיך ניאַנטשען מיטן אייניקל, וואָס דען האָבן זיי נאָך וואָס צו טאָן?"

— הער נאָר א מין האָזע, ס'איז דאָך מאַמעש א פּערעאָדעם! — רופט אויס מיט פאַרביטערונג די באַלעבאָסטע.

— פירן באַלעבאַטישקײַט אין שטוב האָט זי קיין צײַט ניט, דעם מאַן צווינגט זי וואַשן די דילן, אײַנקויפן אין מאַרק און אפילע אָפּט קאָכן וואַרמעס.

— וואָס הייסט, ס'איז דען מענערישע אר־בעט? איך פאַרשטיי ניט, עס איז דאָך עפּעס גאָר קיין מענטש ניט, — גיט א פּליעסקע מיט די הענט סאָפיע יאַקאָוולעוונע.

„איך האָב, ווײַזט אויס, איבערגעכאַפּט די מאָס, — טראַכט איך, — כ'קאָן נאָך קאַליע מאַכן דאָס גאַנצע געשעפט, מע דאַרף כאַפּן צוריק".

— פאַרשטייט זיך, אז איר איז אויך ניט גרינג, ארבעט אף אַנדערהאַלבן סטאַוקעס און פאַרדינט ניט שלעכט, קומט פאַרהאָרעוועט אהיים.

— וואָס קער זיך אָן? ווער דאַרף איר געלט, אויב זי אליין איז קיין מענטש ניט? — היצט זיך נאָך אלץ די באַלעבאָסטע.

— אָ! דאָס טאַקע וויל איך אײַך אויסברייען, דאָס וויכטיקסטע איז דער „מענטש". די דאָזי־קע פאַשעטע, ווי איר זאָגט, ליובע פּארמאָגט גוטע, מענטשלעכע מײַלעס, דאָס האָט מיר גאַ־ריק אליין געזאָגט. און אומזיסט טײַנעט איר „הויכע בילדונג".

— וואָס גאַריק קאָן זאָגן...

— גאַריק איז ניט קיין ליגנער. איך מוז אײַך נאָך צוגעבן, וואָס גאַריק האָט מיר געזאָגט: „אויב ס'וועט זיך אזוי פאַרציִען, גיי איך זיך טרינקען אין טײַך". און דאָס זײַנען איבערגע־געבענע עלטערן?

די „פיליפּינער אייזלען" האָבן אופגעציטערט, בלייך געוואָרן, ווי די וואַנט.

די דירעקטאָרשע האָט א פּליעסקע געטאָן

מיט די הענט און אויסגעשריִען ניט מיט איר
קאָל:

— גאַריק! ווו ביסטו דאָרט? וואָס איז דאָס פאַר א רייד?

— גאַריקל, וואָס איז דאָס פאַר נאַרישע שטיק? ווײ און ווינד איז מיר, — פאַרגייט זיך די באָבע, — קום נאָר אהער, ווו ביסטו דאָרטן? גאַריק קומט אַרײַן, וואַרפט אַף מיר, אומבאַמערקט, א מאַמזערישן בליק, זעצט זיך אַנידער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און שווײַגט.

— וואָס שווײַגסטו? — צעשרײַען זיך אַף א קאָל די אונטערגעטרונקענע „פיליפינער איילען". — רעד, האָב ניט קיין מוירע. דײַן באָבע, יובעלעכע פון קאַפּצעדריילעווקע — ווי־אַזוי הייסט זי דאָרטן, די לאָך — וויל פאַר דיר נאָר א געקאָנטשעטע, ניט אַנדערש, אַזוי איז זי דערצויגן בא פּישעלען דעם וואַסערפירער. און דײַן מאַמע טאַנצט איר נאָך... און דו, גאַריק, וואָס זאָגסטו?

— איך האָב שוין מײַנס אָפּגעזאָגט, — ענטפערט דער זון.

— און איר, באָריס אַלעקסאַנדראָוויטש, וואָס זאָגט איר אַף דער נאַרישער געשיכטע?

— וואָס איז שײַער? גאָרניט, פאַרשטייט זיך, ס'איז ניט וויכטיק, נאָר ס'וועט זײַן גוט.

— אָ! אָט דאָס הער איך פון א קלוגן מענטשן, „ס'וועט זײַן גוט"; ס'מוז זײַן גוט. איז אָט וואָס, גאַריק, נעם די פּיס אַף די פּלייצעס און מאַרש צו דײַן ליובען, ברענג זי אהער צוזאַמען מיט די בעבעכעס.

— זאָל די מאַמע אויך פאָרן מיט מיר, אַנדערש וועט ליובע ניט קומען.

— ריכטיק, די מאַמע וועט פאָרן מיט דיר. און איר, שוויגער, עפּשער וואָלט איר אויך מיטגעפאָרן?

— ווען גאַריק נעמט א טאַקסי, וואָלט איך אויך געפאָרן.

— אָט ברענג איך באַלד א טאַקסי, — גאַריק גיט א שפּרונג פונעם בענקל און פליט אַרויס פּײַל־אויסן־בויגן פון שטוב. סאָניע גייט אַוועק זיך איבערטאָן.

אויב אַזוי, האָבן מיר שוין דאָ ניט וואָס צו טאָן. בערקע גיט מיר אָנצוהערן, אַז עס איז שוין צײַט פאָרן אהיים. מיר געזעגענען זיך אָפּ. אין דרויסן האָט זיך נאָרוואָס אָפּגעטראָגן א לײַכט רעגנדל. די נאָענטע קאַרפּאַטן האָבן אונטערגעשיקט א גוטמוטיק־וואַרעם ווינטעלע. אָבער מײַן בערקען גייט עס אָפּילע ניט אָן, איך פיל, אַז ער איז אופגעבראַכט, רעדט קיין וואָרט ניט אויס. פרעג איך אים:

— וואָס איז דער רויגעז? ביסטו דען ניט צופרידן, וואָס מיר האָבן אַזא פאַמיליע־קאָנפליקט דערלייזט?

— ניט מיט אַזעלכע מעטאָדן, מיט אַזעלכע שקאָרים. אוי איז ביילקע געווען א כאַכאַמע... אוי האָט זי אָפּגעטאָן קלוג. הער א מײַסע, צושרײַבן מיר אַזעלכע זאַכן, ניט געשטויגן ניט געפלויגן: „א דירעקטאָר פון א צוקער־זאַוואָד, צוויי זין מיט צוויי שנורן!", א מאָשל־קאַפּאָשל.

— איך האָב דאָך דאָס געטאָן צוליב שאָלעם־באַיִס.

— כ'האָב שוין געהערט.

דעם גאַנצן וועג שווײַגן מיר, בערקע איז אַף מיר אָנגעבלאָזן. לעבן שטוב זעצן מיר זיך צו א קאַפּעטשקעלע אָפּרוען. אומגעריכט טראָגט זיך אָן אַף בערקען א גרויסע צאָרע. פון שטוב לויפט אַרויס זײַן פרוי, א צעשויבערטע, רויט פון קאַס, און נעמט גוואַלדעווען:

— דער רוצעך האָט דיך פאַרטראָגן אַף א גאַנצן טאָג איינינעם מיט די שליסלען פון דער קוואַרטיר, און איך דריי זיך אַרום און קאָן ניט אַרײַן אין שטוב!

ווײַטער גייט אַוועק א סעדרע קלאָלעס. בערקע איז בלייך, טאַפּט אין דער קעשענע און מורמלט עפּעס ניט־פאַרשטענדלעכס. נאָר וואָס פאַר א באַדײַטונג קאָן האָבן דאָס פּאַכדאָנישע שטאַמלען פון דעם אַף טויט איבערגעשראָקענעם בערקען קעגן די אויסגעשרייען פון זײַן ווײַבעלע, וועלכע איז צוויי מאָל העכער און געזינטער פון אים.

ס'צעשפּילט זיך א נײַע פאַמיליע־דראַמע אין מײַן אָנוועזנהײַט. מעג איך דען פאַרלאָזן בערקען אין אַזא אייס־צאָרע? זי וועט דאָך פון אים, נעבעך, מאַכן אַש. מוז איך שוין ווײַטער גיין אין קאָן, פּרוּוון אים אַרויסראַטעווען פון אַזא אָנשיקעניש.

— אַנטשולדיקט מיר, בערטע אַסיפּאָוונע, — פאַר איך אַרײַן אינמיטן, — איר ווייסט דען, וואָס מיט אים האָט זיך אָפּגעטאָן? האַלעוויי זאָל זיך דאָס מער ניט טרעפן. ווען איר ווייסט, וואָלט איר אים בעסער פּאַוואַלינקע אַרײַנגעבראַכט אין שטוב, אַוועקגעלייגט אין בעט און צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע.

— וואָס אַזוינס איז געשען? — שטעלט זי אַן אַף מיר גרויסע, איבערגעשראָקענע אויגן.

— געשען איז דאָס, וואָס אינמיטן שפּאַצירן איז אים ניט גוט געוואָרן און ער איז געפאַלן כאַלאָשעס.

— ווײ איז מיר, פאַרוואָס האָט איר אים באַלד ניט געבראַכט אהיים?

— ווו אהיים, ווער אהיים? „גיכע הילף" האָט אים גלײַך פאַרנומען אין שפּיטאָל, ווו ער איז אָפּגעלעגן ביז איצט. ערשט ניט לאַנג האָב איך דעם כאַסנבאָכער געבראַכט אהער. קוים דערגאַנגען. איר זעט דען ניט, ווי ער איז בלייך?

בערקע טוט א טיפן זיפץ — ער כאַפּט זיך גערן אָן פאַר דעם שטרויעלע, וואָס איך האָב אים אונטערגעוואָרפן. בערטע אַסיפּאָוונע בייגט זיך אָן און מיט גרויס ראַכמאָנעס באַטראַכט זי זײַן בלייך געזיכט, גלעט אים דעם פּליך אַפן קאָפּ און פרעגט אים שטיל, ווי ער פילט זיך נעבעך איצט.

אָנשטאָט אָן ענטפער זעצט בערקע פאָר קרעכצן. בערטע אַסיפּאָוונע הייבט אים פּאַוואַלינקע אוף פון דער באַנק און פירט אים, צאַרט און פאָרזיכטיק, אַוועק אהיים.

בערקע שפּאַנט לאַנגזאַם, קוים וואָס ער שטעלט די טריט.

קריטיק

יאַנקעוו פּליד
(אָדעס)

# איציק קיפּניס. „אונטערוועגנס”

עס דערמאָנען זיך די יאָרן, ווען ס׳איז דערשינען איציק קיפּניסעס ערשטער בוך „כאַדאָשים און טעג”. דאָס ווערק איז געווען באַהויכט מיט א ווארעמען געפיל, מיט אופריכטיקײַט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַמאָליקן שטעטל און זײַן באַשרײַבער. אינעם ווערק האָט זיך געפילט אַן אייגנאַרטיקער טאַלאַנט מיט אַן אינדיווידועלן שרײַבנוסעך. ס׳איז געווען א פּילצוזאָגנדיק ווערק פון א באַדײַטנדיקן מײַסטער.

אין איציק קיפּניסעס „אונטערוועגנס” („סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 4, 5, 6 פאַרן 1968 יאָר) איז געשילדערט די זעלבע סלאָוועשנע מיט אירע אײַנוווינער, מיט זייער אַרט לעבן. דאָ זײַנען אָבער די געשעענישן געוויזן רעטראָספּעקטיוו, מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער. און כאָטש אויך דאָ איז פאַרהיט די גאַנצע אומיטלבאַרקײַט פונעם העלד, זײַן האַרציקײַט און אופריכטיקײַט, זײַן טיפע, אָרגאַנישע פאַרבינדונג מיטן אַרום, פילט זיך בעכוש, אַז דער שרײַבער האָט אין מעשעך פון לאַנגע יאָרן דורכגעמאַכט א היפּשן לעבנס־וועג, אָנגעזאַמלט פיל לעבנס־באַאָבאַכטונגען. דאָס האָט אים באַרײַכערט, צוגעגעבן קראַפט זײַן טאַלאַנט. אין טאָך איז פאַרבליבן זײַן פריִערדיקע שרײַבמאַניר, ס׳איז אײַנגעהיט געוואָרן די עכטקײַט פון געפיל, דער לעבעדיקער אָטעם פון די ווײַטע געשעענישן. ביז גאָר רעליעף טרעטן אַרויס די מענטשלעכע איבערלעבונגען פון יענער גרויזאַמער ווירקלעכקײַט.

בוילעט זײַנען געשילדערט אין ווערק די גרוילן פון די פּאָגראָמען. די געשעענישן זײַנען געוויזן מיט אַזאַ פּינקטלעכקײַט, זייער אָפּקלײַב איז געגעבן מיט אַזאַ באַהאַוונטקײַט און דורכגעטראַכט, אַז פאַר די, וואָס האָבן עס אַליין איבערגעלעבט, שטייען זיי מאַמעש פאַר די אויגן. זיי רופן אַרויס א שלאַל געדאַנקען און געפילן, הייבן אַרויס פון די טיפענישן פאַרנעם זיקאָרן פּאַסירונגען, וואָס זײַנען מיט דער צײַט היפּש אָפּגערוקט געוואָרן אין א זײַט. זיי וועלן אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן, אַזוי פאַרקריצט זײַנען זיי אינעם גאַנצן וועזן. אַזוי מאָלן איז מעגלעך בלויז דעמלט, ווען דער דערציילער אַליין איז אופגערעגט, אַפילע אופגערודערט. מיט קיין קאַלטן לונג־און־לעבער קאָן מען עס ניט דערגרייכן. די בילדער וועקן אַסאָציִאַציעס און פאַרגלײַכן. זיי לאָזן ניט איבער באַם לייענער קיין אָרט פאַר גלײַכגילט. פאַרקערט, זיי רופן אַרויס דעם ווילן זיך טיילן מיט אײַנדרוקן פון יענער צײַט. ווער עס האָט איבערגעלעבט אַזעלכע געשעענישן, איז דאַנקבאַר דעם שרײַבער.

צוליב זייער אומופהערלעכקײַט און קעסיידערדיקײַט זײַנען די פּאָגראָם־שרעקן געוואָרן א שטייגער־דערשײַנונג. די געשעענישן האָבן צוגעשמידט צו זיך די אופמערקזאַמקײַט פון אַלע שטעטלדיקע אײַנוווינער. יעדער טאָג האָט געבראַכט פרישע נײַס וועגן אומשולדיק אומגעקומענע סײַ אין שטעטל גופע, סײַ אף די וועגן. די געדריקטע שטימונג ווערט איבערגעגעבן אין פיל בילדער, וועלכע שאַפן די רעאַלקײַט פון די אומפאַרגעסלעכע טעג:

„די נאַכט וואַרטעוועט מען, און אינדערפרי הערט מען נײַס. א פרימאָרגן אָן נײַס איז גאָר קיין פרימאָרגן ניט. טאָמער האָט זיך גאָרניט געטראָפן אין שטעטל גופע, האָט זיך געמוזט עפּעס טרעפן אין א דאָרף אַרום שטעטל אָדער אף די שליאַכן, צי אין די וועלדער. אָט האָט מען געבראַכט צוויי געהאַרגעטע פון לוטשינקער שליאַך: באָרעך דער קלייטניק און עליע פּאָליאַקאָוו”.

אַזעלכע באַשרײַבונגען פירן אַרײַן דעם

לייענער אין דער סאמע געדיכטעניש פון די געשעענישן. עס קומט אפילע אפן זינען, אז די אָנגערופענע פארשוינען זײַנען ניט קיין אויסגעטראכטע, אזוי רעאל איז דאָס דערציילטע. און כאָטש מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט ווירקלעכע פאקטן, איז קיפּניסעס דערציילונג „אונטערוועגנס" ניט קיין כראָניק, נאָר אן עכט קינסטלעריש ווערק. ווען מיר וואָלטן דאָ געהאט צו טאָן מיט כראָניקאלער פאקטאָלאָגיע, מיט בלויזער דאָקומענטירונג, וואָלט דאָס דערציילטע אופגענומען געוואָרן ווי אן איינצלגעשעעניש, ווי פאסירונגען, וואָס זײַנען געבונדן נאָר מיט א באשטימטן אָרט. אין קיפּניסעס דערציילונג אָבער, האגאם עס ווערן דערציילט בעעמעס געשעענע פאלן, איז דער אויסוואל געמאכט אזוי, אז עס גיט דעם שרײַבער א מעגלעכקײַט צו מאכן פאראלגעמיינערונגען, פארוואנדלען דעם איינצל־פאקט אין א טיפּישער דערשײַנונג. אָט די טיפּישקײַט, וואָס האָט זיכער געפאָדערט פונעם שרײַבער אומבאמערקטע פאר א זײַטיקן בליק אָנגעשטרענגטקײַט, רופט ארויס א טיפן אָפּהילך באם לייענער. עס דוכט זיך, אזעלכעס איז פאָרגעקומען אויך בא אים אין שטעטל און מיט אים גופע. דאָס איז הויכע מײַסטערשאפט.

און נאָך איין וועזנטלעכע אייגנשאפט פונעם ווערק וויל איך אָפּמערקן. אלע באמיִונגען פון די פּאָגראָם־העצער און זייערע אויספילער האָבן געהאט אין זינען ארויסרופן בא דער אָרטיקער באפעלקערונג סינע צו די ייִדן. עס זײַנען געווען פאלן, ווען מיט דער הילף פון אזא אגיטאציע זײַנען פארכאפּט געוואָרן אזעלכע מענטשן, וועמען פריִער האָט קיינער ניט כוישעד געווען אין ייִדן־סינע. דאָס זײַנען געווען אויסנאמען. די מערהײַט פונעם אוקראַיִנישן פאָלק, דער פּאָשעטער אָרנטלעכער פויער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דער שעדלעכער אגיטאציע, ער איז טרײַ געבליבן זײַנע פריִערדיקע ייִדישע פרײַנט. איבערצײַגעוודיק קלינגט דעריבער אין קיפּניסעס דערציילונג דער עפּיזאָד, ווען די אוקראַיִנישע פויערטע האָדעוועט אָן די צופעליק ארײַנגעקומענע צו איר אין הויז אײַזיקן און פאָליען. זי גיט זיי מיט א פּעקל שפּײַז פאר איר באקאנטער שטעטלדיקער פאמיליע. עס אנטשפּרעכט דער ווירקלעכקײַט אויך דער עפּיזאָד, ווען די אוקראַיִנישע לערערן באהאלט אויס בא זיך אפן בוידעם אײַזיקס שוועסטער שיינדל, מיט אירע כאַווערטעס, ווען עס האָבן זיי נאָכגעיאָגט צעירשעטע שיקערע באנדיטן.

די שטעטלעך מיט א ייִדישער באפעלקערונג זײַנען דאן אָפט באפאלן געוואָרן פון פארשיידענע באנדעס. די ראטנמאכט האָט זיך דאן אף אוקראַיִנע נאָך ניט פארפעסטיקט. די פאָרגעשריטענע שטעטלדיקע יוגנט האָט זיך אקטיוו אָנגעשלאָסן צום רעוואָליוציאָנערן קאמף, זי האָט פארלאָזט די אלטגעזעסענע היים, איז צוגעשטאנען צו דער רויטער ארמיי. אין אירע רייען האָט זי אָנטיילגענומען אין בירגערקריג, האָט זיך באטייליקט סײַ אין רעגולערע ארמייִשע טיילן, סײַ אין די רויטע אָטריאדן, וואָס האָבן געפירט א קאמף קעגן באנדיטיזם פון אלע ריכטונגען און שאטירונגען. זײַענדיק טרײַ דער רעאלער ווירקלעכקײַט פון יענער צײַט, מערקט קיפּניס אָפּ אָט די דערשײַנונג אין זײַן ווערק.

---


א י צ י ק  ב אָ ר אָ ו י ט ש

(כארקאָוו)


# די דראמע פון שטילשווײַגן

(וועגן מ. קאָבריאנסקיס ראָמאן „שא־שטיל" — „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1, 1974)

אין קאָבריאנסקיס קורצן ראָמאן „שא־שטיל" איז קימאט ניטאָ וואָס איבערדערציילן. א שווער־פארוווּנדעטער דעמאָביליזירטער סאָלדאט איז אײַנגעשטאנען אף קוואַרטיר בא א סאָלדאטקע אן אלמאָנע, און ווי נאָר די סאָוועטישע ארמיי האָט באפרײַט זײַן היימשטאָט, איז ער טייקעף אוועקגעפאָרן. שטעקט אָבער אין דעם דער אייגנארט פונעם ווערק, וואָס ארום דעם קליינעם יאָדערל פונעם געשעעניש־אָרעמען סיפּער־האמײַסע קריסטאליזירט זיך א שיינע באשרײַבונג פון ליבע־געפילן, וועלכע זײַנען ניט צו שטאנד געקומען, פון צוויי לעבנס־וועגן, וואָס האָבן זיך געקרייצט און דראמאטיש זיך פאנאנדערגעגאנ־

גען. און קומען קומט עס פאָר ניט אינטים־אָפגעזונדערט, ניט אין ענגן קרײַז פון „ער" און „זי", נאָר אַף א ברייטן סאָציאַלן פאָן פונעם לעבן פון די פּלייטים בעשאַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

קאָבריאַנסקיס אויג זעט דײַטלעך און מאָלט בעדערעך־קלאל גאַנץ אויספירלעך דעם אויסזען פון זײַנע פּאַרשוינען. ארײַנפירנדיק דעם אָדער יענעם פערסאָנאַזש און פאָרשטעלנדיק אים דעם לייענער, גיט דער אווטאָר גלײַך זײַן פּאָרטרעט. א בערדל: האָט איר א „שפּיציק בערדל", א „קאָמעץ־בערדל", א „מאַמזעריש בערדל". א שמייכל: האָט איר א „שפּאָטיש שמייכעלע", א „ביטערער שמייכל", „א באַגײַסטערט שמייכעלע". אויגן: שוואַרצע, גרינבלעכע, פאַרגליווערטע, אויגן „מיט טאַנצנדיקע אין זיי שיידימלעך". דאָס אָנטאָן: אַפן קאָפּ „א שוואַרצער קאַפּעליוש מיט שמאָלע ראַנדן", א „געפאַלדעוועט טונקל־גרוי קליידל" אאַוו. מערקווירדיק איז דאָס, וואָס אָט די שילדערונג האָט א שײַכעס מערסטנטייל דאַפקע צו די צווייט־ און דריטראַנגיקע עפּיזאָדישע פאַרשוינען, בייס די הויפּט־העלדן — שימען און פראַניע — זײַנען אויסערלעך געמאָלט קאַרג, פאַרבײַגייענדיק. דער סאָלדאַט הייסט שימען, און פאַרבײַגייענדיק דערוויסן מיר זיך, אַז ער איז א „ווּוקסיקער מיליטערמאַן, מעכטיקע אַקסלען, ברייטע ברוסט". דעם אָביעקט פון זײַן ליבע האָט ניט מער אָפּגעגאָלטן: פראַניע טראָגט א שווער צעפּל, זי האָט גרויע אויגן און טיפע כיינגריבלעך. נאָך דער אויבנדערמאָנטער שעפע פון אויסערלעכקײַטן קלינגען די מעכטיקע אַקסלען און טיפע כיינגריבלעך פאַרייִנפאַכט און אויסדריקלאָז, אויב ניט זאָגן: באַנאַל. וואָס איז די סיבע? צי איז דאָס א בעקיוונדיקע, באַוווּסטזיניקע זעלבסטבאַגרענעצונג, אָדער דיקטירט פון דער קינסטלערישער אינטויִציע?

דער דעמאָביליזירטער סאָלדאַט איז טאַקע מײַסטערהאַפט דורכגעלויכטן פון אינווייניק מיט זײַן טיפער דראַמאַטיק. צי לעבן נאָך זײַן מאַמע און זײַן שיין מיידל — מ'קאָן זאָגן, זײַן קאַלע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אינעם היים־שטעטל, צי זיי זײַנען אומגעקומען בא די דײַטשן... און אויב שימען איז גלײַך לעכאַטכילע געשילדערט ווי אַן אין זיך אײַנגעשלאָסענע נאַטור, ווי א מענטש, בא וועמען א וואָרט איז א רענדל, „א געלאַסענער שטילער בער", איז פראַניע געקומען צו אַזאַ מאַצעווו בעהאַדראָגע, אונטערן דרוק פון די געשעענישן. איר פּסיכאָלאָגישע אַנטוויקלונג אין מעשעך פון געציילטע כאַדאָשים האָט זיך דעם אווטאָר אײַנגעגעבן צו שילדערן גאַנץ בוילעט. זי קומט ארײַן אין ראָמאַן מיט נײַן מאָס רייד, מיט א צונג אַף שרויפן. זי איז טאָמיד גרייט צו מאַכן א פּסאַק, אָפּבריִען מיט זודיקן אָקרעפּ יעדערן, וואָס איז איר דערווידער; אין דער ווײַטערדיקער האַנדלונג פאַלט זי ארײַן אין פולער אָפּהענטיקײַט, אין טיפן ייִעש, אין א שאַ־שטיל־דעפּרעסיע, אין פולשטענדיקער אײַנזאַמקײַט: פאַר אירע אויגן צאַנקט און גייט אויס ווי א ליכט איר טעכטערל, דער איינציקער אָנשפּאַר אירער שימען וועט אויך ניט ווערן: אין דער „סוואָדקע" פון אינפאָרמביוראָ ווערט דערמאָנט זײַן באַפרײַטע היימשטאָט. זי פילט, אַז שימענען ציט אַהיים, די סימכע, וואָס באַהערשט אַלעמען, איז בא איר א פאַרשטערטע, זי איז עלנט אינעם מאָלעסימכעדיקן אַרום. ניין, מיר האָבן צום אווטאָר קיין טײַנעס ניט, וואָס ער האָט געקאַרגט פאַרבן אינעם שילדערן דעם אויסערלעכן אויסזען פון די הויפּט־העלדן. דורכגעדרונגען מיט טיפן מיטגעפיל צו די הויפּט־העלדן, וועט דער לייענער אַליין, פון דער אייגענער לעבנס־דערפאַרונג, דערמאָלן זייער פּאָרטרעט.

שימען איז טאָג־אײַן, טאָג־אויס אין דער אַרבעט. ווו ס'קרעכצט א טויער, ווו א לעכערדיקער דאַך, — איז שימען דאָ. וואָס באַוועגט אים אין זײַן אומדערמידלעכער טעטיקײַט? מענטשנליבע? א געזעלשאַפטלעך אָדערל? אָדער סטאַם אַן אָרגאַנישע לײַדנשאַפט עפּעס וואָס צו טאָן, צו שאַפן? דער אווטאָר האָט דאָ קיין אַקצענטן ניט געשטעלט, ניט אָנגעבונדן דעם לייענער א פאַרטיקן ענטפער. דער אויפמערקזאַמער לייענער באַקומט אָבער דעם אײַנדרוק, אַז שימענס ארײַנטאָן זיך מיטן קאָפּ אין דער אַרבעט, זײַן פאַנאַטישע האַסמאָדע — דאָס איז דער איינציקער אויסוועג צו פאַרטויבן, שטום צו מאַכן דעם נאָגנדיקן רוף אַהיים. עס זעען כאַלוימעס אי פראַניע, אי עליִעזער זאַכאַראָוויטש און נאָך ווער, נאָר די כאַלוימעס זייערע מאַכן קיין אײַנדרוק ניט — פּוסטע כאַלוימעס. שימען כאָלעמט אין שלאָף (ז. 65). כאָלעמט אין וואָר (ז. 105), כאָלעמט אַף גאַנצע זײַטלעך, וואָס עס איז עפּשער פאַר א קורצן ראָמאַן א ווילטיק. דאָך זײַנען זיי, די כאַלוימעס, באַלערעוודיק, זיי טראָגן די פונקציע דורכנעמען דעם לייענער מיטן געדאַנק, וואָס פאַר א גרויס אָרט ס'פאַרנעמט אינעם מענטשנס באַוווּסטזײַן דאָס אַלץ „פון וואָס ס'הייבט זיך אָן זײַן היימלאַנד". אין כאָלעם און אין וואָר זעט שימען זײַן קינדהײַט, זײַן יוגנט, זײַן ערשטע זעלבשטענדיקײַט, זײַן ערשטע ליבע, זײַן אייגענע וועלט, פון וועלכער די מילכאָמע האָט אים אַרויסגעריסן.

נאָר פאַרוואָס האָט אים דער מעכאַבער געשילדערט אַלס עפּילעפּטיקער? שוין זשע איז פאַר די מענטשן, וואָס לײַדן פון אָט דער קרענק, אַזוי אייגנטימלעך די אין זיך אײַנגעשלאָסענע, שטילשווײַגנדיקע נאַטור? אין דער פאַרהעלטניסמעסיק לײַכטער פאָרם פון שימענס שלאַפקײַט איז עס אַבסאָליוט ניט קיין מוז־זאַך.

כאַראַקטעריסטיש פאַר קאָבריאַנסקיס באַגאַבונג איז דאָס קאָנען צושרײַבן דער טויטער און לעבעדיקער נאַטור ריין מענטשלעכע באַגערן און אייגנשאַפטן און זי מעשאַטעף זײַן צו דער האַנדלונג: „די ביימלעך זײַנען צופרידן, וואָס א וואַרעם ווינטל שפּילט זיך מיט זיי",

„דער שניי סקריפּעט, ווי ער וויל ניט לײַדן, וואָס מע וועקט אים פֿון שלאָף". פּראַניעס צעפּל: „איר צעפּל האָט גערעדט ווערטער, עס האָט זיך געוואָרפֿן אַף דער פּלייצע, ווי אַן אָפּגעסאַמטע שלאַנג". „די גרויסע לעוואָנע, וואָס יאָגט און שפּרינגט צווישן די וואָלקנס, וויל זיך אַראָפּלאָזן אַהער נידעריקער צום שטיבל, הערן דאָס דאָזיקע געזאַנג".

קאָבריאַנסקיס ראָמאַן איז רײַך מיט נאַטורבילדער, וועלכע אָטעמען מיט עקספּרעסיע, זײַנען לאַקאָניש געצוימט. עס זײַנען אָבער פֿאַראַן אויך האַמעטנע לאַנגווײַליקע נאַטורשילדערונגען.

די שפּראַך פֿונעם ראָמאַן „שאַ־שטיל" איז פּראַזעאָלאָגיש־רײַך. דאָס געפֿעלט געוויס דעם לייענער. דאָסראָוו פּערסאָנאַזשן ריידן געוויס רוסיש, דאָך איז די שפּראַך אַ ריין ייִדישע. איך שטעל מיר פֿאָר די שוועריקייטן באַם פּרוּוון איבערזעצן „שאַ־שטיל" אין רוסיש. אָט אַ פּאָר „פּערל" פֿון פּראַניעס מײַנעלאָשן: „אַלטער טערעך, שלינג אײַן דײַן לאַנגע צונג און נעם דאָרט אײַן שטומעניש", „ביסט אַ מיוון, ווי ער האָט זיך עפּעס פֿאַרקנאַקט... מאַכט אַ וואָרע, דער כאָסן פֿאָרט אָנקוקן די קאַלעאַוו. דער פֿאָרזיצער פֿונעם קאָלווירט רופֿט דעם יונגן אָגער זײַנעם „כאָסנבאָכער". מיט אַ כאָסן אין רוסיש קאָן מען נאָך ווי־ס׳איז אויסקומען, מיט אַ כאָסנבאָכער איז עס שווערער... אָדער אַזאַ פֿראַזע: „אַז מע באָדט זיך אויס אין טײַך פֿאַר פּייסעך, זיצט מען ניט באַם סיידער און מע פֿרעגט ניט קיין קאַשעס".

אין קאָבריאַנסקיס ראָמאַן „שאַ־שטיל" ווערט איבערצײַגנדיק געשילדערט די פֿלײַסיקע מעסירעסנעפּעשדיקע אַרבעט אינעם הינטערלאַנד, ווו אין פֿולן אײַנקלאַנג מיטן פֿראָנט האָט זיך געשמידט דער ניצאָכן איבערן סוינע. דאָס איז אויך געוויס דעם אַווטאָרס אַ פֿאַרדינסט.

---

# בראָניק

## זײַן צווייטער באַרוף

די ראָסטאָווער אָונט־צײַטונג „וועטשערני ראָסטאָוו" האָט אײַנגעשטעלט אַ יערלעכע פּאַדייעווּרפּרעמיע, מיט וועלכער זי באַלוינט אירע אַקטיוווסטע אַרבקאָרן, די אַווטאָרן פֿון אינטערעסאַנטע אַקטועלע קאָרעספּאָנדענציעס און רעפּאָרטאַזשן.

האַיאָר זײַנען מיט אָט דער פּרעמיע אָפּגעמערקט געוואָרן פֿינף קאָרעספּאָנדענטן פֿון דער צײַטונג, צווישן זיי דער געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַרשפּרייטער פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" הערשל באַראַז, וועלכער וווינט אין ראָסטאָוו. הערשל באַראַז איז אויך אַן אַווטאָר פֿון אונדזער זשורנאַל, אין וועלכן ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע „נאָטיצן פֿון אַ מעטעאָראָלאָג" און אַ ריי דאָקומענטאַלע פֿאַרצייכענונגען וועגן די אָנטיילנעמער פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע.

ה. באַראַז איז לויטן פֿאַך אַ מעטעאָראָלאָג. זשורנאַליסטיק איז געוואָרן זײַן צווייטער באַרוף. זײַנע וויסנשאַפֿטלעך־פּאָפּולערע אַרטיקלען וועגן מעטעאָראָלאָגיע און נאַטורקענטעניש ווערן געלייענט מיט אינטערעס.

אין שײַכעס מיט דער באַלוינונג שרײַבט די צײַטונג „וועטשערני ראָסטאָוו":

„דעם דאָזיקן ענערגישן, אַרבעטזאַמען מענטשן דאַרף מען ניט געבן קיין ספּעציעלע פֿאַרגעבונג. באַראַז פֿאַרמאָגט אַן אײדעלן כוש צו די אינטערעסן פֿון דער לייענער־אַודיטאָריע".

אַ ליבהאָבער פֿונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט, אַן אַקטיווער געזעלשאַפֿטלעכער פּרעסע־פֿאַרשפּרייטער, געפֿינט באַראַז צײַט נאָך דער אַרבעט זיך דורכשמועסן מיט די לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" און אײַנײַנעם מיט זיי שאַפֿן נײַע אַבאָנענטן פֿונעם זשורנאַל.

מיר באַגריסן אונדזער פֿרײַנט מיט דער בעקאָוועדיקער באַלוינונג און ווינטשן אים נײַע שעפֿערישע דערפֿאָלגן!

י. פּײַוווּסאָוויטש

■ ■ ■

מוישע אלטמאן

# זקיינישע נאָטיצן

## 1

## איך בענטש א קלויסטער

ער — דער, וואָס איך בענטש אים, — שטייט אין סאמע צענטער פון שטאָט און פארנעמט א פלאַץ פון אוועלכע צוויי אָדער דרײַ העקטאר. דער קלויסטער קאָן, לויט זײַן אויסערלעכן אויסזען, זײַן ארכיטעקטור און פארבעם, אָנגערופן ווערן אַף רוסיש „סאָבאָר", אַף מײַרעוור־שפראַכן — קאַטעדראַלע. אַן אויפשריפט אַף דעם פראָנטאָן מעלדעט: אין יאָר 1844. אין יענעם יאָר האָט מען די אימפּאָזאַנטע געבײַדע געענדיקט.

וואָס זשע גייט עס מיך אָן, פארוואָס בענטש איך אים?

עס גייען מיך אָן די ביימער און די בלומען־פלעצער, וועלכע זײַנען אַף דעם גרויסן הויף און וועלכע זײַנען פאראן אדאנק דעם, וואָס עס איז פאראן דער־אָ בנין.

אין מעשעך פון א סאַך יאָרן איז דער פלאַץ מיטן קלויסטער געווען אָפּגעשלאָסן, אָבער עפּעס האָט זיך געטאָן א בײַט, די שלעסער פון די אײַזערנע טויערן אראָפּגענומען, די טויערן אליין אוועקגענומען, טעלכע צענדליק בענק אוועקגעשטעלט אין פארשיידענע ערטער, — גייט, מענטשן, זיצט, מענטשן, שפּילט אײַך, קינדער, באָבעס און יונגע מאמעלעך, אויך זיידעס און יונגע טאטעלעך, פירט קאָליאַסקעס מיט קליינוואַרג, אָטעמט פרישע געזונטע לופט.

און מײַן דירע, ווו איך וווין שוין א יאָר אכט, איז א פּאָר מינוט גאנג פון דעם קלויסטער, הײַנט הייסט שוין דער פלאַץ — סקוועד. און אז סע קומען אָן די ווארעמע טעג, איז מײַן אָפּרו־הויז דער סקוועד. און איך פארמאָג דאָרטן אוצרעס: ביימער און קינדערלעך.

וואָס זשע טוט דער געוועזענער קלויסטער? ער איז פּאַר מיר דער שומער פון די ביימער, פון די פלעצער מיט בלומען, פון די טעפּיכער גרינעם גראָז, און ווער ווייסט, עפּשער קענען שטיינער, וועלכע זײַנען געפורעמט צו א געבײַ, עפּשער קענען ביימער און גראָזן אַף זייער שפּראַך בענטשן די קינדערלעך, די באָבעס מיט די מאמעלעך?

בענטש איך דעם קלויסטער:

— לאנג שטיין זאָלסטו, קלויסטער, זאָלסט דערשטיין מאָשיעכן.

ווײַל א גרויסן זכוס האָט ער. אין זײַן זכוס שטייען די ביימער מיטן גאנצן ארום. א גרויסער זכוס!

## 2

## מאמא, ווו ביסטו?

דאָס טרעפט מיסטאָם נישט נאָר מיט מיר אליין. און עפּשער טרעפט עס גראָד מיט מיר, לאָמיר עס אָנרופן: א מאזל־זאַך. און אויך איך האָב ניט צו פארצייכענען קיין סאַך אזעלכע פאלן. פאראן אן אמאָליק יידיש ווערטל: גאָט שיקט צו דעם שיקער זײַן ווײַן. קיין שיקער בין איך ניט. מײַן ווײַן — מענטשן.

האָט עס עפּשער אויך מיט דיר, כאוווער לייענער, פּאַסירט. טרעפסט זיך צונויף צופעליק מיט א פרעמדן מענטשן, עס פארפירט זיך צווישן אײַך א קורצער שמועס און — שוין. דעם מענטשן זעסטו ניט מער, נאָר אין הארצן איז פארבליבן עפּעס א מין בענקשאַפט נאָך יענעם אומבאַקאַנטן צופעליקן פארשוין. ער האָט זיך פאראנקערט אין דײַן געמיט. און ניט איין מאָל פרעגסטו:

— פרעמדער, ווו ביסטו?

מיט מיר האָט עס פּאַסירט מערערע מאָל אין מײַן לאנגן לעבן, לאנגן און ניט גאָר לײַכטן. און דער לעצטער פאַל, דער פרישסטער — מיט א פרוי. און איך פרעג ניט איין מאָל:

— מאמע, ווּ ביסטו?..

מאמע... זי, די, וואָס איך רוף, וואָלט געקאָנט זײַן מײַנס אן אייניקל, אָדער עפשער א ייִנגסטע טאָכטער. ניין, גיכער אן אייניקל. פארוואָס זשע רוף איך: „מאמע"?.. האָט א בײַסעלע געדולד, כאָווער לייענער.

צוריק מיט, — איך געדענק נישט פּינקטלעך, וויפל וואָכן — טרעפט זיך אין אן אינדערפרי, איך זיץ אף א באנק אין סקווער. עפּעס גראָד ווינציק מענטשן, קימאט גאָרניט קיין קינדערלעך. עס איז מיר, ניט פאר אײַך געדאכט, כאָווײרים לייענער, אומעטיק. אף דער זעלבער באנק זיצט א פרוי. זי זיצט אין צווייטן עק פון דער באנק, דאָס פּאָנעם פארטיפט אין א בוך. לעבן איר אף דער באנק א פּאָרטפעל. איך קוק זיך צו צו דער פרוי, און זי פארינטערעסירט מיך. סײַ מיט איר פיגור, סײַ מיט איר קליידונג. ניט קיין סימען פון הײַנטצײַטיקײַט. א פרוי, לויטן אויסזען פון א יאָר דרײַסיק, עפשער מער א פּאָר יאָר. אָנגעטאָן זייער באשיידן, ניט קיין סימען פון „מיני". בעקיצער, א פרוי פון אמאָל (אז וויי צו מיר! איך מוז זאָגן: אמאָלי!), פון מײַנע יונגע יאָרן. און עס טראכט זיך: עפשער האָט מיר דער שרײַבערגאָט צוגעשיקט מײַן ווײַן? אָט אזא פארשוין דארף איך. וויאזוי אופברעכן א שמועס מיט איר?

מיט מײַן זקיינישער שארפזיכטיקײַט כאַפּ איך דעם טיטל פונעם בוך. עס איז א ווערק פונעם באוווּסטן פּעדאגאָג סוכאָמלינסקי. מײַן נײַגער ווערט נאָך שארפער. איך נעם זיך אָן מיט מוט און פרעג:

— אוטשיטעלניצא?

זי קוקט ווײַטער אין בוך, ענטפערט נאָר מיט א שאָקל פון קאָפּ אף ניין, און אויך אין בוך ארײַן מיט א וואָרט:

— מאמא...

זי איז, הייסט עס, ניט קיין לערערן, נאָר סטאם א מאמע. און דערפאר אינטערעסירט זי דאָס ווערק.

עס פארגייען עטלעכע מינוטן. איך, אלטער שלימעזאלניק, טראכט אלץ, וויאזוי פארבינדן מיט איר א שמועס. און פלוצעם טוט זי א פארבייג דעם בוך און דערלאנגט מיר צו לייענען. איך זע אן אבזאץ אונטערגעשטראָכן מיט א בלײַשטיפט, און איך לייען. עס איז א ציטאט פון לעוו טאָלסטאָי, עס זאָגט זיך דאָרטן, אז א קינד נעמט אוף ביזן עלטער פון פינף יאָר מערער אײַנדרוקן, ווי אין מעשעך פון דעם איבעריקן גאנצן לעבן.

און טאקע באלד נעמט זי אוועק דעם בוך און פארטיפט זיך ווײַטער אין לייענען. מײַן נײַגער שטײַגערט זיך. וואָס טוט מען? דער מענטש אינטערעסירט מיך. איך נעם זיך נאָך א ביסל מוט און פרעג, צי זי האָט א מישפּאָכע. זי ענטפערט, אלץ קוקנדיק אין בוך ארײַן:

— סין...

זי האָט א זון.

— א גרויסער? — פרעג איך.

— אין זעקסטן קלאס.

איך וואג אף מערער און פרעג, צי זי האָט נאָך עמעצן, אָדער אליין. זי ענטפערט, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ פונעם בוך, נאָר מיט אן אופגעהויבענעם פינגער. דאָס הייסט: — אליין...

איך טרייסט זי:

— ביוויײַעט... (עס טרעפט).

זי באשטעטיקט אלץ ווי פאר זיך אליין:

— ביוויײַעט...

וואָס טוט מען? דער גאָט פון די שיקורים, איך מיין: פון די שרײַבער, האָט מיר צוגעשיקט אן אינטערעסאנטן פאל. וויאזוי אים באהערשן, זיך דערגרונטעווען צום שטאָף, צום מענטשן? איך קלער. און דאָ טוט זי זיך א בייג אָן צו איר פּאָרטפעל, עפנט אים אוף, נעמט ארויס א בוך און טראָגט אים מיר צו פאר די אויגן. און איך לייען: Корней Чуковский. «Ровесники».

און אין א רעגע ארום נעמט זי צו דעם בוך, פארשליסט אים אין פּאָרטפעל און פארטיפט זיך ווידער אין לייענען. דארף איך דיר ארײַנטײַטשן, כאָווער לייענער, מײַן צושטאנד פון כידעש, פון נײַגער? ווער איז די מאָדנע פרוי? איך האָב זי קיינמאָל פריִער ניט געזען. און עפשער קען זי מיך, ווייסט, ווער און וואָס איך בין? עס ווילט זיך באקענען נענטער. אָבער, אן אַלטער שלימעזאלניק, — ווי איך קלער, וויאזוי צו פארפירן מיט איר א ברייטערן שמועס, געשעט... האָסטו אמאָל געזען, ווי א פויגל, א וואָראָנע אָדער א טויב טוט זיך א שפּאר אָן מיט די פיסעלעך אין דער ערד און אזוי, ניט צעלויפנדיק זיך, נאָר דירעקט פונעם אָרט טוט זיך א הייב אוף און פליט אוועק? אָט אזוי האָט מײַן „מאמא" געטאָן... ניט א לויף, נאָר א פלי ארויס צום טויער. און פארשווּנדן.

עס זײַנען שוין א סאך וואָכן פארבײַ, איך קום יעדן טאָג אין סקווער, סײַ פאר מיטיק, סײַ פארנאכט. איך גיי ארום, קוק אויס אלע בענק — נישטאָ.

ווער איז זי געווען? ווער איז זי? האָט זי אויך עפשער געזוכט א מענטשן זיך פונעם הארץ אראָפּצורײדן? און ביכלאל... עפּעס א גילגל?..

איך קאָן קיינעם אף איר ניט פרעגן, איך ווייס ניט, וועמען און וויאזוי צו פרעגן. נאָר אין הארצן איז פארבליבן א פארדראָס אף זיך. און ניט איין מאָל פרעג איך אין געדאנק:

— מאמא, ווּ ביסטו?

3

## ווידע...

עס ווילט זיך גלייבן. עס מוז זיך א סאך זאכן גלייבן. אַט דאָס וואָרט ווידע. עס ווילט זיך גלייבן, כאָטשער לייענער, אַז דאָס וואָרט איז דיר ניט פרעמד. עפשער האָסטו נאָך געהערט ריידן עלטערע מענטשן און פון זיי געהערט די אויסדרוקן: „זאָגן ווידע", „אָפּזאָגן ווידע". און עפשער אויך דאָס ווערטל: „אַז מע לעבט אָן כעזשבן, שטאַרבט מען אָן ווידע". איך וויל מיך דאָ ניט אַרײַנלאָזן אין קיין טיפע דראַכים. עפשער וועט עס אָנרעגן אונדזער אלעמענס פרײַנט, רעב עליע פאַלקאָוויטשן, עפּעס צו זאָגן אין שײַכעס דערמיט. כ'האָב אָנגעשריבן העכער: „אונדזער אלעמענס פרײַנט". דאָס מאָנט א פיירעש. עליע פאַלקאָוויטש איז א פרײַנט פון ייִדיש-לאָשן, ער איז פאַרליבט אין ייִדיש-לאָשן, און דערמיט איז ער אונדזער אלעמענס פרײַנט... ייִדיש-לאָשן... מע האָט נאָך ביז הײַנט אַלץ ניט געזאָגט דאָס סאַמע-סאַמע וועגן ייִדיש-לאָשן. וועגן דעם נעס פון זיך אויסבילדן און אויספורעמען פון ייִדישן פאָלקס-לאָשן. און פון דער גרויסער ראָליע, וואָס דאָס לאָשן האָט אָפּגעשפּילט אינעם אויספורעמען זיך פון א וועלטלעכן ייִדישן פאָלק. אָבער... ניט וועגן דעם וויל איך דאָך איצטער זיך טיילן מיט דיר, כאָטשער לייענער. כ'האָב דאָך אוועקגעשטעלט א „קעפּל" ווידע.

באַם ייִדישן פאָלקס-מענטש האָט דער באַגריף געהאַט גרויס באַטײַט. פאַראַן אָבער אויך שרײַבער און קינסטלער, וועמענס שאַפן איז אין א גרויסער מאָס ווידע. דאָס אַראָפּריידן זיך פון האַרצן. קיין כילעק ניט, מיטן וואָרט, מיט דער פאַרב, מיט מוזיק. און אויך אײַנפאַך, ווי ס'האָט באַם מאַסן-מענטש געהייסן: אָנערקענען באַגאַנגענע פעלערן. און דערמיט אויך א וואָרענונג צו די, וועלכע הערן אָדער לייענען: זײַט אויפמערקזאַם, לעבט מיט כעזשבן, באַגייט ניט קיין פעלערן.

און דאָס וויל איך טאָן מיט אַט דער פאַרצייכענונג. כ'האָב באַליידיקט אַנומלטן א פרוי. ניט ווײַל כ'האָב געהאַט אַזאַ קאַוואָנע. כאַלילע. נאָר ווינציק געטראַכט. עפשער ווײַל איך בין אַלט, מײַן געדאַנק אַרבעט שוין ניט אײַנטענסיוו. כ'האָב שפּעטער כאַראָטע געהאַט און אויך איצטער.

אין סקווער, וועגן וועלכן כ'האָב דערציילט, האָב איך א סאַך באַקאַנטע. ווער זיי זײַנען, ווי'אַזוי מע רופט יעדן אָפן נאָמען, ווייס איך ניט. נאָר מע באַגעגנט זיך טאָג אָף טאָג אין די שיינע כאַדאָשים, מע זאָגט זיך גוט-מאָרגן — גוט-יאָר. ווערט מען בעמיילע נאָענט. מע ווינטשט זיך גוטס.

טרעפן מיט מיר אָפטמאָל ניט אָנגענעמלעכקײַטן. קומט פּלוצעם צו א מענטש, באַגריסט מיך, פרעגט אָף מײַן געזונט-צושטאַנד. איך דאַנק, נאָר איך ווייס ניט, ווער דער מענטש איז. פרעגן שעם איך זיך. און צווישן די גוטעפרײַנט, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט מײַן געזונט, זײַנען אויך פאַראַן פרויען, און עס טרעפט, אַז גאַנץ סימפּאַטישע פרויען. גיי פרעג: ווער זײַנט איר?.. מיילע...

בין איך באַשטראָפט געוואָרן דורך יענער פרוי, וועגן וועלכער כ'האָב העכער דערמאָנט, א פרוי פון מיטעלע יאָרן. לויטן פּאָנעם זעט זי אויס ייִנגער. קיינמאָל ניט געזען זי זיצן, נאָר אַרומגיין, אויב אַזאַ גיין מיט א פּאַסטעך-שטעקן הייסט גיין. ווײַזט אויס, געליטן אַמאָל א שווערע אַוואַריע און געבליבן אײַנגעבראָכן. מיר פלעגן זיך אַמאָל טרעפן אין סקווער און זיך קעגנזײַטיק אָפּשאָקלען דעם גוט-מאָרגן — גוט-יאָר. איר פּאָנעם האָט מיר אויסגעזען היימיש. איך האָב, ווײַזט אויס, די פרוי אַמאָל געקענט נעענטער. נאָר ניט געקאָנט זיך דערמאָנען און פרעגן צי ניט געהאַט קיין אינטערעס.

מאַכט זיך, צוריק מיט עטלעכע וואָכן, איך קום אַרויס פון שטוב און לאָז מיך גיין צום סקווער, קומט זי מיר אַנטקעגן מיט איר פּאַסטעך-שטעקן, שטעלט זיך אָפּ און ווענדט זיך צו מיר בעזעס האַלאָשן:

— מוישע, איך פאָר אַוועק... איך וויל אַרײַנגיין צו אײַך אין שטוב זיך געזעגענען...

וואָס איז געוואָרן מיט מיר? האָט די אומגעריכטע פאַמיליאַרע ווענדונג: „מוישע" און דאָס איך אַזוי אומגעריכטע וועלן אַרײַנגיין צו מיר אין שטוב זיך געזעגענען אָף מיר אַזוי מאָדנע געווירקט? איך ווייס ניט. איך האָב, ניט באַטראַכטנדיק, געענטפערט:

— מיר קענען זיך געזעגענען אַט דאָ, צו וואָס אין שטוב?

איר דערלאַנגט די האַנט, אָנגעוואונטשן אַלדאָסגוטס (האַלעווײַ עס זאָל איר מעקוים ווערן), איר נאָכאַמאָל געדריקט די האַנט און אַוועקגעגאַן, זי געלאָזט שטיין מיטן פּאַסטעך-שטעקן.

אָפן צווייטן טאָג דערהאַלטן פון איר א בריוו, אין וועלכן זי האָט אָף א גוטן, אַבסאָליוט גראַמאַטנעם ייִדיש מיר אַרײַנגעזאָגט דאָס, וואָס איך אַליין האָב מיר שוין געזאָגט אין מעשעך פון דעם מעסלעס... צווישן איבעריקן: „נו, שעמט איר זיך ניט? איר האָט דאָך געקאָנט מיך פרעגן — ווער זײַט איר?.." און נאָך, און נאָך.

די כסימע איז מיר ניט קלאָר. ווער זי איז געווען, ווייס איך אַלץ נישט. זי איז מיר אין זיקאָרן פאַרבליבן מיט איר גרויסן שטעקן. מיט דער פּאָר מיר דעמלט גאָר מאָדנער ווענדונג: „מוישע... איך וויל אַרײַנגיין צו אײַך אין שטוב זיך געזעגענען״.

* * *

אָט אַזוי, כאווער לייענער, מײַן שטיקעלע ווידע. דאָס איבעריקע דאַרפסטו אַליין דער־גאַנצן. דער לייענער דאַרף ניט נאָר לייענען, נאָר דערגאַנצן דעם אויטאָר, וואָס יענעם איז שווער אַרויסצוזאָגן. אויך איך געזעגן מיך. מיט די ביימער... און נאָך...

---

# כראָניק

## בײַס פון אויסלאַנד

### א נײַער ספּעקטאַקל אין בוקאַרעשטער יידישן מלוכע־טעאַטער

„אַמאָל איז געווען א יינגל און א מיידל״ — אַזוי הייסט דער נײַער ספּעקטאַקל, וואָס עס האָט לעצטנס אופגעפירט דער בוקאַרעשטער יידישער מלוכע־טעאַטער. די דאָזיקע שטעלונג, פאַר וועלכער עס איז אויסגעקליבן געוואָרן די פאָרם פון א פאָלקס־שפּיל, פאַרמאָגט פיל סאַטירישע קופּלעטן און לידער אף די טעקסטן פון מוישע נאַדיר. אינעם ספּעקטאַקל זײַנען אײַנגעפלאָכטן סײַ מאָדערנע ריטמישע טענץ, סײַ פאָלקס־ניגונים.

די הויפּט־ראָלן פילן אויס די יונגע אַקטריסע טריקסי אַבראַמאָ־וויטש, וועלכע האָט אײַנגענומען מיט אַדינאַ טשעזאַר געשטעלט די טענץ, און בעבע בערקאָוויטש, דער אויטאָר פונעם סצענאַרי און רעזשיסער פונעם ספּעקטאַקל.

### ווי אַלט איז העברעיִשער שריפט?

אף אָט דער פראַגע גיבן אַן ענטפער די געלערנטע, וועלכע האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק אָפּגעזוכט אין אַן אַלטער כאַרע־ווער פעסטונג, ניט ווײַט פון יאַפע, שפּורן פון העברעיִשן שריפט, געשריבן אף די ליימענע ציגל. די געלערנטע האַלטן, אַז דער אופשריפט איז געמאַכט געוואָרן מיט אַן ערעך 2 טויזנט 700 יאָר צוריק. דער טעקסט שטעלט מיט זיך פאָר א מין אַנקלאַגע פון א שניטער צו א פירשט (מע איז באַגאַנגען אַן אַוולע, אָפּנעמענדיק באַם שניטער זײַנע קליידער).

פונעם דערמאָנטן אופשריפט זײַנען פאַרבליבן בלויז 13 שורעס. א סאַך אויסדרוקס און ווערטער פעלן. צווישן די פאָרשער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעשיפ־רירן דעם אופשריפט, זײַנען געווען געלערנטע פון פאַרשײַ־דענע לענדער, אַרײַנגערעכנט דעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

דער אוניקאַלער אופשריפט האָט א גרויסע באַדײַטונג פאַר דער־לערנען די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דער העברעיִשער שפּראַך.

■ ■ ■

# פונעם בוך „נעגינע"

## פרעסקעס

באַם ראַנד פון הימל די בערעזקעס
פאַרכאַלעמט שטייען, ווי די פרעסקעס,
כאַטש נעם און ברענג זיי אין מוזיי
אַף שפּיגלען זיך אין זיי.

און אינעם פעלד
עס פירט אַ וועג אין קאָרן,
ער איז באַווינטיקט און באַהעלט.
אַט דאָרט איז לעווינטאַן געוואָר געוואָרן:
ניט טרוי׳ריק בלויז —
אויך שיין איז זי, די וועלט.

דער וואָלקן אין זײַן לײַכטן שוועבן,
דער שאָטן, וואָס עס שפּרייט דער בוים, —

זיי העפטן אויס פאַר מיר, זיי וועבן
די וואָר, דעם כאַלעם און דעם טרוים.

איך מיין,
איר וועט מיסטאָם מיר גלויבן
(ס׳האָט קיינמאָל ניט געלײַגט מײַן ליד) —
כ׳פאַרשטיי דאָס לאָשן פון די טויבן,
אין לאָשן פונעם וואַלד בין איך געניט.

און אויב ס׳איז מיר אַ שורעלע געלונגען
און אויב עס האָט אַ קלונג געטאָן דאָס וואָרט,
האָט עס דער ווינט דאָך אויסגעזונגען
און מיר שוין אויסטראַכטן פאַרשפּאָרט.

* * *

דו זעסט,
דער מוילעד אָנגעשטעלט עס האָט דעם אויער
און הערט זיך אײַן,
וואָס טוט זיך אַף דער ערד.

און מיך פאַרדריסט,
און איך באַדויער,
וואָס כ׳האָב ניט בוילעט,
ווי דער מוילעד,
געזעגן אַלץ און אַלץ געהערט.

כ׳האָב ניט געהערט
דעם צופּלוס פון די יאַמען,
ווי ס׳עלטערט זיך דער וואַלד —
כ׳האָב ניט געהערט,
ווי ס׳מערן זיך די קרײַזן אין די שטאַמען
און ווי מײַן לײַב מײַן אייגנס עלטער ווערט.

* * *

ניט אלץ איז שוין באוווסט,
ניט אלץ איז נאָך פאַרשטענדלעך.
א בלעטל אפן קוסט
איז אויך, מיסטאַם, אומענדלעך.

און איך האָב גאָר געקלערט:
דו ביסט אין מיר געראָטן —
אז איינעם איז באשערט
דעם צווייטנס זײַן א שאָטן.

געגלייבט איך האָב דעם בליק
דעם ליכטיקן, דעם קלאָרן.
איך האָב געמיינט — מײַן גליק
איז אויך דײַן גליק געוואָרן,

פונקט, ווי דער גלי פון בלוט,
וואָס האָט גענערט אונדז ביידן.
פאַרזען כ'האָב די מינוט,
וואָס קאָן אמאָל צעשיידן.

ווי גרויס ס'איז ניט די „שטראָף,
האָב איך פאַרדינט נאָך מערער...
דו מיינסט, ס'איז שוין א סאָף?
עס איז פאַר מיר א לערע?..

* * *

קוים נעם איך טראַכטן וועגן דיר,
און טראַכטן טראַכט איך שטענדיק,
כ'דערזע אין שפּיגל פון קלאַוויר
צען פינגער פינקלען בלענדיק.

א זיסער טרויער מיך באפאלט
און שליסט צונויף די וויִעס.
אין טיף דעם אָטעם איך פאַרהאַלט,
ווי הערן כ'וואָלט נעוויִעס,

וואָס פליסטערן אין טהאָם פון נאכט,
פון מילכוועג, פון די שטערן.
אמאָל האָב איך דאָס שוין, מיר דאכט,
געהערט, איך מעג זיך שווערן.

געהערט, ווען כ'בין געווען ניט דער —
אָן אנדערער, א צווייטער.
דאָס זעלביקע אצינד איך הער,
דײַן אייביקער באגלייטער.

* * *

די אויגן דאַרפסטו ניט באהאלטן,
קיין טײַנעס האָב איך ניט צו דיר.
עס וועט דיך סײַווי ניט פאַרהאַלטן
מײַן צוגעמאַכטע טיר.

און ווער איז שולדיק און ניט שולדיק,
איז מעסטן איצט שוין ניט קעדײַ.
איך בין געווען אומגעדולדיק,
דו ביסט געווען אומגעדולדיק,
איז אלץ אדורך, איז אלץ פאַרבײַ.

נאָר מײַנס געבליבן איז דער ציטער,
פון בלוט דער גלי,
פון לײַב דער ווײ,
און דער זיקאָרן דער געניטער
אף אייביק וועט פאַרהיטן זיי.

און ווי איך זאָל ניט זײַן דערצאָרנט,
כ'בין פול מיט דיר ביז צו דעם האלדז.
האָסט אף א לעבן מיך באוואָרנט
מיט ברויז, מיט דורשט —
מיט אלץ, מיט אלץ.

## דער גיבער

אַט דאָרט, ווו ס'איז דער וואַלד
מיט וואַלד פאַרוואַקסן,
אין דער געדיכטעניש,
ווו ס'קומט דער ווינט אַף רו,
איך וואַרף אַראָפּ דעם אָל
פון מײַנע אַקסל,
און אַפן גראָז איך לייג זיך צו.

מיר כאָלעמט זיך:
איך בין אַ גיבער.
ניטאָ פאַר מיר
קיין גרענעץ און קיין צוים.
אַ שפּאַן — און כ'טרעט דעם טײַך
אַריבער,
אַ שטויס — און ס'פאַלט אַ שטאַרקער
בוים.

נאָר קיינעם שרעקט זי ניט,
מײַן גוטע גוורע,
דאָס קלענסטע פלאַטערל
קומט זוכן שוץ בא מיר.
אויב בא דער וואָלפיכע
ניט אַלץ עס איז קעשורע,
זי זוכט,
און זי געפינט מײַן טיר.

און איך בין גוט
צו אַלעמען, צו יעדן,
קיין צווײַגעלע צעטרעט איך ניט
אין וואַלד.
און ווי דער מײַלעך שלוימע,
כ'האָב זיך אויסגעלערנט רעדן
מיט יעדן כײַעלע,
מיט יעדער שוואַלב.

איך שלאָף,
און ס'וויגן זיך די יעלן.
מײַן אָטעם, ווי אַ ווינט,
די ביימער נויגט.
ווער ווייסט פאַרוואָס
דער בין כ'בין ניט געפעלן —
זי האָט אַ ביס געטאָן מיך
אין אַ אויג.

כ'בין אופגעשפּרונגען
ווילד, דערצאָרנט,
און ניט פאַרשטאַנען
פאַר אַ וועלכער זינד...
עס האָט גערוישט דער וואַלד
און מיך געוואָרנט:
— אַ גיבער זײַן
עס טרוימט איעדער קינד.

## דער שמיד

איך האָב געקענט
אַ ייִד אַ שמיד —
אַ פּראָסטער ייִד,
אַ פּראָסטער שמיד,
מיט הענט מיט שטאַרקע,
שווערע.
ס'האָט אין זיקאָרן זיך פאַרהיט
דער קאָוועל בערע.

זײַן טאָכטער סאָרעלע
כ'געדענק,
דאָס טונקלע מיידעלע
דאָס שטילע,
די שאַבעס־צעפּלעך,
ווי די שלענג,
איר גענגעלע
אַפּילע.

דאָס שענסטע מיידל אינעם ליק,
געראָטן, דורכגעטריבן.
פון איר אַ קוק,
פון איר אַ בליק
מ'האָט זיך געקענט פאַרליבן.

אין קוזניע בא דעם אַלטן שמיד
אַ וויגל איז געהאַנגען.
ער האָט זײַן אייניקל געוויגט,
און שטיל געזונגען דעם אַ ליד:
„די מאַמע איז אין מאַרק געגאַנגען״...

כ'האָב ליב געהאַט
דעם ייִד דעם שמיד,
מיט הענט מיט שטאַרקע,
שווערע.
פאַראַקשנט האָט ער
און געניט
דעם אייניק אײַנגעקנעלט
זײַן לערע.

און זײַ א בעריע,
דריי זיך אויס,
אז ס'שטייט דער בלאָזזאַק
באַם צוקאָפּנס.
ער איז אין זיידן, לאָזט זיך אויס,
געראָטן, ווי צוויי טראָפּנס.

איך קען דעם אייניק —
אויך א שמיד,
א פּראָסטער, ווי דער זיידע.
דאָס אײַזן אין דער האָרניע גליט,
נאָר אנדערש קלינגט
זײַן נײַע ליד...
איך גרויס זיך מיט זיי ביידן.

## א לידעלע

אז מיר פלעגן גיין שפּאַצירן
צו דער נײַער בריק,
פלעגט אונדז די לעוואָנע פירן
הין־און־צ'ריק.

ביסט געגאַנגען און געשוויגן,
ס'האָט גערעדט דײַן בליק.
וויג איך איצטער שטיל דאָס וויגל
הין־און־צ'ריק.

בענקסט אוואדע, מײַן געטרײַער,
נאָך דײַן זון, דײַן גליק.
פון ארמיי וועסט זיך באַפרײַען,
קומען גיך צוריק.

דעמלט וועלן מיר אינדרײַען
גייען צו דער בריק
הין־און־צ'ריק.

## לעבעדיקע גרוסן

מישע כאַזין

# אונדזער היים קעשענעוו

### אַ ביסל געשיכטע

עס זייַנען פאַראַן שטעט, גרויסע און אַלטע, וועמעס פּלעצער און פּראָספּעקטן, אַלט־היסטאָרישע דענקמעלער און נייַ־אויפגעקומענע שיינע ווינקעלעך זייַנען אַזוי באַזונגען און באַמאָלט, אַז טויזנטער מענטשן, וואָס קענען די דאָזיקע שטעט נאָר פון ביכלעך אָדער בילדער, זייַנען מיט זיי אַזוי היימיש, גלייַך זיי וואָלטן אַליין דאָרט ניט איין מאָל געווען און געלעבט.

און עס זייַנען פאַראַן שטעט — יונגע, וועמעס באַוווסטקייַט און באַרימטקייַט וועט ערשט קומען דערנאָך, שפּעטער. ס'איז, מיין איך, קעדייַ צו וויסן, אַז יעדעס יאָר יאָוועט זיך אַף דער לאַנדקאַרטע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אַן ערעך צוואַנציק נייַע שטעט.

קעשענעוו, מיט זייַן פינפהונדערטיאָריקער געשיכטע, פאַרנעמט, קאָן מען זאָגן, אַ לאַגע אַ אינדערמיטנדיקע צווישן די גאָר אַלטע און יונגע שטעט. די דראַמאַטישע אָנגעלאָדנקייַט פון דער שטאָטס ווייַטן און ניט נאָר ווייַטן היסטאָרישן אַמאָל לעבט דאָ בישכיינעס מיט דער דינאַמישקייַט און ענערגישקייַט פון אַ נייַער הייַנטיקער גרויסער שטאָט — די הויפּטשטאָט פון דער מאָלדאַווישער סאָציאַליסטישער סאָוועטישער רעפּובליק.

דעם נאָמען קעשענעוו — וואָס באַטייַט „קוואַל", „קוועלנדיקס" — דערמאָנט צום ערשטן מאָל אין זייַנער אַ גראַמאָטע דער מאָלדאַווישער האָספּאָדאַר שטעפאַן דער גרויסער אין 1466 יאָר. פון יענער דאַטע אָן הייבט זיך אָן ציילן דער שטאָטס עלטער.

פאַרצייַטיקע פּינקס־שרייַבער האָבן אָנגערופן מאָלדאַוויע „די ערד, אַן אָנגעזאָפּטע מיט אומגליק". אין קעשענעוו האָבן יאָרנלאַנג געוועלטיקט די טערקישע באַצווינגער. קעשענעוו איז געווען אַ נעסט פון אָרעמקייַט און בונטאָרישקייַט. אין קעשענעוו איז אין 1903 פאָרגעקומען דער בלוטיקער פּאָגראָם. קעשענעוו האָבן די פאַשיסטן קימאַט אינגאַנצן כאָרעוו געמאַכט.

קיין קעשענעוו איז געווען פאַרשיקט דער גרויסער רוסישער דיכטער א. ס. פּושקין. ער האָט דאָ געשאַפן אַ ריי פּאָעטישע שעדעוורען זייַנע, אָנגעווייעטע מיט מאָלדאַווישן פאָלקלאָר. דאָ האָט פּושקין אָנגעהויבן שרייַבן „יעווגעני אָניעגין".

אַ סאַך באַרימטע פּערזענלעכקייַטן — רעוואָליוציאָנערן, שרייַבער, קינסטלער — האָבן אין פאַרשיידענע צייַטן פאַרבראַכט אין אָט דער מאָלדאַווישער שטאָט. צווישן זיי: טאָלסטאָי, קאָציובינסקי, גאָרקי, שאָלעם־אַליכעם, קאָראָלענקאָ, כריסטאָ באָטעוו, באַרביס, מאַיאַקאָווסקי, שאַליאַפּין.

ס'האָבן דאָ געשאַפן זייערע ווערק די מאָלדאַווישע קולטור־ און וויסנשאַפט־טוער קאָסטאַקי נעגרוצי, אַלעקסאַנדער כאַזשדעו, גאַווריל מוזיטשעסקו, ניקאָלייַ דימאָ א. אַנד.

אַ שטיק צייַט האָט זיך דאָ אומלעגאַל געדרוקט די לענינישע „איסקראַ".

הייַנט איז קעשענעוו ניט צו דערקענען. די באַנייַטקייַטן, וואָס זייַנען דאָ פאָרגעקומען, זייַנען קוידעמקאָל סאָציאַלע, סאָציאַליסטישע באַנייַטקייַטן. די אַמאָליקע פּראָווינציעלע שטאָט, מיט אירע נויטבאַדערפטיקע באַלמעלאָכעס און דאַלעסדיקע קרעמערלעך, מיט די איבערגעזעטיקטע נעגידים, איז אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייַט. עס זייַנען אויסגעוואַקסן נייַע פּרעכטיקע וווין־ראַיאָנען — יעדער ראַיאָן ניט קלענער פון אַ מיטעלער שטאָט.

מאָדערנע זאַוואָדן און פאַבריקן רינגלען אַרום קעשענעוו, אַ סאַך פון זיי זייַנען אָפּגעטיילט פון די וווין־בלאָקן מיט געדיכט־צעוואַקסענע וואַלד־פּאַסן און צעגרינטע מאַסיוון.

אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען ארבעטן העכער פינף הונדערט טויזנט ארבעטער, וואָס שאַפן טראַקטאָרס פאַר די פעלדער און ווײַנגערטנער, קאַלעריי מאַשינעס און אַפּאַראַטן, שוכוואַרג און קליידערוואַרג, וווּנדערלעכע ווײַנען, עסנוואַרג, הונדערטערליי זאַכן, וואָס האָבן אַ שעם איבערן גאַנצן לאַנד און ווערן עקספּאָרטירט אין צענדליקער אויסלענדישע מעדינעס.

אין אַלע צווײַגן פון עקאָנאָמיק, וויסנשאַפט און קולטור ארבעטן האַנט-בײַ-האַנט מיט מאָלדאַוואַנער רוסן, אוקראַיִנער, ייִדן.

מײַנע קעשענעווער פרײַנט, נאָענטע בנײ-איר, וויל איך ווידמען די ווײַטערדיקע עטלעכע זײַטלעך. מיט זיי קאָן איך די דרײַ ווערטער — „אונדזער היים קעשענעוו" — ארויסריידן מיטן פולן מויל.

## די זון אַפן פּאַקל

ווען פאַלט מיטאַמאָל אײַן אַ פאַרנומענעם מענטשן אַ געדאַנק אין קאָפּ צו לויפן און קויפן אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, אָנלאָדן אים מיט פאָטאָ-לענטעס און אָנהייבן „אַראָפּכאַפּן רעגעס"? ווערדליק איך האָב זיך צוגעקוקט, ווערן מאַנצבלען קראַנק אַף דער פאָטאָגראַפיע-קרענק מערסטנס דעמלט, ווען עס יאָוועט זיך בײַ זיי אַ קינד.

מײַן לאַנגיאָריקער פרײַנט הערש פליישמאַן, אַן ארבעטער פונעם טראַקטאָרן-זאַוואָד, האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער דאָזיקער „האָבי", ווען ס'איז בײַ אים געבוירן געוואָרן טאַמאַרע. ווען זײַן ווײַב האָט אים געהאַט דאָס צווייטע טעכטערל, גאַליען, האָט זיך אין אים דער שוין קימאַט פאַרלאָשענער כיישעק צו „סנימאַיען" ווידער צעפלאַקערט... פון דעמלט אָן איז שוין אַוועק אַ היפּש ביסל יאָרן. טאַמאַרע האָט פאַרענדיקט די שול, ארבעט אַלס נאָרמירערן אַף דעם זעלבן זאַוואָד, וווּ דער טאַטע ארבעט. גאַליע גייט אין נײַנטן קלאַס, לערנט איינצייטיק אין אַ קונסט-שול, און הערשס פאָטאָ-אַפּאַראַט ליגט שוין לאַנג פאַרשטופּט ערגעץ ווײַט אין אַן אונטערשטן שופלאַד.

און אָט איינמאָל אין אַ גאַנצפרי באַגעגן איך פליישמאַנען אַף אונדזער יוגנט-פּראָספּעקט, לעבן דעם דענקמאָל, וואָס מ'האָט געשטעלט די העלדן קאָמיוגיסטן. ער דרייט זיך, זע איך, ארום מיט אַ פאָטאָ-אַפּאַראַט אין די הענט, און דאָס רימענדל פונעם אַפּאַראַט שלעפּט זיך אים נאָך אַפן אַספאַלט.

— אַ גוטמאָרגן, ברודערקע! וואָס איז די סיבע, וואָס דו האָסט זיך ווידער גענומען צום דאָזיקן אינסטרומענט? ס'איז בײַ דיר נאָכאַמאָל געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער?..

— ס'איז בײַ מיר געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק! — האָט מיר מײַן פרײַנט געענטפערט.

מיר זײַנען געשטאַנען לעבן דעם האָטעל „טוריסט" און האָבן ביידע געקוקט אַפן פרימאָרגנדיקן קעשענעוו. ערגעץ-ווו אין דער הייך, איבער אַ נײַ צוועלפגאָרנדיק הויז, זײַנען אויפגעגאַנגען די זון-שטראַלן פונעם נײַגעבוירענעם טאָג. דורך די גרויסע שפּיגל-פענצטער אין אוניווערסאַלן קינדער-מאַגאַזין „דעטסקי מיר" זעט מען, ווי עס האָווען איננווייניק די יונגע פאַרקויפערנס, גרייטן זיך עפענען דעם מאַגאַזין. פולע טראָלייבוסן פירן אַף די ארבעטער צו זייערע אונטערנעמונגען אַף דער רישקאַנאָווקע, אַף דער סקוליאַנקע. כוואַליעס מענטשן האָבן זיך צעפלייצט איבער די ברייטע טראָטואַרן, אַפן בולוואַר אין דער סאַמע מיט פונעם יוגנט-פּראָספּעקט.

— זאָג מיר, כ'בעט דיך, — האָט מיך מיט נײַגער אַ פרעג געטאָן פליישמאַן, — וועלכער דענקמאָל אין קעשענעוו געפעלט דיר, אַשטייגער, מערער פון אַלע?

— וואָס פלוצעם?

פליישמאַן האָט זיך אַראָפּגעזעצט אַף די קני, צוגעקוועטשט דעם פאָטאָ-אַפּאַראַט צום אויג און אָנגעצילט אים אַף דעם קאָמיוגישן דענקמאָל.

— ווייסט דאָך, אַז מײַן גאַליע לערנט זיך אין אַ קונסט-שול, מאָלט. האָב איך שוין קיין ברירע ניט. איך מוז, הייסט עס, אויכעט האָבן אַ שטיקל באַגריף, וואָס עס איז אַזוינס קאָמפּאָזיציע, קינסטלערישער אײַנפאַל, פאַנטאַזיע-פלי...

— ביסט עפּשער גערעכט, — טו איך אַ זאָג פליישמאַנען. — מיר דאַכט זיך אויך, אַז דאָס אין זייער אַ אינטערעסאַנטער דענקמאָל. עפּשער אַפילע דאָס בעסטע, וואָס לאַזאַר דובינאָווסקי האָט געשאַפן.

— נו, און זײַן קאָטאָווסקי אַפן פערד? דער רויטאַרמייער דער באַפרײַער לעבן דער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע? און עמינעסקוס ביוסט אין שטאָט-גאָרטן?

דאָס אַלץ איז מיר, פאַרשטייט זיך, גוט באַוווּסט. נאָך אין 1943 יאָר, אין אירקוטסק אין אַ שפּיטאָל, אַ פאַרוווּנדעטער אַפן פראָנט, האָט דער סקולפּטאָר, ווייס איך, טראַגנדיק אין זיך אַ גוואַלדיקע בענקשאַפט נאָך די היים-געגנטן, וואָס זײַנען דעמלט געווען אָקופּירט דורך די פאַשיסטן, געשאַפן די קאָמפּאָזיציע „מאָלדאַוויע אין פײַער". די דאָזיקע „מאָלדאַוויע" זײַנע איז דעמלט אויסגעשטעלט געוואָרן אין אירקוטסק. אין די נאָכמילכאָמע-יאָרן האָט דער סקולפּטאָר לאַזאַר דובינאָווסקי באַקומען דעם טיטל פאָלקס-קינסטלער פון מאָלדאַוויע, איז געוואָרן לאַורעאַט פון דער רעפּובליקאַנישער פרעמיע, מיטגליד-קאָרעספּאָנדענט פון דער קונסט-אַקאַדעמיע...

מײַן פרײַנט פליישמאַן קנאַקט מיטן צינגל פונעם פאָטאָ-אַפּאַראַט ווי אַן עמעסער מײַסטער.

— ווערסט זיך גאָר ניט פאַרשטעלן, וואָס איך האָב צוגעטראַכט... וואָס פאַר אַ מין קאָמפּאָזיציע... — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — פאַרשטייסט? איך וויל די זון אַרופזעצן אַפן פּאַקל, וועלכן ס'האַלט אין דער קאָמפּאָזיציע פונעם דענקמאָל די קאָמיוגיסטקע...

ער האָט די דאָזיקע רייד אַרויסגעבראַכט מיט אַזאַ זיכערקייט אין זײַן קויעך, גלײַך ווי עס גייט נאָר אין דעם וועלן זײַנעם — וויל ער, זעצט ער אַרויף די זון אַפֿן פֿאַקל, וויל ער, טוט ער מיט דער זון אַלץ, וואָס ער וויל...

— הערסט? — גיט ער אַ זאָג. — ס'איז דאָך מאַמעש אַ כאַריפּעס: דאָס מיידל האַלט אין דער האַנט אַ פֿאַקל, אינדערעמעסן איז דאָס אָבער ניט פּאָשעט אַ פֿאַקל, נאָר אַ זון, די גאַנצע זון...

## די גאַס פֿון כאַיע ליפּשיץ

נאָך איין באַגעגעניש — מיט יאַשע קאַפּאַנסקין.

מיר האָבן אײנינעם געלערנט אין קעשענעווער אוניווערסיטעט: יאַשע — אַפֿן היסטאָרישן פֿאַקולטעט, איך — אַפֿן פֿילאָלאָגישן. יאַשע איז געוואָרן אין מאָלדאַוויע אַ באַוווּסטער היסטאָריקער, אַ געשיכטע־פֿאָרשער פֿון דער בעסאַראַבער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין פּעריאָד פֿון דער רומעניש־באָיאַרישער אָקופּאַציע.

צווישן אַנדערע אַרבעטן זײַנע האָט ער אויך אָנגעשריבן אַ בוך וועגן כאַיע ליפּשיץ. כאַיע ליפּשיצעס יוגנט, איר שטאַרקע איבערגעגעבנקייט די רעוואָליוציאָנערע אידעאַלן, איר אומיטלבאַרע כיינעוודיקייט, איר העלדישקייט — אַלצדינג איז אין איר אַזוי וווּנדערלעך, אַז ניט נאָר געלערנטע, אויך קונסט־מײַסטערס האָבן זיך באַמיט און באַמיען זיך צו פֿאַרייביקן איר געשטאַלט. דער דענקמאָל אַפֿן יוגנט־פּראָספּעקט — אַ מיידל אַ קאָמסאָמאָלקע מיט אַ פֿאַקל אין דער האַנט — איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ געשטאַלט אַ פֿאַראַלגעמיינערטס. נאָר דאָס איז אָן שום ספֿק אויך זי — כאַיע ליפּשיץ. דאָס דאָזיקע ייִדישע מיידל פֿון די קעשענעווער אָרעמע געסלעך, כאַיע, האָט פֿון קליינווײַז אָן, קאָן מען זאָגן, געווידמעט איר לעבן דעם שווערן קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט, יושער און ברידערלעכקייט צווישן מענטשן. זי איז געווען דער סעקרעטאַר פֿונעם קעשענעווער אונטערערדישן קאָמיוגישן שטאָט־קאָמיטעט. דערנאָך — סעקרעטאַר פֿונעם צענטראַלן קאָמיטעט פֿונעם רומענישן קאָמיוג. זי האָט שטאַלץ און דרייסט איבערגעטראָגן די אַרעסטן, די שרעקלעכסטע סיגוראַנצע־פּײַניקונגען. זי האָט אין דער פֿרויען־טפֿיסע, ווו זי איז געזעסן, אויסגעהאַלטן אַ 45־טאָגיקן הונגער־שטרײַק, און זיגנדיק, אויסקעמפֿנדיק אַן אַמניסטיע פֿאַר די פּאָליטיש־אַרעסטירטע פֿרויען, אַוועקגעגאַנגען פֿון דער וועלט אין עלטער פֿון 26 יאָר... דאָס איז געשען אין דער נאַכט פֿונעם זעכצעטן אַפֿן זיבעצעטן אויגוסט 1929.

אויך איך פֿאַרמאָג אַ העפֿטל נאָטיצן וועגן כאַיע ליפּשיץ. אין מאָסקווע האָב איך גערעדט מיט דער העלדנס שוועסטער, מיט טאַמאַרען, זיך דערוווּסט בא איר פּראַטים, פּינקטלעכקייטן.

טויט אַ טראַכט: כאַיע וואָלט איצט אַלט געווען זיבעציק יאָר. זי וואָלט דאָך נאָך געקאָנט לעבן און לעבן אין אונדזער שיין־געוואָרענעם קעשענעוו.

ס'איז קעדײַ דאָ אָנצורופֿן אַ פּאָר נעמען פֿון געוועזענע בעסאַראַבער אונטערערדישע רעוואָליוציאָנערע טוער, וועלכע לעבן הײַנט אין קעשענעוו: זשעניע אָווערבוך, וועלכע האָט מיטגעמאַכט אײנינעם מיט כאַיע ליפּשיץ דעם 45־טאָגיקן הונגער־שטרײַק; אַלטער גאָלדשטיין, איסאַק גרינבלאַט, ליאָניע לעפּושניאַן אאַ. יעדער פֿון זיי איז אַ לעבעדיק שטיק געשיכטע פֿון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין בעסאַראַביע.

יאַשע קאַפּאַנסקי דערציילט מיר, אַז ער גייט איצט פֿונעם ראַיקאָם. מ'האָט הײַנט אין אַ קלוב געפּײַערט כאַיע ליפּשיצעס זיבעציקיאָריקן געבורטסטאָג. אויף דער פֿײַערלעכער פֿאַרזאַמלונג זײַנען בײַגעווען אי וועטעראַנען פֿון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, אי יונגוואַרג.

— אַגעוו, — זאָגט יאַשע קאַפּאַנסקי, — איז כאַיע ליפּשיצעס שוועסטער, טאַמאַרע, אויך געקומען צו פֿאָרן פֿון מאָסקווע אויף דער הײַנטיקער פֿאַרזאַמלונג. זי האָט אונדז געבראַכט אַ פּאָר בריוו, וואָס כאַיע האָט געשריבן פֿון ווין, ווו זי איז געווען מיט אַ פּאַרטיי־מיסיע אָסיען־צײַט 1925. ס'האָט זיך שוין דעמאָלט אָנגערוקט אויף איר די סאָקאַנע אַרעסטירט צו ווערן.

...די רירנדיק־הייסע שורעס פֿון די דאָזיקע בריוו רופֿן נאָך הײַנט אַרויס כידעש און באַגײַסטערונג. וועלנדיק וואָס גיכער אומקערן זיך פֿון ווין אַהיים, ווידער אַ נעם טאָן זיך צו דער אַרבעט, דריקט כאַיע אויס איר דעמאָלטיקן צושטאַנד אין אַזעלכע שורעס: „מיר ווייסן ניט, ווי עס וועט זײַן אונדזער ענדע, גיכער מיסטאָמע ניט מיט קיין אייגענעם טויט. נאָר דאָס שרעקט אונדז ניט. קאַמף ברענגט פֿרייד, מאַכט אונדזער לעבן פֿולער און רײַכער. איך וויל איין זאַך: קענען אַרבעטן, קעמפֿן, און טאָמיד האָבן דאָס געפֿיל, אַז איך לייג אויך אַרײַן אַ כיילעק אין דער דאָזיקער גרויסער זאַך".

און אָט איז אַ צווייטער בריוו, וואָס זי האָט געהיים אַרויסגעשיקט פֿון דער קלוזשער טפֿיסע. דאָ שרײַבט כאַיע ליפּשיץ פֿאַרשטעלט, מיט רעמאָזים. „קראַנק געוואָרן" מיינט „אַרעסטירט געוואָרן". „יענער געוויסער אַנשטאַלט" הייסט „די סיגוראַנצע" אאַוו.

„כ'בין קראַנק געוואָרן אין טימישאָרע, — שרײַבט כאַיע. — פֿון דאָרטן האָט מען מיך איבערגעשיקט קיין אַראַד, ווו איך בין געווען צוויי וואָכן. פֿון אַראַד — קיין בוקאַרעשט, דאָרט האָט מען מיך געהאַלטן פֿיר טעג. דערנאָך האָט מען מיך געשיקט קיין אָראַדיע־מאַרע, אָפּגעווען דאָרט נײַן טעג. אַרום און אַרום האָט מען מיך געהאַלטן אין יענעם געוויסן אַנשטאַלט אַריבער דרײַ וואָכן. דו שטעלסט זיך מיסטאָמע פֿאָר, וואָס עס הייסט

זײַן דאָרט דרײַ וואָכן, און דורכגיין אַלע פּאַר־געניגנס, מיט וועלכע עס איז באַרימט דער דאָזיקער אַנשטאַלט".

די אומענטשלעכע פּײַניקונגען האָבן כאָיען אַף קיין האָר ניט אײַנגעבראָכן, ניט אָפּגע־שוואַכט איר אַנטשלאָסנקײַט אַרויסצוטרעטן אַפן פּראָצעס ווירדיק, געוואַגט, מיט אַ הויך־אופגעהויבענעם קאָפּ.

„איך קלײַב זיך ריידן דרײַ שאָ... איך וועל זיי אַ וואָרף טאָן אין פּאָנעם אַרײַן דעם גאַנצן עמעס..."

און אַזוי טאַקע האָט זי אַפן פּראָצעס געטאָן.

כ׳בין דאַנקבאַר יאַשע קאָפּאַנסקין פֿאַר זײַנע היסטאָריש־רעוואָליוציאָנערע פֿאָרשונגס־אַר־בעטן, אין וועלכע ס׳איז פֿאַראַן ניט בלויז אָן אַ שיר פֿאַקטישע מאַטעריאַלן, נאָר זיי זײַנען אויך אָנגעלאָדן מיט טיף־רירנדיקער עמאָציאָ־נעלקײַט און מענטשלעכקײַט.

...כאַיע ליפּשיץ, וואָס וואָלט אין פֿאַרגאַנגע־נעם דעקאַבער אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר, גייט אום אין קעשענעוו אַ יונגע, אַ זעקס־און־צוואַנציקיאָריקע. איר נאָמען איז אַף די ליפּן פֿון אַלע קעשענעווער. זי לעבט אין געאָרגע מאַלאַרטשוקס דראַמע „כאַיע ליפּשיץ", וואָס איז אופגעפֿירט געוואָרן אין היגן טעאַטער אַף פּושקינס נאָמען. זי לעבט אין דער נײַער גאַס פֿונעם קעשענעווער מיקראָראַיאָן רישקאַנאָווּ־קע, וועלכע טראָגט דעם נאָמען פֿון דעם שוואַרצכיינעוודיקן קעשענעווער ייִדישן מיידל. „אוליצאַ כאַיע ליפּשיץ"...

## וואָס אין פֿידעלע שטעקט

כאָטש קעשענעוו איז זיך אין די לעצטע יאָרן שטאַרק צעוואַקסן, און די באַפֿעלקערונג זײַנע דערגרייכט שוין, קיין אײַנהאָרע, אַרי־בער אַ האַלבן מיליאָן, פֿונדעסטוועגן, אַז דו גייסט אַרויס אַפֿן לענין־פּראָספּעקט, צי, לאָמיר זאָגן, אַף דער פּושקין־גאַס, האָסטו ניט קיין געפֿיל פֿון ענגשאַפט, ווערסט ניט אויסגעמישט ווערן אינעם ריזיקן אוילעם, וואָס פֿאַרפּלייצט שטענדיק ביידע טראָטוואַרן אַף די גאַסן. פֿאַר־קערט: קימאַט טאָמיד באַגעגנסטו אַ היימישן מענטשן, אַ באַקאַנטן, וואָס שטעלט זיך אָפּ מיט דיר כאַפּן אַ שמועס, אויספֿרעגן דיך דאָס און יענץ, נעמען מיט דיר אַ וואָרט אין מויל אַרײַן.

אַגעוו, אָט שפּאַנט טאַקע אַנטקעגן מיר דער דאָקטער סאַליק גענדלער. מיט סאַליקן האָב איך אויך געלערנט אינאיינעם — אין איין מיטל־שול. ער איז געווען אַ שטיל בענימעסדיק ייִנגל, האָט פֿאַרמאָגט, געדענק איך, גאַנץ ערנסטע מוזיקאַלישע פֿייִקײַטן. אַף די שול־אָוונטן פֿלעגט ער טאָמיד אַרויסטרעטן מיטן פֿידל באַם אַקסל. פֿלעגט מיט אַזאַ וואַזשנער פֿאַרטראַכטקײַט שפּילן טשײַקאָווסקין, סען־סאַנסן, און דאָס בלאָנדע טשוביקל זײַנס אַפֿן שטערן פֿלעגט אַלעמאָל אַזוי באַדײַטנדיק און איבערלעבנדיק אונטערשפּרינגען... דערנאָך האָט ער פּלוצעם, אַפּאָנעם אַף גאָר־גאָר לאַנג, באַ־האַלטן דאָס פֿידל אין דעם טונקעלן פּוטליאַר און אָנגעהויבן מיט דער גאַנצער ערנסטער לײַדנשאַפֿט שטודירן מעדיצין.

נאָכן מעד. אינסטיטוט איז דער דאָקטער גענדלער אַוועק אַרבעטן אין דער קעשענעווער „גיכער הילף" און זיך דאָרטן אויסגעלערנט ניט אײַלן זיך. (זאָל דער לייענער ניט מיינען, אַז דאָס איז אַזאַ וויציקער פּאַראַדאָקס, אָדער, כאָלילע, אַ רעמעז, אַז די „גיכע הילף" אונדזערע אײַלט זיך ניט איבעריק קומען אַהין, וווּהין מע רופֿט זי. ניין, די קעשענעווער „גיכע הילף" איז גראָד זייער־זייער אַ גיכע. נאָר ווען די מאַשין מיטן רויטן קרייץ שטייט שוין באַ דער טיר און דער דאָקטער זיצט באַם שווערקראַנקן צוּ־קאָפּנס — אָט דעמלט דאַרף ער בעפֿיירעש קע־נען ניט אײַלן זיך.)

אין אונדזערע שמועסן מיטן דאָקטער גענד־לער דערמאָנען מיר קימאַט טאָמיד אויסט־לאַ־בינסק. מיט דער דאָזיקער קאַזאַקישער סטאַ־ניצע, ערגעץ אַפֿן טײַך קובאַן, איז דער דאָק־טער גענדלער פֿאַרבונדן, קאָן מען זאָגן, מיט אַ בלוטיק־קרויווישער פֿאַרבונדנקײַט. ער שרײַבט זיך שוין ניט איין יאָר איבער מיט די אויסט־לאַבינסקער פּיאָנערן און קאָמיוגיסטן.

די מײַסע איז אַזאַ. דאָקטער גענדלער קער זיך אָן אַ שוועסטערקינד מיטן באַוווּסטן פּיאָנער מוסיק פּינקענזאָן, וועמען די היטלע־ריסטן האָבן אין איין־און־פֿערציקסטן יאָר דערשאָסן אין דער סטאַניצע אויסט־לאַבינסק, אינאיינעם מיט צענדליקער אַנדערע עוואַקויִרטע סאָוועטישע בירגער. דער קליינער מוסיק האָט דעמלט אַ פּאָר מינוט פֿאַרן דערשאָסן ווערן אַ נעם געטאָן דאָס פֿידעלע זײַנס און, ווי אַ מין ענטפֿער די ראָצכים, ווי אַ לעבנס־הימן ערעוו דעם טויט, אָנגעהויבן שפּילן דעם „אינטערנאַ־ציאָנאַל". די דאָזיקע העלדישקײַט מוסיק פּינ־קענזאָנס איז פּראָטימדיק באַשריבן געוואָרן אין אונדזער פּרעסע און דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט.

נאַטירלעך, אַז די אויסט־לאַבינסקער שילער, דערשיטערטע פֿון דער נעשאָמעדיקער דער־הויבנקײַט, וואָס דאָס דאָזיקע ייִדישע ייִנגעלע פֿון מאָלדאַוויע האָט אין זײַנע לעצטע רעגעס אַרויסגעוויזן, גאַרן דערוויסן זיך די סאַמע מינדסטע קלייניקײַטן וועגן דעם קורצן לעבן פֿון זייער וווּנדערלעכן כאַווער, וואָס איז דעמלט געווען אין דעם זעלבן עלטער, ווי זיי זײַנען, און וועמעס נאָמען עס טראָגט איצט די שול זייערע, ווו זיי לערנען זיך. זיי זוכן קעסיידער מאַטעריִאַלן, וואָס האָבן אַ שײַכעס מיט מוסיק פּינקענזאָנען, פֿאַרן שול־מוזיי. אַזוי האָבן די אויסט־לאַבינסקער יונגע שפּורן־זוכער אויסגעפֿונען דעם דאָקטער סאַליק גענדלער, מוסיק פּינקענזאָנס נאָענטסטן קאָרעוו, וואָס איז איינער פֿון דער גאַנצער מישפּאָכע פּינקענזאָן געבליבן לעבן.

דאָקטער גענדלער האָט זיי געשיקט פֿאָטאָ־גראַפֿיעס פֿון די היימישע ערטער אין מאָלדאַ־

וויע. ווו מוסיק איז געבוירן געוואָרן, ווו ס'האָבן זיך פאַר אים צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט די שיינקייטן פונעם לעבן, די דערהויבנקייט פון מוזיק.

דאָקטער גענדלער יִכעסט זיך מיט זײַן העלדישן שוועסטערקינד. באַ יעדער באַגעגעניש איז דאָס די געשמאַקסטע טעמע זײַנע. ער באַטאַפּט זיך די בוזעם־קעשענע און נעמט פון דאָרט אַרויס אַ קאָנווערט, באַווײַזט מיר אַ בריוו.

— אָט, — זאָגט ער, — מע פאַרבעט מיך קיין אוסט־לאַבינסק... עס שרײַבט מיר דער סעקרעטאַר פונעם אוסט־לאַבינסקער קאָמיוג... מע דאַרף, אַז אונדזערע קעשענעווער זאָלן אַלע זײַן געזונט, וועל איך מיר קענען אויסשטוקעווען אַ ביסל צײַט צוצופאָרן אַהין...

באַם געזעגענען זיך טוט ער מיטאַמאָל אַ זאָג:

— אײַ, וואָס אין פידעלע שטעקט! און איך האָב דאָס פידל מײַנס פאַרביטן אַף עפּעס אַנדערס. נאָר, כ'ווייס? — טוט זיך דער דאָקטער גענדלער שטיל אַ טרייסט. — ברענגען מענטשן אַ רעפּוע איז דען ווייניקער ווי שפּילן פידל?..

## באַ יעכיעל שרײַבמאַנען

מײַן פרײַנטשאַפט מיטן פּראָזאַיִקער יעכיעל שרײַבמאַן דויערט שוין קימאַט צוואַנציק יאָר. מיר זײַנען אײנינעם אויסגעפאָרן מאָלדאַוויע אין דער לענג און אין דער ברייט, אַרויסגעטראָטן צוזאַמען אַף באַגעגענישן מיט די לייענער. מיר זײַנען געווען אין בעלץ, אין סאָראָקע, אין אורהײַעוו און אין קאַלאַראַש, אין קאַהול און אין טשאַדיר־לונגע.

כ'האָב איבערגעזעצט אַף רוסיש אַ סאַך זאַכן שרײַבמאַנס — זײַנע מיניאַטיורן, נאָוועלן, דעם ראָמאַן „זיבעצניאָריקע". די אָפּדערנאַכטן, וואָס איך האָב מיט יעכיעלן פאַרבראַכט איבער די קסאַוויאַדן, האָבן מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן.

כ'האָב וועגן שרײַבמאַנען שוין ניט איין מאָל געשריבן, מערסטנס אין שײַכעס מיט אַ נײַדערשינענעם ביכל זײַנס. כ'האָב אויך אַנומלטן דערציילט אין דער פּרעסע די היגע לייענער וועגן זײַן נײַעם ווערק „יאָרן און רעגעס".

אויסטיילנדיק איינע פון די איקערדיקסטע אייגנשאַפטן אין יעכיעל שרײַבמאַנס שאַפן, האָט דער מאָלדאַווישער פּראָזאַיִקער יאָן ק. טשאָבאַנו אונטערגעשטראָכן זײַן קענען אויסזוכן אינעם מענטשן „דעם ליכטיקן שטראַל פון מענטשלעכקייט". שרײַבמאַנס שעפערישער וועג טיילט זיך אויס מיט זײַן קלאָרער אײַדיייִש־קינסטלערישער פּאָזיציע.

ווי אַ טײַך, וואָס נעמט אין זיך אַרײַן אַלע אַרומיקע ריטשקעלעך, וועלכע פלייצן צו אים,



אַן אויסשטעלונג פון יעכיעל שרײַבמאַנס ווערק, געווידמעט זײַן 60־טן געבורטסטאָג

אַזוי האָט שרײַבמאַנס ראָמאַן „זיבעצניאָריקע" אַרײַנגענומען אין זיך דעם מעכאַבערס כאַראַקטעריסטישע שעפערישע מאַנירן און אײגנשאַפטן. ניט אומזיסט, אַפּאַנעם, האָט מיר שרײַבמאַן אין די טעג, ווען ער האָט געאַרבעט אַפן ראָמאַן, אַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַלצדינג, וואָס איך האָב ביז איצט אָנגעשריבן, איז געווען אַ מין אַרײַנפיר, אַ מין צוגרייטן זיך, אַ מין לערנען זיך שרײַבן, קעדיי כ'זאָל קענען אָנשרײַבן דעם דאָזיקן אין טאָך גאָר קליינעם ראָמאַן...

דערנאָך האָט ער אַ לאַך געטאָן, צוריקגעכאַפּט זיך:

— נע. אויב מײַנע אַ נאָוועלע אַף אַנדערהאַלבן זײַטלעך קאָן האָבן אַן אָנהייב, אַ מיט און אַ סאָף, און קען זײַן אַ נאָוועלע, זײַנען הונדערט זײַטן ניט קיין קליינער ראָמאַן, נאָר אַ גרויסער ראָמאַן...

„זיבעצניאָריקע" איז אַ ווערק וועגן דעם וועג אין לעבן, וואָס דער מענטש קלײַבט זיך אויס נאָך אין די פריִע יאָרן זײַנע. ס'איז אַ ווערק וועגן ערלעכקייט, ריינקייט, נאַיִווקייט, שיינע ראָמאַנטישקייט. וועגן מענטשן, וואָס טראָגן אין זיך און זוכן אין אַנדערע „דעם ליכטיקן שטראַל פון מענטשלעכקייט". דאָס איז אַ ווערק, וואָלט איך געזאָגט, וועגן יענע „נאַראָנים", אַף וועמען עס האַלט זיך די וועלט.

אלקאָלפּאָנעם די שיינקייטן און דערהויבנקייטן
פון דער וועלט. דער ראָמאַן איז אין א גרויסער
מאָס אווטאָבּיאָגראַפיש. דער לירישער העלד
איז אויך איינער פון זיי. „זיבעצניאָריקע" איז
א ווערק וועגן יענעם גילדענעם פאָרגעשריטע־
נעם יונגוואַרג, אף וועמען אי די וועלט האלט
זיך, אי זיי מאכן זי איבער.

שרײַבמאַן האָט פארטראַכט א נײַעם ראָמאַן,
א ווערק, וואָס דאַרף געבן די צײַט נאָך דער
זיבעצניאָריקײַט. די צײַט „צווישן ראשקעוו און
בוקארעשט". דער שרײַבער ארבעט איצט אי־
בער א ציקל הײַנטצײַטיקע „קעשענעווער
דערציילונגען". ער האָט נאָך אויך ניט פארענ־
דיקט מיט דער טעמע ראשקעוו.

...ווען מיר פאָרן אײַנײנעם ארויס אף באגע־
געגנישן מיט לייענער, קלײַבט שרײַבמאַן אויס
אזעלכע ערטער, ווו ער וועט ארויסטרעטן פאר
די צוהערער אף מאמע־לאָשן.

און אָט לייענט ער זײַנע א נאָוועלע אין א
גרויסן ניי־צעך, אשטייגער, ווו ארום די לאנגע
טישן שטייען צושנײַדערס מיט די סאַנטימע־
טערס אף די העלדזער, און פרויען זיצן בא
זייערע שטיל־געבליבענע ניי־מאַשינעס.

איך זע, ווי אין זייערע אויגן הייבט זיך פּא־
מעלעך אָן באווײַזן א פריידיקער בליאסק. דער
אוילעם, סײַ אלט, סײַ יונג, הערט דעם שרײַ־
בער אופמערקזאַם און מיט גרויסער האנאָע.

...אז די סאָוועטישע ליטעראַטור איז א פּיל־
נאַציאָנאַלע, איז פארשטענדלעך: זי באשטייט
דאָך פון ליטעראַטורן, וואָס עס שאַפן אזויפיל
פעלקער פון אונדזער לאַנד. די ליטעראַטור אין
איין באַזונדערער סאָוועטישער רעפּובליק איז
אויך אָפט א פּילנאַציאָנאַלע. אזוי איז, לעמאָשל,
בא אונדז אין מאָלדאַוויע. דאָס האָט מען
גוט געקאָנט זען אין דעם טאָג, ווען שרײַב־
מאַנס פען־ברידער האָבן אינעם לאָקאַל פונעם
קעשענעווער שרײַבער־פאַריין געפײַערט זײַן
זעכציקיאָריקן יובילײ.

באַגריסן דעם יידישן קאָלעגע זייערן זײַנען,
כוץ די מאָלדאַווישע שרײַבער, געקומען אויך
יענע, וואָס שרײַבן אף רוסיש, אף גאַגאַוזיש,
אף בולגאַריש.

ווי עס פירט זיך אין אזעלכע טעג, זײַנען,
פארשטייט זיך, געזאָגט געוואָרן וועגן באַל־
יויוול א סאך שוואָכים, דערבײַ א סאך איקער־
דיקס און אינטערעסאַנטס. אלעקסאנדער קאָז־
מעסקו, וועלכער האָט איבערגעזעצט אף מאָל־
דאַוויש שרײַבמאַנס ווערק און קען דעריבער
טיפער, ווי עמעצער אנדערש, זײַן שרײַב־מאַ־
ניר, האָט אונטערגעשטראָכן דעם שרײַבערס
שטרענגקײַט צו זיך, זײַן אומדערמידלעך
שלײַפן די שורע און פארטיפן דעם געדאַנק.
ער האָט ציטירט שרײַבמאַנס א זאָג, אז „מע
דאַרף איבער דער שורע אזויפיל מוטשען זיך
און אזוי זי פוצן, זי זאָל זיך באַקומען ניט גע־
מוטשעט און ניט געפוצט".



צווישן אלע מײַנע שול־כאַווײרים איז וויטאַ־
ליע ריקליס געווען דער פײַקסטער און, אין
דער זעלבער צײַט, דער סאַמע אַניוועסדיקער.
ריקליס איז מיר, אפּאָנעם, געפעלן דערפאַר,
ווײַל די באשיידנקײַט זײַנע איז געווען עפּעס
גאָר פון אן אנדער מין: זי איז געקומען ניט
פון צוריקגעהאלטנקײַט אָדער שוואַכקײַט, נאָר,
פארקערט, זי איז גיכער געווען נאָענט צו
שטאָלצקײַט, צו אייגנווירדע.

כ'געדענק, ווען מיר זײַנען נאָך געווען שי־
לער, האָבן מיר איינמאָל זיך צערעדט, וואָס איז
עס אזוינס „טאַלאַנט".

— טאַלאַנט איז א קוואַל, וואָס ריזלט אין די
טיפענישן... — האָב איך געטײַנעט. — אויב מע
פארמאָגט אים שוין אפילע, דאַרף מען אים
העלפן דורכשלאָגן זיך צום דרויסן, צו דער
פרײַ...

— איך מיין פארקערט... — האָט וויטאַליע
געזאָגט. — אויב מע פארמאָגט אים שוין אפילע,
דאַרף מען מיט אלע קויכעס אים שטערן ארויס־
צוויאַווען זיך. און אויב, ניט קוקנדיק דערוף,
רײַסט ער זיך פונדעסטוועגן יאָ דורך, אָט
דעמלט איז דאָס עמעסער טאַלאַנט!..

די דאָזיקע רייד זײַנען געווען זייער כאַראַק־
טעריסטיש פאר ריקליסן. די צײַט האָט מיר
באוויזן, אז דאָס איז בא אים ניט פּאָשעט קאַ־
פּוירע, „צעלאָכעסדיקע" פראַזע, נאָר, מעגלעך,
זײַן אני־מאַמין, זײַן לעבנס־קרעדאָ.

פארענדיקט די שול מיט א זילבערנער מע־
דאַל, האָט וויטאַליע ריקליס, לעהייפּעך די אנ־
דערע מיטשילער זײַנע, וואָס האָבן געשטרעבט
ניט צו קיין וואָכעדיקע פּראָפעסיעס, נאָר גע־
טרוימט ווערן קאַפּיטאַנען אף שיפן, אַסטראָנאָ־
מען, — אויסגעקליבן געווייינלעכע לערערײַ.

ער האָט פארענדיקט א פּעדאַגאָגישן אינסטי־
טוט און איז געוואָרן א לערער, שפּעטער די־
רעקטאָר אין א דאָרפישער שול. און ער האָט
אָפּגעארבעט אין דאָרף ניט קיין דרײַ, נאָר
פופצן יאָר.

דערנאָך האָט מען אים סאָפּקאָלסאָף פארבעטן
ארבעטן אין א פּעדינסטיטוט. בעפיירעש פאַר־
בעטן: מאַכמעס וויטאַליע האָט זיך אליין קיינ־
מאָל קיינעם ניט אָנגעבאָטן.

נאָר ניט וועגן דעם וויל איך איצט דערציילן.
איך וויל דערציילן וועגן א צווייטן עפּיזאָד, אין
וועלכן עס האָט זיך ארויסגעוויזן וויטאַליעס
כאַראַקטער.

אין יענע יאָרן איז יונגוואַרג געווען פארליבט
אין סימאָנאָוון — אין זײַן לײַדנשאַפטלעכער
ליריק, אין זײַנע מוטיקע פראָנט־לידער. ס'איז,
דאַכט זיך, ניט געווען קיין איין באָכערל, וואָס
זאָל ניט געווען קענען אויסווייניק סימאָנאָווס
באַלאַדע „דעם ארטילעריסטס זון" — ווו דער
מאַיאָר דייעוו שיקט אף אויסשפּיר אין סוינעס
הינטערלאַנד ליאָנקען, זײַן כאַווערס זון. און
ווען די פאַשיסטן האָבן דעם יונגיטשקן אויס־
שפּירער דערטאַפּט, בעט דעמלט ליאָנקע, דורך

זײַן ראַציע, מע זאָל עפּענען אַ פֿײַער אויף דעם פּלאַץ, וווּ ער איז אַרומגערינגלט, אַף זיך, הייסט עס. און דער מאַיאָר שטעלט אָן אַף דער דאָזיקער סאָפּקע די באַטאַרייעס זײַנע...

האָב איך דען זיך געקאָנט דעמלט פֿאָרשטעלן, אַז סימאָנאָווס „מאַיאָר דייעוו" איז וויטאַליעס פֿאָטער, יעפֿים סאַמסאָנאָוויטש ריקליס?

יאָ, דער שרײַבער קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו האָט ניט איין מאָל געשריבן וועגן יעפֿים סאַמסאָנאָוויטשן, וועגן זײַן העלדישקײַט אויפֿן פֿראָנט. נאָר וויטאַליע האָט דאָס קיינמאָל ניט דערציילט זײַנע כאַווײרים, קעדײַ ער זאָל, מאָלט אײַך, ניט אויסזען קיין באַרימער.

...עס זײַנען דאָ מענטשן מיט אַן אַבסאָלוטן געהער. עס טוט זיי אַ שנײַד דעם אויער דער מינדסטער פֿאַלשער טאָן, וועלכן מענטשן מיט אַ ווייניקערער דינקײַט באַמערקן אַפֿילע ניט. וויטאַליע ריקליס, מיין איך, איז זייער עמפּינדלעך צו דער קלענסטער פֿאַלשער נאָטקע אין דעה, וואָס הייסט לײַטישקײַט. זײַן אַניוועסדיקײַט קומט בײַ אים אי פֿון שטאָלצקײַט, פֿון ווירדע, אי פֿון געוויסנהאַפֿטיקײַט, ערלעכקײַט, און דאָס גיט איר צו אַ באַזונדער מין באַדײַטונג.

עס בלײַבט צוצוגעבן, אַז אין פּעדינסטיטוט, אויף זײַן ליטעראַטור־קאַטעדרע, האָט מען וויטאַליע יעפֿימאָוויטש ריקליסן פֿאַרגעלייגט אַלס טעמע פֿאַר אַ וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג קאָנסטאַנטין סימאָנאָווס שאַפֿן. וויטאַליע יעפֿימאָוויטש האָט זיך געקווענקלט. מ'האָט אים לאַנג דערוויזן, אַז ער האָט רעכט אויף דער דאָזיקער טעמע, אַלקאָלפּאָנעם ניט ווייניקער ווי יעדער אַנדערער. סאָפֿקאָלסאָף האָט מען דעם „אַרטילעריסטס זון" אײַנגערעדט.

<u>אָפּרופֿן, אויסזיכטן</u>

עס איז עפּעשער קעדײַ צו ברענגען אַ פּאָר אַרויסזאָגונגען פֿון געסט, וועלכע האָבן באַזוכט אונדזער שטאָט.

„דער וויזיט מײַנער אין קעשענעוו — דאָס זײַנען די גליקלעכסטע טעג אין מײַן לעבן. כ'האָב געהאַט דאָס געפֿיל, ווי כ'וואָלט אַנטדעקט אַ נײַע ערד, באַפֿעלקערט מיט פֿריילעכע, לעבנסלוסטיקע, האָפֿערדיקע מענטשן..." — שרײַבט דער פּראָפֿעסאָר פֿונעם האַרוואַרדער אוניווערסיטעט לויִס סאָלאַנאָ.

„באַזונדערס וואַרפֿן זיך אין די אויגן די אָן אַ שיר בויונגען. עס איז צו כידעשן זיך, ווי עס ווערן בײַ אײַך באַפֿרידיקט דעם מענטשנס ווינקבאַדערפֿעניש..." — אַזוי זאָגט זיך אַרויס דאָס פֿאַרפֿאָלק האַנדעל פֿון מאָנטרעאַל.

אַזעלכע בריוו קומען אָפֿט אָן קיין קעשענעוו.

די באַשטימונג פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון קפּסס און פֿונעם מיניסטאָרן־ראַט פֿון פּססר, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1971, „וועגן די מאָסמיטלען צו אַנטוויקלען די שטאָט קעשענעוו", איז אַ פֿריידיקע געשעעניש פֿאַר מאָלדאַוויע.

אויף איבערצואַנדערשן דאָס אויסזען פֿון דער שטאָט אַרבעטן פּראָיעקט־אינסטיטוטן פֿונעם גאַנצן לאַנד. אַשטייגער, אויפֿן פּראָיעקט פֿון איבערבויען דעם שטאָט־צענטער אַרבעטן די מאָלדאַווישע און לענינגראַדער אַרכיטעקטאָרן. פּראָיעקטן פֿון טוריסטיק־ און האַנדל־קאָמפּלעקסן האָבן צוגעגרייט די מאָסקווער ספּעציאַליסטן. לענינגראַד שאַפֿט פֿאַר אונדז דעם פּראָיעקט פֿון אַ 24־גאָרנדיקן האָטעל, אַ קינאָטעאַטער אויף 1200 פּלעצער, אַ נײַעם פּאָליגראַף־קאָמבינאַט. אינעם פּראָיעקט פֿון אַ שטאָט־ביבליאָטעק אויף אַ מיליאָן בענדער באַטייליקן זיך די טבֿיליסער שטאָט־בויער. קיִעוו פּראָיעקטירט אַ ביניען פֿאַרן קעשענעווער רוסישן דראַמאַטישן טעאַטער.

פֿינף יאָרהונדערטער און — געציילטע עטלעכע פֿינפֿיאָרן. עס קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז ס'איז ניט אַנטקעגנצושטעלן צוויי אַזעלכע ניט גלײַכע צײַט־אָפּשניטן. נאָר גראָד די דאָזיקע עטלעכע פֿינפֿיאָרן באַרײַכערן די שטאָט מיט אַזעלכע אַרכיטעקטור־אַנסאַמבלען, פּאַרקן, גאַסן, הײַזער, היסטאָרישע דענקמעלער, נײַגעשאַפֿענע כיינעוודיקע ווינקעלעך, וועלכע פֿאַררעמען אויס דאָס פּאָנעם פֿון אונדזער שיינעם און ליבן קעשענעוו.



איִרמע דרוקער

# בעזוצן און געהערט

## טשערנאָביל

טשערנאָביל איז איינס פון די עלטסטע שטעטלעך אַף אוקראַיִנע. אין סאָף צוועלפטן יאָרהונדערט, אין 1193, ווערט טשערנאָביל שוין פאַרצייכנט אין דער איפּאַ־טיעווער כראָניק, ווי א ייִשעוו בא די ברעגן פונעם טײַך פּריפּיאַט.

פון די פאַרשיידענע טײַכן, בא וועלכע ייִדן האָבן געוווינט און געוויינט און פון וועלכע זיי זײַנען פאַרטריבן געוואָרן, פון די פאַרשיידענע גאָלעסן, יאָגענישן און פּלאָגענישן, — האָבן אין 400 יאָר ארום בא זיבן הונדערט ייִדן געוואָרפן זייער גוירל און געפּרוּווט זייער מאזל באַם פּריפּיאַט אין טשערנאָביל.

טשערנאָבילער כקירעניקעס האָבן בעשום־אופן זיך ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן, אז זייערע אורעלטערן האָבן אַף אזויפיל יאָרהונדערטן פאַרשפּעטיקט.

— אז ס׳זײַנען דאָ ייִדן, — האָבן זיי געהאלטן אין איין דערווײַזן, — איז דאָ א שטעטל. הײַנט ווו זשע האָט געקאָנט זײַן א שטעטל אָן ייִדן? אײַ די היסטאָריע שרײַבט זיך אירס, איז דאָס פּאָשעט דערפאַר, ווײַל די ערשטע טשערנאָבילער ייִדן האָבן אויסבאהאלטן זייער ייִדיש־קײַט, זיי זײַנען הונדערטער יאָרן געווען ניס־טערס, ביז זיי איז געגעבן געוואָרן דער צייכן זיך אנטפּלעקן.

טײַערע בניי־איר מײַנע, איר האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן דאָס שטעטל אָן ייִדן אפילע אין דער ווײַטער פאַרגאנגענהײַט, ווען קיין ייִדישער פוס האָט נאָך דאָ ניט געטראָטן. און אוודע און אוודע האָט איר זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ניט געקאָנט פאָרויסזען, אז עס וועט קומען א צײַט, ווען עס וועט אויסברעכן די גרעסטע מאגייפע פון אלע מאגייפעס — דער פאַשיזם, און טשערנאָביל וועט בלײַבן „ייִדנ־ריין"...

די ערשטע טשערנאָבילער ייִדישע אײַנוווי־נער האָבן זיך באזעצט באַם סאמע ברעג פונעם פּריפּיאַט. בא אזא טײַך וועט מען שוין פון דאָרשט און פון הונגער ניט אויסגיין. מ׳האָט פאַרזייט גערטענער, פאַרפלאנצט סעדער, אז ס׳זאָל זײַן צו די פיש און נאָך די פיש מיט וואָס צו פאַרבײַסן.

ניט ווײַט — ארום און ארום — פּאַליעסער וועלדער, אזוי אז ס׳איז געווען פון וואָס און מיט וואָס צו בויען, מיט וואָס צו הייצן, מיט וואָס צו דערוואַרעמען זיך אין די גרויסע, בייזע ווינטער־פרעסט.

האָבן זיך גוטע קלאנגען וועגן טשערנאָביל פאַרשפּרייט — ס׳איז א געבענטשט אָרט! און די קלאָנגען האָבן גערופן, געצויגן און גע־בראַכט אהער פון מאָל צו מאָל אלץ מער נײַע אײַנוווינער.

ווען דער ברעג און העכער דעם ברעג זײַנען שוין געווען פאַרבויט מיט הילצערנע הײַזקעס, האָט מען זיך פון דער נידער געהויבן אין דער הייך און גענומען בויען הײַזער אַף בײדע בערג פון רעכטס און פון לינקס. אָט אזוי איז טשערנאָביל געוואָרן א מין קליין קיִעוו — מיט א פּאָדאָל, מיט אן אונטן און מיט אן אויבן.

דער אויבן האָט געטרונקען דאָס וואסער פון אונטן, און אויך פיש האָט פאַר אים געקלעקט. און וואָס שײַעך גערטענער און סעדער, האָט ער גענוג ערד פאַרמאָגט.

א שטעטל — איין גרויסער סאָד, א ווײַניק שטעטל!

פאַר מײַן לעבן איז מיר אויסגעקומען פאַר־זוכן פיירעס פון פאַרשיידענע געגנטן, פון פאַר־שיידענע ערדן, נאָר ביז איצט איז צווישן אלע

טאמען דער געשמאקסטער טאם, דער זאפ־
טיקסטער, וויַיניקסטער רייעך — פון די טשער־
נאָבילער עפל, בארן און פלוימען, וועלכע איך
האָב שוין ניט פארזוכט העכער פופציק יאָר.
אזוי אויך איז מיט די טשערנאָבילער הימלען.
אזויפיל הימלען שוין געזען אין מײַן לעבן,
און אלע הימלען ווערן פארהימלט פאר מיר
מיט די טשערנאָבילער הימלען. זיי, די טשער־
נאָבילער הימלען, פלעגן אראָפּנידערן אף דער
ערד, און איך האָב געשפּאנט איבער זיי און
געזען דעם גאניידן מיטן גענעם, די אָנצאָליקע
מאכנעס זינדיקע און געלײַטערטע נעשאָמעס,
געהאט נאכעס פון די צאדיקים פארן שיינעם
כיילעק אוילעם־האבע, וואָס זיי האָבן באקומען
פאר ניט האָבן אוילעם־האזע, געהאט צאר פאר
די רעשאָיִם, וואָס איבער זייער אוילעם־האזע
האָבן זיי ניט קיין ברעקל אוילעם־האבע.

די טשערנאָבילער הימלען זײַנען געווען לויט־
טערע, גוטע, ערלעכע און געטרײַע הימלען.
אין דער קינדהײַט האָבן זיי ניט געוואָלט
צעשטערן מײַנע פארשטעלונגען, מײַנע זעונ־
גען. און ערשט דאַן, ווען איך בין עלטער
געוואָרן, האָבן זיי דורך דער שײַן פון בליצן
באוויזן, אז זיי זײַנען ליידיק, אז אין זיי איז
קיין סימען ניטאָ פון דעם אלץ, אין וואָס
מ'האָט מיך אײַנגערעדט, אין וואָס איך האָב
געגלייבט, וואָס איך האָב זיך פאָרגעשטעלט
און מיט פארמאכטע אויגן געזען, ווי איך זע
מיט אָפענע אויגן די זון, די לעוואָנע און די
שטערן.

אין די טשערנאָבילער הימלען האָט זיך גאָט
פאר מיר אנטפלעקט, און פון די טשערנאָבי־
לער הימלען איז ער פארשוווּנדן פון מיר.

## די הויכע שול

פון קיִעוו ביז טשערנאָביל, מיטן טײַך, איז
הונדערט און צוואנציק קילאָמעטער. באם
אײַנגוס פונעם פריפּיאט אינעם דניעפּער פלעגן
פונדערווײַטן דעם ערשטן באַרעכהאבע און די
ערשטע שאָלעם־אלייכעמס אָפּגעבן די צוויי
קלויסטערס, דער קאָסטיאָל און די הויכע שול.
באם ערשטן באַרעכהאבע און בא די ערשטע
שאָלעם־אלייכעמס פלעגן ניט איין מאָל פאָר־
קומען מאכלויקעסן צווישן די פּאסאזשירן: די
קלויסטער־ און קאָסטיאָל־לײַט פלעגן האלטן
אין איין דערווײַזן, אז פריִער פון אלץ דערזעט
מען די קלויסטערס מיטן קאָסטיאָל און ערשט
דערנאָך די סינאגאָגע, און די טשערנאָבילער
ייִדן האָבן אָפּן ערשטן אָרט געשטעלט די
הויכע שול. ס'איז אָפּהענגיק, ווי איינער קוקט,
ווי איינער זעט.

— ווער האָט געבויט די שול? — האָט גע־
פרעגט א דאָר נאָך א דאָר, האָבן געפרעגט די
אָנגעפּארענע, און קיינער האָט ניט געקאָנט
געבן קיין קלאָרן ענטפער.

צווישן די פּילצאָליקע אויסשניצונגען אין
שול, אין דעם סאמע באשיידנסטן און פאָר־
וואָרפנסטן ווינקל ערגעץ־ווו מיט קליינע דריב־
נע אויסיִעס איז ניט געווען צו געפינען דעם
נאָמען פונעם מעכאשעף, וואָס האָט אזויפיל
קישעפדיקן ווונדער באוויזן, וואָס האָט אזויפיל
כּיִעס און אזויפיל הייס פּליסיק בלוט ארײַנ־
געטריפט אין יעדן זײַל. אמאָל־אמאָל זײַנען
זיי, די זײַלן, ביימער געווען, ביימער מיט
וואָרצלען און מיט צווײַגן, זיי האָבן אין וועל־
דער געלעבט, געבליט, געגרוישט און אויסגע־
הוליעט זייער יוגנט. זײַנען העק זיי באפאלן,
האָבן זיי זעגן געפּאלמעסט, און דער מעכאשעף
האָט, ווי אין דעם יעכעזקל־טאָל פון די טויטע
ביינער, פארייניקט א סטויפּ צו א סטויפּ, א
ברעט צו א ברעט — און ס'איז געשען דער נעס
פון טכיאס־האמייסים.

דער אומבאוווּסטער בויער האָט זיך צונויפ־
געגאָסן מיט זײַנע זײַלן, מיט זײַנע גאלערייען,
מיט זײַנע שניצערײַען, און זײַן גײַסט האָט
געשוועבט און געלויכטן מיט דער סימכע פון
באשאפן און מיטן צאר פון די טיקן־טאָעסן,
וואָס וואָלטן געקאָנט ארײַנגעטראָגן ווערן
אהער. אָט דער שיינער אומרוִקער גײַסט איז
וויניק־וואָס אָנגעגאנגען זײַנע בניי־דאָר, און
ער איז פארגעסן געוואָרן און קיינמאָל ניט
דערמאָנט געוואָרן פון די קומענדיקע דוירעס.
דערפאר אָבער האָט מען אין טשערנאָביל פאר־
צייכנט אין די פּינקאָסים, געדענקט און דער־
מאָנט די רײַכע מענאדווים, וואָס האָבן געהילף
און געלט געשענקט אף בויען די הויכע שול.

כסידים האָבן די הויכע שול פארעכנט פאר
א מויפעס, פאר איינעם פון די גרעסטע מאָפ־
סים. דער רעבע האָט באפוילן איינעם א ייִדן,
וואָס האָט קיינמאָל קיין האק אין האנט ניט
געהאלטן, ער זאָל בויען — האָט ער געבויט און
אויסגעבויט.

כסידים פון א צווייטן דאָר, פון א שפּעטער־
דיקן רעבן האָבן ניט אָפּגעפרעגט דעם מויפעס,
זיי האָבן אים נאָר אנדערש אופגענומען און
אנדערש אויסגעטײַטשט — דער, וואָס האָט גע־
בויט די שול, האָט גראָדע יאָ א האק געקענט
האלטן אין דער האנט, ער איז געווען א פּאָשע־
טער בויער, אים צו הילף איז געקומען דער
שטאָטישער שניצער. און קלאָר, אז די גרעסטע
הילף האָט דערבײַ ארויסגעוויזן דער רעבע
אליין: ער האָט דעם בויער און דעם שניצער
געבענטשט, אז אף זיי זאָל רוען דער רועך־
האקוידעש פון דעם גרויסן מישקן־מײַסטער,
פון בעצאלעלן, דעם זון פון אורי, דאָס אייניקל
פון כורי, וועלכער האָט געהערט צום שייוועט
יעהודע. האָט ער געטוט, דער רעבע, און זיי, דער
בויער און דער שניצער, האָבן ווונדער באוויזן.

די שול איז געווען אומגעהייער גרויס.
גלײַך באם ערשטן ארײַנגאנג פלעגט מען זיך
מאמעש פארלירן, די אויגן פלעגן אומרוּיק
ארומלויפן הין און הער און ניט געקאָנט צו
זעט זיך אָנקוקן אפן גרויסן אָרן־קוידעש, אף
וועלכן כײַעס און פויגלען האָבן געלעבט בע־
שאָלעם, אף די ברייטע געשניצטע זײַלן, אף

די גאַלערייען ארום און ארום, אַף די אייבערשטע פּיסעם־און־ראַמסעס־באַפּוצונגען, ווי אין טשערנאָביל האָט עס געהייסן.

אַף יעדן זײַל, אַף יעדער באַזונדערער הייך האָבן פֿויגלען זיך נעסטן געבויט, פֿלעגן פֿראַנק־און־פֿרײַ ארומלויפֿן הין און הער און זינגען שירע.

ערטער, פֿונוואַנען אַרײַן און אַרויס, זײַנען דאָ איבערגענוג געווען פֿאַר די פֿויגלען. פֿאַרשיידענע כאָלעלס אין די ווענט, אָפֿענע פֿענצטערלעך פֿון אויבן. מיט איין וואָרט, א שול פֿון געמישטע מיספּאַלעלים — ייִדן און פֿויגלען צוזאַמען.

ווינטער, ווען די מיספּאַלעלים פֿלעגן צעזייט און צעשפּרייט ווערן איבער אַלע שולן און באָטעמעדראָשים פֿון שטאָט, ווײַל די שול פֿלעגט ניט באַהייצט ווערן, פֿלעגן א סאַך פֿויגלשע מיניאָנים דאָ פֿאַרבלײַבן, אַז די שירע און טפֿילע צו זײַן ליבן נאָמען זאָלן, כאָלילע, ניט איבערגעריסן ווערן.

א כאַזן א טענאָר האָט דאָ ניט געטויגט, מיט א קאָוועלאַטור האָט מען דאָ אויך גאָרנישט ניט געקאָנט אויפֿטאָן, א קאָל דמאָמע דאַקע, א פֿאַלצעט, פֿלעגט דאָ דערשטיקט ווערן אינווייניק און ניט באַווײַזן איבערלאָזן נאָך זיך דעם מינדסטן ווידערקאָל.

דאָ האָט מען באַדאַרפֿט א שאַאַגאַס אַרי, א קאָל פֿון א לייב. די כאַזאָנים פֿון דער הויכער שול האָבן טאַקע געהייסן „די הוקאַלקעס״, די שרײַער, וואָס האָבן געהוקעט, ווי פֿאַרבלאָנדזשעטע אין וואַלד, ווערמענס ווידערקאָל עס טראָגט זיך פֿאַנאַנדער ווײַט און מע ווייסט ניט פֿונוואַנען.

גרויס איז געווען די הויכע שול, און אין מײַנע אויגן האָט זי אויסגעזען א סאַך גרעסער, ווי זי איז אַפּדערעמעסן געווען. כ׳האָב אַלע גרויסקײַטן איר אָוועקגעגעבן, מיטן בייס־האַמיקדעש זי פֿאַרגליכן, און ווי וועגן בייס־האַמיקדעש, פֿלעג איך שטענדיק שטאָלצירן און זאָגן וועגן איר: ווער ס׳האָט ניט געזען די טשערנאָבילער הויכע שול, האָט קיין שיינס ניט געזען. אַפֿילע ווען איך בין עטוואָס עלטער געוואָרן און איבערגעלייענט וועגן דער גרויסער אַלעקסאַנדרי׳ער שול, וואָס אין מיצראַ׳ים, איז די טשערנאָבילער שול אַף א האָר ניט פֿאַרמינערט געוואָרן אין מײַנע אויגן. כ׳האָב זיי פֿאַרגלײַכט, און דער פֿאַרגלײַך האָט זיך בא מיר געגלײַכט.

צוויי זײַלן מיט שורעס בענק אַרום־און־אַרום, איינע העכער פֿון דער אַנדערער, ווי גאַלערייען, זײַנען געווען אין דער אַלעקסאַנדרי׳ער שול. זײַלן און בענק זײַנען אויך דאָ, אין דער טשערנאָבילער הויכער שול, געווען.

אינעם ביכל וועגן דער אַלעקסאַנדרי׳ער שול איז געווען געשריבן, אַז צוויי מאָל זעקס הונדערט טויזנט מענטשן האָבן געקאָנט אַרײַן אין איר, צוערשט א ביסל געענגט, נאָר באַם דאַווענען האָט זיך אַן עלנבויגן אין אַן עלנבויגן ניט אָנגערירט. דאָס איז שוין געווען אַפֿילע צופֿיל פֿאַר מײַן קינדערשער פֿאַנטאַזיע — האָב איך די צוויי מאָל זעקס הונדערט טויזנט צעטיילט אַף צוויי טיילן: א העלפֿט פֿאַר דער אַלעקסאַנדרי׳ער שול און א העלפֿט פֿאַר דער טשערנאָבילער.

גאָלדענע קאַטעדרעס זײַנען אין דער אַלעקסאַנדרי׳ער שול געשטאַנען פֿאַר די סאַנהעדערן, די געזעצגעבערס — האָב איך זיי מעוואַטל געמאַכט. אַף וואָס באַדאַרף האָבן די טשערנאָבילער שול צענדליקער קאַטעדרעס, אַז ס׳איז דאָ איין מייער דער דײַען, און די ראַבײ׳ם, דער אַלטער און דער יונגער, זײַנען פֿאַרנומען מיט א סאַך וויכטיקערע זאַכן.

געפֿעלן געוואָרן איז מיר אין דער אַלעקסאַנדרי׳ער שול דאָס, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט א גאַנצע מאַכנע מיט שאַמאָסים, יעדערער מיט א טוך אין דער האַנט, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געפֿאָכט מיט די טיכער, אַז די, וואָס זיצן פֿונדערווײַטן און הערן ניט, זאָלן דערזען און ענטפֿערן „באָרוך הו ובאָרוך שמוי״ און „אָמיין״. האָב איך אַף זיך גענומען, אַז ווי נאָר איך וועל עלטער ווערן און האָבן א דייע אין קאָהאָל, זאָל איך אײַנפֿירן אין דער טשערנאָבילער הויכער שול דעם מינהעג פֿון פֿאָכן מיט די טיכער.

אין דער אַלעקסאַנדרי׳ער שול איז מען געזעסן ניט צונויפֿגעמישט, נאָר צעכנווײַז: גאָלדשמידער, שלאָסערס, קעסלערס, וועבער — יעדערער באַזונדער לויט זײַן פֿאַך, און אַז אַן אוירעך איז געקומען, האָט ער זיך גלײַך געזעצט צווישן זײַן צעך. האָב איך דעם מינהעג אָפּגעוואָרפֿן: מיר איז געווען א סאַך נעענטער צום האַרצן דאָס, וואָס אין דער טשערנאָבילער שול זײַנען אַלע פֿאַכן, אַלע צעכן צונויפֿגעמישט געווען צוזאַמען. דאָ, אין דער טשערנאָבילער שול, האָבן געדאַווענט שוסטערס, וועלכע האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּטיילן אין זייער באַזונדערן שוסטערשן בעסמעדרעש, קאָראָבייניקעס, אָרעמע קרעמערלעך, וועלכע האָבן ניט געוואָלט זיך פֿאַרייניקן מיט די רײַכע באַלעבאַטים, מיט די פּניי פֿון קאָהאָלשן בעסמעדרעש. דאָ האָבן געדאַווענט שנײַדער, וואָס האָבן געוואָלט זײַן צוזאַמען מיט די שוסטערס, באַלעגאָלעס, שמידן, בלעכערס, באָנדערס.

אַלע פֿון די ענגע שטיקנדיקע הײַזקעס, וווּ עס האָט אויסגעפֿעלט פֿרישע לופֿט, האָבן כאָטש איין מאָל אין דער וואָך — שאַבעס און עטלעכע מאָל אין יאָר — אין די יאָמטויווים זיך אָנגעטאָן דעם ווילטיק פֿון ראַכוועס, דעם ווילטיק פֿון אָטעמען פֿרײַ מיט פֿרישער לופֿט.

## איבער זאַמדן און איבער בלאָטעס

זאַמד, א סאַך זאַמד האָט טשערנאָביל פֿאַרמאָגט. זאַמד אין אַלע גאַסן און אין אַלע געסלעך.

האָט אויסגעבראָכן א ווינט — האָט זיך אויפֿגעהויבן א שטויב־געווירבל, האָט זיך געדוכט,

אַז טשערנאָביל וועט לײַכטער אָפּעטעמען. און צום סאָף — ווער וואָס, דער אוועקגעטראָגענער שטויב־געווירבל האָט זיך ניט געזוכט קיין נײַ אָרט, פארקערט, וויפל שטויב־געווירבלען ער פלעגט באגעגענען אין וועג, פלעגט ער זיי מיטנעמען מיט זיך, און טשערנאָביל פלעגט ווערן זאמדיקער און זאמדיקער.

א צאָר איז געווען צו קוקן אָף די פערד, אָף די פויערשע און באלעגאָלישע פערד. די אויסגעטריקנטע, ניט געשמירטע רעדער אָכצן און קרעכצן, און די פערדלעך שטרענגען אָן אלע זייערע קויכעס, אז דאָס קײַקלען און דרייען זיך פון די רעדער זאָל ניט איבערגעריסן ווערן.

נאָר אָט פארהריזנען די רעדער אין אזא טיף, ווו יעדער קלאנג זייערער ווערט פארשאָטן און פארשטיקט. די פערדעלעך שטרענגען אָן זייערע אויערן, זיי דערשרעקן זיך פאר דער שטילקײַט, גיבן זיך א ריס און א צעפודזשע און ראטעווען ארויס די רעדער, און ווידער אָכצן זיי און ווידער קרעכצן זיי, און אנטקעגן — ווידער זאמדן און זאמדן.

דער ביטערסטער גורל איז אויסגעפאלן אָף די פערד פון די וואסערפירער. פון פארטאָג ביז שפעט אין דער נאכט פלעגן זיי שלעפן בארג־ארוף פונעם פריפיאט פולע פעסער מיט וואסער. א פולע פאס מיט וואסער איז שווער, בארג־ארוף איז שווער, עס סטײַען קיין קויכעס ניט, מע שטייט צו, און וואָס מער מע שטייט צו, אלץ מער בײַטשן, מער שטעקנס און אלץ מער „פאָהיבעלס", און אלץ מער „טשערנאָהיבעלס" פלעגן פליִען איבער די פערדס קעפּ (די טשערנאָבילער פלעגן זיך שעלטן מיט טשערנאָביל — „א טשערנאָהיבעל אָף דיר!").

פון איין צאָרע ארויס, און אין דער צווייטער ארײַן — האָט זיך פארענדיקט דער בארג־ארוף, האָבן די זאמדן גענומען פארשווערן דעם גאנג, און ווידער בײַטשן, און ווידער שטעקנס, און ווידער קלאָלעס.

האנאָע און פארגעניגן פון דעם זאמד האָבן געהאט בלויז די סאוויונסקע קינדער, די סאוויונטשיקעס. סאוויון האָט געשטאמט פון א שלעכט וואָרט, פון א ביטערן שוירעש. ער איז באהעפט געוואָרן פון צוויי ווערטער: „סארא עוויען", אין מערצאָל איז עס געווען א צאָראס ראבים — סאוויונעס. אָף יעדן אָקסן־הענדלער, אָף יעדן וואלד־סויכער, אָף יעדן גארבער, אָף יעדן בערלינשטשיק, אָף יעדן רײַכן קרעמער זײַנען אין טשערנאָביל געווען קאפּצאָנים מי־קאָל האמינים אין די הונדערטער. אָף יעדן שיניק, א ייִד, וועלכן מ'האָט געשאצט אין דרײַ הונדערט רובל, אָף יעדן ריישניק, א צוויי־הונדערטרובלדיקן נאָגיד, אָף יעדן קאנער, וואָס האָט אָפּגעשפּאָרט זײַן אייגנס ק'ן — הונדערט פופציק רובל, — צענדליקער און הונדערטער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין לעבעדיק קערבל ניט געזען אין די אויגן.

די אָרעמקײַט האָט זיך געפרוכפערט און געמערט, און פאר זיי איז מער קיין אָרט ניט געבליבן צווישן די סאָכרים, קרעמער און פעסטע באלעבאטים, און ס'איז אויסגעוואקסן א נײַ שטעטל פון ענגע און שמאָלע געסלעך, פול און פיל מיט סאוויונעס און מיט סאוויונטשיקעס.

דער הייסער זאמד האָט געבריט די באָרוועסע פיסלעך פון די סאוויונטשיקעס, ווי ווינטער אָף די אפן־אויוונס. גרויס איז געווען דער פארגעניגן פון בראָדזשען און זינקען מיט די פיסלעך אין זאמד. די מערהײַט סאוויונטשיקעס האָבן געליטן אָף דער „ענגלישער קרענק", וואָס האָט זיי באגליקט מיט דינע פיסלעך און מיט גראָבע בײַכלעך. די דאָקטוירים האָבן געהאלטן, אז קיין בעסערע רעפוע פאר זיי, ווי דער טשערנאָבילער הייסער זאמד, איז גאָר אָף דער וועלט ניטאָ.

טאטעס און מאמעס האָבן ניט געשריגן, ניט געשטערט און געהייסן — נאָך און נאָך! בראָדזשע נאָך א ביסל, מײַן קינד, אינעם הייסן זאמד, זאָל עס דיר זײַן צו רעפוע, בראָדזשע נאָך א ביסל!

אָבער פרילינג און הארבסט, ווען דער זאמד פלעגט פארוואנדלט ווערן אין איין גרויסן בלאָטיקן יאם, פלעגן אפילע די סאוויונטשיקעס פארשעלטן יעדעס זעמדל, וואָס האָט זיך געלאָזט פארקוואטשען אין דעם גרויסן אומענדלעכן קוואטש.

באזונדערס בייז זײַנען געווען די בלאָטעס אפן שול־הויף, בא די יאטקעס און אפן מארקפלאץ. צענדליקער קלאדקעס האָבן זיך ארויסגעריסן פון אונטער די פיס, און מענטשן האָבן זיך געקויקלט אין די בלאָטעס, געגוואלדעוועט און געשריגן, פונקט ווי זיי וואָלטן צו גרונט געגאנגען.

ניט איין פּאָר טיפע קאלאָשן און באָטן זײַנען אראָפּגעריסן געוואָרן פון די פיס, און מ'האָט ניט געוווּסט, ווּהין זייער געביין איז אהינגעקומען.

אזא קויעך, האָבן די טשערנאָבילער געהאלטן, איז אומעגלעך פאר דער סאמע קלעפּיקסטער און סאמע טיף אראָפּציִענדיקער בלאָטע. ניט אנדערש, אז אין אָט די בלאָטעס פרוכפּערן און מערן זיך ניטגוטע, מאזיקים, שיידים אפצולאָכעסניקעס, וואָס האָבן א באזונדערן פארגעניגן פון טרעטן א ייִדן אין דער בלאָטע, פון אראָפּרײַסן פון זײַנע פיס די טיפסטע קאלאָשן, וועלכע ס'איז ניט אזוי גרינג אָנגעקומען צו קויפן.

אין די סאוויונסקע הײַזער, ווו איין פּאָר שטיוול האָט געדינט פאר א גאנצער מישפּאָכע, האָבן די שטארקסטע שטיוול לאנג ניט אויסגעהאלטן, די צעווייקטע פּאָדעשוועס פלעגן עפענען מײַלער און די פיס פלעגן זיך אָנזשליאָקען מיט בלאָטע ביז שיקער צו ווערן.

סארא ביטערער טאם! ווײַל ניט נאָר די פיס זײַנען דאָ באאוולט, נאָר אלע אייוורים פונעם גוף.

דער סאוויון מיט די צעריסענע שטיוול דערפילט זיך, גלײַך אלע בלאָטעס זאָלן, ווי א

טשאַטשע הינט, אים באַפאַלן, און אַלע צוזאַמען זאָלן זיי אים שפּײַען אין פּנים.

דאָ אָף די ערטער, ווו די בלאָטעס האָבן געהאַט די גרעסטע שליטע — אָפן שול־פּלאַץ, באַ די יאַטקעס און אָפן מאַרק־פּלאַץ, — האָט זיך פאַרלאָפן אַ מעשׂה, וואָס האָט אופגערודערט גאַנץ טשערנאָביל און איז אַ סאַך מאָל דערציילט געוואָרן באַ אונדז אין שטוב.

אין איינעם אַ פינצטערן אָפּדערנאַכט איז מיט אַ לאַמטערן אין האַנט אַ סטאָליער־יונג, אַ סאַוויון, אַרויס שפּאַצירן מיט זײַן געליבטער, אַ נייטערן אַ סאַוויונקע.

ווו עס האָט זיך געלאָזט, האָט דער סטאָליער־יונג דורכגעטראָטן פאַר דער נייטערן סטעזשקעס, און זי איז בעשאָלעם דורכגעגאַנגען און נאָכגעגאַנגען נאָך אים. אָבער דאָרט, ווו ס'איז אומעגלעך געווען, האָט ער זי געכאַפּט אָף די הענט און איז מיט איר דורכגעלאָפן, דורכגעשפּרונגען, פון איין בלאָטע אַרויס און אין דער צווייטער אַרײַן.

דער נייטערן — אין דער דערציילטער מעשׂה האָט זי געהייסן „די הולטײַקע" — איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן, זי האָט אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט און געהאַלטן זיך אין איין נורען און פעסטער זיך צודריקן צו אים.

ניט ווייניקער, ווי דער הולטײַקע, איז עס אים, „דעם הולטײַ" — אַזוי האָט אין דער מעשׂה געהייסן דער סטאָליער־יונג — שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט געזוכט אַ טיפערע בלאָטע, און וואָס טיפער — אַלץ פלינקער האָט ער זיך געטראָגן איבער די בלאָטעס, גלײַך ווי די ליבע האָט דאָ לעקאָוועד אים פאַנאַנדערגעשפּרייט פּערסישע טעפּיכער.

פון דער דאָזיקער מעשׂה דרינגט אַרויס, אַז טאַקע גערעכט זײַנען די מייליץ־יוישערס, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז ליבע איז ווי גאָלד — זי שײַנט אַפילע פון בלאָטע אַרויס.

גאָטס געטרײַע דינער אָבער האָבן מיקויעך דער געשיכטע געהאַלטן, אַז ניט געקוקט אָף דעם, וואָס די אווײרע איז געטאָן געוואָרן אין דער פינצטער און עס האָבן דאָס געזען בלויז עטלעכע דורכגייער, איז דאָס פאָרט אַ בעפאַרהעסיע־אווײרע, פאַר וועלכער גאָט וועט זיי שטראָפן מיט נאָך טיפערע און מיט נאָך ערגערע בלאָטעס...

פינצטער און וויסט זײַנען באַזונדערס די בלאָטעס געווען פאַר די פערד, זיי האָבן זיך מאַמעש אין זיי געטרונקען. אָף צו דערטרונקען ווערן זײַנען, עמעס, די בלאָטעס געווען ניט גענוג טיף, און אָף אַרויסנעמען די פיס פון זיי זײַנען זיי געווען גענוג קלעפּיק און גענוג האַרטנעקיק.

אין דער יוגנט, ווען איך האָב געוווינט אין קיעוו און שוין געקענט אָשער שוואַרצמאַנס לידער אָף אויסווייניק, פלעגט דאָס „ניאַקען און וויאַקען" און „טאַפּן אין דער פינצטער" פון שוואַרצמאַנס ליד „אין אַ האַרבסטיקן אָוונט" שטענדיק אופוועקן אין מײַן זיקאָרן דאָס בילד, ווי אַ שרעקלעך ניאַקען און וויאַקען האָט איבערגעריסן מײַן געשמאַק לייענען און מיך אַרויסגעשלעפּט אין דרויסן.

אָט זע איך יאַנקעוו־יאָסל דעם וואַסערפירערס פערדל, וואָס איז ביזן בויך אײַנגעזונקען אין בלאָטע, זײַנע דאַרע אויסגעדייוועטע ביינער טרישטשען פון דער בײַטש און פונעם שטעקן, וואָס הערן ניט אוף זיי צו מאַזיקן. דאָס פערדל ריטשעט און שרײַט אָף זײַן פערדישן לאָשן: איך קאָן ניט! פאַרוואָס שלאָגסטו מיך? דערהאַרגע מיך שוין — און אַ סאָף זאָל עס נעמען!"

נאָר יאַנקעוו־יאָסל ווייסט ניט פון קיין ראַכמים, ער שלאָגט, שרײַט און שעלט:

— אַ מיסע־מעשונע זאָל קומען אָף דיר און אָף מיר צוזאַמען! איך דאַרף דאָך נאָך פינף פעסלעך וואַסער פאַנאַנדערפירן פאַר מײַנע באַלעבאַטים! אַ פּאָהיבעל! אַ טשערנאָהיבעל אָף דיר!

איך בין אַן אופגערודערטער אַרײַנגעלאָפן אין שטוב, פאַרמאַכט דאָס ביכל, זיך געפילט שולדיק פאַר יאַנקעוו־יאָסלען, פאַר זײַן אומגליקלעך פערדל, פאַר אַלע סאַוויונעס, און איך האָב טפילע געטאָן, געבעטן מיט אָשער שוואַרצמאַנס נאָך דאַן ניט באַשאַפענעם געבעט: „פאַרגיב מיר, מײַן גאָט, פאַר פײַער, וואָס ברענט דאָ..."

די צווייטע מאַקע נאָך די בלאָטעס זײַנען אין טשערנאָביל געווען די כראַפּעס. כראַפּעס — דאָס זײַנען געווען די זעלבע בלאָטעס אין זייער סאַמע האַרבסטער האַרטקײַט, אין זייער פאַרפרוירענער רישעס, וואָס די ערשטע פרעסטלעך פלעגן אַרײַנהויכן אין זיי.

די מעמשאָלע פון די כראַפּעס פלעגט דויערן ביזן ערשטן טיפן שניי, ביז עס פלעגט זיך אוועקלייגן אַ שליטוועגס.

אָף די כראַפּעס פלעגט מען גיין, ווי אָף שטאָלצן, און די וועגענער פלעגן טראַסקען און אַרויסטרייסלען די נעשאָמע מיט די קישקעס באַ די פויערים, באַ די קאָראָביינִיקעס, באַלעגאָלעס און פּאַסאַזשירן.

און אויך פאַר זיי, פאַר די כראַפּעס, האָבן די טשערנאָבילער געשאָלטן טשערנאָביל: „ס'איז דען אַ טשערנאָביל? ס'איז דאָך אַ טשערנאָהיבעל!"

איך האָב קיינמאָל אָף טשערנאָביל קיין לאָשנהאָרע ניט גערעדט. טשערנאָביל איז דאָך דאָס וויגעלע, וואָס האָט מיך פאַרהוידעט, פאַרשלעפערט און אופגעוועקט מיט די שענסטע ניגונים, מיט די שענסטע מעשׂיות, מיט די וווּנדערלעכסטע אַנטפּלעקונגען. טשערנאָביל — דאָס איז דאָך מײַן מאַמע, מײַן טאַטע, מײַנע זיידעס און באָבעס, דער ערשטער כיידער, וואָס האָט פאַר מיר אַזויפיל סוידעס געעפנט.

אַזויפיל ביכער האָב איך דאָ, אין טשערנאָביל, אײַנגעשלונגען אין די שאַבעסדיקע באַטאָגן און אין די ווינטערדיקע אָפּדערנאַכטן, ווען מײַן אויג האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרײַסן פון זיי ביזן לעצטן טראָפּן קעראָסין אינעם אַכטער לעמפּל.

טשערנאָביל — דאָס איז דער אומויסשעפּנדיקער קוואַל, פֿון וועלכן איך הער ניט אויף צו שעפּן ביז הײַנטיקן טאָג.

כאָלעמט זיך מיר א כאָלעם, א גוטער כאָלעם, א שלעכטער כאָלעם — איז וווּהין די כאָלוימעס זאָלן מיך ניט פֿאַרטראָגן, בראָדזשע איך אַלץ איבער די זאַמדן פֿון טשערנאָביל.

צווישן אַלע פֿרילינגען, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, האָבן די פֿרילינגען פֿון מײַן קינדהײַט און פֿון מײַן פֿרי̇ער יוגנט ניט אויסגעפֿעלט.

איבער א סאַך יאַמען און טײַכן האָט מיך דאָס לעבן געפֿירט. אַזויפֿיל שטורעמס, אַזויפֿיל כוואַליעס — אָבער עס האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן צו פֿאַרפֿלייצן און פֿאַרשלינגען אין זיך דעם פּריפּיאַט.

אין אַלע מײַנע וועגן האָט מיך טשערנאָביל קיינמאָל ניט געלאָזט אַליין, ער פֿלעגט שטענדיק קומען צו דער צײַט, מיך אַרײַנעמען אין זײַנע צאַרטע אָרעמס, מיך אָוועקטראָגן אין דער ווײַטער פֿאַרגאַנגענהײַט, מיך פֿאַרוויגן אין דער וויג פֿון מײַן קינדהײַט און מיך קרעפּטיקן מיט די שטאַרקסטע זאַפּטן פֿון מײַן ערשט אויפֿגייענדיקער יוגנט.

גערעכט, טויזנט מאָל גערעכט איז כאַי̇ם־נאַכמען ביאַליק, ווען ער זאָגט אין זײַן אוטאָבי̇אָגראַפֿישן שעדעווער „ספיח" („ווידערוווּקס"), אַז דער רייעך און דער טאַם פֿון די אַלע קינדערשע און יוגנטלעכע זעונגען ווערן מיט דער צײַט ניט געמינערט, פֿאַרקערט, וואָס מער צײַט עס גייט דורך, אַלץ לויטערער, אַלץ שאַרפֿער ווערן זיי, וואָס מער עלטער — אַלץ שטאַרקער איז זייער קראַפֿט, אַלץ מער איז זייער זיסקײַט. „ניטאָ קיין שטאַרקערער און אײַנציײַטיק קיין זיסערער ווײַן, ווי די אַגאָדע פֿון אונדזער קינדהײַט! איין טראָפּן פֿון איר איז אָפֿט גענוג צו פֿאַרשיקערן דאָס האַרץ ביז פֿון זינען אַראָפּ. עד כלות הנפש".

און ווער זשע האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז עס וועלן דורכגיין יאָרן, און עס וועט קומען א צײַט, און טשערנאָביל, מיט וועלכן מע האָט זיך געשאָלטן — „א טשערנאָהיבעל אַף דיר!" — זאָל ווערן א שעם־דאָווער און א בראָכע... אין 1973 איז בא די ברעגן פֿונעם פּריפּיאַט אויסגעבויט געוואָרן איינע פֿון די צוויי טורבאָגענעראַטאָרס פֿון דער ערשטער אַטאָם־עלעקטראָסטאַנציע אַף אוקראַי̇נע.

דער אַמאָליקער טשערנאָביל, ווי פֿינצטערניש אַף פֿינצטערניש האָט געהויערט, איז געוואָרן די שטאָט פֿון אומויסשעפּנדיקער קוועלנדיקער שײַן!

## רעב נאָכעמטשע דער גרויסער און רעב מאָטעלע דער טענצער

דעם פֿאַרוואָרפֿענעם און פֿאַרשטויסענעם שטעטל טשערנאָביל איז באַשערט געווען באַרימט צו ווערן און אויך באַרימט מאַכן א ריי אַנדערע שטעטלעך אַף אוקראַי̇נע. און געשען איז עס אַלפֿי־נעס. אַלפֿי־נעס האָבן די גרינדער פֿונעם כאַסידיזם אַראָפּגעשיקט קיין טשערנאָביל איינעם פֿון זייערע אָנגעזעענסטע טאַלמידים — רעב נאָכעמען, אַלפֿי־נעס איז בא רעב נאָכעמען געבוירן געוואָרן א זון רעב מאָטעלע, און אַלפֿי־נעס זײַנען בא רעב מאָטעלען געבוירן געוואָרן אַכט זין. האָט מען איינעם, רעב אַרענען, איבערגעלאָזט אין טשערנאָביל אַלס מעמאַלע־מאָקעם פֿון רעב מאָטעלען, און די זיבן ברידער זײַנען זיך צעפֿאָרן אין פֿאַרשיידענע סוויוועס.

דעם באַלשעמטאָווס טאַלמיד, וואָס איז געקומען פֿאַרפֿלאַנצן דעם כאַסידיזם אַף אוקראַי̇נע, האָט געשטאַמט פֿון נאָרינסק — האָט מען אים גערופֿן מענאַכעם־נאָכעם דער נאָרינסקער. מענאַכעם־נאָכעם דער נאָרינסקער האָט זיך געלערנט אין די ליטווישע יעשיוועס און געשעמט ווי אַן אילוי און מאַסמיד, ווי א כאַריף און באָקי. אין סאַמע ברען פֿון לערנען האָט ער דערפֿילט און באַנומען, אַז די האַלאָכע איז ניט פֿאַרן באַלמעלאָכע, אַז ס'איז א שווערער ביסן פֿאַרן פּאָשעטן אָרעמען יי̇דן — איז ער אַוועק צו רעב יי̇סראָעל באַלשעמטאָוו דערלערנען זײַן טוירע.

מענאַכעם־נאָכעם איז באַרימט געוואָרן בא די טשערנאָבילער און אין דער גאַנצער סוויווע אַרום און אַרום, מ'האָט אים צוגעגעבן אַזויפֿיל נעמען, אַז דער אַלטער, פֿון די קינדער־יאָרן צוגעלייגטער נאָמען מענאַכעם, איז ווי פֿון זיך אַליין אַראָפּגעפֿאַלן, און ס'איז געוואָרן — רעב נאָכעמטשע דער טשערנאָבילער, רעב נאָכעמטשע דער גרויסער, רעב נאָכעמטשע דער מאַגיד, רעב נאָכעמטשע דער כאַנינע בען דויסע פֿון זײַן דאָר, אין וועמענס זכוס עס האַלט זיך די גאַנצע וועלט און ער אַליין קומט אָפּ מיט גאָלע גאָרניט, מיט א קעזאַי̇ס.

ווען ער, רעב נאָכעמטשע, פֿלעגט אַרײַנקומען צו זײַן זון מאָטעלע און דערזען בא אים פֿיש אינדערוואָכן, פֿלעגט ער אים זאָגן:

— גוט־שאַבעס!

דאָס איז געווען א שטאָך, אַן אָנצוהערעניש, אַז ער, זײַן זון מאָטעלע, גייט ניט אַפֿן טאַטנס וועג, אַז ער איז אַן אויסברענגער.

שאַבעס אינדערוואָכן איז א הויכע מאַדרייגע, דאָס איז די אַלי̇ע פֿון דער נעשאָמע. דער שאַבעס אינדערוואָכן, וואָס באַשטייט בלויז פֿון אַכילע, איז די יערידע פֿון דער נעשאָמע, וואָס מאַכט נאָך וואָכעדיקער דעם אינדערוואָכן.

אין 1795 איז רעב נאָכעמטשע ניפֿטער געוואָרן. זײַן אייביקע רו האָט ער געפֿונען אַפֿן אַלטן טשערנאָבילער בעסוילעם, וואָס איז דאַן נאָך געווען דער נײַער, דער איין־און־אײַנציקער. אַרום און אַרום מאַצייוועס מיט באַרימערײַען, איין מעס האָט געפּרוווט איבערשטײַגן דעם צווייטן. יעדער איינער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט ווי אַן איש טאַם וועיאָשאָר, א כאָסיד־שעבעכאָסיד, פֿול מיט מײַסים־טויווים, ווי א מילגרוים מיט קערנדלעך.

אַלע באַלצדאָקעס, אַלע ראַכמאָנים בניי ראַכמאָנים, אַלע האָבן ליב געהאַט יענעם מער, ווי

זיך, אַלע — לאַמדאָנים, מופלאָגים, וואָס האָבן טאָג און נאַכט געלערנט טוירע און געדינט דעם אייבערשטן. און צווישן די אַלע מאַצייוועס איז געשטאַנען איינע אַ באַשיידענע מאַצייווע, די סאַמע באַשיידנסטע, אָן דער מינדסטער באַרימערײַ — די מאַצייווע פון רעב נאָכעמטשע, אַף וועלכער ס׳איז געווען אויסגעקריצט אַ „פּ״נ“, וואָס קומט יעדן ייִדן, וועלכער ליגט טיף אין דער ערד, זײַן נאָמען און די דאַטע, ווען ער איז ניפטער געוואָרן.

אָט דער אַלטער בעסוילעם איז געווען בישכיינעס מיט אונדזער שטוב, און איך האָב געזען, ווי טאָג־אײַן, טאָג־אויס פלעגן ייִדן קומען אַף קייווער־אָוועס און פלעגן בא דער באַשיידנסטער מאַצייווע פון רעב נאָכעמטשע אויסגיסן זייער ביטער האַרץ.

רעב נאָכעמטשע איז אַוועק, און מיט אים איז אַוועק אַ דאָר, ס׳איז געקומען זײַן זון רעב מאָטעלע, און מיט אים איז געקומען אַ נײַער דאָר.

פופציק יאָר האָט רעב מאָטעלע געפּראַוועט זײַנע טישן אין טשערנאָביל. פופציק יאָר האָט ער די אינדערוואָכנס אין שאַבעס פאַרוואַנדלט. רעב מאָטעלע האָט געהאַלטן פון דעם קלאַל, אַז גוטע ווײַנען און געשמאַקע מײַכאָלים זײַנען אין אַ פּאָשעטן מאָנטיק אויך גוט און אויך געשמאַק.

די כסידים פון דעם טויטן רעבן פלעגן, ווי רעב נאָכעמטשע, אונטערטראָגן רעב מאָטעלען אָנשטאָט אַ גוט־מאָרגן און אַ גוטן־אָוונט — אַ גוט־שאַבעס. דאָס האָט באַטײַט: אַז אָך און ווײ איז אַזאַ שאַבעס, ווײַל ווער עס מידט זיך ניט ערעוו שאַבעס, אַלע זעקס טעג פון דער וואָך, קאָן ניט פּראַווען קיין שאַבעס, קאָן ניט פילן דעם עמעסן טאַם פון שאַבעס.

אָבער אין איין מאַדרייגע איז רעב מאָטעלע געווען זייער שטאַרק, דאָס האָבן אַלע מוידע געווען, אַפילע זײַנע פּאַרביסנסטע קעגנער — אין זײַן טאַנצן. דער אָפּהילך פון זײַנע פּילצאָליקע טענץ איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז די קומענדיקע דוירעס האָבן מעקאַנע געווען דעם דאָר, וואָס האָט זויכע געווען זען מיט די אייגענע אויגן דעם וווּנדער פון רעב מאָטעלעס טענץ.

איין מאַדרייגע איז איין טרעפּל, און ס׳איז ניטאָ אַזאַ לייטער פון איין טרעפּל — איין טרעפּל קאָן אין ערגעץ ניט פירן, קאָן קיינמאָל ניט דערהייבן, ווי איין גוטע מידע, ווי איין מיצווע, ווי איין ליכט, ווען־מענס שײַן עס קאָן ווײַטער ניט אַוועק פון די ענגע שמאָלע טיש־גרענעצן.

וואָס מער מאַדרייגעס — אַלץ מער צאַדיק, און ער, רעב מאָטעלע, איז דער צאַדיק בלויז פון איין מאַדרייגע. דורך זײַנע טענץ האָט ער זיך מיסוואַקייעך געווען מיט זײַנע קעגנער, און ניט איין מאָל האָט ער זיי גויווער געווען און ניט איין מאָל האָבן זיי ניט ווילנדיק געמוזט מוידע זײַן, אַז רעב מאָטעלעס מאַדרייגע איז די מאַדרייגע פון די מאַדרייגעס...

ניט איין מאָל האָבן זיי געמוזט מוידע זײַן, אַז די גאַנצע קעדושע איז אַרײַן אין רעב מאָטעלעס פיס.

אַ קרײַז פון כסידים. רעב מאָטעלע איז אַרומגערינגלט און אַרײַנגעכאַפּט אינדערמיט. רעב מאָטעלע קאָן אָבער לאַנג ניט זײַן אָפּגעטיילט און אויסגעטיילט פון אַלעמען, ער רײַסט זיך אַרויס פונעם קרײַז און פאַרייניקט זיך מיט אַלע צוזאַמען.

אַ האַנט אַף אַ האַנט — און די הענט דערגרייכן אַזש ביז צום קיסע־האַקאָוועד. אויס דו, אויס איך, אויס איינס און אויס צוויי, אויס באַזונדערע גופים — איין גרויסער באַהעפטער גוף, אויס באַזונדערע נעשאָמעס — איין גרויסע פלאַקערנדיקע נעשאָמע. עס גייען דורך פופצן מינוט, צוואַנציק מינוט, אַ האַלבע שאָ — דער קרײַז ווערט אַלץ קלענער און קלענער, עס פאַרכאַפּט דער אָטעם, די פיס — קוים וואָס זיי רירן זיך, עס רײַסט זיך אָפּ אַ גוף נאָך אַ גוף, עס לעשט זיך אויס אַ פײַערל נאָך אַ פײַערל — און רעב מאָטעלע בלײַבט אַליין איינער, און ער איז אַף קיין רעגע ניט מאַפסיק. איצט באַדאַרף ער איינער אַליין טאַנצן פאַר אַלעמען!

באַזונדערס באַרימט זײַנען געווען רעב מאָטעלעס כאַסענע־טענץ. דער שוואָך וועגן זיי איז געגאַנגען פון דאָר צו דאָר, מע האָט באַווּנדערט, גערעדט און דערציילט וועגן זיי ווי וועגן די גרעסטע ניסים־וועניפלאָעס.

ווו נאָר אַ כאַסענע — פלעגט רעב מאָטעלע אַרויס מיט אַ לעכאָ־דוידי־ליקראַס־קאַלע־טאַנץ. ער טאַנצט פאַר דער כופּע, נאָך דער כופּע, ער טאַנצט איבער די גאַסן, אין הויף, אין שאַלאַש און אין שטוב.

יעדער טאַנץ — אַ באַזונדער מאַזלטאָוו, יעדער טאַנץ — אַ באַזונדערע בראָכע.

און אַז רעב מאָטעלע פלעגט אַ פּאָכע טאָן מיט זײַן פאַטשיילע, זײַנען מעכוטאָנים גליקלעך געווען — רעב מאָטעלע פאַרלאַנגט טאַנצן מיט דער קאַלע.

אין איין קעהערעף־אײַען וואַקסט אויס אַ קרײַז, קלעזמער שפּילן, און פליעסקענדיקע זיך הייבנדיקע הענט קלאַפּן צו צום טאַקט.

דעם רעבנס פאַטשיילע ווערט ווי אַ זעגל, פון ווינט געטריבן, עס פעלט אויס אָרט — און דער קרײַז צעציט זיך און שפּרייט זיך פאַנאַנדער אַלץ לענגער און ברייטער.

די קאַלע ווײַזט די קראַפט פון איר יוגנט. רעב מאָטעלעס אויגן זײַנען געשלאָסן, ווי בא דער סאַמע היסלײַוועסדיקער טפילע, און די פיס בלאָנדזשען ניט — זיי טרעפן און שלאָגן זיך אין ערגעץ ניט אָפּ פונעם טאַקט.

נאָר ווי לאַנג קאָן מען טאַנצן? די קראַפט פון דער יוגנט ווערט אויסגעשעפּט, די קאַלע הייבט אָן צושטיין און אָפּשטיין, פּלאָנטערן מיט די פיס און פאַלט אַרויס פונעם טאַנץ. רעב מאָטעלע בלײַבט אַליין, אַליין דאַרף ער טאַנצן

פאַר צוויי — פאַר זיך און פאַר דער קאַלע, פאַר כאָסנס־צאַד און קאַלעס־צאַד, אַליין פאַר אַלעמען! און ער טאַנצט, און דער טאַנץ ווערט פון מינוט צו מינוט לייַכטער און פלינקער.

כסידים זייַנען זיכער, אַז רעב מאָטעלע האָט שוין דערגרייכט די מאַדרייגע פון אויס גוף, אויס גאַשמיִעס, הוילע רוכניעס, און אַז מע וואַרפט פון זיך אַראָפּ אַזאַ שווערע מאַסע, אַזאַ שווערן אָל — ווערט מען לייַכט, ווי אַ פעדער, און מע קאָן אומעטום פאַרפליִען, אומעטום דערגרייכן.

ווי נאָר אָבער רעב מאָטעלע פלעגט אופהערן טאַנצן, פלעגט זיך אָפּטאָן פון אים דער שעמהאַמפוירעש און די אוילעמהאַזעדיקע טייַוועס פלעגן טיף אין אים נעמען הוליען, ווי אַ מאַכנע יעיצערהאָרעדיקע דיבוקים.

— מאַשקע! דערלאַנגט אַהער נאָך אַ ביסל מאַשקע! אַ מעכייַע! נייַנציקער! עס ברענט אַ פייַער! כסידים דאַרפן טרינקען נייַנציקער, נאָר נייַנציקער, הייס אָדער קאַלט, נאָר ניט לעבעדיק!

רעב מאָטעלע האָט, ווי דער טאַטע זייַנער רעב נאָכעמטשע, געהייסן „דער מאַגיד", אָבער אין זייַן מאַגידעס האָט געפעלט זאַלץ און פעפער, האָט געפעלט די נייַנציקער פון אָנצינדן, פון אופוועקן און דערהייבן. אין זייַן זאָגן האָט ער קיינמאָל ניט דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט דערגרייכט אין זייַן טאַנצן.

אינדערעמעסן, ווי האָט ער געקאָנט מוסערן, רעדן וועגן סכאַר און אוינעש, וועגן גאַניידן און געגעם, וועגן יענער־וועלט, וואָס זי איז טויזנט מאָל בעסער פון דער וועלט, — אַז ער איז געווען אַזאַ אוילעמהאַזעניק, אַז פאַר איין שטיקל געפילטע פיש וואָלט ער אוועקגעגעבן דעם ליוויאָסן און שאָר־האַבאָר צוזאַמען, אַז איין קאָס נייַנציקער דאָ אָף דער וועלט איז בא אים ליבער און טייַערער געווען, איידער דער כאַמאַר מראָס דעמיבריישיס, ווי דער אַלטער, סאַמע אויסגעשטאַנענסטער ווייַן, אַזש פונעם ערשטן טאָג, זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. און טאַקע דערפאַר איז קיינער ניט ניספּאָעל געוואָרן פון זייַן מאַגידעס, פון זייַן טוירע, און קיינער, קיינער האָט אים ניט גערופן „דער גרויסער".

אין דער ערשטער צייַט, ווען רעב מאָטעלע האָט זיך נאָך ניט געלאָזט אינגאַנצן פאַרפירן פון די אוילעמהאַזע־טייַוועס, האָט ער אַליין געפילט, אַז ס'איז אים ווייַט, זייער ווייַט צו זייַן טאַטן רעב נאָכעמטשע. ער האָט אַפילע איינמאָל זיך געווענדט צו איינעם פון זייַנע כסידים, צום לאַמדן רעב ייִסראָעל, דעם וועלעדניקער ראָוו:

— לייג אוועק דייַן קאָפּ אָף מייַן האַרצן, און ס'וועט זייַן גוט פאַר מיר און פאַר דיר, פאַרן סייכל און פאַרן האַרצן. דייַן קאָפּ און מייַן האַרץ, אַ שוטפעס צווישן ראַבאָנעס און כסידעס.

אָבער דערנאָך האָט רעב מאָטעלע מער ניט געטראַכט וועגן שוטפעס, ער האָט שוין געקאָנט זייַן שטעטל אַליין באַשטיין. פּידיוינעס האָבן פייַנט שוטפעס, זיי געהערן אים אַליין. מיט אַ כיילעק אוילעמהאַבע איז יעדער ייִד פאַרזיכערט, און וואָס איז שייַעך דעם כיילעק אוילעמהאַזע, קומט ער ניט יעדן איינעם אָן. ער, רעב מאָטעלע, האָט זויכע געווען צו זייער און זייער אַ שיינעם כיילעק. און טאַקע דערפאַר, ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט זיך אים שטאַרק ניט געוואָלט זיך צעשיידן מיט דער וועלט. דאָ איז ער דער איין־און־איינציקער, דער רעבע, דער פירער, דער מוישל, און דאָרטן, אין גאַניידן, צווישן די אָוועס, צווישן מוישע און אַרן, צווישן ראַבי אַקיווע און כאַנינע בען טראַדיען, צווישן די צאַדיקים פון פאַרשיידענע דוירעס, וואָס האָבן זיך מויסערנעפעש געווען אָף קידעש־האַשעם, וועט ער זייַן דער לעצטער שעבעלעצטער, קיינער וועט זיך ניט אַרומקוקן אָף אים. ניין, בעסער דאָ, ווי דאָרטן.


פון רעכטס אָף לינקס: מוישע אַלטמאַן און אירמע דרוקער. אָדעס, 1967

רעב מאָטעלע האָט געבעטן ראַכמים זייַנע זין, זיי זאָלן אים פירן קיין קיִעוו צו אַ פּראָפעסאָר. זכוס־אָוועס איז אַוואַדע אַ גרויסע זאַך, טהילים איז טאַקע טהילים, און ניסים ווייַזן וווּנדער, נאָר ווען עס גייט אַ רייד וועגן אייגענעם לעבן, טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן אָף קיין ניסים.

די זין האָבן אויסגעפילט דעם ווילן פון זייער פאָטער.

קיין קיִעוו איז מען געפאָרן דורך האָרנאָסטייַפּאָל, און מ'האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט נעכטיקן מיטן געפערלעכן כוילע, רעב מאָטעלען, בא זייער ברודער יאַנקעוו־ייִסראָעל, וואָס איז געווען דער האָרנאָסטייַפּאָלער רעבע. אָף מאָרגן האָט זיך יאַנקעוו־ייִסראָעל, דער האָר־

נאַסטײַפּאַלער צאַדיק, קעגנגעשטעלט זײַנע ברידער — איינמאָל ניין, ער וועט ניט לאָזן פירן דעם קראַנקן פֿאָטער קיין קיִעוו, ער קאָן ניט און טאָר ניט זיך אָפּזאָגן פון דער גרויסער קיבעד־אָוו־מיצווע.

דער מיין איז געווען א פֿאַשעטער: דער פֿאָטער האָט געציילטע טעג און עפשער אפילע געציילטע שאָען, און אז ער וועט קומען צו קווורע אין האַרנאַסטײַפּאָל, וועט דער קייוור ווערן א קוואַל פון פּאַרנאָסע — פון גאָר דער וועלט וועלן כסידים פּאָרן אהער, קיין האַר־נאַסטײַפּאָל, אף רעב מאָטעלעס קייוור.

יאַנקעוו־ייִסראָעל איז, פאַר קיין רעבן גע־דאַכט, געווען א גרויסער נעמער, און ער האָט אפילע אין דעם טויטן טאַטן געוואָלט פּאַרדי־נען. פּידיען פלעגט ער נעמען בא יעדן כאָסיד אָדער לויט דער צאָל, וואָס עס באַטרעפן די אויסיִעס פונעם כאָסידס נאָמען, אָדער פון זײַן ווײַבס נאָמען.

מע דערציילט, אז איינמאָל, ווען איינער א כאָסיד האָט אויסגעקליבן דעם נאָמען פון זײַן ווײַב כײַע, איז יאַנקעוו־ייִסראָעל געבליבן שטאַרק אומצופרידן, ער האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט איינגיין אף אזא קורצן נאָמען, אף אזוי ווייניק געלט, און ער האָט זיך אָנגע־רופן צום כאָסיד, וועמענס ווײַב עס האָט גע־הייסן כײַע:

— עס קאָן דאָך ניט זײַן, אז דײַן כײַע זאָל בא דיר שטענדיק זײַן א כײַע, עס קומט דאָך אף דיר געוויס אָן די גוטע מינוט, און דו רופסט זי כײַעלע — אזוי, אז צאָל פאַר כײַעלען און ניט פאַר כײַען.

ארום קראַנקן פֿאָטער איז פֿאָרגעקומען א מאַכלויקעס, די ברידער האָבן זיך גלײַך אָנגע־שטויסן, וואָס יאַנקעוו־ייִסראָעל מיינט, און זיי האָבן דאָס אים ארויסגעזאָגט אָפּן און קלאָר.

די ברידער האָבן אויסגעפירט זייערס. זיי האָבן זיך לאַנג ניט פאַרזאַמט און גלײַך נאָכן אינדערפריִעדיקן דאַוונען ארויסגעפאָרן פון האַרנאַסטײַפּאָל אָפּן וועג קיין קיִעוו.

— ניט אונדז און ניט אים, קיינעם ניט! — האָבן די ברידער געשטילט זייער נעקאָמע. קיין קיִעוו האָבן זיי ניט באַוויזן דערפירן זייער קראַנקן פֿאָטער — אין אַנאַטאָווקע, ניט ווײַט פון קיִעוו, איז רעב מאָטעלע ניפטער געוואָרן.

דער נאַוועגאָדנער גאָלעסדיקער טויט פון רעב מאָטעלען האָט געמאַכט א גרויסן רוישעם, די כסידים פונעם טויטן רעבן רעב נאָכעמטשע האָבן געהאַלטן, אז דאָס איז א שטראָף פון זײַן ליבן נאָמען פאַר דעם, וואָס ער, רעב מאָטעלע, האָט אָפּגעקערט פון דעם טאַטנס וועגן.

די מערהײַט כסידים האָבן אָבער אין דעם אײַנגעזען א גרויסן גנאָד פון זײַן ליבן נאָ־מען — די מאַמע ראָכל איז דאָך אויך גע־שטאָרבן אינמיטן וועג... אז מע וועט טרײַבן ייִדן פון קיִעוו, פון די דערפער, וועלן זיי קאָ־נען צופאַלן צום קייווער פונעם צאַדיק, און ווי די מאַמע ראָכל, וועט דער טאַטע רעב מאָ־טעלע זיך אָנעמען פאַר זײַנע פאַרטריבענע קינדער און מיספּאַלעל זײַן פאַר זיי.

וואָס א דאָר — אַלץ ערגער. נאָך מער, ווי רעב מאָטעלע, האָבן אָפּגעקערט פון רעב נאָ־כעמטשעס הויכע און ווײַטע דראָכים די אייניק־לעך. אכט הויפן האָבן זיך פאַרמאָסטן צווישן זיך, ווער רײַכער, ווער פריצישער, בא וועמען מער שענערע פּאָקאָיעס, בא וועמען מער שע־נערע זילבערנע און גילדענע קיילים, בא ווע־מען מער שטאַרקערע ווײַנען, מער זאַטערע טישן, בא וועמען מער כסידים און בא וועמען מער פּידיוינעס.

ווי ווײַט ס'איז געווען דער מעהאַלעך פון רעב ייִסראָעל באַלשעמטאָווס סקריפּענדיקן טאַבורעט ביז דאָווידל טאַלנערס גאָלדענער שטול, אף וועלכער ס'איז געווען אויסגעקריצט: „דוד מלך ישראל חי וקים״ — דאָוויד דער קיי־סער פון די ייִדן לעבט!

די אורייניקלעך זײַנען אוועק נאָך ווײַטער פון די אייניקלעך. ס'איז דערגאַנגען אזוי ווײַט, אז די טשערנאָבילער כסידישע מעלוכע האָט זיך צעטיילט אף צוויי מעלוכעס, אף צוויי באַזונדערע הויפן, אף צוויי באַזונדערע טישן. מיר איז אויסגעפאַלן צו זען די לעצטע צוויי הויפן אין טשערנאָביל, די לעצטע צוויי ראַ־בײַים. שלוימע־שמועל האָט געהייסן „דער אַל־טער״ און שלוימע־בענציִען — „דער יונגער״. צוויי שוועסטערקינדער, צוויי טווערסקיס, און געווען זײַנען זיי צווישן זיך פײַער און וואַ־סער. און ווי די ראַבײַים — אזוי די כסידים. האָט זיך באַגעגנט א כאָסיד פון דעם אלטן רעבן מיט א כאָסיד פון דעם יונגן — האָט גע־מוזט קומען צו א מאַכלויקעס: „מײַנער און דײַנער, דײַנער און מײַנער״.

— דײַנער האָט קיין פּונק ניט פון די ריי־שוינים.

— און דײַנער איז צווישן די אכרוינים דער לעצטער שעבעלעצטער.

— דײַנער איז א נעמער!

— און דײַנער איז א געבער?

— מײַנער באַנוגט זיך מיט ווייניק. אז מע גיט אים איבעריקס, גיט ער אויסגאָב. און דײַן רעב שלוימע־שמועלקע האָט א גראָבן בויך, און א גראָבער בויך באַדאַרף האָבן א סאַך.

— דײַנער קען קוים אָפּדראַפּען א פּיירעק מישנײַעס.

— און דײַנער ווייסט ניט, וויאַזוי א געמאָרע עפנט זיך.

— בא דײַנעם זײַנען ייִנגלעך באַכמאַטשעס מיט קאַפּאָטקעס און מיט פוסטע קעפּ, זיי ווילן ניט און וועלן קיינמאָל ניט קענען לערנען.

— און די טעכטער פון דײַנעם שפּאַצירן אינדערפינצטער מיט געגאָלטע, מיט דער רועך ווייסט וועמען...

די צוויי טשערנאָבילער באַזונדערע כסידי־שע לאַגערן האָבן ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן און בעשום־אויפן זיך ניט געקאָנט פאַרשטעלן,

אז צוויי קיניגן זאָלן קיניגן מיט איין קרוין. די כסידים פון דעם יונגן רעבן האָבן געהאלטן, אז די קרוין קומט בלויז שלוימע־בענציִענען, און די כסידים פון דעם אלטן רעבן זײַנען זיכער געווען, אז דער עמעסער צאדיק איז שלוימע־שמועל, אז בלויז זײַן קאָפּ איז דער געזאלבטער קאָפּ, אז בלויז זײַן קאָפּ איז ראָע צו טראָגן די קרוין פון כאסידעס.

אף די שטענדיקע, אומופהערלעכע רײַסערײַען און קריגערײַען צווישן די פארשיידענע ראביִישע הויפן האָט יאנקעוו קראנץ, דער דובנער מאגיד, אמאָל געזאָגט:

— א מאָדנע זאך מיט די כסידים! אז איך רעד מיט א כאָסיד פון קאָצק, שיט ער פעך און שוועבל אפן מאנאסטרישטשער רעבן, און ווען איך רעד מיט א כאָסיד פון מעזשביזש, מאכט ער אויסצודרייען דעם ריזשינער, דער ריזשינער איז גאָר קיין רעבע ניט. איינער גלייבט ניט דעם אנדערן. איך גלייב זיי אָבער אלע, זיי זײַנען אלע גערעכט...

איינער א כאָסיד האָט באשטימט זיך אָפּרעכענען מיטן דובנער מאגיד פאר זײַן לעסטערן אלע ראביִים, און ער האָט אים ליפניי קאָהאָל וואָיידאָ א זאָג געטאָן:

— רעב יאנקעוו, ווי קומט דאָס, אז איר, אזא איש טאם וועיאָשאָר, וואָס האלט אין איין מוסערן א וועלט פון דעם גרעסטן ביזן קלענסטן, וואָס רעדט וועגן די ראביִישע פּידיוינעס ווי וועגן גזיילע, זאָל פאָדערן געצאָלטס פאר שטראָפן, ווי קומט עס, הא?

דער דובנער מאגיד האָט זיך ניט פארלוירן און מיט א שמייכל גוטמוטיק אָפּגעענטפערט דעם כאָסיד:

— עס מאכט ניט אויס, גאָט שטראָפט אויך ניט אומזיסט...

## „רעב בער, אן אייצע, רעב בער, א שײַלע״

אונדזער שטוב איז געשטאנען אף א בערגל. דער ברייטער הויף מיט זײַן ארוף און אראָפּ איז ניט געווען פארצאמט מיט קיין פלויט. ווער נאָר ס׳האָט ניט געוואָלט אָנלייגן קיין איבעריק וועג, פלעגט ער דורכגיין אונדזער הויף. אף דורכפאָרן מיט א פור האָט מען אויך ניט באדארפט האָבן קיין באזונדערע דערלויבעניש, מיט איין וואָרט — א רעשוס־האָראבים־הויף. איז מען טאקע ניט געווען אליין, איז טאקע ניט געווען אומעטיק — אלעמאָל אן אנדער דורכגייער, אלעמאָל א באזונדער מין מענטש, אלעמאָל א באזונדערער גאנג, א באזונדער גענגל.

די שטוב אונדזערע איז געווען די גרענעץ צווישן דעם אלטן און נײַעם שטעטל — איר מיזרעך־וואנט האָט געשעפּט זון־אופגאנג און זון־שײַן פון דער אלטער שטאָט, און די שקיִע, ווי אפצולאָכעס, פלעגט פאָרקומען אין דעם נײַעם שטעטל — דאָרט, ווו די סאוויונעס האָבן געלעבט.

פארזינדיקט איז געווען אונדזער שטוב ניט בלויז מיט איר מיזרעך־וואנט, נאָר אויך מיט איר גרייס, מיט די צוויי צוגעבויטע הײַזלעך — איינס פון צוויי צימערן און דאָס צווייטס פון איין צימער אף צו פארדינגען שכיינים.

אזא גרייס, אזא אויסטיילן זיך האָט נאָך קלענער געמאכט די קליינע הײַזקעס פונעם ארום. און דאָך האָבן די סאוויונעס ניט געטראָגן קיין טארומעס אף אונדזער שטוב, זיך ניט אָפּגעטיילט און ניט אָפּגעשיידט זיך פון איר. פון קליין ביז גרויס האָבן זי געהאלטן פארן אָנהייב פונעם נײַעם שטעטל, פאר דער ערשטער סאוויונסקער שטוב.

געבויט האָט די שטוב דער עלטערזיידע רעב בערל, וואָס איז געווען געמאָרע־מעלאמעד אין רעבנס הויף. דער סכארלימעד איז געווען א ביז גאָר קליינער, ער האָט קוים געקלעקט אף זיך ווי־ניט־איז צו דערנערן און אף צו דינגען אן ענגן פינצטערן צימער. ווינען אין אזא צימער מיט א גרויס הויזגעזינד — האָט מען שוין כיבעט־האקייווער ניט באדארפט אָפּקומען.

וויאזוי זשע און פונוואנען איז אויסגעבויט געוואָרן אזא דירע, אז ס׳זאָל זײַן געראם פאר זיך און מע זאָל נאָך קאָנען פארדינגען שכיינים?

נאָך אין די יונגע יאָרן האָט זיך דער עלטערזיידע רעב בערל ארויסגעוויזן אלס טאלמיד מיט אן אײַזערנעם זיקאָרן. מע איז אים מעקאנע געווען: מיט אזא זיקאָרן וועט ער פארשפּאָרן זיך אויסברענגען, ער וועט ניט באדארפן קיין שראנק מיט ספאָרים, ער וועט שטענדיק ארומטראָגן זײַן שראנק מיט זיך, אין זיך, אין זײַן מויעך, אין זײַן זיקאָרן. ווען בערל איז נאָך גאָר ניט לאנג געווען בערעלע, האָט ער שוין געקענט אף אויסווייניק אלע זעקס סדאָרים פון מישנײַעס, די אגראר־דינים פון „זרעים״, די דינים וועגן שאבעס, יאָמטויווים און טאנייסים פון „מועד״, דאָס צוזאמענלעבן פון מאן און ווײַב, פאמיליע־ און געט־רעכט פון „נשים״, ציוויל־ און קרימינעל־רעכט און געריכט־פּראָצעדור פון „נזיקין״, דאָס ברענגען קאָרבאָנעס, בייסהאמיקדעש־קולט, שכיטע און הילכעס עסן פון „קדשים״, ריטועלע היגיִענישע ריינקײַט פון מענטשן, קיילים און ביניאָנים פון „טהרות״. בערל איז ניט געווען קיין בארימער, ווען ער האָט געזאָגט וועגן זיך, אז יעדן דין, אין וועלכן מישנײַעס, אין וועלכער מעסיכטע און אין וועלכן פּיירעק ער זאָל זיך ניט אויסבאהאלטן, וועט ער אים גלײַך אָנכאפּן און אָנטאָפּן. פאר אים זײַנען ניטאָ קיין שום באהעלטענישן.

ער איז ווײַט ניט געווען קיין בארימער, ווען ער האָט געזאָגט, אז ער איז זיכער און ווייסט דעם גאנג פון מישנײַעס, ווי ער ווייסט די וועגן און שטעגן, די גאסן און געסלעך פונעם נײַעם שטעטל, אז אלץ, אלץ ציט זיך לײַכט פון זײַן זיקאָרן, רײַסט זיך פון זײַן מויל און

קלינגט אַף דורך זײַן קאָל, ווי דאָס זאָגן א גוט־מאָרגן, ווי צווינטשעווען א גוט־יאָר.
בערלס רום איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, האָט ווי אַף פליגלען זיך פאַנאַנדערגעטראָגן פון שטעטל צו שטעטל, פון סוויווע צו סוויווע — א האַפּלע־וואַפּעלע־יונגערמאַן, א יונגערמאַן א צאַצקע, אַזוינס איז נאָך ניט געווען.
די „ניט־גלייביקע" האָבן זיך געוואָטן מיט די „גלייביקע": וועט בערל אויסהאַלטן דעם פאַרהער, גיבן זיי פופציק רובל אים טאַקע, בערלען, אין קעשענע אַרײַן, און וועט ער זיך פאַרפּלאָנטערן און ניט קאָנען אַרויסקריכן, וועט עס די „גלייביקע" קאָסטן א הונדערטער אַף קאַהאַלשע באַדערפעניש.
א געוועט איז א געוועט. האָט מען אויסגעטיילט א מיניען „כאַפּערס" פון די גרעסטע טשערנאָבילער לאַמדים, זיי זאָלן כאַפּן בערלען אין א גרײַז, אין א טאָעס און באַווײַזן, אַז דער נעס איז קיין נעס ניט, ער איז אויסגעטראַכט פון אָנהייב ביזן סאָף.
נײַגעריקע זײַנען זיך אָנגעפאָרן פון פאַרשיידענע ערטער, ווי אַף יאָמים־נוראָים. אַפן טיש זײַנען געווען אויסגעלייגט אַלע זעקס מישנײַעסן אין די לעדערנע אײַנבונדן, גרייט צו יעדער מינוט זיך פאַנאַנדערפעפנען און, ווי די שווערדן, אַרויס פון זייערע שיידלען. זעקס מישנײַעסן — ווי זעקס שטרויכלונגען, ווי זעקס לאַקערונגען, גרייט אונטערשטעלן א פיסל, אַז באַ דעם מינדסטן גרײַז זאָל בערל ברעכן רוק־און־לענד.
אָן אָנהייב פון א פּאַסעק — און מע פאָדערט פון רעב בערלען אָנווײַזן, ווו אין די מיט, מיט וואָס ענדיקט זיך און מיט וואָס הייבט זיך אָן דער נײַער פּיירעק. האָט בערל אויסגעפילט דעם ווילן פון זײַנע „כאַפּערס" און איז אַפילע אין קיין איין אָס ניט געשטרויכלט געוואָרן. צוויי שאָ האָט געדויערט דער פאַרהער, די „כאַפּערס" האָבן זיך אונטערגעגעבן — ס'איז אומעגלעך געווען אים צו כאַפּן!
די „ניט־גלייביקע" האָבן געבעטן בערלען, ער זאָל זיי מויכל זײַן, און אָנשטאָט דעם צוגעזאָגטן פופציקער האָבן זיי אים געגעבן א הונדערטער.
אויך די „כאַפּערס" האָבן געפּרוווט אויסקויפן זייער זינד בערלען, און יעדער איינער האָט אים געשענקט וויפל נאָר ער האָט געקאָנט.
דערנאָך זײַנען אָנגעקומען נײַגעריקע פון גאָר ווײַטע ערטער, און זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פאַרשטעלן און ניט געקאָנט גלייבן אין דעם, וואָס מע האָט זיי דערציילט וועגן דעם פאַרהער.
— מע האָט אים שלעכט פאַרהערט, אָט מיר וועלן פּרוון אים פאַרהערן — בלויז דאַן וועלן מיר זיך איבערצײַגן און איר וועט זיך איבערצײַגן, אַז ס'איז ניט אַזוי.
די אָנגעקומענע פון די ווײַטע ערטער האָבן אויסגעטיילט נײַע „כאַפּערס", וועלכע האָבן באַקומען אָן אָנווײַזונג, אַז זייער פאַרהער זאָל זײַן א צען מאָל שווערער, זיי מוזן בערלען פאַרפּלאָנטערן, זיי מוזן אים כאַפּן אין דער נעץ.
און בערל איז געגאַנגען צום צווייטן פאַרהער רויק און זיכער, ווי צום ערשטן.
די נײַע „כאַפּערס" האָבן אָנגעגריפן בערלען מיט אַלע זעקס מישנײַעסן צוזאַמען, מיטאַמאָל. קיין פּסוקים אַף זיך אָנכאַפּן אין זיי האָט מען אים ניט געגעבן, זיי האָבן זיך באַנוגנט בלויז מיט געציילטע ניט־דערזאָגטע ווערטער פונדאַנען און פון דאָרטן, און בערל האָט יעדן „פונדאַנען" און „פונדאָרטן" אַוועקגעשטעלט אַפן אָרט. ווי א קישעפמאַכער מיט פאַרמאַכטע אויגן, וועלכער געפינט אויס א נאָדל אין א סטויג שטרוי, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין יעדן וואָרט, אים פאַרייניקט מיט די ווײַטערדיקע ווערטער און גענומען אײַלן איבער די שורעס.
— גענוג, גענוג! — האָבן גענומען שרײַען די „כאַפּערס".
פאַר אָט דעם אויסגעשפּילטן געלט האָט דער עלטערזיידע רעב בערל טאַקע אויסגעבויט זײַן שטוב מיט די צוויי צוגאָב־שטיבלעך אַף צו פאַרדינגען שכיינים.
די ערשטע סאַוויונסקע שטוב, וואָס האָט מיט איר מיזרעך־וואַנט געשלאָסן די אַלטע שטאָט און מיט די איבעריקע דרײַ טיילן אירע געעפנט דעם אָנהייב פונעם נײַעם שטעטל, האָט אין טשערנאָביל געהייסן די מישנײַעס־שטוב.
די סאַוויונעס האָבן שטאָלצירט מיט אָט דער שטוב: עפּעס א קלייניקײַט, דאָ וווינט דער, וועלכער קען אַזוינס, וואָס קיינער קען ניט! און דער עלטערזיידע רעב בער האָט געגעבן אייצעס און געפּאַסקנט שײַלעס.
טרײַנע די מילכיקערן, וואָס פלעגט פאַנאַנדערטראָגן מילך אין די נעגידישע הײַזער, לויפט אַרײַן מיט א גוואַלד:
— רעב בערל! א גרויסער אומגליק האָט מיך געטראָפן. מיר דוכט זיך, אַז ווען כ'האָב פאַנאַנדערגעגאָסן די מילך פון די עמערס, האָבן עטלעכע טראָפּנס א שפּריץ געטאָן אַפן פלייש, וואָס איז פונקט געלעגן אַפן זאַלץ־ברעטל.
רעב בערל גיט א פרײַנטלעכן שמייכל און באַרויקט טרײַנען:
— אָן אָווירע, וואָס עס דוכט זיך, אַז מ'האָט זי געטאָן, איז קיין אָווירע ניט. דאָס פלייש איז קאָשער, און איר האָט קאָשער פאַרדינט א שטיקל פלייש אַף שאַבעס, עסט געזונטערהייט.
די גליקלעכע טרײַנע באַווײַזט נאָך ניט אַרויס פון בערלס הויז — גלײַך א צווייטער אומגליק. דער אומגליק איז אַזוי גרויס, אַז עסטער־איטע די פעדערן־פליקערן קאָן עס ניט אַרויסרעדן און קאָן עס ניט אויסדערציילן פאַר רעב בערלען — עס שטיקט זי, טרערן קײַקלען זיך פון אירע אויגן, די הענט אירע ציטערן. און דער אומגליק, אײַנגעוויקלט אין א ווײַסן האַנטעך, צאַפּלט און וואַרפט זיך און ציטערט פאַר שווערן פּסאַקדין, וואָס אים דערוואַרט דאָ.

קאַלטער כוידעש שוואַט, און אַזאַ הייסער ניגון! ער פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין מײַן האַרצן און זינגט פון מיר אָפּט אַרויס, און שטענדיק, ווען איך הער אים, דוכט זיך מיר, אַז איך הער אים צום ערשטן מאָל, ווײַל אַלעמאָל טראָגט ער און ברענגט מיט זיך עפּעס נײַס, אַלעמאָל אַ נײַ אַנטפּלעקטן סאָד, אַלעמאָל קערט ער דיר אום דאָס, וואָס דו ביסט פריִער דורכגעגאַנגען פאַרבײַ און ניט באַמערקט — ס׳איז דײַנס, דו האָסט עס פאַרלאָרן, איז נאַ דיר עס און היט עס, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. אַ וווּנדערלעכער ניגון! אָט האָט איר אים! אָט נאַט אײַך אים!

די ליבע צו רעב בערלען האָט דער דאָר פון די עלטערזיידעס איבערגעגעבן צו די זיידעס, און די זיידעס — צו די טאַטעס.

דער טאַטע מײַנער האָט געהייסן כאַיִם, זײַן טאַטע האָט געהייסן כאַצקל, אָבער גערופן האָט מען אים כאַיִם־כאַצקל־בערלס. די טשערנאָבילער האָבן ניט געוואָלט, אַז רעב בערלס נאָמען זאָל פאַרגעסן ווערן.

מײַן עלטערן ברודער בערל, וואָס איז אַ נאָמען געווען נאָכן עלטערזיידן, האָט מען גערופן בערל־כאַיִם־כאַצקל־בערלס. אויך מיך האָט דער דאָר פון די זיידעס און טאַטעס גערופן ניט אַנדערש, ווי אירמע־כאַיִם־כאַצקל־בערלס...

---

# כראָניק

## טעאַטער און עסטראַדע

### „דער פּאַרקישעפטער שנײַדער" אויף די בינעס פון דער הויפּטשטאָט

דער מאָסקווער ייִדישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל (קינסטלערישער אָנפירער פעליקס בערמאַן) האָט לעצטנס באַוויזן פאַר די צושויער פון דער הויפּטשטאָט זײַן נײַעם ספּעקטאַקל „דער פּאַרקישעפטער שנײַדער", אינסצענירט לויט שאָלעם־אַלייכעמס ווערק.

די צושויער־זאַלן אין האָטעל „סאָוועטסקאַיאַ" און אין מאָסקווער זומער־גאָרטן אויף באַומאַנס נאָמען, ווו דער טעאַטער־קאָלעקטיוו איז אַרויסגעטראָטן, האָבן יעדן טאָג, צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד, צוגעצויגן אַ גרויסן עולם ליבהאָבער פון ייִדישן טעאַטער.

### גאַסטראָלן פונעם ווילנער פאָלקס־טעאַטער

נאָך זײַנע אַרויסטרעטונגען אין ווילנע האָט דער היגער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער דורכגעמאַכט אַ גאַסטראָל־רײַזע אין דער קוראָרט־שטאָט פּאַלאַנגע, ווו ער האָט מיט דערפאָלג אויפגעפירט איינע פון זײַנע בעסטע שטעלונגען „די קישעפמאַכערן".

דער וואָקאַל־מוזיקאַלישער אַנסאַמבל פונעם פאָלקס־טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון י. מאַגיד איז אַרויסגעטראָטן אין די ווײַסרוסישע שטעט באָריסאָוו און באָברויסק מיט אַ רײַכער קאָנצערט־פּראָגראַם פון ייִדישע לידער און טענץ.

■ ■ ■

## קינסטלער
## על:יעזער ליסיצקי

די הילע און די ערשטע זײַט פון מאני לײבס מײַסעלע „ייִנגל־צינגל־כוואַט"






## שעדעווערן פון דער פוילישער מאַלעריי־קונסט

(פון דער עקספּאָזיציע אין צענטראַלן אויסשטעלונגס־זאַל אין מאָסקווע)



קינסטלער א. גערימסקי (1850 — 1901)
די פאַרקויפערן פון לימענעס

קינסטלער פּ. קאָסטשעווסקי (1826 — 1911) א סרייפע אין שטעטל





קינסטלער יאַן מאַטייקאָ
(1893 — 1838)
אויטאָפּאָרטרעט

קינסטלער פּ. שטרייט (1839 — 1890) וואַנדער־קלעזמער







## קינסטלער על׳עזער ליסיצקי

אילוסטראַציעס צום בוך „ווײַסרוסישע פֿאָלקס־מײַסעלעך“





# הערצער זיך צעבליִען

## צוזאַמען מיט דער ראַטע

כ'האָב אומגעריכט דערהערט אין גאַס,
ווי ס'זינגט, מארשירנדיק, א ראַטע
די ליד, וואָס כ'האָב אמאָל פארפאַסט, —
אין איר — מײַן הארץ, אין איר — מײַן אָטעם.

ס'איז שוין אדורך אזוי פיל צײַט,
זינט ס'איז די ליד פארפאַסט געוואָרן,
איך הער זיך צו — זי קלינגט פארשײַט,
זי האָט איר האַסט ניט אָנגעוואָרן —

לינקס! לינקס!
לינקס! לינקס!
פעסטער שטעל דעם טראָט,
פיל אויס, ווי ס'פאַסט א שלאַכטמאַן,
דעם הייליקסטן געבאָט.

נאָר, ווי א קוואַליע שלײַפט דעם שטיין,
די צײַט מײַן ליד האָט אויסגעשליפן.
און ס'גלוסט זיך מיט דער ראַטע גיין
און אין איר יוגנט זיך פארטיפן —

איך האָב די ליד דערקענט און ניט דערקענט —
דער זאַפּעוואַלע האָט א פײַף געטאָן אינמיטן,
אז אופגעציטערט האָבן אזש די ווענט,
אָט־אָט וועלן די טאַפּליעס זיך צעשיטן —

לינקס! לינקס!
פעסטער שטעל דעם טראָט!
פיל אויס, ווי ס'פאַסט א שלאַכטמאַן,
דעם הייליקסטן געבאָט!

## פרילינגדיקער רעגן

אך, ווי עס שמעקט דער שטויב,
ווען אים באַשפּריצט א רעגן
אין אָנהייב פרילינג.
דאַן אַלץ ארום ווערט גרין,
און ס'דוכט: דער ערשטער צוויט
בליט אויף פונמײַנעטוועגן...
איך ווארט אף אים,
ווי ס'ווארט אף אים די בין,
די אומדערמידלעכע, די פלײַסיקע,
אין מיר געראָטענע.

די האַרעפּאַשניצע,
וואָס זאַמלט דעם נעקטאַר...
אוי, רעגן, רעגן!
ווי דו העלפסט מיר אָטעמען,
איך ליב דיך, פרילינג־רעגן,
אויך דערפאַר,
וואָס הערצער זיך צעבליִען
מיט דײַן קומען.
איך וואָלט די וועלט ארומגענומען,
געבענטשט זײַ, פרילינגדיקער רעגן!

## זיס און ביטער

דער יאָדער איז ביטער,
נאָר זיס איז די פּרוכט —
איך האָב זיי שוין ביידע
ניט איין מאָל פאַרזוכט...

ניט איין מאָל פאַרטראַכט זיך:
— אין וואָס איז דער סאָד?
איך האָב דאָך אַליין אים
געפלאַנצט, אונדזער סאָד.

געפלאַנצט און געכאָוועט,
פון ווערעם פאַרהיט,
כ׳האָב נאַכעס געקליבן,
ווען ער האָט געבליט.

געבליט און פאַרשיקערט
דעם קאָפּ און די פיס.
דער יאָדער איז ביטער,
די פערשקע איז זיס.

דעם סייכל דערגיין
בין איך ניט אימשטאַנד.
דאָס זיס און דאָס ביטערס
זיינען שטענדיק באַנאַנד.

## מײַן „פריילעכס" און מײַן „שער"

איינער טאַנצט אַ פאָלקע,
דער צווייטער — אַ האָפּאַק,
און איך האָב ליב אַ „פריילעכס",
וואָס ווערט געטאַנצט געשמאַק.

אינצווייען און אינפירן,
דערנאָך — אין ברייטן קרײַז,
ווי טאַנצן פלעגט מײַן טאַטע
אַמאָל, נאָך יינגלווייז.

זאָל יעדער טאַנצן, וואָס ער וויל
און וואָס ס׳געפעלט אים מער,
צוזאַמען מיטן שלאַנקן וואַלס
זאָל הילכן אויך מײַן „שער"!

## ליטעראַטור־קריטיק ‖ ביבליאָגראַפיע ‖ פראַגן פון קונסט



### הערש רעמעניק

# פּראָבלעמען פון דעם ניסטערס שאַפן

(צום 90־טן געבורטסטאָג פונעם גרויסן שרײַבער)

## וועגן דעם פּסעוודאָנים

מיטן פּסעוודאָנים דער ניסטער איז אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור פונעם אָנהייב צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט געקומען א גרויסער קינסטלער, וואָס זײַן פאַמיליע און זײַן נאָמען איז געווען פּינכאָס קאַהאַ־נאָוויטש (1884 — 1950).

פּסעוודאָנימען זײַנען א פאַרשפּרייטע דערשײַנונג אין דער ליטעראַטור. דער פּסעוודאָנים פון א שרײַ־בער קאָן זײַן באַדינגט פון צופעליקע, מער אָדער ווייניקער אויסערלעכע סיבעס פון געזעלשאַפטלעכן אָדער שטייגערישן כאַראַקטער. פיל שרײַבער און פּאָליטישע טוער (אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער) האָבן אַרויסגעגעבן זייערע ווערק אונטער פּסעוודאָנימען איבער פּאָליטישע טעמים, וועלכע זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער אומלעגאַלער רע־וואָליוציאָנערער טעטיקײַט פון די אויטאָרן.

די גרונטלייגער און די קלאַסיקער פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע מוכר־ספרים (שאָ־לעם־יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש) און שאָלעם־אַליכעם (שאָלעם ראַבינאָוויטש) האָבן זיך אָנגעייגנט די פּסעוודאָנימען ניט צופעליק, ניט איבער אויסערלעכע סיבעס און טעמים, נאָר פּרינציפּיעל און צוליב אידייִשע מאָטיוון. מיטן פּסעוודאָנים מענדעלע מוי־כער־ספרים האָט דער שרײַבער אַבראַמאָוויטש גע־שאַפן דאָס געשטאַלט פון א דערציילער, אין וועלכן עס זײַנען פאַרקערפּערט געוואָרן די אויפקלערערישע און פאָלקס־דעמאָקראַטישע אידייען פונעם שרײַבער אין די זעכציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט אין רוסלאַנד. שאָלעם־אַליכעם איז אַוועק נאָך ווײַ־טער. מיט זײַן פּסעוודאָנים האָט ער געוואָלט אויס־דריקן דעם היסטאָרישן באַטײַט פון דער נײַער עפּאָכע, ווען די ליטעראַטור האָט באַקומען א מאַסן־כאַראַקטער, צום וואָרט איז געקומען דאָס פאָלק אַליין. שאָלעם־אַליכעמס פּסעוודאָנים איז שוין גע־ווען ניט אַזוי דאָס געשטאַלט פונעם דערציילער, ווי דאָס געשטאַלט פונעם פאָלק אַליין — דעם שעפער פון דער געשיכטע און פון דער ליטעראַטור. די פּסעוודאָנימען פון די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור האָבן געהאַט אין א באַשטימטן זין א סימבאָלישן באַטײַט, פּונקט ווי אין דער רוסישער ליטעראַטור האָבן געהאַט א סימבאָלישן באַטײַט די פּסעוודאָנימען מאַקסים גאָרקי (אַלעקסיי מאַקסימאָ־וויטש פּעשקאָוו), דעמיאַן בעדני (יעפים אַלעקסייע־וויטש פּרידוואָראָוו) און אַנדערע.

פּינכאָס קאַהאַנאָוויטש האָט זיך גענומען זײַן פּסעוודאָנים מיטן ערשטן ווערק זײַנעם „געדאַנקען און מאָטיוון" (ווילנע, 1907). דער ניסטער באַטײַט — דער פאַרבאָרגענער, אָדער אַפילו — דער געהיימער. נאַטירלעך, שטעלט זיך א פראַגע: צוליב וואָס האָט דער יונגער דרײַ־און־צוואַנציקיאָריקער שרײַבער זיך צוגעייגנט אַזאַ אומגעוויינלעכן און מאָדנעם פּסעוו־דאָנים, וועלכער איז שוין בײַ אים פאַרבליבן ביזן סאָף פון זײַן לעבן?

אייניקע מעמואַריסטן זײַנען גענייגט דאָס צו דערקלערן מיט צופעליקע סיבעס. מע זאָגט, אַז דער יונגערמאַן האָט ניט געוואָלט גיין דינען אין דער צאַרישער אַרמיי, ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער פאַרשיידענע פאַמיליעס אין זײַנע פּאַספּאָרטן. אַנ־דערע דערקלערן דאָס מיט דער באַשיידנקײַט פונעם יונגן שרײַבער, וועלכער האָט ניט געוואָלט אָדער עפּשער מוירע געהאַט פאַר הויכע רייד וועגן זיך און וועגן זײַן שאַפן.

די דאָזיקע דערקלערונגען גיבן אָבער ניט קיין באַפרידיקנדיקן ענטפער אויף דער געשטעלטער פראַ־גע. דער שרײַבער האָט ניט שטענדיק זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון דינען אין דער אַרמיי, ער האָט ניט שטענדיק זיך געדאַרפט באַנוצן מיט פאַלשע פּאַספּאָרטן און מיט אויסגעטראַכטע פאַמיליעס, און דער פּסעוודאָנים איז געבליבן דער זעלבער — דער ניסטער. די באַשיידנקײַט פונעם שרײַבער דער־קלערט אויך ניט די סיבעס, פאַרוואָס ער איז גע־בליבן טרײַ זײַן ערשטן פּסעוודאָנים. די לייענער



האָבן ניט געוווסט, אַז דער ניסטער איז קאהאנאָוויטש. באַשיידנקייט דערקלערט גאָרניט אין דער פּראגע.

אין דער ווירקלעכקייט איז דער פּסעוודאָנים דער ניסטער פארבונדן מיט דעם שרייבערס אידייִשער אַנטוויקלונג, אָנגעהויבן פונעם ערשטן ווערק זיינס „געדאנקען און מאָטיוון" און געענדיקט מיט דער עפּאָפּיי „די מישפּאָכע מאַשבער" און מיט אַנדערע ווערק.

דער ניסטער אַלס פּערזענלעכקייט און אַלס קינסטלער איז געווען אַ פּרינציפּיעלע, אידייִש צילגעווענדטע דערשיינונג. ער איז אָבער אויך געווען ווידערשפּרעכיק סיי אַלס פּערזענלעכקייט, סיי אַלס קינסטלער. אינטעלעקטועל איז דער ניסטער רייף געוואָרן אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע, וועלכע האָט אויפגעשטעלט אַזויפיל קאָמפּליצירטע פראגן, וואָס ניט אַלע פאַרשטייער פון דער אינטעליגענץ זיינען געווען בעקויעך צו געפינען אַף זיי אַן ענטפער. אין אָנהייב פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט די ייִדישע ליטעראַרישע אינטעליגענץ זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון טיפער צעפאַלונג, פון אידייִשער צעדריבלונג און אַנטוישונג. די אידעאָלאָגיעס פונעם נייַנצנטן יאָרהונדערט, די רעליגיִעזע שטרעמונגען פונעם ראַוויניזם און כאַסידיזם און אויך די האַסקאָלע און דער פאָלקיזם, וואָס אונטער זייער אידייִשן צייכן האָט זיך אַנטוויקלט די ייִדישע ליטעראַטור אין יענעם יאָרהונדערט, זיינען פאַרעלטערט געוואָרן און האָבן שוין מער ניט אַנטשפּראָכן די באַדינגונגען פון דער נייַער עפּאָכע. די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג בא די ייִדן כאַראַקטעריזירט זיך איצט דערמיט, וואָס עס אַנטשטייען נייַע שטרעמונגען, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן קלאַסנקאַמף אין לאַנד. פון איין זייט, אַנטוויקלט זיך מיט גיכע טעמפּן די בורזשואַזע באַוועגונג פונעם ציִעניזם (אין אַלע זיינע ריכטונגען און שאַטירונגען), פון דער צווייטער זייט — די סאָציִאַליסטישע באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט און פון די נאָענטע צו אים דעמאָקראַטישע שיכטן פון דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג (אויך אין פאַרשיידענע ריכטונגען און שאַטירונגען).

דער ניסטער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ פאַרמעגלעכער רעליגיִעזער פאַמיליע מיט שטאַרקע טראַדיציעס פון מיסטיציזם, פון נאַכמען בראַצלאַווער ראַדיקאַלער ריכטונג אינעם כאַסידיזם, פון דעם זעלבן נאַכמען בראַצלאַווער, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַ שאַרפן שפּור ניט בלויז אין דער כאַסידישער באַוועגונג, נאָר אויך אין דער נייַער ייִדישער ליטעראַטור, ווירקנדיק אַף דער שאַפונג פון י.־ל. פּערעצן און פון אים, פון דעם ניסטער.

אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָליוציע האָט דער ניסטער זיך דערנענטערט צו דער באַוועגונג פון דער ייִדישער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, וועלכע איז פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן סאָציִאַליזם אין זיין „ייִדישלעכער נאַציִאָנאַלער" באַפאַרבונג. אָבער אָט דער קליינבירגערלעכער נאַציִאָנאַליסטישער סאָציִאַליזם, וועלכער איז אין טאָך קיין עמעסער סאָציִאַליזם ניט געווען, האָט אויך ניט געקאָנט באַפרידיקן דעם יונגן וויסנגיריקן קינסטלער. ער האָט געפילט די באַגרענעצטקייט פון דער סוויווע, וואָס רינגלט אים אַרום, ער האָט אָבער אויך ניט געפונען קיין ברייטערן וועג צום סאָציִאַליזם. דער ניסטער האָט אַזויאַרום ניט געהאַט קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דער היסטאָרישער סיטואַציע, זי איז געווען פאַר אים פאַרבאָרגן, און דערפאַר איז ער אויך געווען פאַרבאָרגן. דער ניסטער איז געווען פאַרבאָרגן ניט פאַר יענעם, נאָר פאַר זיך אַליין; ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ניט פון דער צאַרישער אַרמיי, ניט מאַכמעס באַשיידנקייט, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט פאַר זיך ניט געזען קיין קלאָרן וועג. זייענדיק אַ זוכנדיקע נאַטור און אַ קינסטלער אַ דענקער, האָט ער זיך פאַרבאָרגן פון אַלעמען, און אין דער ערשטער ריי פון זיך אַליין, אין מיסטיק און פאַנטאַסטיק, אין לעגענדעס און אין טרוימען, אין אוראַלטע און מיטלאַלטערלעכע מייסעס, אין ספּיריטואַליסטישע אידייען, און אויך אין נאַיִווע האָפענונגען אַף אַ בעסערער סאָציִאַליסטישער צוקונפט, וואָס האָט אים אָבער פאָרגעשטעלט אין נעפּלהאַפטע ווייטן.

דער פּסעוודאָנים דער ניסטער איז ניט געווען קיין צופעליקער באַם שרייבער. פּונקט ווי בא די קלאַסיקער מענדעלע און שאָלעם־אַלייכעם, איז דער פּסעוודאָנים דער ניסטער געווען פאַרבונדן פאַר איינעם פון די נייַע קלאַסיקער מיט אַ טיפן אינהאַלט, מיט שווערע מאַכשאָוועס וועגן דעם סאָציִאַלן טאָך פון דער עפּאָכע, וועגן די גרויסע דראַמאַטישע און טראַגישע געשעענישן, פון וועלכע ער איז געווען אַן איידעס.

דאָס אַלץ ווערט באַזונדערס קלאָר, ווען מע באַטראַכט די פראַגע וועגן ניסטערס שאַפן אין פאַרבינדונג מיט די גרונט־פּערִאָדן פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט.

# וועגן פערי׳אָדיזאציע

ווי אלע שרײַבער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זייער שעפערישן וועג ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע און האָבן פאָרגעזעצט אָט דעם וועג נאָך דעם ניצאָכן פון דער רעוואָליוציע, האָט דער ניסטער דורכגעמאכט א קאָמפליצירטע אידייִש־שעפערישע עוואָליוציע, וואָס איז פול געווען מיט שארפע זיגזאגן. אָן א ריכטיקן קוק אַף די גרונט־עטאפּן פון אָט דער עוואָליוציע איז אומעגלעך זיך פאנאנדערקלײַבן אין דער שאפונג פונעם שרײַבער אינגאנצן גענומען. וויפל געוויסע אויסטײַטשער פון ליטעראַטור זאָלן ניט זינגען קיין זעמערלעך, אז דער ניסטער איז איינער און דער זעלבער און מע טאָר אים ניט טיילן אַף באזונדערע עטאפּן, מע טאָר ניט דערמאָנען, כאָלילע, אז ער איז געווען א ראָמאַנטיקער א סימבאָליסט און איז געוואָרן א רעאליסט, וועט דאָס צו קיין פּאָזיטיווע רעזולטאטן ניט ברענגען. דער ניסטער אלס קינסטלער און פערזענלעכקײַט איז טאקע שטענדיק געווען איינער און דער זעלבער. אָבער דאָס לעבן אין פארשיידענע צײַטן איז ניט איינס און דאָס זעלבע. עס בײַטן זיך די אומשטענדן און אויך דער אינהאלט און די פאָרם פונעם שרײַבערס שאפן. דאָס האָט א שײַכעס ניט בלויז צום ניסטער, נאָר אויך צו דער שאפונג פון אזעלכע שרײַבער, ווי מאקסים גאָרקי, אלעקסאנדער בלאָק, סערגיי יעסענין, אלעקסיי טאָלסטאָי, איליא ערענבורג, און אין דער יידישער ליטעראַטור — צו אזעלכע שרײַבער, ווי דאָוויד בערגעלסאָן, דאָוויד האָפשטיין, ז. ווענדראָף, פערעץ מארקיש. זעלבסטפארשטענדלעך, יעדערער פון אָט די שרײַבער האָט דורכגעמאכט אָט די עוואָליוציע אַף זײַן אויפן, גאָר אינדיווידועל, אָפּהענגיק פון זײַנע סאָציאַל־פּאָליטישע אָנשויונגען, פון זײַן נאָענטקײַט צום פאָלק און צו דער רעוואָליוציע, פון זײַנע פילאָסאָפיש־עסטעטישע און ליטעראַרישע מיינונגען, פון די מעטאָדן, מיטלען און דעם סטיל פון קינסטלערישער שאפונג.

די פּראָבלעם פון פערי׳אָדיזאציע איז איינע פון די וויכטיקסטע באם פאָרשן די ליטעראַרישע טעטיקײַט פונעם קינסטלער און פון זײַן עוואָליוציע. אָט דער פראגע ווערט אין דער יידישער ליטעראַטור אָפּגעגעבן וויייניק אויפמערקזאמקײַט. ביז הײַנטיקן טאָג קאָן מען אָנטרעפן אין דער אויסלענדישער יידישער פרעסע אזעלכע „מעווינים” אַף ניסטערס שאפן, וועלכע האָבן קיין אנונג ניט אין ליטעראַטור־פאָרשונג, און זיי מאכן א פּרוּוו צו פארבײַטן ערנסטע שטודירונג מיט באנאלער באטלאָנישער שרײַבערײַ וועגן ניסטערן, פאלסיפיצירנדיק אזויארום דעם טאָך פון זײַן שאפן און דעם כאראקטער פון זײַן פערזענלעכקײַט. די פּראָבלעם פון פערי׳אָדיזאציע האָט א קאָלאָסאלע באדײַטונג ניט בלויז באם שטודירן דאָס שאפן פונעם שרײַבער, נאָר פאר דער ליטעראַטור אינגאנצן גענומען.

וואָס איז שײַעך דער פערי׳אָדיזאציע פונעם ניסטערס שאפן, איז זי פאקטיש נאָך ניט געמאכט געוואָרן. מיט דער פראגע האָט מען זיך אין טאָך נאָך ניט פארנומען ניט אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור־וויסנשאפט, ניט אין דער יידישער קריטיק אין אויסלאנד. באזונדערע פּרוּוון אין דער ריכטונג זעען מיר אויס צו זײַן ניט קיין געלונגענע. איך וועל דאָ ברענגען בלויז איין בײַשפּיל.

דער יי׳סראָעלדיקער ליטעראַטור־פאָרשער כ. שמערוק שרײַבט: „דעם ניסטערס ליטעראַרישע שאפונג האָט באזונדערס בוילעט זיך אנטפּלעקט אין די יאָרן 1906 — 1929. אין אָט דער עפּאָכע איז פארפעסטיקט געוואָרן זײַן וועג אין דער ליטעראַטור, ניט זײַענדיק אונטערגעוואָרפן דעם דרוק פון אויסערלעכע פאקטן. אָבער פון 1929 יאָר איז ער געצוווּנגען געווען זיך צו רעכענען מיט די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע פאקטאָרן און זוכן פאר זיך וועגן, קעדיי צו ארײַנדרינגען אין דער סאָוועטישער ליטעראַרישער סוויווע אין די באגרענעצטע, דערלאָזטע (לעגיטימע) מעגלעכקײַטן. די עפּאָכע ביז 1929 קאָן מען באטראכטן ווי אן עפּאָכע פון מיסטישע זוכענען און פאנטאסטישע מײַסעלעך, און אין דער דאָזיקער עפּאָכע האָט דער ניסטער דערגרייכט פאַרפולקומונג אין אָט דעם מין ליטעראַטור און האָט פארפעסטיקט פאר זיך זײַן אייגענעם סטיל, וואָס האָט ניט קיין גלײַכן צו זיך אין דער הײַנטצײַטיקער יידישער ליטעראַטור”[1].

לויט דער מיינונג פונעם יי׳סראָעלדיקן ליטעראַטור־קריטיקער באקומט זיך, אזויארום, אז דעם ניסטערס שאפונג טיילט זיך אַף צוויי פערי׳אָדן: פון 1906 ביז 1929, ווען ער איז געווען א סימבאָליסט, און פון 1929 ביז 1949, ווען ער איז געוואָרן א רעאליסט. דערבײַ ווערט קלאָר געגעבן צו פארשטיין, אז דער אריבערגאנג פון סימבאָליזם צו רעאליזם איז געווען באדינגט ניט מיט דער אידייִש־קינסטלערישער און שעפערישער עוואָליוציע פונעם שרײַבער אונטער דער ווירקונג פון די אלוועלטלעך־היסטאָרישע געשעענישן, נאָר איבער אויסערלעכע סיבעס, איבער פּאָליטישן און אידעאָלאָגישן דרוק פון דער סאָוועטישער אָרדענונג.

אזא נאַיִווע און וווּלגאַרע באנעמען דעם טאָך פון ליטעראַרישער שאפונג גיט א פארקריפּלטע פאָרשטעלונג וועגן דעם ניסטערס ליטעראַרישן וועג. דער קינסטלער און זײַן שאפן ווערן פולשטענדיק איזאָלירט פונעם לעבן און פון די היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע גייען פארבײַ אים. אין כאָנע שמערוקס פערי׳אָדיזאציע איז דורכגעלאָזט, לעמאָשל, אזא „דעטאל”, ווי די אָקטיאבער־רעוואָליוציע! צי קאָן מען ריכטיק פארשטיין און דערקלערן די שאפונג פונעם שרײַבער, ניט נעמענדיק אין אכט זײַן באציִונג צו דער רעוואָליוציע, די ווירקונג אַף אים פון אָט דער גרעסטער געשעעניש אין דער וועלט־געשיכטע? שמערוק מוז פארבײַגיין די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פונעם ניסטערס שאפן, ער איז ניט בעקויעך צו דערקלערן די זשאנרען און פאָרמען פון דעם שרײַבערס ווערק אין פארשיידענע פערי׳אָדן פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט, פארוואָס איז דער ניסטער אריבער פון דיכטונג צו פּראָזע, פון ליריק צו עפּאָס, פון סימבאָליזם צו רעאליזם, פון פאר־

---

[1] ד ע ר נ ס ת ר. הנזיר והגדייה. ירושלים, 1963 (ד ע ר נ י ס ט ע ר. דער נאָזיר און דאָס ציגעלע. יערושאָלאיִם, 1963). ארײַנפיר פון כאָנע שמערוק, זז. 9־52.

גאַנגענהייט צו הײַנטצײַטיקייט? אַזעלכע גרונטפּראָבלעמען קאָן דערקלערן בלויז אַ וויסנשאַפטלעכער עסטעטישער אַנאַליז פֿונעם קינסטלערס שאַפֿן.

איך וויל דאָ מאַכן אַ פּרוּוו פֿון אַזאַ מין אַנאַליז פֿונעם ניסטערס שווער געפּרוּווטן וועג לויט באַזונדערע עטאַפּן. איך מיין, אַז דעם ניסטערס שאַפֿן קאָן מען אײַנטיילן אין אַזעלכע פּעריאָדן:

דער ערשטער פּעריאָד — **דאָס יאָרצענדליק ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע (1907 — 1917); אָט דעם פּעריאָד אַנטשפּרעכט הויפּטזאַכלעך דעם ניסטערס** סימבאָליסטישע דיכטונג.

דער צווייטער פּעריאָד — **דאָס יאָרצענדליק נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע (1918 — 1928); אָט דעם פּעריאָד אַנטשפּרעכט הויפּטזאַכלעך דעם ניסטערס** סימבאָליסטישע פּראָזע.

דער דריטער פּעריאָד — **פֿון 1929 ביז 1949; דעם ניסטערס** רעאַליסטישער עפּאָס.

דערבײַ דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז יעדע פּעריאָדיזאַציע איז באַדינגלעך און טאָר ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ מין סכעמע, אין וועלכער באַזונדערע פּעריאָדן באַקומען זיך אָפּגעריסן אייגער פֿונעם צווייטן, ניט פֿאַרבונדן צווישן זיך. אין דער ווירקלעכקייט איז די שאַפֿונג פֿון יעדן גרויסן קינסטלער דורכגעדרונגען מיט אינערלעכער אָרגאַנישער איינהייט, מיט האַרמאָנישער צוזאַמענגעבונדנקייט פֿון אַלע עלעמענטן פֿון זײַן שאַפֿן, אַפֿילע בײַ די טיפֿסטע און שאַרפֿסטע ווידערשפּרעכיקע טענדענצן פֿון אידייִשן און עסטעטיש־קינסטלערישן כאַראַקטער.

אַ ריכטיקע פּעריאָדיזאַציע גיט אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די שאַפֿונג פֿונעם קינסטלער אין פֿאַרבינדונג מיט דער הײַנטצײַטיקייט, מיט די וויכטיקסטע ליטעראַרישע דערשײַנונגען פֿון דער עפּאָכע, מיט דער ליטעראַרישער טראַדיציע, מיטן ליטעראַרישן קאַמף. אַ ריכטיקע פּעריאָדיזאַציע גיט אַ מעגלעכקייט צו שאַפֿן אַ פֿאַרגאַנצטע פֿאָרשטעלונג וועגן דעם שרײַבער אין באַזונדערע עטאַפּן און אין פֿאַרלויף פֿון זײַן גאַנצער שעפֿערישער אַנטוויקלונג.

•

## דער ערשטער פּעריאָד — סימבאָליסטישע דיכטונג (1907—1917)

די ערשטע צען יאָר פֿונעם ניסטערס שאַפֿן, זײַנע ווערק „געדאַנקען און מאָטיוון" (1907), „העכער פֿון דער ערד" (1910), „געזאַנג און געבעט" (1912) האָבן גלײַך צוגעצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער קריטיק און פֿון די שרײַבער. די דאָזיקע זאַמלונגען פֿונעם ניסטערס ווערק האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אינעם אַלגעמיינעם שטראָם פֿון דער ליטעראַטור אין יענע יאָרן, און אייגנצײַטיק דערמיט האָבן זיי זיך שאַרף אויסגעטיילט מיט זייער פֿולשטענדיקער אייגנאַרטיקייט.

אין די יאָרן פֿון רעאַקציע נאָך דער ערשטער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד האָבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור דעם טאָן פֿאַרגעבן די מאָדערניסטן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון די רעאַליסטישע טראַדיציעס פֿון די קלאַסיקער מענדעלע און שאָלעם־אַליימכעם.

דער אידייִשער דעקאַדאַנס אין דער געזעלשאַפֿטלעכער באַוועגונג און אין דער ליטעראַטור אין די יאָרן פֿון דער פּאָליטישער רעאַקציע איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן, ווען עס האָבן זיך צעפֿלאַקערט די שאַרפֿסטע שלאַכטן צווישן די העברעיִסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿונעם ייִדישן פֿאָלק קאָן זײַן בלויז העברעיִש, און די ייִדישיסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אויך ייִדיש, וואָס איז געווען די גערעדטע שפּראַך פֿון די מאַסן און האָט שוין פֿאַרמאָגט אַ קלאַסישע ליטעראַטור, אַ פֿאָלקס־טעאַטער, לינגוויסטישע און היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן, אַ פּובליציסטיק און אַ פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור, אַז אויך ייִדיש קאָן און דאַרף זײַן די נאַציאָנאַלע שפּראַך פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

דער מער בולטער אויסדרוק פֿון אָט די טענדענצן איז געווען די טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפֿערענץ (1908), ווו אַ באַזונדערע ראָל פֿון אַ טעאָרעטיקער און געדאַנקען־הערשער האָט געשפּילט י.־ל. פּערעץ און אויך כאַיִם זשיטלאָווסקי און אַנדערע פֿאָרשטייער פֿון די ייִדישע קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען („בונד" און אַנד.). אַ באַדײַטנדיק אָרט אין אָט דער באַוועגונג פֿון מאָדערניזם און ייִדישיזם האָט פֿאַרנומען דער אַלמאַנאַך „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפֿטן", וועלכער האָט פֿאַרייניקט אַרום זיך די מאָדערניסטישע קויכעס פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין יענער עפּאָכע.

עס וואָלט געווען ניט ריכטיק און אַנטיהיסטאָריש צו מיינען, אַז מאָדערניזם איז דורכויס רעאַקציע, אַז אין אָט דער באַוועגונג זײַנען ניט געווען קיין פּראָגרעסיווע עלעמענטן. דער מאָדערניזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען פֿאַרבונדן מיטן רוסישן מאָדערניזם (סימבאָליזם, אַקמעיִזם, עגאָפֿוטוריזם, קובאָפֿוטוריזם). קיינער רעכנט אָבער ניט אַזעלכע שרײַבער, ווי בריוסאָוו, בלאָק, בעלי, אַנדרייעוו, כלעבניקאָוו, פּאַסטערנאַק, אָט די אַנגעזעענע מאָדערניסטן, פֿאַר פֿאָרשטייער פֿון דער רעאַקציאָנערער ליטעראַטור. מע קאָן אויך ניט רעכענען אַלע פֿאָרשטייער פֿונעם ייִדישן מאָדערניזם פֿאַר רעאַקציאָנערע, באַזונדערס אַזעלכע שרײַבער, ווי פּערעץ, א. ווײַטער און, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, דער ניסטער.

דעם ניסטערס שאַפֿן איז געווען צעצווייט און ווידערשפּרעכיק אין דעם אינהאַלט און אין דער פֿאָרם. לויטן אינהאַלט זײַנען די לידער און די פּראָזע פֿונעם יונגן שרײַבער געווען אַבסטראַקט, ווי אָפּגעריסן אינגאַנצן פֿון דער רעאַלער ווירקלעכקייט. זיי האָבן פֿאַרטראָגן דעם לייענער אין דער ווײַטער אוראַלטער וועלט פֿון פֿאַנטאַסטיק, פֿון מיפֿאָלאָגישע מײַסעס און לעגענדעס, פֿון רעליגיִעז־פֿילאָסאָפֿישע פּראָבלעמען און באַטראַכטונגען וועגן דעם טאָך פֿונעם זײַן, וועגן געטלעכן און מענטשלעכן, וועגן דעם זין פֿון דערהויבענער ליבע צווישן מאַן און ווײַב. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט דער אויטאָר אין אָט די מיפֿן, לעגענדעס און מײַסעס פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט געזוכט אַן ענטפֿער אויף די קאָמפּלי־

צירטע פראגן פון דער היינטצייטיקייט. אין „געדאנקען און מאָטיוון" פילן זיך די זוכונגען פון דער מענטשהייט אף די וועגן צו דעם באגערטן ציל פון עמעס און פון א גערעכטיק גליקלעך לעבן, וואָס אנטפלעקט זיך אין ליבע, אין ליידן, אין פריידן. דורך ליבע, דורך פאַרזעצן דעם מענטשלעכן מין, ניט געקוקט אף אווייִדעס און קאטאסטראָפעס, ווערט פאַרווירקלעכט די אידיי פון פארנונפטיקן זין פונעם לעבן.

אין זיינע וויַטערדיקע ווערק זעצט פאָר דער ניסטער זוכן די געהיימנישן פון מענטשלעכן און געטלעכן, פון אידעאלן און רעאלן, פון פאנטאסטישן און ווירקלעכן. זיינע ספייקעס און זיין סקעפּטיציזם פארקערפּערט ער אינעם בוך „העכער פון דער ערד", פרווונדיק אין א טראנספאָרמירטער און מאָדערניזירטער פאָרם פון „קאבאָלע" אויסדריקן זיינע נעפּלהאפטע פאָרשטעלונגען וועגן דעם געדארפטן און דעם ווירקלעכן אין געשטאלט פון מעפיסטאָפעל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א „קאָשמארפולן סקעפּסיס", א שאָטן פונעם שיקזאל. אין טאָך זעצט פאָר דער שרייבער די מאָדערניסטישע טראדיציע פון דער מיסטישער שאפונג.

אָט די מיסטישע פרווון אנטפלעקן זיך וויטער אינעם בוך „געזאנג און געבעט", אינעם ערשטן קאפיטל „מיר", ווו דער אווטאָר שאפט א געזאנג וועגן דעם געשיכטלעכן גורל פונעם יידישן פאָלק און וועגן זיין וויטערדיקן קיום. דאָ איז פאראלגעמיינערט דאָס שארפע טרויער־געפיל וועגן דעם אונטערגאנג פון דער נאציאָנאלער טראדיציע און וועגן אומקום פון אירע טרעגער, יענע זיידעס,

יענע זקיינים
אינעם שוויַגן
און די טשוווע
מיט די אויגן
מיט די ריינע
און געזעצטע,
וואָס זיי זאָרגן
פאר דער אומע...
נאָר מיט ווינקען
און מיט מיינען
אונדז, די קינדער,
דאָרט באטראכטן
טאטעס קומענדע
נאָך זיי...

די צעצווייטקייט און ווידערשפּרעכיקייט פונעם ניסטערס שאפן אינעם ערשטן פעריאָד איז באשטאנען, אזויארום, אין דעם, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דעם רעאלן און ערדישן, ער איז אוועק פון דער ווירקלעכקייט, „העכער פון דער ערד", אין די וויַטע פאנטאסטישע הימל־ספערן. ער האָט אָבער אויך דאָרט ניט אופגעהערט צו זוכן אן ענטפער אף די „פארשאָלטענע פראגעס", וועלכע האָבן גערעגט זיין דאָר.

אָט די צעצווייטקייט און ווידערשפּרעכיקייט פונעם ניסטערס ווערק דריקט זיך אויס אויך אין דעם, וויאזוי ער פארקערפּערט די פראָבלעמס פון נאציאָנאלן און אינטערנאציאָנאלן. אין דער ערשטער זאמלונג „געדאנקען און מאָטיוון" זיינען נאָך צוזאמענגעבונדן דער יידישער, אלטגריכישער מאטעריאל אלס ארסענאל פון פילאָסאָפיש־פּאָעטישע באטראכטונגען פונעם יונגן שרייבער; אין זיינע וויַטערדיקע ווערק ווערט שוין דער ארסענאל פון זיינע זעונגען בלויז יידישע מיפאָלאָגיע. אינעם ווערק „פויליש" שילדערט דער אווטאָר א רעאל בילד פונעם לעבן. עס טאנצן דער זיידע און דאָס אייניקל — די קאלע — אף איר כאסענע. אָבער דאָס בילד איז דורכגעדרונגען מיט מעטאפאָרישער סימבאָליק פון דער שפּיל פון דעם פידל און פלייט, וועלכע רופן ארויס אסאָציאציעס און מאָטיוון פון דעם מיסטישן בוך פון מיטלאלטער „זויהאר" און פאראפראזן פון „שיר־השירים". דאָס געשטאלט פונעם זיידן ווערט ארויסגעשטעלט אלס סינטעז פון יידישער טראדיציע, פון איר ריינקייט און הייליקייט. פארקערט, אינעם ווערק „קלעאָפּאטרע" ווערן ווי קעגנגעשטעלט דער הייליקייט און ריינקייט פון דער יידישער טראדיציע אנטיטעטישע אומריינע שיידים־קויכעס פונעם ליידנשאפטלעכן און זינדיקן עראָטיזם.

און, לעסאָף, די צעצווייטקייט און ווידערשפּרעכיקייט אינעם ערשטן פעריאָד פון דעם ניסטערס שאפן אנטפלעקט זיך ניט בלויז אינעם אידייִשן אינהאלט, נאָר אויך אין דער פאָרם. פון איין זייט, זיינען די סוזשעטן און די בילדער פון זיינע ווערק אין דעם פעריאָד שטארק פארשיפרירט אלס רעמאָזים און אָנדייַטונגען, אלס אבסטראקטע מיסטישע זעונגען, וועלכע עס איז שווער צו אופדעקן און פארשטיין; פון דער צווייטער זייט, האָט אין ניסטערס שפּראך און סטיל מאמעש באוווּנדערט די פאָלקסטימלעכקייט און די הויכע שפּראך־מייסטערשאפט, די דורכזיכטיקייט פונעם מאָלערישן וואָרט, די פארבינדונג פון דעם מיפאָלאָגישן און מייסעדיקן מאטעריאל מיט די ברייטע און טיפע קוואלן פון דער פאָלקס־שאפונג, דער פאָלקלאָרישער מעהוס פון דער אומגעזעענער אין דער יידישער ליטעראטור און ביזן היינטיקן טאָג ניט איבערגעשטייגטער שפּראך־מייסטערשאפט.

אין דער שאפונג פונעם ניסטער קאָן מען שוין אפילע אין ערשטן פעריאָד פון זיין ליטערארישער טעטיקייט פעסטשטעלן די פארבינדונג מיט די קלאסישע טראדיציעס פון דער רוסישער, אלוועלטלעכער און, פארשטייט זיך, יידישער ליטעראטור. מיט י.־ל. פערעצן פארבינדן דעם ניסטער זיין סימבאָליזם, די פארשיפרירטקייט פון די בילדער, זיין מאָדערניזם און זיינע פרווון פילאָסאָפיש באזיניקן די היינטצייטיקייט מיט דער הילף פון מיסטישע פארטיפונגען אין דער מיפאָלאָגיע פונעם וויַטן אמאָל. מיט שאָלעם־אלייכעמען פארבינדן אים די פאָלקסטימלעכקייט און די פאָלקלאָרישע סטיכיע פון דער שפּראך, וואָס אנטפלעקט זיך אפן גלענצנדיקסטן אופן אין דער דיאלאָגישער פאָרם פון שילדערן בא שאָלעם־אלייכעמען און אין דער מאָנאָלאָגישער פאָרם בא דעם ניסטער.

דער ניסטער איז געקומען אין דער ליטעראטור ווי א סימבאָליסט און ווי א מאָדערניסט. אָבער אין זיין שאפונג פונעם ערשטן פעריאָד הערן זיך גאנץ בוילעט ניט בלויז די טויבע אָפּהילכן פון דעם נאָרוואָס אָפּגעדונערטן שטורעם פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע, נאָר אויך גאנץ באשטימטע מאָטיוון פון האָפענונג און טרוים וועגן א נייַער רעוואָליוציע. אין דעם איז קיין שום ווונדער ניט פאראנען.

דער ניסטער איז געווען נאָענט צו דער רעוואָליוציע, און מיט דער רעוואָליוציע האָט ער פאר־

בונדן די האָפענונג אף דעם, אז איר ניצאָכן וועט ברענגען מיט זיך פרײַהײַט און גליק די פעלקער. די רעאקציע האָט ניט געבראַכט דעם ניסטער צו אנטוישונג אין דער רעוואָליוציע. אלעקסאנדער בלאָק האָט געשריבן, אז רוסלאנד, וואָס האָט זיך נאָרוואָס ארויסגעריסן פון איין רעוואָליוציע, קוקט דאָרשטיק אין די אויגן פון א צווייטער. און אזוי האָט אויך געדענקט דער ניסטער. נאָכעם אויסלענדער האָט געשריבן וועגן דעם אין זײַן ארבעט „ניסטער — דער דיכטער": „זײַנע ערשטע לידער האָט ניסטער אָנגעהויבן דרוקן מיט פופציק יאָר צוריק, אין דער פינצטערער רעאקציע־צײַט. אין דער יידישער דיכטונג איז דעמלט אָנגעגאנגען די וואקכאנאליע פון שווארצער מאָרעשכוירע. און אזוי פלעגט עס דעמלט זיך פירן: וואָס מער א דיכטער האָט בראווירט מיט דער אינדיווידואליסטישער פאָזע, וואָס מער ער האָט גערימט דאָס אליין־גיין און אליין־זײַן, אלץ מער האָט מען גערימט און געלויבט אים, דעם דיכטער. און אָט אין אזא אטמאָספער האָט זיך עס דערהערט די שטים פון דעם יונגן ניסטערן, וואָס האָט אין זײַן פּאָעמע „פרילינג" אין יאָר 1909, זיך געווענדט צום פרילינג מיט די ווערטער: „איך וויל ניט זײַן אליין; איך וויל ניט זײַן באזונדער, כ'וויל מיט דיר איינײנעם זײַן, גרויסער, גרויסער וווּנדער..."

דאָס האָט דורכגעקלונגען ווי א פּראָטעסט קעגן דער אפּאָלאָגיע פון דער איינזאמקײַט, וואָס איז אזוי ברייט געווען פארשפרייט אין דער דעמלטיקער יידישער דיכטונג.

פונקט אזוי האָט געקלונגען ווי א פּראָטעסט קעגן די שטימונגען פון דער דעמלטיקער דיכטונג, ווען ניסטער האָט אין זײַן בוך „געזאנג און געבעט" (1912) אָפּגעדרוקט א גאנצן ציקל לידער מיט דעם לייטמאָטיוו: „ערד אין מויל צו די, וואָס זאָגן: האָפענונג אומזיסטע..."[1]

עס איז אוואדע אויסלענדערס פארדינסט, וואָס ער האָט געווענדט די אופמערקזאמקײַט אף אָט דער זײַט פון דעם ניסטערס ליטערארישער טעטיקײַט. עס קאָן זײַן, אז אין אָט דער ארבעט איז איבערגעטריבן דער רעוואָליוציאָניזירנדיקער באטײַט פון דעם ניסטערס שאפן. דאָס געשטאלט פונעם שרײַבער דארף אוואדע ניט ווערן צוגעפוצט. דער ניסטער נייטיקט זיך ניט דערין. אָבער דער גרונט־געדאנק פונעם פאָרשער וועגן דעם, אז דעם שרײַבערס רעוואָליוציאָנערע שטימונגען, באזונדערס אין די יאָרן פון ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, זײַנען אָפּגעשפּיגלט אין זײַן דיכטונג, האָט זיכער א באָדן אונטער זיך. אין ניסטערס דריטן בוך „געזאנג און געבעט", אין דעם קאפיטל „אין יענער נאכט" ווערט געמאָלט, ווידער טאקע אין דער פאָרם פון מיסטישע זעונגען, די היסטאָרישע פארגאנגענהײַט. דער אווטאָר לאכט אויס דערבײַ יענע, וואָס האָבן זיך אַנטוישט אין די געזעלשאפטלעכע אידעאלן פונעם קאמף פאר א נײַ לעבן:

[1] נאָכעם אויסלענדער. ניסטער — דער דיכטער. „סאָוועטיש היימלאנד", נומ. 11, 1969, ז. 66.

שפּאָט צו יענע זעערס,
שאנד צו די, וואָס זאָגן:
פּאָטערס שוין געפאלן,
קינדער נישט דערטראָגן...

. . . . . . . . . . .

גייט אין אײַער רוע!
שלאָף אײַך אף די וויִעס...
אלט זײַט איר פאר זעען,
מידע פאר נעוויִעס...

דער קינסטלערישער פּאטאָס פונעם דיכטער איז איצט געווענדט אף באזינגען דעם אָנקומענדיקן נײַעם פרילינג פארן פאָלק:

ווײַט אין הימלען פליִען
פויגל אין שייאָרעס
אין דעם לאנד אין פרילינג
איבער ביים־האקוואָרעס.
פרײַ דאָס לאנד פאר הימלען
און פאר פויגל פרײַע,
און פאר יונגע קינדער
גייט א וועלט א נײַע...

דאָס איז אויך סימבאָליזם, אָבער שוין אזא דורכזיכטיקער און קלאָרער, אז ער נייטיקט זיך ניט אין קיינע דעשיפרירונגען.

ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָט דעם ניסטערס שאפן גלײַך פון אָנהייב אָן צוגעצויגן צו זיך די אופמערקזאמקײַט פון די לייענער און פון דער קריטיק. די דעמאָקראטישע יוגנט האָט געזוכט אין דעם ניסטערס ווערק פאָלקסטימלעכקײַט און אָפּטימיסטישן גלויבן אין א בעסער לעבן. אָבער אויך די מאָדערניסטישע ליטערארישע אינטעליגענץ האָט אין ניסטערן דערזען א נײַעם קויעך פאר דער יידישער ליטעראטור. וועגן דעם האָט שפּעטער, אין יאָר 1939, געשריבן אזא אווטאָריטעטער קריטיקער, ווי שמועל ניגער:

„די רעדאקציע (פונעם אלמאנאך „ליטערארישע מאָנאטשריפטן". — ה. ר.) האָט, ווי די גאנצע יידיש־ליטערארישע יוגנט פון יענער צײַט, געזוכט צו פארייניקן יידיש־גײַסטיקע טראדיציעס מיטן רוסישן אָדער פויליש־קינסטלערישן מאָדערניזם... איז זיך לײַכט פאָרצושטעלן די פרייד, וואָס זי האָט זיך געפרייט מיט ניסטערן... עפּעס א קלייניקײַט — א מאָדערניסטיש־ראפינירטער דיכטער, וואָס איז אזוי אײַנגעטונקט אין יידישע קולטור־טראדיציעס!.. מיר זײַנען אלע געווען אזוי ראָמאנטיש, — און ס'איז גאָר קיין וווּנדער ניט, וואָס ניסטערס פארנארן און פארקישעפן אונדז מיט דער שילדערונג פון עפּעס א פארכאלעשטן מיסטיש־עראָטישן טאנץ איז געווען אונדז ליבער, ווי דער קרעפטיקער נאטוראליזם פון איטשע־מייער ווײַסענבערגס „דער טאטע מיט די באָנים", וואָס מיר האָבן געדרוקט אין די זעלביקע „ליט. מאָנאטשריפטן"[1].

דעם ניסטערס קומען איז געווען א וויכטיקע דערשײַנונג אין דער ליטעראטור פון יענער צײַט. עס וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק איצט צו פארגרעסערן די באדײַטונג פון זײַן שאפן אין ערשטן פעריאָד. דאָס ערשטע יאָרצענדליק פונעם ניסטערס

[1] „יידישע קולטור", נומ. 8, 1962.

ליטעראַרישער טעטיקייט איז געווען אַ גלענצנדיקער אָנהייב, אָבער בלויז אַן אָנהייב. דעם ניסטער זײַנען נאָך פאָרגעשטאַנען קאָמפּליצירטע און שווערע אויספרוּוון און מעטאַמאָרפאָזעס. איך מיין, אַז אַ מער ריכטיקע אָפּשאַצונג פונעם ניסטערס שאַפן אין דעם פעריאָד האָט געגעבן אַן אַנדער אויטאָריטעטער קריטיקער פון יענער צײַט — באַלמאַכשאָוועס. ער האָט געשריבן: „צום ערשטן מאָל, דוכט זיך, דרוקן זיך די שטימונגס־בילדער פון ניסטער, וועלכער איז שוין אין ליטעראַרישע קרײַזן באַקאַנט זײַט עטלעכע יאָר... זײַנע שטימונגען זײַנען ליטעראַרישע פּראָבן, ניט ליטעראַרישע קונסט. אויך ער, ניסטער, איז סענטימענטאַל און רירט נישט דעם לעזער. אין „פּויליש" זעט מען ניט קיין טאַנץ, נאָר מע הערט אַ סאַך עפּיטעטן וועגן טאַנץ. אויך איז ער פול מיט מעליצעס. נאָר זײַנע מעליצעס זײַנען אַזוי נײַ, זײַנע ווערטלעך (אויסדרוקן) זײַנען אַזוי אָריגינעל, דאָס דער ליבהאָבער פון ייִדישער שפּראַך קאָן זיך ניט גענוג אָנקוועלן מיט זיי. ניסטער איז אַן אָנפאַנגער, און ווי בײַ איטלעכן אָנפאַנגער, איז ער מער פול מיט מאַטעריאַל פון קונסט, ווי מיט דער קראַפט דאָס שיינע דעקאָראַטיווע מאַטעריאַל אויסנוצן צו אַ געוויסן קינסטלערישן צוועק. ניסטערן פעלט דער ריטם, די ריינע מענוכע, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס אַ פאַרטיקער קינסטלער. דערפאַר אָבער באַזיצט ער אַ שפּראַך, וואָס איז אַזוי אָריגינעל, אַזוי רײַך און אַזוי ייִדיש־נאַציאָנאַל, דאָס די ליטעראַטור קאָן האָפן פון ניסטערן נאָך צו דערלעבן אַ סאַך, אַ סאַך נאַכעס"[1].

## דער צווייטער פעריאָד — סימבאָליסטישע פּראָזע (1928—1918)

דעם ניסטערס וויכטיקסטע ווערק אין דעם יאָרצענדליק — „מײַסעלעך אין פערזן" (קיִעוו, 1918), צוויי בענדער דערציילונגען „געדאַכט" (בערלין, 1922 — 1923), אַ זאַמלונג דערציילונגען „פון מײַנע גיטער" (כאַרקאָוו, 1928) און אַ צווייטע אויפלאַגע פון „געדאַכט" (קיִעוו, 1929) — באַווײַזן קלאָר, אַז דער שרײַבער האָט זיך באַפרײַט פון יענע שטימונגען, וועלכע האָבן אים באַהערשט אין דעם פאָריקן יאָרצענדליק.

די צענטראַלע טעמע פונעם ניסטערס ווערק אין צווייטן פעריאָד פון זײַן שאַפן איז די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און די וויכטיקע פּראָבלעמען, וועלכע זי האָט געשטעלט פאַר דער ליטעראַטור, פאַר דער אינטעליגענץ, פאַר דעם פאָלק. ניט געקוקט דערויף, וואָס דער ניסטער איז לויט זײַן שעפערישן מעטאָד געבליבן אַ סימבאָליקער, ווי ביז דער רעוואָליוציע, ניט געקוקט אויף דער ווידערשפּרעכיקײַט פון זײַנע סאָציאַל־היסטאָרישע, סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע און ליטעראַריש־עסטעטישע אָנשויונגען, האָט זײַן שאַפונג אין די ערשטע צען יאָר נאָך דער רעוואָליוציע באַ־

שטימטע שטריכן פון אַן אויסגעשפּראָכן נײַעם פעריאָד אין זײַן ליטעראַרישער עוואָליוציע.

אידעאָלאָגיש און פּסיכאָלאָגיש איז דער ניסטער געווען איבעראַשט און באַגײַסטערט מיט דער גרויסאַרטיקײַט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, מיט דער גראַנדיעזקײַט פון אירע מאַסשטאַבן, מיט דער נײַקײַט און גערעכטיקײַט פון אירע צילן און אידעאַלן. ער האָט געזען דעם טריומף און די פרייד פון פעלקער אין צוזאַמענהאַנג מיטן ניצאָכן פון דער רעוואָליוציע, מיט איר אַלוועלטלעכן אופשוווּנג. דער ניסטער האָט געזען דעם שאַרפן קאַמף פון צוויי וועלטן, דעם קאַטאַסטראָפישן צוזאַמענשטויס פון צוויי אַנטאַגאָניסטישע לאַגערן, אַ יאַם מיט בלוט און שוידערלעכע רויִנירונג, וועלכע וועט דויערן, ווי עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אָן אַ סאָף.

דער ניסטער האָט געגלייבט אין זיג פון דער רעוואָליוציע. אין דער דערציילונג „נײַגײַסט" האָט ער געשריבן:

„און דער קלאַנג וועגן דעם מענטשן וועט זיך אין יענעם אָרט פאַרשפּרייטן, — און דעם נאָמען זײַנעם וועט מען ווײַט און אַרום אויך אויסער יענעם אָרט דערהערן, און ציִען וועט מען זיך אַהין נעמען, און אָנקומען, און אָנקומען פון אַלע זײַטן, און אַן אײדע און אַ ווילד־נײַע וועט זיך דאָרטן בילדן, און אַלטע טאַלמידים און נײַע טאַלמידים וועלן אַהין צוגענומען ווערן, אויף אַרויסגיין פון דאָרט, אין אַלע יאַמען און יאַמברעגעס צו צעשיקט ווערן, אויף נישט געהערטס צו הערן מאַכן און אויף נישט געשעענס צו געשען לאָזן".

אין אַזאַ האַלב־מיסטישן, האַלב־נעוויִשן, אָבער גענוג דורכזיכטיקן סטיל האָט דער ניסטער אויסגעדריקט זײַן באַציִונג צו די אַלוועלטלעך־היסטאָרישע געשעענישן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. אין אָט דער רעליגיִעז־מיסטישער און סימבאָלישער פאָרם איז פאַרקערפּערט אי באַגײַסטערונג פאַר דער רעוואָליוציע, אי אומקלאָרער פאַרשטאַנד פון איר קאָנקרעט־היסטאָרישן און סאָציאַל־פּאָליטישן אינהאַלט.

דער ניסטער מאַכט קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען אין זײַן שאַפן, ער פּרוּווט אָפּשפּיגלען און פאַרקערפּערן די פּראָבלעמען פון דער רעוואָליוציע אין אַזעלכע ווערק, ווי „נײַגײַסט", „ווינקעלער", „ציגײַנער", „אונטער אַ פלויט" און אַנדערע.

איינע פון די וויכטיקע פּראָבלעמען אין צווייטן פעריאָד פונעם ניסטערס שאַפן איז די פּראָבלעם פון דער אינטעליגענץ אין דער רעוואָליוציע, די שווערע זוכונגען פון דער אינטעליגענץ אויף די וועגן צו דער רעוואָליוציע, די איבערשאַצונג פונעם ביזרעוואָליוציאָנערן אידייִש־עסטעטישן באַגאַזש: אינדיווידואַליזם, נאַציאָנאַליזם, מאָדערניזם. אין דעם זין איז כאַראַקטעריסטיש די סאַכאַקלדיקע דערציילונג „אונטער אַ פלויט", ווו דער דערציילער אָנערקענט דעם בראָך פון די אידייִשע שטרעבונגען פון דער ייִדישער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ ביז דער רעוואָליוציע און דעם גערעכטיקן אורטייל פון דער געשיכטע איבער איר באַגרענעצטער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע. דער העלד און דער דערציילער פונעם ווערק „אונטער אַ פלויט" דערקלערט

---

[1] באַלמאַכשאָוועס (ד״ר עליאַשעוו). שריפטן. ווילנע, 1912, ז. 86.

גאַנץ איבערצײַגנדיק: „דאָס, וואָס איז מיר געקומען, דאָס איז מיר געגעבן".

דער ניסטער האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג צו דער רעוואָליוציע, ווי די בעסערע פאָרשטייער פון דער ייִדישער און רוסישער אינטעליגענץ אין יענער עפּאָכע. אָבער דעם ניסטערס וועג צו דער רעוואָליוציע איז געווען אַ מער קאָמפּליצירטער איבער זײַן סימבאָליזם, וואָס איז, ווי פריִער, געבליבן זײַן קינסטלערישער שעפערישער מעטאָד. די נײַע פּראָצעסן, די נײַעווירקלעכקײַט האָט דער שרײַבער געפּרוווט פאַרקערפּערן אין אַ גאַלעריי סימבאָליסטישע בילדער און געשטאַלטן פון דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהײַט, פון דער רעליגיעזער פאַנטאַסטיק. די דאָזיקע געשטאַלטן זײַנען באַדינגלעכע, אין אַ באַשטימטער מאָס אומקלאָרע, פאַרבאָרגענע.

דער סימבאָליזם פונעם ניסטערס מײַסעס און דערציילונגען פאַרטונקלט אוודאי זייער רעאַלן לעבנס־טאָך, מאַכט שווער צו פאַרשטיין זייער אידייִשן אינהאַלט. אָבער ווען מע לייענט זיך אופמערקזאַם אײַן אין זיי, איז סאָפּקאָלסאָף שוין גאָרניט אַזוי שווער אופצודעקן זייער זין און פילאָסאָפישן טאָך. דער גרונט־מאָטיוו פונעם ניסטערס שאַפן אין צווייטן פּעריאָד איז די באַוועגונג פונעם מענטשן, פינקטלעכער — פון דער מענטשהײַט, אַף די וועגן צו דעם ענדגילטיקן ציל. דער ניסטער אַלס קינסטלער און דענקער שטעלט אין זײַנע ווערק פון דעם פּעריאָד די וויכטיקסטע סאָציאַלע און היסטאָריש־פילאָסאָפישע פּראָבלעמען וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ביז צו דעם הײַנטצײַטיקן קאַמף פאַר אַ גערעכטער סאָציאַלער אָרדענונג. דער מענטש גייט מיט אַ שווערן וועג, שטרעבנדיק צו דערגרייכן דעם ציל, אָבער ער באַגעגנט פילצאָליקע שטערונגען, וועלכע ער מוז גוויוער זײַן. אָפטמאָל שלאָגט ער זיך אַראָפּ פונעם וועג, בייזע קויכעס פאַרפירן אים אין אַ זײַט, ער בלאָנדזשעט, פאַרלירט זיך, פאַרגעסט אינעם ציל, וואָס צוליב דערגרייכן אים האָט ער זיך געלאָזט אין ווײַטן וועג, וועלכער איז פאַר אים אַליין ניט אינגאַנצן קלאָר. ער טרעפט אָבער אויך מענטשן קלוגע, הייליקע, דערפאַרענע, זיי פירן אים אַרויס פון זײַנע בלאָנדזשענישן, ווײַזן אים דעם ריכטיקן וועג, העלפן אים דערגרייכן דעם ציל.

אין העסקעם מיטן אַבסטראַקטן אינהאַלט פון די ווערק זײַנען אויך אַבסטראַקט די קינסטלערישע געשטאַלטן אין די דערציילונגען פונעם ניסטער. דער העלד פון זײַנע דערציילונגען איז אַ „גייער", אַ „וואַנדערער", אַ „נאָזיר"; דער גייער לאָזט זיך „צום באַרג" (אַזוי הייסט איינע פון זײַנע דערציילונגען), קעדיי פון דער הייך פונעם באַרג באַטראַכטן די וועלט און דערגרייכן דעם עמעס, געניסן פונעם גליק. די פינצטערע קויכעס, די „שיידים" (אַ נאָמען פון אַ דערציילונג) פירן אים אָוועק פונעם ריכטיקן וועג, ער פאַלט אַרײַן אין „מידבער" (אַ נאָמען פון אַ דערציילונג), פאַרלירט זיך, בלאָנדזשעט, קאָן ניט געפינען דעם וועג. אַ קלוגער אַלטיטשקער טרייסט אים, פאַרגרינגערט זײַנע ליידן, דערמונטערט אים מיט מוטיקער גרייטקײַט גוויוער צו זײַן צאָרעס און אומגליקן; דער אַלטער שיקט דעם פאַרבלאָנדזשעטן גייער צום „נאָזיר" (אַ נאָמען פון אַ דערציילונג), וועלכער לעבט איינזאַם, גוויוער זײַענדיק די ערדישע לײַדנשאַפטן, און וועלכער איז מיט זײַן אַסקעטישקײַט דערגאַנגען צום סאָד פון אַלע רעטענישן אינעם לעבן...

דעם ניסטערס סימבאָליסטישע עסטעטיק אַנטפּלעקט זיך אויך אין דער סטרוקטור פון זײַנע ווערק. קאָמפּאָזיציאָנעל זײַנען זיי געבויט ווי רינגען פון אַ קייט, וועלכע זײַנען צוזאַמענגעבונדן, אָבער אין דער זעלבער צײַט זײַנען זיי זעלבשטענדיק, אײַנהיטנדיק „אווטאָנאָמישקײַט".

וויכטיק איז, וואָס דעם ניסטערס סימבאָליזם איז ניט פאַרבונדן מיט סאָציאַלן פּעסימיזם און אַנטוישונג. די סימבאָליסטישע געשטאַלטן זײַנען לויט זייער טאָך ניט אָנגעשלאָסן צו יענוועלטיקע איליוזאָרישע פאָרשטעלונגען. אין דעם ניסטערס ווערק פילט זיך מער אָדער ווייניקער בולעט די פאַרבינדונג מיט דער רעאַלער ווירקלעכקײַט פון דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע, מיט אירע אַקטועלע פּראָבלעמען.

אַ מערקבאַרע אייגנשאַפט, וואָס גיט די מעגלעכקײַט צו פעסטשטעלן אַ נײַעם עטאַפּ פונעם ניסטערס שאַפן אין צווייטן יאָרצענדליק פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט, איז די נײַע זשאַנער־פאָרמע. דער שרײַבער גייט אַריבער פון פּאָעזיע צו פּראָזע. ווען דער ניסטער זאָל געווען בלײַבן אַ דיכטער און ניט ווערן קיין פּראָזאַיִקער, וואָלט זײַן ראָל אין דער געשיכטע פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור ניט געווען אַזוי באַדײַטנדיק. דעם ניסטערס דיכטונג, האָגאָם זי איז געווען אָריגינעל און אייגנאַרטיק, איז דאָך ניט קיין עפּאָכע אין דער ייִדישער פּאָעזיע. שטרענג גערעדט, איז דאָס ניט געווען קיין דיכטונג אין פינקטלעכן און אין פולן באַטײַט פונעם דאָזיקן באַגריף. דאָס איז אין טאָך ריטמיזירטע פּראָזע. די סוזשעטן פון די ווערק, די מײַסעדיקײַט, די אָפּוועזנהײַט פון אַ לירישן אָנהייב — דאָס אַלץ האָט גערעדט וועגן פּראָזאַיִשקײַט. איך מיין, אַז קיין איין ליטעראַטור־היסטאָריקער וואָלט ערנסט ניט געקאָנט אָנעמען דעם ניסטערס דיכטונג אַלס אַן אויסטערלישע דערשײַנונג פון דער ייִדישער פּאָעזיע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. פאַר אַלעמען איז קלאָר, אַז דער ניסטער איז געוואָרן אַ קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור ניט אַלס דיכטער, נאָר אַלס שעפער פון קינסטלערישער פּראָזע. די באַדײַטונג פון זײַנע פּאָעטישע ווערק באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט דעם אַריבערגאַנג זײַנעם צו פּראָזע. גופע אינעם נאָמען פון דעם בוך „מײַסעלעך אין פערזן" איז שוין פאַרלייגט דער פּרימאַט פונעם דערציילעריש ן.

„מײַסעלעך אין פערזן" — איז אַ מײַסטערישע איבעראַרבעטונג, אייגנטלעך אַ טראַנספאָרמאַציע, פון נאַיִוון קינדערישן פאָלקלאָר. דאָ האָט דער ניסטער געזוכט לעקסישן מאַטעריאַל פאַר פּראָזע, וואָרט־מאַטעריאַל פאַר דער דערציילערישער פאָרם. ער האָט אין דער סטיכיִע פון קינדערישן פאָלקלאָר געפונען פאַר זיך, פאַר זײַן אַרט דערציילן ניט בלויז דאָס וואָרט, נאָר אויך דעם רעדנס־אַרט, דעם שפּראַך־גאַנג, אייניקע אומגעזעענע אין דער ייִדישער ליטעראַטור דערציילערישע עלעמענטן (אינ־

ווערס־אַנעלע ריטמיזירטע דערציילערישע פּראָזעס און זאַצן, אַ נײַע אַקצענטירונג פון די טיילן אין זאַץ, אינערלעכע און אויסערלעכע צוזאַמענבאַהעפטונג פון אָט די טיילן).

דער ניסטער ווענדט זיך צו נאָכמען בראַצלאַווערס טראַדיציע, און דאָס האָט באַטײַט אַ ווענדונג צו פּראָזע אַלס אַזעלכער, ווײַל נאָכמען בראַצלאַווערס מײַסעלעך האָבן ניט געהאַט קיין שײַכעס צו דיכטונג. דאָס איז געווען כסידישער דערציילערישער פאָלקלאָר אין זײַן עכטער קינסטלערישער אַנטפּלעקונג. דערמיט האָט דער ניסטער אָף שטענדיק זיך צעשיידט מיט פּאָעזיע, און ווײַטער האָט ער זיך צו איר מער ניט אומגעקערט.

דאָ האָט ער אָבער גלײַך זיך צונויפגעשטויסן מיט נײַע ווידערשפּרוכן. זײַענדיק נאָך אַלץ אַ סימבאָליסט לויטן שעפערישן מעטאָד, האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן סימבאָליסטישע דערציילונגען. דעם עפּישן דערציילערישן זשאַנער איז אָבער אָרגאַניש פרעמד דער סימבאָליזם, אין יעסאָד פון וועלכן עס ליגט די אַבסטראַקציע, די אָפּווענדונג פונעם קאָנקרעטן, די אָנדײַטונג, דער באַדינגלעכער צייכן, ענדלעך — דער מוזיקאָלישער קלאַנג און דער ריטם. די עפּישע דערציילערישע פאָרם, פאַרקערט, האָט אין איר יעסאָד די קאָנקרעטע שילדערונג פון ברייטע לײַוונטן, סאָציאַל־היסטאָרישע געשעענישן, מאָלערישע שטייגער־בילדער און פּייזאַזשן, מענטשלעכע געשטאַלטן, קאָנפליקטן און פּסיכאָלאָגיע. די גאַנצע דערפאַרונג פון דער אַלוועלטלעכער, רוסישער און ייִדישער ליטעראַטורן באַווײַזט, אַז דער סימבאָליזם האָט געהאַט זײַנע סאַמע אָנגעזעענע פאָרשטייער אין דער פּאָעזיע, אָבער ניט אין דער פּראָזע.

ניט גערעכט זײַנען יענע, וועלכע מיינען, אַז דער ניסטער האָט געשאַפן זײַן אָרגאַנישן, אים אייגנטימלעכן סטיל ביזן 1929, ווען ער איז געווען אַ סימבאָליסט, אַז אין דעם באַשטייט זײַן באַדײַטונג פאַר דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור. ריכטיק איז, אַז דער ניסטער איז געווען אַ באַדײַטנדיקער אָריגינעלער שעפער אין ערשטן און אין צווייטן עטאַפּ פון זײַן שאַפן. אָבער אַ גרויסער קינסטלער, אַ קלאַסיקער פון קינסטלערישער פּראָזע איז דער ניסטער געוואָרן אין דריטן פּעריאָד, ווען ער האָט באַוווּסטזיניק זיך אָפּגעזאָגט פונעם סימבאָליזם און איז אַריבער צו רעאַליסטישער שאַפונג.

## דער דריטער פּעריאָד — קינסטלערישער רעאַליזם. היסטאָרישער עפּאָס (1929—1949)

ווי אַלע סאָוועטישע שרײַבער, איז אויך דער ניסטער געווען באַגײַסטערט פון די גראַנדיעזע איבערגעשטאַלטונגס־פּראָצעסן אין לאַנד, און ער האָט געוואָלט מיט זײַן שאַפונג מיטהעלפן אָט די פּראָצעסן. דאָס איז אָבער געווען אומעגלעך צו פאַרווירקלעכן מיטן סימבאָליסטישן מעטאָד. אין סאָף פון די צוואַנציקער און אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָט דער ניסטער דורכגעמאַכט אַ שאַרפן קער אין זײַן שעפערישער אַנטוויקלונג. ער האָט פולשטענדיק, מיט דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, מיט דער שרעקלאָזיקײַט פון אַ גרויסן קינסטלער פאַרשטאַנען, אַז ער מוז בײַטן זײַן שעפערישן מעטאָד.

אין דריטן פּעריאָד האָט דער ניסטער דערגרייכט די העכסטע שטופע פון מײַסטערשאַפט. דאָס האָט אַ שײַכעס ניט בלויז צו זײַן קרוין־ווערק „די משפּחה מאַשבער", נאָר אויך צו „דרײַ הויפּטשטעט", צו די דערציילונגען וועגן דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע („מיילעך מאַגנוס", „פלאָרא", „ווידערוווּקס", „העשל אַנשעלעס", „מייער לאַנדשאַפט", „ריווע יאָסל בונציעס", „מײַן באַקאַנטער", „פופע"), צו דעם ראָמאַן „אַרום 1905" און אַנדערע.

אין לעצטן פּעריאָד איז דער ניסטער ניט בלויז אַריבער פון סימבאָליזם צו רעאַליזם. וועגן דעם איז שוין גערעדט און געשריבן געוואָרן פיל מאָל נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן „דרײַ הויפּטשטעט" און באַזונדערס „די משפּחה מאַשבער". דעם ניסטערס רעאַליזם — דאָס איז היסטאָרישער עפּאָס. דאָס איז געשיכטע און הײַנטצײַטיקײַט אין איינהײַטלעכער קינסטלערישער פאַרקערפּערונג. דער היסטאָרישער עפּאָס איז דורכגעדרונגען מיט הויכער פילאָסאָפישער פאַראַלגעמיינערונג פון דער קאָנקרעטער היסטאָרישער שילדערונג.

אויך אין די ווערק פונעם ערשטן און צווייטן פּעריאָד איז ניט שווער געווען צו באַמערקן אָט די שטרעבונג פונעם קינסטלער צו פאַראַלגעמיינערנדיקער פילאָסאָפישער פאַרקערפּערונג פון אַמאָל און הײַנט, פון געשיכטע און הײַנטצײַטיקײַט. אָבער די סימבאָלישע אַבסטראַקציע האָט פאַרשוועריקט דעם פּראָצעס פון קינסטלערישער שילדערונג. די קאָנקרעטע קאַוואָנע, דער אידייִשער מיין האָבן זיך ניט געקאָנט אַרויסרײַסן פון די געדיכטע אָנהויפונגען, פון די פאַרשטעלטע רעמאָזים און אָנדײַטונגען.

אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון זײַן לעבן און שאַפן האָט דער ניסטער מיט אַ זעלטענער קראַפט פון גרויסער מײַסטערשאַפט זיך דערהויבן צו עכטער פילאָסאָפיש־קינסטלערישער און היסטאָריש־עפּישער שאַפונג. דאָס איז צו זען גאָר בולעט אין די דערציילונגען, וועלכע ער האָט געשאַפן אין די יאָרן פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. אין אָט די ווערק איז פאַרקערפּערט די נאַציאָנאַלע אידיי, די טראַגישע קאַטאַסטראָפע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די לענדער און געביטן, וועלכע זײַנען געווען אָקופּירט פונעם דײַטשישן פאַשיזם. דעם ניסטערס היסטאָריזם געפינט אַן אויסדרוק אין דער סטרוקטור, אין קאָמפּאָזיציאָנעלן געבוי פון די דערציילונגען. זיי זײַנען געפורעמט לויטן היסטאָרישן פּרינציפּ פון דיאַלעקטישער איינהײַט פון אַמאָל און הײַנט. אין דער דערציילונג „מיילעך מאַגנוס" ווערט געשילדערט אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ פון אַ ייִדישן דעמאָקראַטישן אינטעליגענט, וועלכער איז גוט געווען באַקאַנט דעם שרײַבער. אין דער דערציילונג זײַנען פאַראַן גלענצנדיקע קאַפּיטלען, שאַרפע שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער ייִדישער שעפערישער וויסנשאַפטלעכער סוויווע ביז דער רעוואָליוציע און

נאָך דער רעוואָליוציע. אַזוי זײַנען געבויט אַלע דערציילונגען.

דער שרײַבער נעמט אָפּ זיך די ראָל פון א היסטאָריקער. ער מאָלט שטרענג און לאַקאָניש, אָן אויסגעשרייען, אָן קלאָלעס. ער איז שרעקלאָז אין דער שילדערונג פון בייז, ווי אַן עכטער וויסנשאַפטלער. ער איז אָביעקטיוו, ווי א פאָרשער, נאָך מער — ווי א שטרענגער שויפעט, וואָס טראָגט ארויס דעם גרויזאַמען גערעכטן אורטייל. ער איז אָבער ניט בלויז א שויפעט, ניט בלויז דער טרעגער פונעם מידאַס־האַדין, נאָר אויך דער הומאַנישער, דער איידעלער פאַרווירקלעכער פון מידאַס־האָראַכמים. דער אומראַכמאָנעסדיקער, דער אנטשיידענער גערעכטער ריכטער איבער די טרעגער פון בייז און דער צאַרטער, עכט מענטשלעכער פילבאַרער נאָווי פון די ליידן פון די קאָרבאָנעס.

אין זײַנע דערציילונגען פון די מילכאָמע־יאָרן טרעט דער ניסטער ארויס אין אָט דער צווייענדיקער ראָל פון שטראָפער און טרייסטער. און אייִנצײַטיק דערמיט איז ער אויך דער זאָרגזאַמער דענקער און זוכער פון נײַע וועגן פאַר דער מענטשהײַט און פאַר זײַן פאָלק. אין דער דערציילונג „פלאָרא״ ווײַזט ער דעם וועג, דעם אייִנציק מעגלעכן אויסוועג פאַר דעם מענטשן — דעם וועג פון אנטשיידענעם פאַרביטערטן קאַמף קעגן דײַטשישן נאַציסטישן סוינע.

דער ניסטער וויל געפינען אין זײַנע ווערק ניט בלויז דעם וועג צום זיג, נאָר אויך דעם וועג צום ווידערוווקס פון אַלע קויכעס, פון אַלע פאָלקסקרעפטן און פאָטענצן, וועלכע זײַנען פאַראַן אין יעדן מענטשן און אין יעדן פאָלק, ווי גרויס עס זאָל ניט זײַן די קאַטאַסטראָפע, ווי שווער די פאַרלוסטן. אָט די אידיי, אָט דער טרוים פונעם דענקער און קינסטלער זײַנען פאַרקערפּערט אין „פלאָרא״, אין „ווידערוווקס״, אין אַלע, אפילע אין די סאַמע טראַגישע ווערק פונעם ניסטער אין די מילכאָמע־יאָרן און אין די ווייניקע יאָרן, וואָס אים איז געבליבן צו שאַפן נאָך דער מילכאָמע.

מיטן אריבערגיין צום רעאַליסטישן און היסטאָרישן עפּאָס איז דער ניסטער געוואָרן יענער מעכטיקער קינסטלער, וואָס איז איצט אנערקענט פאַר א קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פונקט ווי דאָוויד בערגעלסאָן, שאָלעם אַש, יויסעף אָפּאַטאָשו, ה. לייוויק.

דעם ניסטערס וואָרט איז שטענדיק געווען קונסט. אָבער צו דער העכסטער שטופּע האָט זײַן וואָרט זיך דערהויבן אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון זײַן שעפערישער אנטוויקלונג. איצט איז זײַן וואָרט געוואָרן דאָס וואָרט פון גרויסער קונסט, פון גרויסע אידייען, פון פאַנאַנדערגעוויקלטע לעבנס־בילדער, פון פאַראַלגעמיינערטע קינסטלערישע געשטאַלטן, טיפן און כאַראַקטערן, אַזעלכע ווי די ברידער לוזי, מוישע און אַלטער מאַשבער, סרולי גאָל, רעב דאָדי, מיכל בוקיִער, גיטעלע און נאָך אנדערע צענדליקער און הונדערטער לעבעדיקע טיפן און געשטאַלטן מיט לעבעדיקע מידעס און געננג, מיט זייערע פריידן און ליידן. די דאָזיקע געשטאַלטן זײַנען אָריגינעל און נײַ אין דער ייִדישער ליטעראַטור לויט זייער טיפּישקײַט און לויט זייער אינדיווידואַליזאַציע, לויט זייער אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן און סאָציִאַלן טאָך, לויט זייער שפּראַך און פּסיכאָלאָגיע, לויט זייערע אופטועֶן און לויט זייער גוירל. דאָס וואָרט אין דעם ניסטערס פּראָזע האָט באַקומען קאָנקרעטקײַט, באַשטימטקײַט און צוזאַמען דערמיט עלאַסטישקײַט, דורכזיכטיקײַט. דאָס וואָרט איז געוואָרן פול מיט רײַכע פּסיכאָלאָגישע אינטאָנאַציעס, אַקצענטן און ניואַנסן, ניט אָנגעוואָרנדיק דערבײַ די מײַסעדיקײַט, די אונטערגרונטיקע טיפקײַט, די אונטערטעקסטועלע סימבאָלישקײַט, פילבאַדײַטנדיקײַט. דעם ניסטערס קינסטלעריש וואָרט איז איצט געוואָרן אין דער פולער מאָס דערציילעריש און אין דער זעלבער צײַט — אַפאָריסטיש, אָנגעזעטיקט מיט פילאָסאָפישער פובליציסטישקײַט, מיט דיִאַלאָגישער פאָלעמישקײַט, מיט איראָניע, פאַטעטיק.

„די מישפּאָכע מאַשבער״ איז דאָס הויפּט־ווערק פונעם ניסטערס שאַפן, באַזונדערס אין דריטן פּעריִאָד. דער ראָמאַן איז געבליבן ניט פאַרענדיקט, אָבער ער זאָגט איידעס וועגן שעפערישן אופשטײַג פונעם אווטאָר, וועגן זײַן ארופגאַנג צו די סאַמע שפּיצן פון קלאַסישער קונסט. אין פּעריִאָד פון רעאַליסטישער עפּישער שאַפונג איז דער ניסטער געוואָרן דער קינסטלערישער געשיכטע־שרײַבער פונעם ייִדישן לעבן, אָנגעהויבן פון די 60 — 70־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט, פאָרזעצנדיק מיטן אָנהייב פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, באַזונדערס מיט דער עפּאָכע פון דער ערשטער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד (דער ראָמאַן „ארום 1905״), און געענדיקט מיטן פּעריִאָד פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע און מיט דער טראַגישער קאַטאַסטראָפע פונעם ייִדישן פאָלק אין אָט די יאָרן (די דערציילונגען פונעם בוך „ווידערוווקס״, מאָסקווע, 1969).

דער ראָמאַן „די מישפּאָכע מאַשבער״ שטייט אין צענטער פון דעם ניסטערס שאַפן אַלס סינטעטישער סאַכאַקל פון זײַן ליטעראַריש־שעפערישער עוואָליוציע. דערמיט ווערט אַבסאָליוט ניט פאַרמינערט די וויכטיקע באַדײַטונג פון אַלע אנדערע ווערק, וואָס דער ניסטער האָט געשאַפן אין פאַרשיידענע צײַטן פון זײַן פערציקיאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט.

די פלענער און די מאַסשטאַבן פונעם ניסטערס שאַפן באַוווּנדערן מיט זייער טיפקײַט, מיט זייער פילאַרטיקײַט. די פלענער איז ניט באַשערט געווען צו פאַרווירקלעכט ווערן אין דער מאָס, ווי דער ניסטער האָט זיי פאַרטראַכט. נאָר דאָס, וואָס ער האָט יאָ פאַרווירקלעכט, שטעלט אים אין איין ריי מיט די סאַמע גרעסטע קינסטלער פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

# מיט פערציק יאָר צוריק



**א**ין אווגוסט 1934 איז פאָרגעקומען דער ערשטער אלפארבאנדישער צוזאמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער. דאָס איז א וויכטיקע געשעעניש אין דער געשיכטע פון דער פילנאצי־אָנאלער ליטעראטור פון אונדזער לאנד. אין די היסטאָרישע ארויסטרעטונגען פון מ. גאָרקי און פון די אָנגעזעענע שעפער פון אלע נאצי־אָנאלע ליטעראטורן זײַנען אונטערגעפירט געוואָרן די סאכאקלען פון דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ליטעראטור, אָנגעהויבן פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. עס איז געשאפן געוואָרן דער פארבאנד פון סאָוועטישע שרײַבער. די ליטעראטור האָט זיך פארפעסטיקט אָף די רעוואָליוצי־אָנערע עסטעטישע און קינסטלערישע פרינציפּן פון א נײַעם שעפערישן מעטאָד — דעם מעטאָד פון סאָציאליסטישן רעאליזם.

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז געוועזן דער אָנהייב פון דער סאָוועטישער ליטעראטור. די רעוואָליוציע האָט אוועקגעשטעלט פאר די שרײַבער לאכלוטן נײַע אופגאבן און פּראָבלעמען. די נאָוואטאָרישקײַט פון דער סאָוועטישער ליטעראטור איז באדינגט געוואָרן גופא פון דער רעוואָליוצי־אָנערערווירקלעכקײַט, פונעם רעאלן לעבן, וואָס האָט זיך אינגאנצן געענדערט אין אלע געביטן.

ביז דער רעוואָליוציע האָט די ליטעראטור געוויזן הויפּטזאכלעך טיפּן און געשטאלטן פון די „באלעבאטים פונעם לעבן", די פּריווילעגירטע, און פון די, וועלכע האָבן זיי באדינט. אין דער סאָוועטישער צײַט האָט זי געשטרעבט צו שילדערן טיפּן און געשטאלטן פון ארבעטער, פּויערים, פון די סאמע ברייטע פאָלקס־שיכטן און פון די, וועלכע האָבן זיי געוויזן דעם וועג, געפירט און געבראכט זיי צו א נײַ לעבן. די פאָרגעשריטענע פּראָגרעסיווע און דעמאָקראטישע קינסטלערישע ליטעראטור ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט שארף קריטיקירט די מעלוכע־מאשין, וואָס מיט איר הילף האָבן די מאכטהאָבנדיקע אונטערדריקט דאָס פאָלק. זי האָט גערופן די פאָלקסמאסן צום קאמף קעגן דער מעלוכע פון עקספּלואטאטאָרס. די נײַע ליטעראטור, פארקערט, איז געוואָרן דער אָנשפּאר פון דער רעוואָליוצי־אָנערער סאָוועטישער פאָלקס־מעלוכע. אָנשטאָט נאצי־אָנאליזם, נאצי־אָנאלן האס, נאצי־אָנאלער צעדרויבלטקײַט און נאצי־אָנאלער אָפּגעזונדערטקײַט האָט זי באזונגען און געפּריידיקט אינטערנאצי־אָנאליזם, פרײַנטשאפט און ברידערלעכקײַט פון פעלקער און נאציעס. די שעפער פון דער סאָוועטישער ליטעראטור זײַנען געשטאנען אָף דער הייך פון דער היסטאָרישער אופגאבע, זיי האָבן פארשטאנען די גרויסקײַט פון דער עפּאָכע, די לאָגיק פון איר באוועגונג און פון איר אנטוויקלונג. די סאָוועטישע שרײַבער האָבן געשטרעבט צו זײַן און זײַנען געוואָרן אקטיווע אָנטיילנעמער פון די גראנדי־עזע רעוואָליוצי־אָנערע געשעענישן.

די אידייִשע און עסטעטישע פרינציפּן פון דער סאָוועטישער ליטעראטור זײַנען אויסגעקלאָרט און באשטעטיקט געוואָרן אין פארלויף פון די צוואנציקער יאָרן. עס זײַנען אנטשטאנען א היפּשע צאָל ליטערארישע גרופּעס און אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן פארשיידן אופגענומען און פארשטאנען די אופגאבן פון דער ליטעראטור אין דער נײַער עפּאָכע. א וויכטיקע ראָל האָבן געשפּילט די שעפערישע פארייניקונגען „פּראָלעטקולט", „קוזניצא", „אָקטיאבער", „ראפּפּ", „לעף" (לינקער קונסט־פראָנט), „רעף" (רעוואָליוצי־אָנערער קונסט־פראָנט), אימאזשיניסטן, לצק (ליטערארישער צענטער פון די קאָנסטרוקטיוויסטן), „פּערעוואל", „סעראפּי־אָן־ברידער", „מאָלאָדאיא גווארדי־א" און אנדערע.

איצט, נאָך דער רײַכער און דויערנדיקער היסטאָרישער דערפארונג, אין שײַן פון דער עוואָליוציע, וואָס די אָנטיילנעמער פון אָט די אלע ליטערארישע גרופּעס האָבן דורכגעמאכט, קאָן מען זיכער זאָגן, אז קיין איינע פון זיי האָט ניט געהאט קיין קלאָרע רעוואָליוצי־אָנערע פּראָגראם. אייניקע זײַנען געווען נעענטער צו דער רעוואָליוציע („אָקטיאבער", ראפּפּ, „מאָלאָדאיא גווארדי־א"), אנדערע זײַנען געשטאנען אָף מער רעכטע פּאָזיציעס („פּערעוואל", „סעראפּי־אָן־ברידער"). מיט דער צײַט אָבער זײַנען די שרײַבער פון די אלע ליטערארישע גרופּעס און אָרגאניזאציעס געוואָרן עכטע סאָוועטישע שעפער.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אָפּגעגעבן א סאַך אויפמערקזאַמקייַט דער קינסטלערישער ליטעראַטור. שטיצנדיק די יונגע שרייַבער־קאַדרען פון אַרבעטער און פּויערים, האָט די פּאַרטיי איינצייַטיק געהאָלפן די עלטערע דורירעס פון דער ליטעראַרישער אינטעליגענץ אויסלעבן פרעמדע אידייִשע ווירקונגען און זיך שטעלן אָף די פּאָזיציעס פון אַקטיוון באַטייליקן זיך אין דער בויונג פון דער סאָוועטישער קולטור. אין דער באַוווסטער רעזאָליוציע פון צק רקפּ(ב) „וועגן דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אין געביט פון קינסטלערישער ליטעראַטור“ (1925) ווערט אונטערגעשטראָכן די אויפגאַבע פון קאַמף מיט בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור. אָבער אין דער זעלבער צייַט וואָרנט די רעזאָליוציע קעגן פאַרעכענען אַלע „מיטלויפער“ אין לאַגער פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור, קעגן אַדמיניסטרירונג, קעגן סעקטאַנטישקייַט און קאָמצייַוועו. די רעזאָליוציע האָט דערקלערט א פרייַע פאַרמעסטונג פון ליטעראַרישע גרופּעס און שטרעמונגען אין געביט פון קינסטלערישער פאָרם. „אויפדעקנדיק... דעם געזעלשאַפטלעך־קלאַסעוון אינהאַלט פון די ליטעראַרישע שטרעמונגען, קאָן די פּאַרטיי זיך ניט פאַרבינדן מיט דער אָנגעהעריקייַט צו א וואָסער־ניט־איז ריכטונג אין געביט פון קינסטלערישער פאָרם“.

דער באַשלוס פון צק רקפּ(ב) האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פונעם ליטעראַרישן פּראָצעס, מיטגעהאָלפן באַזייַטיקן די פעלערן און אָנגעמערקט דעם וועג פאַר אַלע סאָוועטישע שרייַבער, אומאָפּהענגיק צו וועלכער גרופּע זיי האָבן געהערט. די ליטעראַטור־פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי איז באַשטאַנען דערין, אַז עס זאָלן באַזייַטיקט ווערן די טעאָרעטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע שטערונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור, די שרייַבער זאָלן אַרויסגעפירט ווערן אויפן ברייטן וועג פון קינסטלערישער שאַפונג, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער עפּאָכע און זאָל אָרגאַניש זייַן פאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער בויונג.

די אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור נאָך דער רעזאָליוציע פון צק רקפּ(ב) האָט אָנגענומען א גאָר ברייטן כאַראַקטער אין אַלע זשאַנרען פון קינסטלערישער שאַפונג: אין דער פּראָזע, אין דער דיכטונג, אין דער דראַמאַטורגיע. באַנאַנד מיט די עלטערע שרייַבער קומען אָן הונדערטער יונגע, וועלכע האָבן פאַר א קורצער צייַט געשאַפן ווערק פון הויכער מייַסטערשאַפט, ווו דער הויפּט־העלד איז געוואָרן דער סאָוועטישער מענטש. שטיצנדיק זיך אָף די קלאַסישע טראַדיציעס פון דעם קריטישן רעאַליזם און באַזונדערס אָף דער שאַפונג פון גאָרקין, האָט די סאָוועטישע ליטעראַטור אָנגעהויבן צו דערנעענטערן זיך צו א נייַעם שעפערישן מעטאָד, וועלכער האָט געדאַרפט אַנטשפּרעכן דעם רעוואָליוציאָנערן טאָך פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. „אונדזער נייַע רעאַליסטישע שול דערהייבט זיך וואָס אַמאָל העכער“, — האָט געשריבן א. וו. לונאַטשאַרסקי נאָך אין 1924[1].

אין די צוואַנציקער און אין אָנהייב פון די דרייַסיקער יאָרן זייַנען געשאַפן געוואָרן די גרונט־ווערק פון די סאָוועטישע קלאַסיקער גאָרקי, שאָלאָכאָוו, פאַדייעוו, מאַיאַקאָווסקי, יעסענין, באַגריצקי, טאָלסטאָי, באַבעל, ערענבורג, פורמאַנאָוו, לעאָנאָוו, פעדין, טיכאָנאָוו און אַנד. אין דער רוסישער ליטעראַטור, און אויך אין אַלע נאַציאָנאַלע סאָוועטישע ליטעראַטורן.

אין שייַן פון דעם שטורמישן אויפבלי פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור האָבן די ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס און גרופּירונגען אָנגעוווירן זייער פריִערדיקן באַטייַט. די שרייַבער האָבן אַלץ מער זיך פאַרפעסטיקט אָף די פּאָזיציעס פון דער סאָוועטישער אידעאָלאָגיע. די ליטעראַרישע גרופּירונגען זייַנען וואָס וויַיטער אַלץ מער אָפּגעשטאַנען פון דער ליטעראַטור. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט ווערן אין נעסטן פון גרופּלערייַ, פון קרייַזלדיקע אינטערעסן, האָגאָם לויט דער אינערציע האָבן זיי נאָך אַלץ פּרעטענדירט אָף אָנפירונג מיטן ליטעראַרישן פּראָצעס. באַזונדערס שאַרף האָט די טענדענץ פון גרופּלערייַ זיך אַנטפּלעקט אין ראַפּפּ. זייַנע אָנפירער און טעאָרעטיקער האָבן געשטעמפּלט די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע קינסטלער אַלס אַנטיסאָוועטישע שרייַבער. אין זשורנאַל „נא ליטעראַטורנאָם פּאָסטו“ איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער שעדלעכער לאָזונג „סאָיוזניק איִלי וראַג“ (א פאַרבינדעטער אָדער א סוינע); מע האָט דערקלערט א קאַמף „קעגן די אַלעקסיי טאָלסטאָיס“; איליא ערענבורג איז דערקלערט געוואָרן אַלס „שרייַבער פון מעשטשאַנסטוואָ“; שאָלאָכאָוו אַלס „אידעאָלאָג פון באַלעגופּישן קאָזאַקנטום“; אַפילו גאָרקין האָט מען אין די קרייַזן פון די נאַפּאָסטאָווצעס גערופן „רופּאָר פון דעם גאַנצן רעאַקציאָנערן טייל פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור“. דעם 25 דעקאַבער 1929 האָט דער צק אַלקפּ(ב) אַרויסגעטראָגן א ספּעציִעלן באַשלוס „וועגן דער אַרויסטרעטונג פון א טייל סיבירער ליטעראַטן און ליטעראַרישע אָרגאַניזאַציעס קעגן גאָרקין“, אין וועלכן אָט די אַרויסטרעטונג קעגן דעם גרויסן פּראָלעטאַרישן שרייַבער, דעם גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור, איז קוואַליפיצירט געוואָרן „אַלס א שאַרף פּעלערהאַפטע, וואָס גרענעצט מיט כוליגאַנערייַ“[1].

דער גרופּן־קאַמף איז אַזויאַרום געוואָרן א טאָרמאָז אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. די ליטעראַרישע גרופּירונגען האָבן שוין מער ניט אַנטשפּרעכט דער רייַכער דערפאַרונג פון דער שעפערישער אַנטוויקלונג פון די שרייַבער. עס האָט זיך געפילט א נויטווענדיקייַט אין א שעפערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַרייניקן אַלע סאָוועטישע שרייַבער. די פריִערדיקע אידייִשע מיינונגספאַרשיידנאַרטיקייַטן צווישן באַזונדערע ליטעראַרישע גרופּירונגען זייַנען ביסלעכווייַז אָפּגעפאַלן. זייַענדיק פאַרשיידן אין זייער סטיל, זייַנען אָבער די סאָוועטישע שרייַבער געווען איינהייַטלעך אין זייערע אידייִשע אָנשויונגען.

באַנאַנד דערמיט האָט זיך מיט דער שטורמישער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור אַלץ מער געפילט א נויטווענדיקייַט אין א פאַראַלגעמיינערדיקער סיסטעם פון שאַפונג, אין א נייַעם שעפערישן מעטאָד

[1] А. Луначарский. Предисловие к сборнику «Стык». М., 1925, стр. 5.

[1] «Правда», 26 декабря 1929 г.

פון דער רעוואָליוציאָנערער סאָוועטישער ליטעראַטור, וואָס זאָל סינטעטיש אײַנשליסן און אָרגאַניש פאַרייניקן די דערפאַרונג פון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור און אירע שעפערישע גרונט־מעטאָדן, באַזונדערס די דערפאַרונג פונעם ראָמאַנטיזם און רעאַליזם אין דער אייראָפּעיִשער און אין דער רוסישער ליטעראַטור פונעם 19־טן יאָרהונדערט. פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז דאָס נײַע לעבן און די רעוואָליוציאָנערעווירקלעכקײַט, די אָפּטועון פונעם סאָוועטישן מענטשן אין דער בױונג און אין דער קולטור דאַרפן קינסטלעריש פאַרקערפּערט ווערן אויף אַ נײַעם אופן. דער רעאַליזם דאַרף דעריבער אויך זײַן אַ נײַער. די קריטיק פון די 20־ער יאָרן האָט געזוכט דעם וועג צו באַשטימען די אייגנאַרטיקײַט פון דער רעאַליסטישער שאַפונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. מע האָט געשריבן וועגן „ראָמאַנטישן רעאַליזם", וועגן „רעאַליסטישער סאָציאַלער ראָמאַנטיק", וועגן „צונויפפאָרן רעאַליזם מיט ראָמאַנטיק", וועגן „הערויִשן רעאַליזם", וועגן אַ „נײַער רעאַליסטישער שול", וועגן „פּראָלעטאַרישן קינסטלערישן רעאַליזם".

דער באַשלוס פון צק אַלקפּ(ב) פונעם 23 אַפּרעל 1932 „וועגן איבערבויען די ליטעראַריש־קינסטלערישע אָרגאַניזאַציעס" האָט אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל פון דעם פריִערדיקן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור און אָנגעמערקט די פּערספּעקטיוון פאַר איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג. מיט דער ליקווידאַציע פון ראַפּפּ און מיטן שאַפן אַן אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־פאַריין איז פאַרענדיקט געוואָרן דער פּעריאָד פון זוכונגען און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון קאָנסאָלידאַציע און איינהײַטלעכער שעפערישער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור פון אַלע פעלקער אין אונדזער לאַנד.

מאַקסים גאָרקי איז געווען דער גרונטלייגער פון דער נײַער ליטעראַטור פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. צוזאַמען מיט וו. אי. לענינען האָט גאָרקי נאָך ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע טעאָרעטיש און שעפעריש באַגרינדעט די עסטעטישע פּרינציפּן פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם: פאָלקסטימלעכקײַט, פּאַרטייִשקײַט, רעוואָליוציאָנערע קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פון דער רעאַלער ווירקלעכקײַט, אינטערנאַציאָנאַליזם און ברידערלעכע פעלקערפרײַנטשאַפט, פאַרשיידנאַרטיקײַט פון קינסטלערישע מיטלען און סטילן — אָט די אַלע פּרינציפּן האָט גאָרקי פײַערלעך פּראָקלאַמירט אויפן ערשטן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור האָט פון סאַמע אָנהייב זיך אַנטוויקלט אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיט אַנדערע ברידערלעכע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן: מיט דער אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער און באַזונדערס מיט דער רוסישער ליטעראַטור.

די בעסטע שעפער פון דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור האָבן מיט פרייד באַגעגנט די רעוואָליוציע, ווײַל זי האָט באַפרײַט די פאָלקסמאַסן פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. אָשער שוואַרצמאַן, דער ערשטער רויטאַרמייער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, דער העלדיש אומגעקומענער סאָלדאַט פון דער רעוואָליוציע, האָט



אויף דער ערשטער באַראַטונג פון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער. פון רעכטס אויף לינקס: ערשטע ריי — י. בראָנשטיין, פּ. מאַרקיש, א. פאַדייעוו, אי. כאַריק, אי. פעפער; צווייטע ריי — מ. קולבאַק, א. קושניראָוו, מ. דאַניעל, מ. ליטוואַקאָוו, נאָטע לוריע, ש. גאָדינער

באַזונגען די „שורעס מוירדים", וועלכע האָבן „מיט ביקס אין האַנט, מיט וואַרעם בלוט אין האַרצן" זיך אוועקגעלאָזט „אין אויפֿשטאַנד" קעגן דער אַלטער וועלט, כּדי „צו ווײַזן די פּרײַז פֿון שטילער מי", „דעם אויסגעשריי פֿון דוירעס און פֿון צײַטן". ער האָט גערופֿן צו געבן אַ ווידערשטאַנד „דעם סוינע בײַ די טויערן". דאָוויד האָפֿשטיין האָט פֿײַערלעך דערקלערט: „מיר גייען אין דײַנע פֿאַרנטיקע רייען, שפּאַנענדיקע מענטשהײַט!". לייב קוויטקאָ האָט באַזונגען „דעם רויטן שטורעם" פֿון דער רעוואָליוציע. פּערעץ מאַרקיש האָט אויסגעשריִען: „די נײַע ייִדישע פּאָעזיע איז אַ קינד פֿונעם רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד". „צוזאַמען מיט דער נײַער רוסישער פּאָעזיע וועט אויך די נײַע ייִדישע דיכטונג אויפֿהייבן די פֿלאַמענדיקע פֿאַקעלן רוסלאַנדס".

ווי אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָבן אויך אין דער ייִדישער ניט אַלע שרײַבער באַגריסט די רעוואָליוציע. די העברעיִשע קינסטלערישע אינטעליגענץ האָט מערסטנטייל עמיגרירט אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָליוציע (ביאַליק, ראַווניצקי, קלויזנער, פֿרישמאַן, פֿיכמאַן אאַ.). עס האָט עמיגרירט אויך אַ גרופּע פֿעדער־מענטשן, וועלכע האָבן געשאַפֿן אויף ייִדיש (ש. ניגער, באַלמאַכשאָוועס, נ. מײַזיל, ש. ראָזענפֿעלד, ש. גאָרעליק אאַ.). די אָנגעזעענע שרײַבער דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער, לייב קוויטקאָ, פּערעץ מאַרקיש, זײַענדיק אין אויסלאַנד, האָבן אונטערגעהאַלטן ענגע פֿאַרבינדונגען מיט דער סאָוועטישער ליטעראַטור, פּובליקירט זייערע ווערק אין די סאָוועטישע אויסגאַבעס („אייגנס", „באַגינען", „שטראָם"). דערנאָך האָבן זיי זיך אומגעקערט אַהיים און זײַנען געוואָרן גרונטלייגער פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור.

אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז, נאַטירלעך, ניט געווען אַזויפֿיל ליטעראַרישע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס, ווי אין דער רוסישער. אין 1920 איז אין מאָסקווע געשאַפֿן געוואָרן אַ פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע שרײַבער און קינסטלער: ב. אַראָנסאָן, ד. בערגעלסאָן, ש. גאָרעליק, כ. גילדין, י. דאָברושין, מ. האַלפּערין, פּ. האַלפּערן, ה. האָכבערג, ד. האָפֿשטיין, אַ. וועוויאָרקע, ז. ווענדראָף, אַ. זאַרעצקי, אַ. טאַלמי, מ. טײַטש, ד. טשאַרני, י. טשײַקאָוו, י. יאָפֿע, כ. לייזעראָוויטש, ליפֿמאַן־לעווין, פּ. קאַהאַנאָוויטש, פּ. קאַטעל, ל. קיטײַ, ל. רעזניק, אי. ריבאַק, אַ. ראָדין, מ. שאַגאַל. אידייִש איז אָט די גרופּע געווען גאַנץ אומבאַשטימט. אייניקע פֿון דער גרופּע האָבן שפּעטער עמיגרירט. מיט דער צײַט האָט דער באַשטאַנד זיך געענדערט, עס זײַנען צוגעקומען נײַע מיטגלידער (אַ. שויכעט, ש. ראָסין, י. מאַרגאָליס). אינגיכן איז אין דער גרופּע געשאַפֿן געוואָרן אַ לינקער פֿליגל, וואָס האָט געשטרעבט צו פֿאָרמירן אַ גרופּע פּראָלעטאַרישע שרײַבער (גילדין, שויכעט אאַ.).

אין דעצעמבער 1923 איז אַנטשטאַנען די גרופּע „עקראַן", וואָס האָט פֿאַראייניקט די שרײַבער ש. גאָדינער, אַ. וועוויאָרקע, ש. פּערסאָוו, אַ. קושניראָוו און אַ. שויכעט, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז זייער גרופּע שליסט אײַן „אַלע ייִדישע שרײַבער, וואָס האַלטן די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע פֿאַרן יעסאָד פֿון זייער שאַפֿונג".

אין סוף 1924 איז געשאַפֿן געוואָרן די ייִדישע סעקציע פֿון מאַפּפּ. אַן אַנדער ליטעראַרישע גרופּע איז אויפֿגעקומען באַם זשורנאַל „יונגוואַלד" (פּ. ווילדמאַן, ש. מאַטלין, כ. דאָבין, אַ. קאַבאַקאָוו, אי. קאָוונער, י. ראַבין, ז. שוסטערמאַן, כ. שײַעוויטש, ג. קראַם). אין 1925 זײַנען דערשינען צוויי ליטעראַרישע זאַמלונגען — „אָקטיאַבער" (אויסגאַבע פֿון דער ייִדישער סעקציע פֿון מאַפּפּ) און „נײַערד" (אויסגאַבע פֿון די ייִדישע שרײַבער, וועלכע זײַנען ניט אַרײַן אין קיין ליטגרופּעס). מ. ליטוואַקאָוו האָט געהאַלטן אָט די צוויי זאַמלונגען פֿאַר אַ וויכטיקער דערשײַנונג אין דער ליטעראַטור. אין זײַן אַרטיקל „באַם איבערבראָך" האָט ער געשריבן: „אין אונדזער ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיפֿער און באַוווסטזיניקער פּראָצעס פֿון דיפֿערענציִאַציע".

אין סענטיאַבער 1924 האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דער ערשטער סאָוועטישער ייִדישער כוידעשלעכער זשורנאַל „די רויטע וועלט", אַרום וועלכן עס האָבן זיך גרופּירט, מערסטנטייל, די שרײַבער, וואָס זײַנען ניט אַרײַן אין די פּראָלעטאַרישע שרײַבער־אָרגאַניזאַציעס. אין 1925 קומט אויף אין מינסק דער צווייטער ייִדישער כוידעשלעכער זשורנאַל „שטערן". אין אים האָבן זיך הויפּטזאַכלעך געדרוקט מיטגלידער פֿון די פּראָלעטאַרישע שרײַבער־אָרגאַניזאַציעס.

אַ באַדײַטנדיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור האָבן געשפּילט די צײַטונגען „דער עמעס", „דער שטערן", „אָקטיאַבער", דער זשורנאַל „יונגוואַלד", די יוגנטלעכע צײַטונגען „יונגע גוואַרדיע", „יונגער אַרבעטער", די צײַטונגען אין באַזונדערע שטעט — „קאָמפּאָן" (קיִעוו), „דער אָדעסער אַרבעטער", „בערדיטשעווער אַרבעטער", די ליטעראַרישע וויסנשאַפֿטלעכע אויסגאַבעס „צײַטשריפֿט" (בענדער 1 — 5, מינסק, 1926 — 1931), „שריפֿטן" (קיִעוו, 1928), „וויסנשאַפֿטלעכע יאָרביכער" (מאָסקווע, 1929), די פֿאַרשיידענע אַלמאַנאַכן, קאָלעקטיווע ליטעראַרישע זאַמלונגען.

אין 1922 איז אין קיִעוו געשאַפֿן געוואָרן די ליטעראַרישע גרופּע „ווידערוווּקס", אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן אַ. שויכעט, אי. פֿעפֿער, מ. שאַפּיראָ, אַ. וועלעדניצקי, ד. כאַראָל, אי. קיפּניס; איין צײַט זײַנען געווען מיטגלידער פֿון אָט דער גרופּע אויך מ. כאַשטשעוואַצקי, ע. פֿינינבערג. וועגן „ווידערוווּקס" האָט פֿעפֿער שפּעטער געשריבן, אַז זי איז געווען „אַ דעמאָנסטראַציע פֿון פֿרישע קויכעס, וועלכע זײַנען, עמעס, ניט געווען אידייִש אייניהײַטלעך, אָבער זיי האָבן געוואָלט דורכשלאָגן די וואַנט פֿון די אַלטע קאָנסערוואַטיווע טראַדיציעס אין דער ליטעראַטור". אין קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרלאַג „ווידערוווּקס" זײַנען דערשינען די ערשטע זאַמלונגען פֿון אי. פֿעפֿער („שפּענער"), מ. שאַפּיראָ („פֿאַרטאָג"), אַ. וועלעדניצקי („לײַטערניש"), אי. קיפּניס („אָקסן"), מ. כאַשטשעוואַצקי („דאָרשט"), ש. שקאַראָווסקי („רעגעס").

באַנאַנד מיט דער גרופּע „ווידערוווּקס" איז אין 1925 געגרינדעט געוואָרן די ליטעראַרישע גרופּע „אַנטענע", אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן ע. פֿינינבערג, ה. אָרלאַנד, נויעך לוריע, ד. וואָלקנשטיין, ל. רעזניק, מ. דאַניִעל. „אַנטענע" איז לויט איר אידייִשע אָנשויונגען געווען נאָענט צו דער אוק־



א גרופּע דעלעגאַטן פֿונעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטישע שרײַבער. פֿאָרשטייער פֿון דער רוסישער, אוקראַיִנישער און ייִדישער ליטעראַטורן

ראַיִנישער פּראָלעטאַרישער ליטגרופּע „האַרט". אין דעם זעלבן יאָר איז געמאַכט געוואָרן א פּרוּוו צו שאַפֿן אַן אַסאָציִאַציע פֿון ייִדישע שרײַבער אין אוקראַיִנע, וואָס זאָל פֿאַרייניקן אַלע ליטעראַרישע גרופּעס. די אַסאָציִאַציע האָט אַרויסגעגעבן דעם אַלמאַנאַך „אוקראַיִנע" (1926). שפּעטער איז די גרופּע „אַנטענע" רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין דער גרופּע „בוי", וואָס איר ניט אָפֿיציִעלער אָרגאַן איז פֿאַקטיש געווען „די רויטע וועלט".

זומער 1927 זײַנען אין אוקראַיִנע געשאַפֿן געוואָרן צוויי ליטעראַרישע גרופּעס פֿון ייִדישע שרײַבער: „אַסאָציִאַציע פֿון רעוואָלוציִאָנערע ייִדישע שרײַבער אין אוקראַיִנע" און די ליטעראַרישע פֿאַרייניקונג „בוי". אין דער „אַסאָציִאַציע" זײַנען אַרײַן ד. האָפֿשטיין, אי. פֿעפֿער, אי. קיפּניס, א. אַבטשוק, מ. אַראָנסקי, א. פּיאַטיגאָרסקאַיאַ, ד. כאָראָל, מ. שאַפּיראָ, א. וועלעדניצקי, ד. ליבקיס, מ. כענקינע, ש. שקאַראָווסקי, מ. ליסאַק, אַוורהם קאַהאַן, פּ. שאַמעס. די איניציִאַטיוו־גרופּע פֿון „בוי" איז באַשטאַנען פֿון נ. אויסלענדער, ד. וואָלקנשטיין, נויעך לוריע, ע. פֿינינבערג, ד. פֿעלדמאַן, ל. רעזניק.

אין אוקראַיִנע זײַנען אויך אויפֿגעקומען ליטעראַרישע גרופּעס פֿון יונגע ייִדישע שרײַבער אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „יונגע גוואַרדיע". אין כאַרקאָוו זײַנען אין דער יוגנט־גרופּע אַרײַן י. קאָטליאַר, מ. שטורמאַן, פּ. סיטאָ, עמ. קאַזאַקעוויטש; אין קיִעוו — ש. טשערניאַווסקי, נ. אָרלאַנד, כ. טאַבאַטשניקאָוו, ר. באַליאַסנע, אי. דרוקער; אין אָדעס — י. יאַנקעלעוויטש, אי. שיפּעטין, א. וואָליינעץ, ע. גאָרדאָן, ש. מאַרקוס, א. הובערמאַן, ה. רעמעניק, י. בוכבינדער; אין בערדיטשעוו — מ. האַרצמאַן, א. גאָנטאַר, י. ליטינעצקי; אין אומאַן — פּ. אַלטמאַן, א. בערדיטשעווסקי, וו. טעפּליצקי.

אײַנגיכן האָבן די שרײַבער פֿון דער „אַסאָציִאַציע" צוזאַמען מיט דער ליטגרופּע „יונגע גוואַרדיע" זיך געווענדט צו אַלע ייִדישע שרײַבער פֿון אוקראַיִנע מיט א רוף צו שאַפֿן א ייִדישע סעקציע באַם „וווספּפּ" („ווסעוקראַיִנסקאַ ספּילקאַ פּראָלעטאַרסקיך פּיסמעניקיוו" — אַלוקראַיִנישע פֿאַרייניקונג פֿון פּראָלעטאַרישע שרײַבער). אין דעקאַבער 1927 האָט די אָנפֿירונג פֿון „וווספּפּ" צונויפֿגערופֿן די ערשטע באַראַטונג פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער מיט אַזאַ טאָג־סיידער: 1. באַריכט פֿון דער אַלוקראַיִנישער פֿאַרוואַלטונג פֿון „וווספּפּ". 2. דער צושטאַנד און די אויפֿגאַבן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין ראַטנפֿאַרבאַנד. 3. וועגן ליטעראַטור־קריטיק. 4. פֿאָרם און אינהאַלט פֿון א קינסטלעריש ווערק. 5. דער אַרבעטס־פּלאַן פֿון דער ייִדישער סעקציע „וווספּפּ". 6. די שפּראַך פֿון דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור.

אין דער באַראַטונג האָבן אָנטיילגענומען ד. האָפֿשטיין, אי. פֿעפֿער, א. אַבטשוק, מ. אַראָנסקי, א. פּיאַטיגאָרסקאַיאַ, ש. שקאַראָווסקי, כ. גילדין, כאַנע לעווין, א. קאַהאַן, מ. לעוויטאַן, ש. בילאָוו, א. וואָראָבייטשיק, פּ. שאַמעס, ס. זשוקאָווסקי, מ. אַלבערטאָן, כ. ווײַנערמאַן, צ. טוזמאַן, י. קאָטליאַר, מ. טאַלאַליעווסקי, אי. גרינזײַד, עמ. קאַזאַקעוויטש, ה. רעמעניק, פּ. סיטאָ, ע. גאָרדאָן, אי. וויטינסקי, ש. טשערניאַווסקי, ס. מאַרקוס אאַ. מ. ליטוואַקאָוו האָט אין זײַן פֿאָרטראָג „דער צושטאַנד און די אויפֿ־

גאבן פון דער ייִדישער ליטעראטור אין ראטנפארבאנד״ באהאנדלט די צענטראלע פראָבלעמען פון דער ליטעראטור אין יענעם פעריִאָד.

די באראטונג האָט אָנגענומען א באשלוס ארויסגעבן, אָנהייבנדיק פון מארט 1928, א זשורנאל „פראָליט״ אלס אָרגאן פון דער ייִדישער סעקציע „ווופפ״.

אין ווײַסרוסלאנד איז אין 1923 געשאפן געוואָרן די ליטעראַרישע גרופּע „יונגער ארבעטער״ אין באשטאנד פון מ. טייף, י. גאָלדמאן, ב. רובינטשיק, ש. העלמאָנד, מ. ליפשיץ, נאָטע לוריע, ב. אָלעווסקי, ר. רובין, ב. מילער, י. סערעבריאני אא. ליטעראַרישע יוגנט־גרופּעס זײַנען געווען אין די שטעט האָמעל, וויטעבסק, פּאָלאָצק, מאָלעוו, סלוצק, באָברויסק. אָנהייבנדיק פון אפּרעל 1926 האָט די צײַטונג „יונגער ארבעטער״ רעגולער געדרוקט א ליטעראַריש זײַטל, ווו עס האָבן פּובליקירט זייערע ווערק ע. קאהאן, י. בוכבינדער, י. יאנקעלעוויטש, אי. מילנער, ל. טאלאלײַ, ע. לאסקער אא.

אין סאָף 1928 איז געשאפן געוואָרן דער „בעלאפּפּ״ (ווײַסרוסישע אסאָציִאציע פון פּראָלעטארישע שרײַבער) מיט א ייִדישער סעקציע[1].

אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן האָט אין דער ייִדישער ליטעראטור זיך פארשאַרפט דער קאמף צווישן פארשיידענע ליטעראַרישע גרופּעס, באזונדערס צווישן דער ראפּישער גרופּע בראָנשטיין — דונעץ — אָרשאנסקי און מ. ליטוואקאָוון מיט זײַנע אָנהענגער. אָפהילכן פונעם דאָזיקן קאמף האָבן זיך נאָך געהערט אפילע אף דער באראטונג פון די יוגנט־שרײַבער, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין פעווראל 1932 אין כארקאָוו.

אפילע נאָכן באשלוס פון צק אלקפּ(ב) „וועגן איבערבויען די ליטעראַריש־קינסטלערישע אָרגאניזאציעס״ האָט אין דער ייִדישער ליטעראטור נאָך געדויערט דער גרופּן־קאמף, וועלכער האָט זיך פארענדיקט בלויז צום מאָמענט, ווען עס איז צונויפגערופן געוואָרן דער ערשטער אלפארבאנדישער צוזאמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער.

ערעוו דעם צוזאמענפאָר, דעם 5 אווגוסט 1934, האָט אין מאָסקווע זיך געעפנט די אלפארבאנדישע באראטונג פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער מיט פאָלגנדיקן טאָג־סיידער:

1. וועגן די אופגאבן פון דער סאָוועטישער ליטעראטור. פאָרטרעגער אלעקסאנדער פאדייעוו.

2. די ייִדישע רעוואָליוציאָנערע און בורזשואזע ליטעראטור אין אייראָפּע און אמעריקע (מ. ליטוואקאָוו).

3. די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור: א) די פּראָזע (מ. עריק, ש. גאָדינער, כ. דונעץ); ב) קינדערליטעראטור (ל. קוויטקאָ); ג) דיכטונג (י. בראָנשטיין, אי. פעפער, אי. כאריק, פּ. מארקיש); ד) דראמאטורגיע (א. וועוויאָרקע, א. קושניראָוו, י. נוסינאָוו); ה) ארבעט מיט דער יוגנט (מ. כאשטשעוואצקי, י. דאָברושין).

אף דער באראטונג איז בײַגעווען דער ייִדישער שרײַבער פון אמעריקע יויסעף אָפּאטאָשו.

אין דער פּרעסע איז געפירט געוואָרן א ברייטע צוגרייטונג צו דער באראטונג. דעם 5 אווגוסט 1934 האָט „דער עמעס״ געשריבן אין א לייטארטיקל: „דער ערשטער כאראקטעריסטישער מאָמענט פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, ווי פון אלע אנדערע ליטעראטורן פון די פעלקער פונעם ראטנפארבאנד, איז, וואָס זי איז ניט נאציִאָנאל איזאָלירט, נאָר אידייִש און אָרגאניזאציִאָנעל אן אָרגאנישער טייל פון דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור״. אין לייטארטיקל ווערט אונטערגעשטראָכן די נאָוואטאָרישקײַט פון דער פּאָעזיע, דער נײַער טיפּאזש און די טעמאטישע רײַכקײַט פון דער פּראָזע, די פארשיידנארטיקײַט פון די זשאנרען.

אין זעלבן נומער „דער עמעס״ זײַנען פארעפנטלעכט ארטיקלען פון ש. גאָדינער — „שרײַבער, געשטאלט, אדרעסאט״, ב. אָלעווסקי — „וועגן אונדזער ליריק״, נ. אויסלענדער — „וועגן אונדזער נאָוועלע״.

די באראטונג, וועלכע האָט אונטערגעפירט די סאכאקלען פון דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור קימאט פאר צוויי צענדליק יאָר, האָט אין דער שײַן פונעם באשלוס פון צק אלקפּ(ב) אָנגעמערקט די אופגאבעס פון קאָנסאָלידאציע און פון ווײַטערדיקן שעפערישן אופשטײַג.

אפן ערשטן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער האָבן די ייִדישע ליטעראטור פאָרגעשטעלט: מ. אלבערטאָן, ז. אקסעלראָד, ה. אָרלאנד, ד. בערגעלסאָן, י. בראָנשטיין, ש. ברעגמאן, ש. גאָדינער, י. דאָברושין, כ. דונעץ, ד. האָפשטיין, א. וועוויאָרקע, אי. כאריק, א. כאשין, מ. ליטוואקאָוו, נאָטע לוריע, ז. לעוו, פּ. מארקיש, י. נוסינאָוו, ע. פינינבערג, אי. פעפער, ל. קוויטקאָ, מ. קולבאק, א. קושניראָוו, י. ראבין. די שטים פון דער ייִדישער ליטעראטור האָט זיך געלאָזט הערן אין די ארויסטרעטונגען פון דאָוויד בערגעלסאָן, איציק פעפער, נאָטע לוריע.

די סאָוועטישע ליטעראטור איז ארײַנגעטראָטן אין א נײַעם עטאפּ פון איר אנטוויקלונג, א פאראייניקטע און קאָנסאָלידירטע ארום די אידעאלן פונעם סאָציִאליזם.

די ייִדישע ליטעראטור איז געווען און איז פארבליבן אן אָרגאנישער טייל פון דער פילנאציִאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראטור.

---

[1] גענויער וועגן דער ליטעראטור־באוועגונג — אין דער ארבעט פון א. אבטשוק „עטיודן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור־באוועגונג אין פססר. ערשטער בוך. 1917 — 1927, כארקאָוו, 1934״.

# אוקראַיִנישע שרײַבער וועגן די שעפֿער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור

מיט דער פּובליקאַציע „אוקראַיִנישע שרײַבער וועגן די שעפֿער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור", ווי עס קומען צום וואָרט די באַרימטע אוקראַיִנישע דיכטער פּאַוולאָ טיטשינאַ און מאַקסים רילסקי, רירן מיר זיך בלויז צו צו אַזאַ מערקווירדיקער ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכער דערשײַנונג, ווי די שעפֿערישע פֿרײַנטשאַפֿט צווישן די וואָרט־מײַסטערס פֿון ברידערלעכע סאָוועטישע ליטעראַטורן.

די דאָזיקע טעמע פֿאַרדינט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג, און ווען אונדזערע ליטעראַטור־פֿאָרשער וועלן אָפּטאָן אָט די וויכטיקע אַרבעט, וועלן מיר נאָך טיפֿער דערשפּירן, סאַראַ וווּנדערלעכע לעבנס־זאַפֿטן עס האָבן געשפּײַזט און שפּײַזן די פֿאַרברידערטקייט צווישן פֿאַרשיידענע ליטעראַטורן, מיר וועלן דערזען, ווי באַדײַטנדיק עס איז זייער קעגנזײַטיקע האַפּאַאַ און ווי נאַטירלעך, אָפֿט רירנדיק, עס איז די פֿאַרבונדנקייט צווישן די אַנגעזעענסטע רוסישע, אוקראַיִנישע, ייִדישע, ליטווישע, מאָלדאַווישע און אַנדערע שרײַבער.

די הײַנטיקע פּובליקאַציע איז אַן אילוסטראַציע צו דעם.

## פּאַוולאָ טיטשינאַ

### אָשער שוואַרצמאַן

ס'איז מיר ניט געווען באַשערט צו זען אָשער שוואַרצמאַנען בײַ זײַן לעבן. אָבער שטענדיק האָב איך דעם געפֿיל, אַז איך קען אים פֿון זייער לאַנג, ווי מע קען אַ נאָענטן שאָכן אָדער אַפֿילו אַ קאָרעוו. אָט דער געפֿיל פֿון קרויווערשאַפֿט איז אויפֿגעקומען בײַ מיר, ווען כ'האָב צום ערשטן מאָל, אין כאַרקאָוו דערהערט זײַנע לידער. פֿון דעמלט אָן איז ער מיר ליב געוואָרן אויפֿן גאַנצן לעבן.

יוגנט, יוגנט,<br>
ווי אַ שפּילנדיקע וועל, —

די דאָזיקע שורעס האָב איך דאַן געהערט אין דער פֿאָרלעזונג פֿון אַ ייִדישן שריפֿטשטעלער, אָשערס אַ פֿרײַנט. ער האָט געזאָגט:

— הערט, ווי ווּנדערלעך־שיין די ליד קלינגט ווײַטער:

ווי אַ טרער פֿון פֿולער פֿרייד —<br>
דײַן שטעל,<br>
דײַן יונגע פֿרייד.

איך האָב גענומען בײַם ייִדישן שריפֿטשטעלער שוואַרצמאַנס זאַמלונג און זיך באַמיט איבערכאַזערן אויף דער פֿרעמדער פֿאַר מיר שפּראַך די דאָזיקע שורעס. נאָר, צום באַדויערן, האָט זיך בײַ מיר גאָרנישט ניט באַקומען: קימאַט אויף יעדן וואָרט האָט מײַן צונג זיך ספּאָטיקעט. עמעס, די ייִדישע אויסיִעס, ווי אויך באַזונדערע ווערטער האָב איך דעמלט שוין געוווּסט. איך האָב זיי געוווּסט נאָך פֿון יענער צײַט, ווען כ'האָב שטודירט אין דער טשערניגאָווער סעמינאַריע. קעדיי די סעמינאַריסטן זאָלן בעסער באַגרײַפֿן די ביבל, איז בײַ אונדז איין מאָל אין וואָך געווען אַ לימעד פֿון העברעיִש. יאָ, די אויסיִעס און באַזונדערע ווערטער האָב איך געוווּסט, נאָר וואָס קומט דערפֿון אַרויס? קעדיי באַזיניקן די גאַנצע טיפֿקײַט פֿון אָשער שוואַרצמאַנס שאַפֿונג, האָט מיר נאָך געפֿעלט זייער אַ סך, און דעריקער — ס'האָט געפֿעלט דער נייטיקער סכום ייִדישע ווערטער, נאָר דאָס איז נאָך אויך ווייניק, כ'האָב באַדאַרפֿט וויסן דעם ייִדישן זאַצבוי, די באַזונ־

דערקײַט פון דער שפּראַך ביכלאַל, און וואָס פאַר א ריכטונג זי אַנטוויקלט זיך אדג.

אין א שטיקל צײַט אַרום האָט מען, לויט מײַן באַקאַשע, מיר צוגעזוכט א לערער, און כ׳האָב זיך גענומען לערנען ייִדיש. אָט אַזוי האָט אַשער שוואַרצמאַן און זײַן דיכטונג מיטגעווירקט, איך זאָל איבערזעצן פונעם אָריגינאַל ווערק פון ייִדישע דיכטער.

וואָס מער כ׳האָב זיך פאַרטיפט אין אַשער שוואַרצמאַנס לידער — אַלץ מער האָט מיך באַצויבערט סײַ זײַן שאַפונג, סײַ דער שעפער גופא. עס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט זײַן גרויס הארץ, זײַנע אומויסשעפּלעכע מעגלעכקײַטן, זײַן ריזיקע באַגאַבטקײַט. אין אים איז פאַרבאָרגן געווען א קאָלאָסאַלע קראַפט. וויפל וואָלט ער נאָך געקאָנט אופטאָן אין דער ייִדישער ליטעראַטור!

דעם דיכטערס הארץ — א זויבערס, ווי קרישטאָל — האָט געוויטעקט פאַר זײַן פאָלק. פּראָטעסטירנדיק קעגן די רעדיפעס מיצאַד דער צאַרישער רעגירונג, רופט שוואַרצמאַן אויס מיט צאָרן:

פאַרוואָס זאָל נאָך שטיין ניט געאַקערט דאָס פעלד?
און אָרעמע שטעטעלעך אויסגיין אָן ברויט,
דערפאַר וואָס די וועגן מיט מוירע פאַרשטעלט?

אַשער שוואַרצמאַן האָט א סאַך איבערגעלעבט אײנײנעם מיט זײַן פאָלק, נאָר ער איז קײנמאָל ניט געפאַלן באַ זיך. ער האָט געטרוימט וועגן א פרײַ לאַנד, און אָט דער גלויבן לאָזט זיך פילן אין אַלע זײַנע לידער. אין אײניקע איז דער גלויבן שוין פאַראַן אין דער פראַגע, וואָס ער שטעלט:

אין טריבן מענטשן־לאַנד,
פאַר דעם, וואָס פאַלט שוין אונטער לאַסט פון
פלאָגן,

וואָס קאָן איך זאָגן?
פאַר דעם, וואָס קילט מיט אַש דעם וויי פון
זײַנע ליידן,
וואָס זאָל איך ריידן?

אין אַנדערע לידער איז דער גלויבן אויסגעדריקט אין אַן אויסרוף פון פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט:

און כ׳וועל אין לאַנד צוריק ניט קערן,
ביזוואַנען
איך וועל דאָס אויסלייז־וואָרט,
דאָס פולע ניט דערהערן.

און דער דיכטער גופא נעמט די ביקס אין האַנט, און אײנײנעם מיט די פאַרשטײַער פון אַנדערע פעלקער פון אונדזער לאַנד גייט ער אַוועק אין שלאַכט, קעדײַ מיט פײַער באַגעגענען דעם סוינע („אין אופשטאַנד”).

דעם דיכטער פאַרלאָזט קײנמאָל ניט דער גלויבן אינעם ניצאָכן, אין דער צוקונפט פון זײַן פאָלק. ווײַל ער אַליין פאַרמאָגט דאָך א יונג הארץ. זײַנע שורעס „יוגנט, יוגנט...” האָב איך אַף אוקראַיִניש איבערגעדיכטעט אַזוי:

Молодість. Молодість!
Ти — як та хвиля прутка,
Як сльоза ти, і блиск,
і вся радість
Ох, яка ж то яка.

באַזונדערס שטאַרק קלינגט דער אַקאָרד פון אָט דער ליד — פונקט ווי דער דיכטער וואָלט אים פון שטאָל אויסגעשמידט:

צעקלאַפּ דעם קאָפּ מיר
אַף א שטיין —
איך דאַרף ניט מײַן.

אין מײַן איבערזעצונג האָבן די דאָזיקע שורעס זיך אויסגעגאָסן אַזוי:

Мені хоч голову разбій —
Я молодий.

און ווי צאַרט שוואַרצמאַן איז אין זײַנע לידער וועגן דער מאַמען, וועגן דער שוועסטער און זײַן מײדל! —

ס׳שמעקט מײַן ליבסטע, ווי אום פרילינג
ווײַנשלגערטנער נאָך א רעגן
— — — — — — — — — — — — —
ווי אום האַרבסט א רײַפער עפל,
אַזוי שמעקט איר יונגער קערפער!

אויב עס גייט שוין א רייד וועגן יוגנט־מאָטיוון, דאַרף מען זאָגן, אַז אַשער שוואַרצמאַן האָט אין דעם פּראָט ניט געהאַט קײן סאַך „קאָנקורענטן” אין דער אוקראַיִנישער דיכטונג אין דעם ביזרעוואָליוציאָנערן פעריאָד און אין די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן — עפשער אײנעם, עפשער צוויי, אָבער ניט מער; און צווישן זיי וויל איך דאָ אָנרופן וואַסילי טשומאַק. טשומאַק און שוואַרצמאַן פאַרמאָגן ניט ווייניק געמיינזאַמס, און ניט בלויז אין זייערע דיכטערישע געשטאַלטן, אין ריטמיק, נאָר אויך אין דער וואָרט־באַהעפטונג, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיי ביידן. און מע דאַרף זאָגן דעם עמעס: די ווערטער־אויסבילדנדיקע באַהעפטונגען באַ אַשער שוואַרצמאַנען זײַנען אַף אַזויפיל אייגנאַרטיק און וואָגיק, אַז אונדז איז נאָך דערוויַל ניט געלונגען אין דער פולער מאָס איבערצוגעבן זיי אין אוקראַיִניש.

באַ יעדן פון אונדז לעבט אין הארצן א גרויסע באַדערפעניש כאָטש איין מאָל אין יאָר קומען צום קייווער פון דײַן באַליבטן דיכטער און זיך דורכשמועסן מיט אים. אָבער ניט אַלעמאָל גיט זיך עס אונדז אײַן, ווײַל מיר ווייסן ניט, ווו עס געפינען זיך די קוואָרים פון אייניקע דיכטער. ווער, אַשטייגער, איז אימשטאַנד אונדז ברענגען א בלימל פונעם קייווער פון דעם אַרמענישן קלאַסיקער כאַטשאַטור אַבאָוויאַן, וועלכער איז אין איינעם א טאָג אַרויס־

געגאַן פון שטוב און זיך שוין מער ניט אומגעקערט? ווער וועט אונדז באַווײַזן דעם קייווער פון וואסילי טשומאקן, וועמען די דעניקינצעס האָבן פאַרפּײַניקט אין קיִעוו? דאָס זעלבע איז מיט אָשער שווארצמאנען. איך ווייס: מענגעס יונגע און עלטערע פאַרערער זײַנע וואָלטן געקומען אַף זײַן קייווער. אָבער ווּ געפינט ער זיך, זײַן קייווער? אָשער שווארצמאַן איז העלדיש געפאלן אַפן שלאַכטפעלד, און מיר ווייסן בלויז, אז זײַן קייווער געפינט זיך ערגעץ צווישן קיִעוו און קאָוועל[1].

אין סאָף פון פאָריקן זומער בין איך געפאָרן אַפן פראָנט, געוועזן פונקט אין יענע ערטער, ווּ אָשער שווארצמאַן איז צום לעצטן מאָל ארויס מיט דער ביקס אין האנט קעגן סוינע. אָן א שיר מאַכשאָוועס וועגן אים האָבן דעמלט געעגבערט מײַן מויעך. אָשער שווארצמאַן האָט גוט געקענט די אוקראַיִנישע שפּראַך, ער האָט אפילע געשריבן לידער אַף אוקראַיִניש — אין טאראַס שעווטשענקאָס נוסעך, נאָר מיר האָבן אפילע קיין איין מאָל זיך ניט געטראָפן און ניט דורכגעשמועסט זיך. דערפאר אָבער זײַנען מיר איצט — סײַ פאר דער מילכאָמע און ביפראַט אין דער מילכאָמע — די גאנצע צײַט אינײינעם.

סײַ אַף דעם ערשטן אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־צוזאמענפאָר אין מאָסקווע אין 1934, סײַ בײַס דזשאַמבולס יובילײ־פײַערונג אין אלמאַ־אטא, סײַ אַף דער פײַערונג אין ערעוואַן, געווידמעט דעם עפּאָס „דאַוויד סאַסונסקי“, — אומעטום האָב איך אין מײַנע ארויסטרעטונגען דערמאָנט אָשער שווארצמאַנען. אין די טעג, ווען עס איז אָפּגעמערקט געוואָרן טאראַס שעווטשענקאָס 75־טער יאָרטאָג, האָט די צײַטונג „פּראַוודאַ“ פאַרעפנטלעכט מײַנס אַן ארטיקל. אין דעם דאָזיקן ארטיקל האָב איך ספּעציעל דערמאָנט אָשער שווארצמאַנען, וועלכער איז מיר אײַנגעבאַקן אין הארצן. און אקוראַט מיט צוויי יאָר צוריק (אָן איין טאָג), ד. ה. דעם צוואַנציקסטן סענטיאַבער 1942, האָב איך אין מײַן ארויסטרעטונג אין אופא אַף דעם אַנטיפאַשיסטישן מיטינג פון די פאָרשטייער פונעם ייִדישן פאָלק גערעדט וועגן אָשער שווארצמאַנען ווי וועגן א מוסטער פאר אַלע די, וואָס האָבן געקעמפט און קעמפן פארן היימלאַנד.

און דאָרט, אַפן פראָנט, האָב איך געקלערט: מיר האָבן דאָך אין קיִעוו געלעבט מיט אים אַף איין גאַס — אַף דער קוזניעטשנער, ווי אזוי זשע האָט עס פּאַסירט, אז ער האָט זיך קיין

[1] ווען פּאַוולאָ טיטשינא האָט געשריבן דאָס ארטיקל, איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט געווען, אז אָשער שווארצמאַנס געביין איז באַערדיקט אין ברודער־קייווער אין ראַפּאַליווקע, הינטער סאַרנע, ראָוונער געגנט.

איין מאָל ניט ארײַנגעכאַפּט צו מיר צוגאַסט? דערפאר אָבער איז ער איצט ארײַן אין מײַן פּאָעמע „קאָטאָווסקי“, און דאָס איז פאר מײַן הארץ א גרויסע טרייסט[1].

איך האָב זיך ארומגעקוקט אין אַלע זײַטן: ערגעץ דאָ, מיט אָט די וועגן און שטעגן, האָט ער געשפּאַנט, — עפּשער וועט ער פּלוצעם ארויסגיין מיר אַנטקעגן מיט דער ביקס אין האנט?..

איך האָב גערעדט צו זיך אַליין, געבענטשט זײַן העלדנמוטיקייט, זײַן פייִקייט ארײַנצוקוקן אין דער צוקונפט.

איך האָב אַף אוקראַיִניש איבערגעכאַזערט זײַנע ווערטער:

Ой, закипає кров братів моїх
забитих,
Рука к руці й голова до голови —
Зарізаних на полі бою круглої
землі.
. . . . . . . . . . . . . . . .
Я знаю: ніжне тіло людське ще
затріпоче
У мішанині бруду й крові.
. . . . . . . . . . . . . . . .
Та хтось же хоче ції муки!
Та хтось же хоче цієї крові![2]

און עס האָט ארויסגעשריגן פון מיר דער צאָרן: דער בלוטיקער היטלער האָט געוואָלט שטילן זײַן דורשט מיט די ליידן פון די ייִדן. די מענטשנפרעסער האָבן געוואָלט אויסטרינקען פונעם ייִדישן פאָלק דאָס גאנצע בלוט. מיט אָט די מערדערישע טאַטן האָבן זיי געפּרוּווט אָנשרעקן די פעלקער פון אונדזער לאַנד. אָבער עס לעבט און עס איז אומגעוואַקלט די פרײַנטשאַפט פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. און זאָלן איצט ציטערן די פאַשיסטן. זייערע פאַרברעכנס — קיין איין טראָפּן! — וועלן מיר ניט מויכל זײַן, ניט פארגעסן!

1944

[1] אין דער פּאָעמע „קאָטאָווסקיס שווּערד“ דערמאָנט טיטשינא אָשער שווארצמאַנען און ציטירט אין זײַן, טיטשינעס, איבערזעצונג פון ייִדיש שורעס פון שווארצמאַנס ליד „יוגנט“.

[2] ס'זידט אוף דאָס בלוט פון מענגעס מײַנע ברידער,
מיט האנט צו האנט און קאָפּ צו קאָפּ געשאָכטענע
אַף שלאַכטפעלדער פון קײַלעכדיקער ערד.
איך ווײס: ס'וועט צאַרטעס מענטשן־לײַב נאָך ציטערן
אין א געמיש פון קויט און בלוט.
— — — — — — — — — — — — — — —
נאָר עמעץ וויל דעם פּײַן און עמעץ וויל דאָס בלוט!

(„אין אופשטאַנד“)

**מאקסים רילסקי**

# א פּאָעט א דענקער

ס׳האָט אים ליב געהאט יעדערער, ווער עס שעצט אינעם מענטשן נעשאָמע־זויבערקײַט, איידלקײַט, קלאָרקײַט און ברייטקײַט פון געדאנק. מ׳האָט אים ליב געהאט פאר זײַן ברויזיקן כאראקטער, פאר דער פּראָסטקײַט פון זײַן וואָרט און פאר אופריכטיקײַט. עס האָט איבעראשט די פילארטיקײַט פון זײַנע אינטערעסן, זײַן ערודירטקײַט. שמועסנדיק מיט אים וועגן דער קלאסישער ליטעראטור, וועגן די אנטישע טראגיקער, וועגן געטען, הייגען, פּושקינען, שעווטשענקאָן, וועגן דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ליטעראטור, וועגן פאַרשיידענע פילאָסאָפישע שטרעמונגען, וועגן דעם היסטאָרישן גורל פון דעם אָדער אנדערן פאָלק, וועגן די אנטוויקלונגס־וועגן פון דער מענטשהײַט, האָט איר שטענדיק אנטפּלעקט פאר זיך עפּעס א נײַעם אספּעקט פון דער דערשײַנונג, ארום וועלכער עס איז געגאנגען א רייד. דערבײַ פלעגן אָפט זיך פאנאנדערפלאקערן הייסע שטרײַטן, אָבער שטענדיק פרײַנטלעכע און פּרינציפּיעלע.

ער איז אָבער בעשום־אויפן ניט געווען קיין קאבינעט־מענטש. פאַרקערט, ער האָט זיך שטענדיק געצויגן צו דעם געוויינלעכן, וואָכעדיקן פּראקטישן לעבן. נאָך מער, אָן א גענוגנדיקן גרונט דערצו האָט ער געהאלטן, אז ער איז שטארק געניט אין אָט דעם פּראקטישן לעבן. ער האָט ליב געהאט פיזישע ארבעט. אין א פרײַער שאָ האָט ער גערן זיך פארנומען מיט סטאָליערײַ און שלאָסערײַ, געהאט א טעווע צונויפצוקלײַבן, ווו נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט, שטיקלעך אומנוצלעך דראָט, צעבראָכענע פאַרזשאווערטע שלעסלעך. דאָס אלץ פלעגט ער אראָפּברענגען צו זיך אהיים (בא זײַנע בנײַ־באַיס האָט עס, נאטירלעך, קיין גרויס אנציקונג ניט ארויסגערופן). דערנאָך פלעגט ער אלץ אויסגלײַכן, ארומפײַלן, אויסרייניקן... קאָן זײַן, אז דאָס איז געווען א מין כאלאס, אָבער אזא סימפּאטישער, אזא, וואָלט איך געזאָגט, מענטשלעכער...

פרײַנט האָבן זיך געוויצלט וועגן זײַן פענאָמענאלער צעשטרייטקײַט. איינמאָל, זײַענדיק אין מאָסקווע (געלעבט האָט ער אין קיִעוו), קויפט ער אין א מאגאזין צוויי קינדערשע היטעלעך. אף דער פראגע, פאר וועמען ער האָט זיי געקויפט, האָט ער געענטפערט: „וואָס הייסט, פאר מײַנע קינדער". ווען מע האָט אים דערמאָנט, אז זײַנע קינדער האָבן שוין פאַרענדיקט א הויכשול, איז ער אין דער ערשטער רעגע אפילע געבליבן שטיין ווי צעטומלט, נאָר אין א ווײַלע ארום — הילכיק זיך צעלאכט...

א צווייט מאָל, אין מאָסקווע, פאָרן מיר זאלבעצווייט אין טראַמווײַ אין שרײַבער־פאַרבאנד. ס׳האָט פּאסירט אזוי, אז מיר האָבן דורכגעלאָזט דעם טראַמווײַ־אָפּשטעל, ווו מיר האָבן באדארפט אראָפּשטײַגן. ניט לאנג געטראכט, טוט דאָוויד א שפּרונג ארויס פונעם וואגאָן. אויס באדאכטקײַט, צי עפּשער אויס פאכדאָנעס, האָב איך אים ניט נאָכגעפאָלגט, און אראָפּגעשטיגן אף דעם צווייטן טראַמווײַ־אָפּשטעל, און פון דאָרט זיך אומגעקערט צוריק. כ׳האָב געטראָפן מײַן פרײַנט שטיין לעבן א פּאָסט־קעסטל.

— איך האָב שוין באוויזן אָנצושרײַבן אהיים א קארטל און עס אראָפּגעלאָזט אין אָט דעם קעסטל! — האָט ער מיר דערקלערט.

— וואָס זשע האָסטו אָנגעשריבן?

— דרײַ ווערטער: „איך בין געזונט און גאנץ".

— דײַניקע ווייסן דאָך ניט, אז דו ביסט ארויסגעשפּרונגען פון א טראַמווײַ!

— אוואדע ווייסן זיי ניט! — און ווידער האָב איך דערהערט זײַן הילכיק געלעכטער.

זײַן צעשטרייטקײַט איז געווען א מין אָרגאנישער ווונדערבארער שטריך, אָן וועלכן עס איז זיך שווער אויסצומאָלן זײַן געשטאלט...

ער האָט געקאָנט מיט דער גאנצער אקשאָנעס זיך מישטאדל זײַן וועגן ארויסגעבן א בוך פון א דיכטער אָן אָנפאנגער, בא וועלכן ער האָט דערשפּירט א טאלאנט. מיט נאטירלעכער באגײַסטערונג פלעגט ער זיך פארנעמען מיט איניאָנים פון קנאָפּ־באקאנטע און אפילע אומבאקאנטע מענטשן, העלפן עמעצן, לאָמיר זאָגן, אָנשרײַבן אן ערנסט ארטיקל, דינגען פאר עמעצן א דאטשע...

ער האָט ליב געהאט מענטשן, נאָר פאַראכטעט יעטווידע פאלשקײַט, קרומע גענג, צוויִעס און גראָבקײַט. אומאָרנטלעכקײַט, פּרינציפּלאָזיקײַט, פשאָרע מיטן געוויסן האָבן ארויסגערופן בא אים פיזישן עקל.

דאָוויד האָפּשטיין האָט הייס ליב געהאט זײַן פאָלק — דאָס ייִדישע פאָלק. ער האָט אויסגעצייכנט געוווּסט זײַן געשיכטע, ווי ער וואָלט אף זיך גופע געטראָגן די לײַדן, וואָס דאָס פאָלק איז אויסגעשטאנען אין פארלויף פון לאנגע דוירעס.

פון דעם האָט זיך גענומען זײַן לײַדנשאפטלעכע פײַנטשאפט צו אלע פריידיקער פון אָבסקוראנטיזם, נאציאָנאלער אומגלײַכהײַט און דיסקרימינאציע, זײַן פײַנטשאפט צו דעם פאַשיסטישן שמוץ. ער האָט מיט טיפער און צאַרטער ליבע זיך באצויגן צום גרויסן רוסישן

פאָלק און צו אַלע פעלקער פונעם סאָוועטנ־
פאַרבאַנד. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט די
אוקראַיִנישע שפּראַך, פאַרערט טאַראַס שעוו־
טשענקאָן, איוואַן פראַנקאָ, ער איז געווען אַנ־
ציקט פון אוקראַיִנישן טעאַטער, מוזיק, געזאַנג.
אין זײַן באַציִונג צו אוקראַיִנע, ווי אויך אין
דעם אָרגאַנישן געפיל פון הומאָר, איז
געווען עפּעס ענלעכס צו שאָלעם־אַליי‍כעמען.

איך דערמאָן זיך: איינמאָל, ס׳איז שוין גע־
ווען טיפע נאַכט, שיר ניט באַגינען, האָב איך
מיט עטלעכע מײַנע געסט — גרוזינישע שרײַ־
בער — באַשלאָסן ווי צו אַ נאָענטן פרײַנט זיך
אַרײַנכאַפּן צו אים אַהיים (ביז דעם צווייטן
וועלט־קריג האָבן מיר ביידע אין קיִעוו געלעבט
אין איין הויז). און מערקווירדיק — ער האָט
זיך לאַכלוטן ניט געכידעשט, דערזעענדיק
אונדז אין אַזאַ ניט־פּאַסיקער צײַט. און ס׳איז
אויסגעקומען, ווי ער וואָלט זיך דערויף געריכט.
ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פלאַש ווײַן, און מע
האָט פאַרפירט אַ פרײַנטלעכן שמועס. ס׳האָט
זיך אַרויסגעוויזן, אַז האָפּשטיין קלײַבט זיך
גאָר ניט שלעכט פאַנאַנדער אין די פּראָצעסן,
וואָס קומען פאָר אין דער גרוזינישער ליטע־
ראַטור, נאָך מער — זײַן אינטערעס צו זיי איז
זייער גרויס. אַגעוו, ער איז געווען אַ געטרײַער,
פילבאַרער און קלוגער איבערזעצער.

פון זײַנע נעסיִעס קיין אויסלאַנד האָט דער
דיכטער מיטגעבראַכט אַ טיפע, אָבער לאַכלוטן
ניט קיין כאַניפעסדיקע באַגײַסטערונג פאַר דער
אייראָפּעיִשער קולטור, פאַר אירע אומשטערב־
לעכע דענקמעלער. ער האָט מיט איראָניע,
אַפילע מיט סאַרקאַזם, זיך באַצויגן צו דער
קאַפּיטאַליסטישער וועלט, צו די ליבעראַלע
פלאַפּלער, און מיט טיפן אָפּשײַ — צו די האַ־
רעפּאַשנע מאַסן אין אויסלאַנד.

געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער
פּאַרטיי, האָט דאָוויד האָפּשטיין אײַנגעזאַפּט
אין זיך די גרויסע לערע פון מאַרקס, ענגעלס,
לענין, און באַזונדערס איינע פון אירע צענ־
טראַלע אידייען — די אידיי פון אינטערנאַציאָ־
נאַליזם.

עמעס, זײַן וועג צו דער פּאַרטיי איז געווען
ניט קיין גראָדער. ער האָט געהאַט אי שטרויכ־
לונגען, אי ניט קיין ריכטיקע שריט, וועלכע
זײַנען געווען אַ רעזולטאַט פון אַ ריי גאַנץ
קאָמפּליצירטע סיבעס. וועגן אַזעלכע מענטשן
זאָגן פּראָפעסיִאָנעלע ליטעראַטור־היסטאָריקער,
אַז זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ קאָמפּליצירטן
לעבנס־וועג. פאַר אונדז איז אָבער וויכטיק, אַז
דער דאָזיקער מענטש איז גויוועך געווען זײַנע
צײַטווײַליקע פאַרבלענדענישן און איז געוואָרן
אַזאַ, ווי ער איז געווען פאַר אונדז אַלעמען —
אַן עכטער סאָוועטישער בירגער און קאָמוניסט.

אין דער ליטעראַטור־געשיכטע איז דאָוויד
האָפּשטיין אַרײַן אַלס אַ גרויסער און אייגנאַר־
טיקער דיכטער. געבוירן אין 1889 אין קאָראָ־
סטישעוו (געוועזענע קיִעווער גובערניע, איצט
זשיטאָמירער געגנט), איז האָפּשטיין געוואַקסן
אין דאָרף. בײַקומענדיק אומגעהייערע שווע־
ריקײַטן און אַרויסווײַזנדיק גרויסע אַקשאָנעס,
האָט ער, ווי אַ סאַך אַנדערע ייִדישע יונגעלײַט
אין יענער צײַט, באַקומען בילדונג (אין דעם
פּעטערבורגער פּסיכאָנעווראָלאָגישן אינסטיטוט
און אין דעם קיִעווער קאָמערץ־אינסטיטוט).

זײַנע ערשטע, גאָר פריִע ליטעראַרישע
פּרוּוון האָט ער געמאַכט אין דער רוסישער,
אוקראַיִנישער און העברעיִשער שפּראַכן. שפּע־
טער איז ער פולשטענדיק אַריבער צו ייִדיש.

אַ גרויסע באַדײַטונג פאַר האָפּשטיינס שע־
פערישער און אידייִשער אַנטוויקלונג האָט
געהאַט זײַן פרײַנטשאַפט מיט דעם אָנגעזעע־
נעם שרײַבער־רעוואָליוציאָנער אָשער שוואַרצ־
מאַן. מיר וועלן אויך קיין טאָעס ניט האָבן,
צוגעבנדיק, אַז אַף דער אויסברייטערונג פונעם
דיכטערס האָריזאָנט האָט שטאַרק מיטגעווירקט
זײַן גרינטלעכע באַהאַוונטקײַט אין דער רוסי־
שער, אוקראַיִנישער, מײַרעוו־אייראָפּעיִשער
קלאַסישער ליטעראַטור, ווי אויך די שפּעטער־
דיקע רעגולערע קאָנטאַקטן מיט די פאָרשטייער
פון דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטע־
ראַטור.

האָפּשטיין האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין
דער ייִדישער פּרעסע נאָך דער פעוורال־רע־
וואָליוציע. זײַן ערשטער בוך, נאָך וועלכן עס
זײַנען געקומען אַ ריי אַנדערע, איז ערשט
דערשינען אין 1919.

דאָוויד האָפּשטיין איז געווען אַ סאָוועטי־
שער דיכטער, אַ סאָוועטישער ליטעראַט ניט
בלויז לויט די סימאָנים פון דער צײַט, אין
וועלכער ער איז געווען טעטיק. ווי אַן עכטער
גרויסער קינסטלער, האָט ער אָפּגעשפּיגלט אונד־
זער סאָוועטישעווירקלעכקײַט אין איר גאַנצער
פילאַרטיקײַט. און אויב אייניקע זײַנע לידער,
הויפּטזאַכלעך פון זײַנע פריסטע יאָרן, זײַנען
געווידמעט דעם טרויעריקן און שווערן אָוואַר
פון זײַן פאָלק, פאַרנעמט דערנאָך אין זײַן
שאַפונג אַלץ מער און מער אָרט די הײַנטצײַ־
טיקע טעמע, די טעמע פון סאָציִאַליסטישער
בויונג, די טעמע פון פעלקער־פרײַנטשאַפט, די
טעמע פונעם אָקטיאַבער, פון די גרויסע ניצ־
כוינעס פונעם סאָוועטישן פאָלק.

די ליטעראַטור־קריטיק האָט ניט איין מאָל
אָפּגעמערקט, אַז האָפּשטיין איז געווען אַ גרוי־
סער מײַסטער פון פאָרם, צונויפפאָרנדיק די
קלאַסישע טראַדיציעס מיט דרייסטער נאָוואַ־
טאָרישקײַט. דאָס איז ווירקלעך אַזוי. האָפּשטיין
איז געווען אומויסשעפּלעך דערפינדעריש אין
דער סטראָפיק, אין דער ריטמיק, אין די גראַ־
מען. זײַנע עפּיטעטן, מעטאַפאָרן, פאַרגלײַכונ־
גען איבעראַשן מיט זייער טרעפלעכקײַט און
אָפט מיט זייער אומגעריכטקײַט. אָבער ניט
דאָס איז דער איקער. דאָס וויכטיקסטע באַ־
שטייט אין דעם, וואָס זײַענדיק אַ בעעמעס גרוי־
סער פּאָעט, האָט דאָוויד האָפּשטיין געהאַט זײַן
אייגענעם קוק אַף דער וועלט, זײַן אייגענע
שטים, ער האָט געקאָנט אַף אַן אייגנאַרטיקן
אויפן אַ ווענד טאָן די אָדער יענע טעמע און
פלוצעם באַשײַנען די סאַמע איינפאַכסטע זאַך

מיט אַן אומגעריכטער שײַן. אין דעם פּראָט איז געגנוג זיך דערמאָנען, אַשטייגער, די מיניאַטור־ליד „אַן עפּל" אָדער די נאָך קלענערע ליד „אַ שפּענדעלע".

ער האָט מיט נעשאָמע־צאַרטקייט ליב געהאַט די נאַטור און האָט אײַנצײַטיק מיט באַגײַסטערונג באַטראַכט די פּרעכטיקע מויערן פון אַ מאָדערנער שטאָט („שטאָט", „אַ רעגן"). ער איז געווען אַן עכטער פּאָעט־דענקער, באַ וועלכן די ניט באַדײַטנדיקסטע, אויפן ערשטן קוק, לעבנס־דערשײַנונגען האָבן אַרויסגערופן ברייטסטע און טיילמאָל זייער דרייסטע אַסאָציאַציעס און פאַראַלגעמיינערונגען. און דעריקער — ער האָט ליב געהאַט דעם מענטשן, ליב געהאַט דאָס פאָלק, ליב געהאַט די מענטשהייט.

אָט אַזאַ איז דאָוויד האָפשטיין פאַרבליבן אין אונדזערע הערצער. עס ווילט זיך גלייבן, אַז אָט אַזאַ וועט ער אַרײַנדרינגען אין די הערצער אויך פון דעם יונגן דאָר לייענער, פאַר וועלכע די שאַפונג פון אָט דעם מערקווירדיקן ייִדישן פּאָעט איז צוליב די טראַגישע אומשטענדן פון די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן געווען ווי אַ פאַרכאַסמעטער בוך.

## זײַן דיכטונג — מיט זוניקער פרייד דורכגעוועבט

ניט לאַנג פאַר דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, אין איינעם אַ וואַרעמען זומער־פאַרנאַכט, זײַנען צו מיר, אין מײַן באַשיידענעם אירפּעניער שטיבל[1], אַרײַנגעקומען איציק פעפער און דער איבערזעצער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל" אויף רוסיש אַרקאַדי יאַקאָוולעוויטש קאָץ, וועלכער האָט דעמלט געוווינט אין אוקראַיִנע.

ס'האָט גענומען טונקל ווערן. מיר זײַנען געזעסן אין סאָד אונטער ניט קיין הויכער אולמע, וועלכער מײַנע פרײַנט האָבן אַ נאָמען געגעבן „דער מאַווריקאַנער דעמב". מיר האָבן געמיטלעך געשמועסט. איך האָב געוווּסט, אַז פעפער זינגט זייער פײַן ייִדישע פאָלקסלידער, האָב איך אים געבעטן עפּעס זינגען. ער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און פאַרצויגן אַ ליד וועגן אַ באַלעגאָלע. אינעם רעפרען האָבן זיך אָפט איבערגעכאַזערט די ווערטער „וויאָ, וויאָ, פערדעלעך". דאָס איז געווען אַ טרויעריקע ליד, ווי טרויעריק עס איז געווען די דוירעסדיקע געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק. כ'האָב זיך אײַנגעהערט אין דער ליד, און פאַר מײַנע אויגן זײַנען אויפגעקומען טריבע שטויביקע שליאַכן, האַרבסטיק־צעווייקטע פעלדער, פאַרוואָרפענע אָרעמע שטעטלעך מיט זייער אַלטן שטייגער, מיט זייער אויסוועגלאָזיקייט. און אין דער זעלבער צײַט האָט די ליד געשפּרודלט מיט יונגער פאַרשײַטקייט און לוסטיקייט, געפינקלט מיט הומאָר.

די דאָזיקע ליד קומט מיר אויפן זינען, ווען איך קלער וועגן איציק פעפערס דיכטערישער שאַפונג.

ער איז געבוירן געוואָרן אין שפּאָלע און האָט אויסגעצייכנט געוווּסט דאָס לעבן פון דער שטעטלדיקער אָרעמשאַפט — פון די גאַרבערס און שוסטערס, באָנדערס און שמידן, צווישן וועלכע עס איז דורכגעגאַנגען זײַן יוגנט. געבוירן אין סאַמע אָנהייב פונעם יאָרהונדערט, האָט ער געוווּסט דעם טראַגישן זין פון אַזעלכע ווערטער, ווי „געטאָ", „פּראָצענט־נאָרמע", „טכום", „פּאָגראָם" — ווערטער, וואָס פאַר דער הײַנטיקער יוגנט דאַרף מען זיי שוין פאַרטײַטשן.

וועגן די שטעטלשע אָרעמע מענטשן, וועגן זײַנע לאַנדסלײַט האָט איציק פעפער געשריבן מיט צאַרטקייט און ליבע. ער האָט ניט איין מאָל געשילדערט זייער ביטערע נויט, וועלכע איז נאָכן זיג פונעם גרויסן אָקטיאַבער אויף אייביק פאַרשוווּנדן. מיט וואָס פאַר אַ פרייד האָט אָבער געקלונגען זײַן שטים, ווען באַזונגענדיק, שוין נאָך דער רעוואָליוציע, זײַן שטעטעלע שפּאָלע, האָט ער געקאָנט זאָגן וועגן דעם קליינעם יאַנקעלען, אַז ער גרויסט זיך: „— איך בין שען אַ כוידעש אַ יונגער פּינער...".

פעפער האָט פאַרהאַסט די נעגידישע „פּעמפּיקעס". פון די יונגע יאָרן אָן האָט ער זיך אָפּגעגעבן דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף. ער איז געווען אַן עכטער קעמפער־קאָמוניסט. זײַן מילדע לירישקײַט און איידעלער הומאָר האָבן אויך פאַרמאָגט פײַערדיקע, צאָרנדיקע סטרונעס. ס'איז קיין ספק ניט, אַז צווישן זײַנע לערער קאָן מען און מע דאַרף אָנרופן מאַיאַקאָווסקין און היינען. איך וואָלט נאָך צוגעגעבן דעם נאָמען פונעם גרויסן פראַנצויזישן פּאָעט בעראַנזשע. אין דער ליד „אין אַ זומער־נאַכט" שטעלט זיך פעפער פאַר זײַן באַגעגעניש מיט בעראַנזשע:

> איך באַקוק אים קאַלט און ניכטער,
> איך דערקען אים — יאָ, ס'איז ער!
> ס'איז דער זינגער, ס'איז דער דיכטער,
> ס'איז דער אַלטער בעראַנזשע.

און נאָך איין נאָמען וואָלט איך אָנגערופן — דעם נאָמען פון טאַראַס שעווטשענקאָ.

> שטייען טאָפּאָלן באַם שליאַך
> שלאַנקע, הויכע, גרינע,
> שטייען טאָפּאָלן אַ סאַך
> איבער אוקראַיִנע.

---

[1] אירפּען — אַ דאַטשע־אָרט אונטער קיִעוו.

**דאָס איז דאָך בעעמעס שעווטשענקאָס ווונ־דערלעכע פּראָסטקײַט, שעווטשענקאָס פּייזאַזש, שעווטשענקאָס טאַפּאָלן.**

**זײַענדיק איינער פון די אקטיווע טוער און אָנפירער פונעם פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע שרײַבער פון אוקראַינע און אָפּגעבנדיק פיל מי דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט אויך אין מאָסקווע, האָט פעפער, פונקט ווי מיר אַלע, זיך באַצויגן מיט טיפער אַכטונג צו פושקינען...**

**פעפער האָט הייס ליב געהאַט זײַן פאָלק, נאָר אים איז אָרגאַניש געווען פרעמד נאַציאָ־נאַלע אָפּגעזונדערטקײַט און נאַציאָנאַלע באַ־גרענעצטקײַט. אין זײַן ליד „היימלאַנד־הימל" האָט ער געשריבן וועגן אונדזער עפּאָכע און וועגן אונדזער פאָטערלאַנד:**

ווען עס קרייצן זיך די בליצן
איבער אונדזער הויכן הימל,
ווערן וואַך די הימאַלײַען,
רוישן וועלדער אין אויסטראַליע...

**אין 1930 האָט פעפער אָנגעשריבן א ליד „סימלי", וועלכע ווערט באַגלייט מיט אַן איראָ־נישן עפּיגראַף: „דער קלימאַט אין אינדיע איז א מילדער. די אינדוסן זײַנען א גוטמוטיק און געהאָרכזאַם פאָלק, הערשן איבער זיי איז ניט שווער" (פון אַן אַלטן לערנבוך איבער געאָ־גראַפיע)".**

טוט א קוק מיט אויגן פרישע אַפן לאַנד דעם גרויסן!
און די אַלטע לערנביכלעך וואַרפט אַרויס אין דרויסן!
זעט, ווי ס'הייבן זיך און שטײַגן אינעם לאַנד די כוואַליעס
פון די דזשונגליעס, פונעם ציילאָן ביזן ברעג בענגאַליעס,
פונעם גאַנג און ביז אַסאַמי, ביז די הימאַלײַען,
פונעם טאַר — דעם וויסטן מידבער, ביז די שטעט די נײַע, —
הייבט זיך אויף דאָס „ווייכע" פאָלק, דאָס „רויקסטע" פון פעלקער,
הייבט זיך אויף און גייט פאַרנעמען שטעט, זאַוואָדן, פעלדער.
הערט, ווי טויזנטער האַרמאַטן איבער אינדיע הודען,
זעט, ווי ס'פלאַטערן די געטלעך ווישני, בראַמא, בודע.
איבער הימאַלײַען הויכע הענגען הייסע הימלען,
און דאָס פאָלק, דאָס „רויק־ווייכע" רוט אַצינד אין סימלי...

און דאָס פאָלק דאָס „רויק־ווייכע" גרייט איז „אונטערטעניק"
צו דעם ווענטל טייקעף שטעלן דעם באַנדיט, דעם קעניג.

**איך לייען די דאָזיקע ליד און איך טראַכט, אַז ס'איז ניט קיין צופעליקע זאַך, וואָס דער ייִדישער דיכטער איציק פעפער איז געקומען צוגאַסט צו מיר, דעם אוקראַיִנישן דיכטער, אינאיינעם מיט דעם איבערזעצער פונעם „אינ־טערנאַציאָנאַל".**

**איציק פעפער איז געווען א דיכטער פון א ברייטן דיאַפּאַזאָן. פון אונטער זײַן פען זײַנען אַרויס אַזעלכע צאַרטע שורעס:**

אין אַזוינע צעשויבערטע,
נאַקעטע טעג,
קאָן איך דען וועלן נאָר דאָס, וואָס מ'מעג?
כ'וואַרט אַלע נאַכט אַף דיר
שטיל בא מײַן טיר.
קומסטו נאָר איין מאָל אין כוידעש צו מיר.

**מיט זוניקער פרייד זײַנען דורכגעוועבט פעפערס לידער וועגן ביראָבידזשאַן, אָנגעשרי־בענע אינעם פאַרביקן „פלאַמאַנדישן" סטיל. פאַר זײַן דיכטערישער פּאַליטרע זײַנען אייגנ־טימלעך פינקטלעכקײַט, אויסדריקלעכקײַט.**

**ס'זײַנען נאַטירלעך פאַר דעם פּאָעט — דעם קעמפער, דעם סאָלדאַט, דעם קאָמוניסט — אויך אַזעלכע שורעס:**

ביז די עלטער האָט איר שטויב
אַף מײַן קאָפּ פאַרלאָרן,
טוט דעם אַלטן ווײַן א הייב
פאַר די יונגע יאָרן.
פאַרן אייביק גרינעם וואַלד,
פאַרן מענטש, וואָס ווערט ניט אַלט!

**איך האָב ליב געהאַט איציק פעפערן. איך האָב ניט איין מאָל זיך געטראָפן מיט אים — סײַ אין א גוטער שאָ, סײַ אויך אין שווערע צײַטן. און איך ווייס, איך בין זיכער, אַז ער האָט געהאַט די פולע רעכט צו זאָגן וועגן זיך מיט די מאַיעסטעטישע ווערטער פון א דיכטער און א בירגער:**

מײַן געווינטן —
דער העכסטער געריכט פון מײַן זײַן...

ייִדיש — י. טשיטשעלניצקי

אוראַן גוראַלניק

דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן

# די וועלט־באַדײַטונג און די צווישנפֿעלקערלעכע קאָנטאַקטן פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור

נאָך אַף דער שוועל פונעם XX יאָרהונדערט האָט וו. אי. לענין אין זײַן בוך „וואָס דאַרף מען טאָן?" גערעדט „וועגן דער אַלוועלטלעכער באַדײַטונג, וואָס עס באַקומט איצט די רוסישע ליטעראַטור"[1]. איר וועלט־באַדײַטונג האָט לענין אײַנגעזען פריִער פאַר אַלץ אין דער בלוט־אייגענער פאַרבינדונג פון די אידייִש־עסטעטישע זוכונגען און אופטועז פון די וואָרט־מײַסטערס מיט דער פאָלקס־באַפרײַערישער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

די פילנאַציִאָנאַלע סאָוועטישע ליטעראַטור אַנט־וויקלט איצט אַף אַ נײַער היסטאָרישער באַזע די אומשטערבלעכע טראַדיציעס פון די קלאַסיקער. איינע פון די סאַמע רומפולע טראַדיציעס איז די באַשטעטיקונג פון דער אינטערנאַציִאָנאַלער ברייִ־דערלעכקײַט און דער געמיינזאַמקײַט פון די לעבנס־אינטערעסן פון די האָרעפּאַשנע מענטשן אין דער גאַנצער וועלט. אָט די אייגנשאַפט פון דער סאָוועַ־טישער ליטעראַטור ציט צו דעם אינטערעס פונעם דעמאָקראַטישן לייענער אין אַנדערע לענדער. אין די ביכער פון גאָרקי און שאָלאָכאָוו, טיטשינע און סטעלמאַך, לאַציס און מעזשעלײַטיס, בערגעלסאָן און מאַרקיש זוכן און געפינען אונדזערע מיטצײַטלער ענטפערס אַף די סאַמע קאָמפּליצירטע פראַגן פון דער סאָציִאַלער ווירקלעכקײַט.

דער געניִאַלער רוסישער רעוואָליוציִאָנער־דעמאָ־קראַטישער דענקער נ. ג. טשערנישעווסקי האָט אָנ־גערופן די ליטעראַטור „לערנבוך פון לעבן". די דאָזיקע פאָרמולירונג אַנטשפּרעכט דער ליטעראַטור פונעם סאָציִאַליסטישן רעאַליזם, וואָס האָט דער־גרייכט אינעם ראַטנפאַרבאַנד אַ הויכן ניוואָ פון אַנטוויקלונג. לויט די בעסטע ביכער פון אונדזערע שרײַבער לערנען זיך די אונטערוואַקסנדיקע דורות, וויִאַזוי און „פון וועמען צו מאַכן דאָס לעבן" (וו. מאַיאַקאָווסקי).

וועגן דער וועלט־באַדײַטונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור זײַנען אָנגעשריבן פיל ביכער. די קאָ־ריפייען פון דער קונסט אין XX יאָרהונדערט — שאָו און ראָלאַן, פויכטוואַנגער און לו סין, פּיקאַסאָ און טאַגאָר, טשאַפּלין און סיקייראָס — האָבן אַנערקענט די גרויסע ראָליע פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

„בלויז יענע ליטעראַטור, — האָט געשריבן טעאָדאָר דרײַזער, — אַ מײַסטער פון וועלכער ס'איז געווען גאָרקי, די ליטעראַטור, וועלכע זעט די ליידן און פריידן פונעם רעאַלן לעבן, — בלויז זי וועקט און באַוועגט דעם מענטשלעכן געדאַנק. אַדאַנק אַזאַ ליִ־טעראַטור קאָן דער מענטש געפינען אַ וועג פאַר זײַן עקאָנאָמישער באַפרײַונג און ער קאָן בויען אַ גליקלעך לעבן".

אין אונדזערע קורצע נאָטיצן קלײַבן מיר זיך ניט אַלזײַטיק צו באַלײַכטן אָט די פראָבלעם. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בלויז אַף איינעם אירן אַן אַספּעקט, וואָס הײַנט־צו־טאָג, אין דער אַטמאָספער פון דער געלינדערטער צווישנפעלקערלעכער אָנגעשטרענגט־קײַט, אין די באַדינגונגען פונעם פרידנס־אָנגריף, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַר־באַנד פירט דורך, באַקומט ער אַן ערשטראַנגיקן אינטערעס. עס האַנדלט זיך וועגן דער גינסטיקער קאָנסטרוקטיווער ראָליע פון דער סאָוועטישער ליִ־טעראַטור און דער ליטעראַרישער געזעלשאַפטלעכ־קײַט אינעם אײַנשטעלן און פאַרפעסטיקן פרײַנט־שאַפטלעכע באַציִונגען צווישן פעלקער, צווישן מע־לוכעס מיט פאַרשיידענע סאָציִאַלע סיסטעמען, אין קאַמף פאַר ליקווידירן די טרויעריקע פאָלגן פון דער „קאַלטער מילכאָמע".

הײַנט־צו־טאָג האָבן מיר רעכט אָפּטימיסטיש צו

[1] «В. И. Ленин о культуре и искусстве». Изд-во «Искусство», М., 1956, стр. 60.

קוקן אין דער צוקונפט, די האָפענונג פון דער מענטשהייט אַף א פעסטן און דויערהאפטן שאָלעם באזירט זיך אַף א רעאלן באָדן. אין דעם אלעמען האָבן א כיילעק אויך די סאָוועטישע שרײַבער. זיי האָבן אומדערמידלעך פון טאָג צו טאָג, פון יאָר צו יאָר געפלאנצט אין די מויכעס פון די לייענער די אידייען פון שאָלעם, דעם גלויבן אין די קויכעס פון פראָגרעס און גערעכטיקייט. אין אָט דער שײַכעס דערמאָנען מיר מיט דאנקבארקייט די נעמען פון אלעקסאנדער פאדייעוו און איליא ערענבורג, אלעקסאנדער קאָרנייטשוק, וואנדא וואסיליעווסקאיא, סאַמויל מארשאק, ניקאָלײַ טיכאָנאָוו, באָריס פאָלעוואָי און נאָך פיל אנדערע סאָוועטישע שרײַבער. זייער שטים האָט אין די אומרויִקע פערציקער און פופציקער יאָרן געקלונגען פון די הויכע טריבונעס פון צווישנפעלקערלעכע קאָנגרעסן, מאָביליזירנדיק צום קאמף קעגן די אגרעסיווע קויכעס, קעגן די מילכאָמע־אונטערצינדערס, קעגן די אידעאָלאָגן פון נעאָפאשיזם און קאָלאָניִאליזם.

די ליטעראטן פונעם סאָוועטנפארבאנד האָבן נאָכגעפאָלגט גאָרקיס איידלמוטיקן בײַשפּיל. דער גרויסער פראָלעטארישער הומאניסט איז געווען איינער צווישן די ערשטע, וואָס האָבן אופגעהויבן זייער שטים קעגן דער פאשיסטישער בארבארײַ, קעגן דער געפאר פון א צווייטער וועלט־מילכאָמע. גענוג צו דערמאָנען זײַן בארימטן „ענטפער די אמעריקאנער קאָרעספאָנדענטן", דאָס אופרוף־ארטיקל „מיט וועמען זײַנט איר, מײַסטערס פון דער קולטור?", וואָס איז געווען פארעפנטלעכט אין מארט פון 1932 יאָר, אין דער צײַט, ווען היטלער און זײַן קליקע האָבן שוין אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו דער מאכט אין דײַטשלאנד. גאָרקיס ארטיקל האָט געקלונגען ווי אן אליארעם־גלאָק. „...די בורזשואזיע וויל לעבן רויִק, — האָט ער געשריבן מיט סארקאזם, — צוליב איר רויִק לעבן האלט זי, אז זי האָט רעכט אומברענגען צענדליקער מיליאָנען מענטשן". אין דעם זעלבן ארטיקל, רײדנדיק וועגן וווקס פונעם קריזיס פון דער בורזשואזער ציוויליזאציע, האָט גאָרקי אָפן און אָן שום פניִעס אוועקגעשטעלט פאר די מײַסטערס פון דער קולטור א גאנצע ריי פראגן. ער האָט מיט אומרו געוועגדט די אופמערקזאמקײַט אַף דעם, אז „די פרעסע פון אייראָפּע און אמעריקע פארנעמט זיך פלײַסיק און קימאט אויסשליסלעך דערמיט, וואָס זי האלט אין איין אראָפּזעצן דעם קולטור־ניוואָ פונעם לייענער — דעם ניוואָ, וואָס איז אויך אָן איר הילף גענוג נידעריק". ער האָט מיט פארביטערונג געוואָרנט, אז „די סינע פון אלע צו אלעמען, וואָס די בורזשואזיע קולטיווירט, איז שוין אָנגעשוואָלן... ווי אן אייטערנדיקער בלאָטער, וועלכער וועט, פארשטייט זיך, פּלאצן, און ס׳וועלן, מעגלעך, ווידעראמאָל א פלייץ טאָן טײַכן מיטן בעסטן, סאמע געזונטן בלוט פון די פעלקער פון דער גאנצער ערד"[1]. באזונדערס הארב איז אוועקגעשטעלט געוואָרן די פראגע וועגן „ראסעווע מילכאָמעס", וואָס דער קאפיטאליזם פראָוואָצירט, וועגן דער מענטשנפײַנטלעכער פראָפּאגאנדע פון צווישנפאציִאָנאלער קריגערײַ.

1 М. Горький. О литературе. «Советский писатель», М., 1953, стр. 544, 548.

...זעט אויס, אז איינס פון די סאמע עפעקטיווע מיטלען אַף אײַנצושטעלן קעגנזײַטיקע פארשטענדעניש — בעסויכעם צווישן מענטשן מיט פארשיידענע וועלט־אָנשויונגען — זײַנען פערזענלעכע קאָנטאקטן. נאָך אין אלטערטום איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז דער עמעס ווערט געבוירן אין שטרײַטן. מע זאָגט אויך: בעסער איין מאָל זען, איידער צען מאָל הערן.

אפילע אין די צײַטן פון דער אזויגערופענער „קאלטער מילכאָמע", ווען די רעאקציִאָנערע פּאָליטיקער האָבן אופגעשטעלט אן „אײַזערנעם פאָרהאנג", קעדיי אָפּגרענעצן זייערע פעלקער פון דער סאָציִאליסטישער וועלט, אפילע דאן האָבן די סאָוועטישע שרײַבער ניט דורכגעלאָזט קיין איין מעגלעכקײַט זיך צו באגעגענען מיט זייערע אויסלענדישע קאָלעגן, קעדיי זיי דערציילן וועגן דעם לאנד פון די סאָוועטן. דאָס איז געווען ניט פּראָסט, ניט גרינג. ס׳איז אויסגעקומען באקעמפן פארשיידענע שוועריקײַטן, קעדיי קומען מיטן עמעסדיקן וואָרט צו די אויסלענדישע אאודיטאָריעס. די מאכט־אָרגאנען אין די קאפיטאליסטישע לענדער האָבן מיט אלע מעגלעכקײַטן געשטערט אײַנשטעלן נאָרמאלע קאָנטאקטן. פילצאָליקע פראָוואָקאציעס קעגן די סאָוועטישע דעלעגאציעס האָבן דורכגעפירט נעאָפאשיסטן פון קאָלערליי רעוואנשיסטישע פארבאנדן, פארעטער נאָך פון דער מילכאָמע־צײַט, וועלכע האָבן געפונען א נעסט אונטערן פליגל פון נײַע באלעבאטים. אין די לעצטע יאָרן האָבן צו אָט דעם פסוילעס זיך אָנגעשלאָסן די קריגערישע ציִעניסטן פון דער אזויגערופענער „ליגע פאר פארטיידיקן די ייִדן" און אנדערע ענלעכע אנטיסאָוועטישע אָרגאניזאציעס.

וועגן דער אָנגעשטרענגטער אטמאָספער, וועלכע פלעגט הערשן אין די זאלן, ווו מענטשן פון גוטן ווילן פלעגן זיך צונויפזאמלען, קעדיי אויסהערן די פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער שעפערישער אינטעליגענץ, האָט זײַנערצײַט דערציילט קאָנסטאנטין סימאָנאָוו אין דער ליד „א מיטינג אין קאנאדע":

אַף דער טריבונע כ׳שטיי. דער זאל
אין א מילכאָמע־פעלד דערמאָנט.
— אָט יענע לײַט, — געוואָרנט מ׳האָט, —
וואָס זיצן אַף די ערשטע בענק,
זײַנען געקומען — פארגעדענקט —
אײַך אויספײַפן מיט האס און שפּאָט...

צײַטן בײַטן זיך. מע קאָן איצט זײַן צופרידן מיט די ענדערונגען. ס׳וואָלט אָבער געווען נאַיִוו צו מיינען, אז די אנטיסאָוועטישע טומלער, די קעגנער פונעם סאָציִאליזם, די פײַנט פונעם שאָלעם וועלן פרײַוויליק אוועקלייגן דאָס געווער און אַף שטענדיק זיך אָפּזאָגן פון זייערע פלענער אָנצובינדן די פעלקער זייער שלעכטן ווילן. דערפאר טאקע וואקסט די באדײַטונג פון דער מיסיע פון גוטן ווילן, וועלכע די געשיכטע אליין האָט ארופגעלייגט אַף די שעפער פון דער סאָוועטישער קולטור.

אויב איר וועט, טײַערע לייענער, צעוויקלען פאר זיך א מאפּע פון דער וועלט און וועט דורכפירן פון מאָסקווע, לענינגראד, קיִעוו, טאשקענט, טביליסי ליניעס, וועלכע ווײַזן אָן די ריכטונגען, אין וועלכע

עס זײַנען בלויז פאר די לעצטע יאָרן ארויסגעפאָרן סאָוועטישע שרײַבער, וועט איר זיך איבערצײַגן, אז ס'איז ניט געבליבן, מעגלעך, קיין איין ווינקעלע אף אונדזער ערד, וווּהין ס'זאָלן ניט קומען אונדזערע פּאָעטן און פּראָזאִיקער, דראמאטורגן און ליטעראטור־קריטיקער. די צווישנפעלקערלעכע פארבינדונגען זײַנען צווייזײַטיקע: ניט בלויז די סאָוועטישע ליטעראטן פאָרן אלץ אָפטער ארויס קיין אויסלאנד, נאָר אויך צו אונדז קומען צו פאָרן שרײַבער פון מײַרעוו־אייראָפּע און אמעריקע, אזיע, אפריקע, אווסטראליע. וועגן אונדזערע פרײַנט און מיטקעמפער אין די לענדער פונעם סאָציִאליסטישן לאגער איז שוין אָפגערעדט — זיי פילן זיך אינעם סאָוועטנפארבאנד ווי בא זיך אין דער היים.

ניט לאנג צוריק האָט דער סעקרעטאר פונעם שרײַבער־פארבאנד פון פססר וויטאלי אָזעראָוו ארויסגעלאָזט א בוך „די זאָרגן פון דער וועלט און דאָס הארץ פונעם שרײַבער". ווי ס'איז געזאָגט אין דער אנאָטאציע, „ווערן אינעם בוך געגעבן פּאָרטרעטן פון די אָנגעזעענע אויסלענדישע ליטעראטן, ס'ווערט דערציילט וועגן זייערע באגעגענישן מיט די פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער קולטור. אין צענטער פונעם אווטאָרס אופמערקזאמקײַט געפינען זיך עפּיזאָדן פונעם קאמף פון די טוער פון ליטעראטור און קונסט פון פיל לענדער פאר שאָלעם, זייערע קאָמפּליצירטע און אָפט דראמאטישע גורלאָלעס". אונדז אינטערעסירט נאטירלעך אָט דער בוך אין שײַן פון דער טעמע פון אונדזערע נאָטיצן.

נאָר איידער דערציילן גופא וועגן דעם בוך, וואָס דריקט גוט אויס דעם גײַסט פון דער צײַט, ווילט זיך זאָגן א פּאָר ווערטער וועגן דעם אווטאָר. וויטאלי אָזעראָוו איז פון איין יאָר מיט דער רעוואָליוציע. פאר דער מילכאָמע האָט ער געענדיקט דעם מאָסקווער אינסטיטוט פון פילאָסאָפיע, ליטעראטור, געשיכטע. עטלעכע יאָר איז ער געווען פארטרעטער פונעם הויפּט־רעדאקטאָר פון דער „ליטעראטורנאיא גאזעטא", די לעצטע פופצן יאָר רעדאגירט ער באַשטענדיק דעם זשורנאל «Вопросы литературы» („פראגן פון ליטעראטור"), אָרגאן פונעם שרײַבער־פארבאנד און פונעם אינסטיטוט פון דער וועלט־ליטעראטור אף גאָרקיס נאָמען. אָזעראָוו האָט אָנגעשריבן עטלעכע וויכטיקע ביכער, דערין „א האלבער יאָרהונדערט פון דער סאָוועטישער ליטעראטור" און „אף די וועגן פונעם סאָציִאליסטישן רעאליזם". פאר דער מאָנאָגראפיע וועגן אלעקסאנדער פאדייעווס שעפערישן וועג, וועלכע האָט אויסגעהאלטן עטלעכע אופלאגעס, איז אים צוגעייגנט געוואָרן דער וויסנשאפט־טיטל דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן.

דער בוך „די זאָרגן פון דער וועלט און דאָס הארץ פונעם שרײַבער", כאָטש ער איז אָנגעשריבן אין אן עטוואָס טרוקענער מאניר פון אן אָביעקטיוון באריכט, לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס. אָנהייבנדיק פון דער ערשטער שורע פונעם ערשטן טייל („די פּראָבלעמען פונעם יאָרהונדערט רײַסן זיך ארײַן אין אונדזערע היימען") און ביזן שלוס־טייל („אלגעמיינע צילן — אלגעמיינע זאָרגן"), ווערט אינעם בוך אײַנגעהיט דער טאָן פון א כאווערישן שמועס מיטן לייענער. דער טאָן בלײַבט דער זעלבער, ניט אָפּהענגיק פון דער טעמע, וועגן וועלכער דער אווטאָר דערציילט: צי וועגן דעם אָרדנטלעכן קאָנגרעס פון דער צווישנפעלקערלעכער אסאָציאציע פון ליטעראטור־קריטיקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין בארסעלאָנע, צי וועגן די קאָמפּליצירטע באַציִונגען מיטן פּען־קלוב.

וולאדימיר מאיאקאָווסקי איז א סאך מאָל געווען אין אויסלאנד. אין פאריזש, ניו־יאָרק, מעכיקאָ — אומעטום האָט דער דיכטער זיך באטראכט ווי א באפולמעכטיקטער פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער קולטור. מיט וואָס פאר א ווירדע, מיט וואָס פאר א פּאטריִאָטישער גרויסקײַט האָט ער געמאָלדן וועגן דעם אין דער „ליד וועגן סאָוועטישן פּאספּאָרט"! די פארצייכענונגען „מײַן אנטדעקונג פון אמעריקע", די לידער „דער אטלאנטישער אָקעאן", „בלעק ענד ווײַט", „בראָדוויי", „די ברוקלינער בריק", „קעמפּ ניט געדײַגעט", „אהיים", „ווערסאל", „די פאריזשערן" און אנד. היטן אײַן ביז הײַנטיקן טאָג די פרישקײַט פון רעגונגספולע דיכטערישע דאָקומענטן „וועגן דער צײַט און וועגן זיך". בא די סאָוועטישע שרײַבער רופן געוויס ארויס אן אינטערעס אין אויסלאנד די שיינקײַט פון דער נאטור, די עקזאָטישע פלאָרע און פאונע, דער אייגנארטיקער לעבנשטייגער, די היסטאָרישע דענקמעלער. דעריקערשט אָבער אינטערעסירן זיי זיך מיט די מענטשן: וויִאזוי לעבן זיי, וועגן וואָס טראכטן זיי, צו וואָס שטרעבן זיי? ניט אומזיסט רופן מיר אָן די ליטעראטור — „מענטשנקענטעניש".

ווייניקער פון אלץ זײַנען די אויסלענדישע טורנע פון די סאָוועטישע ליטעראטן ענלעך אף פּאָשעטע טוריסטישע רײַזעס. אלס קלאל איז דאָס אן ארבעט, אמאָל א גאנץ שווערע, אן אָנגעשטרענגטע, נאָר שטענדיק א באגײַסטערטע, א מין נעשאָמע־באדערפעניש. די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד" האָבן געקאָנט באקומען א פאָרשטעלונג וועגן דעם כאראקטער און צילגעווענדטקײַט, ווי אויך וועגן דער אָנגעשטרענגטער טעטיקײַט פון אונדזערע ליטעראטן אף דער צווישנפעלקערלעכער ארענע, לויט די וועגנאָטיצן פון ארן ווערגעליס, וועלכע געהערן, לויט מײַן מיינונג, צו פובליציסטיק פון א הויכער מאדרייגע. די נאָטיצן טיילן זיך אויס מיט רײַכקײַט פון אָביעקטיווער אינפאָרמאציע, מיט שארפקײַט פון קלאסן־אנאליז פון די געשעענישן. אדאנק דעם זשורנאל «Дружба народов» („פעלקער־פרײַנטשאפט") האָט זיך מיט א. ווערגעליסעס „בריוו פון אייראָפּע" און מיט זײַנע „אמעריקאנער טאָגביכער" באקאנט אין דער רוסישער איבערזעצונג דער אלפארבאנדישער לייענער.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו ו. אָזעראָווס בוך. אין אים ווערן געבראכט פיל בײַשפּילן פון פארטייִשער פּרינציפּיִעלקײַט, וואָס די סאָוועטישע שרײַבער, שעליכים פון אונדזער היימלאנד, ווײַזן ארויס, ארײַנטרעטנדיק בייס זייערע באגעגענישן אין אויסלאנד אין א פּאָלעמיק מיט די אידייִשע קעגנער. א וואָגיקן בײַטראָג אין די הײַנטצײַטיקע טעאָרעטישע דיסקוסיעס וועגן דעם שעפערישן מעטאָד, וועגן די היסטאָרישע וואָרצלען און באזונדערקײַטן פונעם רעאליזם האָט ארײַנגעבראכט דער אָנגעזעענער ליטעראטור־פאָרשער באָריס סוטשקאָוו, די־

רעקטאָר פונעם אינסטיטוט פאר וועלט־ליטעראַטור, אווטאָר פון די ביכער „די היסטאָרישע גויראָלעס פונעם רעאַליזם" און „געשטאלטן פון דער צײַט".

ו. אָזעראָוו שרײַבט:

„די קאָנטאקטן האָבן געהאָלפן א סאך סאָוועטישע שרײַבער צו געפינען אן אלגעמיינע שפראך מיט די אויסלענדישע פראָזאַיקער, דיכטער, דראמאטורגן. פון אלבערטאָ מאָראַוויאַ איז אויסגעקומען צו הערן, ווי פיל ער האָט באקומען פון זײַנע געשפרעכן מיט קאָנסטאנטין סימאָנאָוון, פון ערסקין קאָלדוועלן — פונקט אזעלכע אײַנדרוקן וועגן זײַנע באגעגענישן מיט אלעקסאנדער טשאקאָווסקין. נאָענטע קאָנטאקטן מיט מענטשן פון גוטן ווילן — דאָס איז איין זאך, און גרייטקײַט ארײַנצוטרעטן אין א שלאכט מיט קעגנער — דאָס איז א צווייטע זאך. נאָר אין באַליביקע אומשטענדן טרעטן ארויס די פאָרשטייער פון אלע מינים און זשאנרען פון דער סאָוועטישער ליטעראטור אלס פראָפאגאנדיסטן פון אונדזערע אידייען אין אויסלאנד".

די סאָוועטישע ליטעראטור איז אן אינטערנאַציאָנאלע לויט איר טאָך. אָט די אָרגאנישע אייגנשאפט אירע ווײַזט זיך ארויס אין אלץ, נאָר באזונדערס בוילעט — אין די ווערק, וואָס זײַנען א רעזולטאט פון די שרײַבערס רײַזעס אין אנדערע לענדער, פון זייער אומיטלבארער באקאנטשאפט מיט דער אויסלענדישערווירקלעכקײַט. קעדיי איבערצײַגן זיך אין דעם, איז גענוג אָנצורופן ק. סימאָנאָווס פּאָעטישע שורעס וועגן דעם העלדישן וויעטנאאמער פאָלק, נ. גריבאטשאָווס „זשענעווער רעפּאָרטאזש", ד. גראַנינס פארצייכענונגען וועגן פינפטן קאָנטינענט, ג. פישס סקאנדינאווער נאָטיצן, אי. אבאשידזעס „אָף רוסטאוועליס שפורן" (וועגן דער רײַזע אפן נאָענטן מיזרעך). מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט פארשיידענע לויטן אינהאלט, לויטן אינדיווידועלן כאַראקטער, לויטן זשאַנער ווערק, וואָס זײַנען אָנגעשריבן פארהעלטניסמעסיק ניט לאנג צוריק. אלגעמיינס איז בא זיי: דער אָפּשײַ צו מענטשן, צו אנדערשפּראכיקע קולטורן, מינהאָגים און זיטן, דער גלויבן אינעם טריומף פונעם סייכל און, פארשטייט זיך, דער געפיל פון שטאָלץ פאר אונדזער גרויסן היימלאנד, וואָס שפאנט זיכער אינעם אוואנגארד פון דער פאָרויסגעשריטענער מענטשהײַט.

מיט יעדן טאָג ווערט אלץ שטארקער די אופמערקזאמקײַט פון די שרײַבער פון דער גאנצער וועלט צו דער דערפארונג פון דער סאָוועטישער ליטעראטור. א באזונדערע שײַכעס האָט עס צו די אָרגאניזאציאָנעלע פאָרמען פון דער שעפערישער סוויווע.

„אונדזערע אויסלענדישע מיטשפרעכער, — דערציילט ו. אָזעראָוו, — איבעראַשט שטענדיק די שרײַבערישע אָרגאניזאציע בא אונדז אין לאנד, וועלכע ציילט זיבן טויזנט מיטגלידער. דאָס, וואָס איז אונדז קלאָר און זעט אויס ווי א געוויינלעכע זאך, ווערט דורך זיי אופגענומען ווי עפּעס דערשיטערנדיקס. און ווירקלעך: ווו, אין וועלכן קאפּיטאליסטישן לאנד נעמען די ליטעראַטן אזא אקטיוון אָנטייל אין פארוואלטן מיט דער מעלוכע, ווי בא אונדז? דאָס סאָציאַליסטישע היימלאנד האָט אָפּגעמערקט אזויפיל שרײַבער מיט הויכע באלוינונגען, מיט ערן־טיטלען! 30 העלדן פון סאָוועטנפארבאנד און העלדן פון סאָציאַליסטישער מי, 4300 באלוינטע מיט אָרדענס און מעדאלן! העכער 1300 שרײַבער פארמאָגן ערן־טיטלען און וויסנשאפט־טיטלען".

באם סאָציאַליזם איז אויסגעוואקסן און האָט זיך אויספאָרמירט א נײַער טיפּ שרײַבער. די סאָוועטישע מײַסטערס פונעם וואָרט זײַנען מיט הונדערטער פעסטע פעדעם פארבונדן מיט דער שעפערישער טעטיקײַט פונעם פאָלק, דעם בויער פונעם קאָמוניזם.

■ ■ ■

## טעאַטער

שמועל גאָרדאָן

# שאָלעם־אַלייכעם און לויט שאָלעם־אַלייכעמען...

(„דער פאַרקישעפּטער שנײַדער" אינעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל)

מע קאָן ניט זאָגן, אַז דער מאָסקווער ייִדישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל באַמרויִקט איבעריקס אָפּט דעם צושויער מיט נײַע פאַרשטעלונגען. פאַר די קימאַט דרײַצן יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט ער באַוויזן בלויז זעקס פּיעסן: „200.000", „טעוויע דער מילכיקער", „שפּאַניער", „די קישעפּמאַכערן", „איבערן אָקעאַן" און „דרײַ פּינטעלעך". עס זײַנען דערצו, פאַרשטייט זיך, געווען אָביעקטיווע סיבעס: אין מעשעך פון עטלעכע יאָר איז דער באַשטאַנד פונעם אַנסאַמבל געווען אַ קלענער. צוליב מאַנגל פון אויספּילער האָט ער אַפילע די פּיעסן, וועלכע ער האָט געשפּילט, געמוזט היפּש קירצן, ווי מיר האָבן עס געזען סײַ אין „200.000", סײַ אין „טעוויע דעם מילכיקן". ס'איז אָבער דערבײַ פאַרהיט געוואָרן שאָלעם־אַלייכעם, און דאָס איז באַזונדערס וויכטיק. איינע פון די סיבעס פון דער קלענער צאָל שטעלונגען איז געווען אויך דאָס, וואָס דער אַנסאַמבל איז אין די ערשטע יאָרן פון זײַן עקזיסטענץ קנאַפּוואָס געזעסן אַף אַן אָרט. ער איז מערסטנטייל געווען אין וועג, און גרייטן אונטערוועגנס נײַע פאַרשטעלונגען איז ניט פון די לײַכטע זאַכן, אַפילע פאַר אַ סטאַציאָנאַרן טעאַטער. עס זײַנען געווען און אויך איצט נאָך פאַרבליבן אַ ריי אַנדערע סיבעס.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר אָבער זײַנען אַ טייל פון די דאָזיקע סיבעס ביסלעכווײַז אָפּגעפאַלן: ס'האָט זיך באַדײַטנדיק פאַרגרעסערט דער באַשטאַנד פונעם אַנסאַמבל, באַזונדערס האָט ער זיך באַרײַכערט מיט יוגנט. צוזאַמען מיטן אָרקעסטער ציילט דער אַנסאַמבל איצט אָן בא 25 מאַן. ער געפינט זיך שוין ניט, ווי פריִער, מערסטנטייל אונטערוועגנס...

און דאָך זײַנען פאַר די לעצטע פינף יאָר באַוויזן געוואָרן סאַכאַקל בלויז צוויי נײַע פאַרשטעלונגען, און אַלץ וועגן דעם ווײַטן נעכטן און אייערנעכטן: „איבערן אָקעאַן" יאַנקעוו גאָרדינס און „דרײַ פּינטעלעך" (דרײַ איינאַקטערס) שאָלעם־אַלייכעמס. דאָס דערקלערט זיך ניט, פאַרשטייט זיך, דערמיט, וואָס דער אַנסאַמבל האָט אין דעם גרויסן און רײַכן אויצער פון דער ייִדישער קלאַסישער און סאָוועטישער דראַמאַטורגיע ניט געפונען פאַר זיך קיין איין פּאַסיקע פּיעסע. גיכער פון אַלץ, ווי מיר שײַנט, דערקלערט זיך עס מיט דעם, וואָס דער אַנסאַמבל האָט שוין פון אַ לענגערער צײַט אויפגעהערט צו זײַן אַ שעפעריש־זוכנדיקער קאָלעקטיוו. זאָרגן זיך, אַז ער קאָן צוליב דעם, כאָלילע, בלײַבן „אַרבעטסלאָז", האָט ער דאָך נישט געהאַט וואָס. ווען זײַן רעפּערטואַר זאָל געווען באַשטיין ניט פון זעקס פּיעסן, נאָר אַפילע בלויז פון איינער אָדער פון צוויי, וואָלט ער אויך ניט געזעסן ליידיק. דאָס לאַנד אונדזערס, קיין אײַנהאָרע, איז גענוג רײַך מיט שטעט. אויב אַפילע שפּילן יעדן טאָג, וועלן אויך אויספעלן טעג אין יאָר אַף אַרומכאַפּן אַלע שטעט, ווו ס'איז פאַראַן אַ ייִדישער צושויער.

איז ניט קיין ווונדער, וואָס בא אַזאַ לאַגע, ווען פון איין פּרעמיערע ביז דער צווייטער גייען דורך יאָרן, ווערט יעדע פּרעמיערע אויפגענומען ווי אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש.

אַזאַ אויסערגעוויינלעכע געשעעניש איז אויך געווען „דער פאַרקישעפּטער שנײַדער" לויט שאָלעם־אַלייכעמען, וואָס איז ניט לאַנג צוריק באַוויזן געוואָרן דעם מאָסקווער צושויער.

און דאָ מוז איך זיך מוידע זײַן. נאָכדעם ווי איך בין מיט אַ יאָר צוויי צוריק געווען אַף דער פאַרלעצטער פּרעמיערע „דרײַ פּינטעלעך" — כאָטש ביז איצט פאַרשטיי איך ניט, פאַרוואָס זײַנען שאָלעם־אַלייכעמס דרײַ איינאַקטערס („מענטשן", „אַ דאָקטער", „מאַזלטאָוו") אָנגערופן געוואָרן „דרײַ פּינטעלעך", — בין איך מיט אַ געוויסן אומרו געגאַנגען זען די נײַע פאַרשטעלונג. אומרויִק בין איך געווען ניט פאַר די אַקטיאָרן. דער אַנסאַמבל פאַרמאָגט באַדײַטנדיקע קינסטלערישע קרעפטן, וואָס קאָנען באַשיינען די בינע פון אונדזערע ערשטראַנגיקע טעאַטערן, צו וועלכע עס האָט געהערט דער „גאָסעט" און פונוואַנען עס שטאַמען די גרעסטע מערהײַט שוישפּילער פונעם אַנסאַמבל. אומרויִק בין איך געווען פאַר שאָלעם־אַלייכעמען. גייענדיק אַף דער נײַער פּרעמיערע, האָב איך פאַר זיך אַליין געמאַכט אַ שטיקל קאָל־וועכוימער: מאַדאָך, אַז אַף די „דרײַ פּינטעלעך" איז שאָלעם־אַלייכעמען שווער געווען צו דערקענען, באַזונדערס אינעם איינאַקטער



א סצענע פונעם ערשטן אקט פון דער שטעלונג „דער פארקישעפטער שנײַדער"

„דער דאָקטער", וואָס איז געשפּילט געוואָרן ווי א וואָלוועלער, פרימיטיווער פארס אף ארויסרופן סטאם געלעכטער, און אויך אין „מענטשן", וואָס איז פארוואנדלט געוואָרן אין א הארצרײַסנדיקער מעלאָדראמע, הײַנט וואָס קאָן מען שוין דערווארטן פונעם „פארקישעפטן שנײַדער", אויב אף דער אפישע איז דערצו נאָך אָנגעוויזן... לויט שאָלעם־אַלייכעמען.

איז דאָס ערשטע, וואָס האָט מיך דערפרייט, ווען די האנדלונג האָט זיך אנטוויקלט: דער אומרו מײַנער איז געווען אן אומזיסטער. איך האָב ניט נאָר דערהערט פון דער בינע שאָלעם־אַלייכעמס שפּראך, איך האָב אויך דערזען שאָלעם־אַלייכעמס געשטאלטן.

„דער פארקישעפטער שנײַדער" אין דער שטעלונג פונעם נײַעם קינסטלערישן אָנפירער פעליקס בערמאן איז אין א געוויסער מאָס א פראָגראם־ספּעקטאקל, א קערפּונקט פארן טעאטראלן קאָלעקטיוו, און דעריבער נייטיקט זיך די דאָזיקע פאָרשטעלונג אין א ברייטערער און גענויערער אָפּהאנדלונג.

...איש האָיאָ ביזלאָדייעווקע, און א מענטש איז געווען אין זלאָדייעווקע... אושמוי שימען עליִיאָהו, און זײַן נאָמען איז געווען שימען־עליע, און גערופן האָט מען אים שימען־עליע שמא־קוילײנו... וועהאָיאָ האָיִש כאיעט, און געווען איז דער מענטש א שנײַדער... ווײַהי לוי באָנים אוּוואָנויס, און ער איז געווען א מעטופל מיט קינדער... ווײַהי האיוים, און אין איינעם א טאָג איז זיך פארלאָפן אזא געשיכטע...

מיטן דאָזיקן עפּיש־טאנאכישן גאנג הייבן זיך אָן פאנאנדערוויקלען די אויסטערלישע געשעענישן פון איינער פון שאָלעם־אַלייכעמס פאָעטישע דערציילונגען „דער פארקישעפטער שנײַדער".

דער לייענער געדענקט, פארשטייט זיך, דעם סיפּער־האמײַסע, וועלכע דער געניאַלער שרײַבער האָט ארויסגענומען, ווי ער ווײַזט אָן, פון אן אלטן פינקעס און אים באפּוצט, א סיפּער־האמײַסע, וויאַזוי דאָדיע דער ערענדאר האָט אין א שפּאס פארביטן די ציג, וועלכע שימען־עליע האָט געקויפט באם קאָזאָדאָיעווקער מעלאמעד כאיִם־כאָנע „דעם קלוגן", אף א צאפּ און מיט וואָס דער דאָזיקער שפּאס האָט זיך פארענדיקט.

פארוואָס האָבן אין פארשיידענע צײַטן פארשיידענע טעאטערן זיך ניט איין מאָל געווענדט צו דער אינסצעניִרונג פון דער דאָזיקער דערציילונג, איז לײַכט צו פארשטיין. אויסער דעם, וואָס זי איז ביז גאָר סצעניש לויט דער האנדלונג און אויסערסט רײַך מיט לעבעדיקע געשטאלטן און פארמאָגט אין זיך א טיפן סאָציִאלן אינהאלט, גיט זי דעם רעזשיסער, ווי אויך די אקטיאָרן א רײַכע מעגלעכקײַט פאר זייער שעפערישער פאנטאזיע, וואָרעם אינעם „פארקישעפטן שנײַדער" איז די רעאלע ווירקלעכקײַט איבערגעמישט מיט פאנטאסטישקײַט, ווי געווײנלעך אין א פאָעטיש צויבערדיק מײַסעלע... שאָלעם־אַלייכעמס באמערקונג, אז דער סיפּער־האמײַסע פון דער דערציילונג איז ארויסגענומען פון אן אלטן פינקעס און באפּוצט, גיט שוין א סמאך פאר א נאָוואטאָרישער סצענישער אופאסונג; פונדאנען — די אידיי צו פאָרשטעלן דעם „פארקישעפטן שנײַדער" אין א פילפארביקער מוזיקאלער פאָלקסשפּיל, ניט פארטויבנדיק דערבײַ די טיפע סאָציִאלע מאָטיוון פון דער אינסצעניִרטער דערציילונג.

שוין גלײַך באם ארײַנקומען אין צושויער־זאל דערפילסטו, אז דיך דערווארט הײַנט אינגאנצן אן אנדער באגעגעניש מיטן דראמאטישן אנסאמבל, ווי ביז אהער: די בינע איז אָן א פאָרהאנג און די איינציקע דעקאָראציעס אף איר זײַנען — די שורע בענקלעך בא דער זײַטיקער וואנט פארן אָרקעסטער און די בונטע, פארביקע לײַוונטן אונטערן סופיט, וואָס שאפן א שטימונג פון יאָמטעוודיקײַט.

עס באווײַזן זיך די צוויי מיטבאגלייטער און אויסטײַטשער פון די געשעענישן (די ארטיסטן לייב טראקטאָווענקאָ און מוישע שאפּיראָ), וועלכע פארלאָזן אין מעשעך פון די ביידע אקטן בלויז געציילטע מאָל און בלויז אף געציילטע מינוטן די בינע, און וועמענס שליכעס עס באשטייט דערין, זיי זאָלן מיט שאָלעם־אלייכעמס וואָרט דערגאנצן די האנדלונג. אויב באם צושויער רופט ניט ארויס קיין באזונדערע פארוואונדערונג די בונטפארביקע קליידונג פון אָט די צוויי אויסטײַטשער, ווערט אָבער די זאך קאָשע, ווען די עוויענטע אין זיבן פאָלעס ציפע־ביילע־רייזע דערשײַנט אף דער בינע אין דער זעלבער רײַכער בונטפארביקער קליידונג. און אזוי זײַנען אָנגעטאָן אלע אָנטיילנעמער. נאָר וואָס ווײַטער עס אנטוויקלט זיך די האנדלונג, אלץ קלאָרער ווערט דער פארטראכט פונעם רעזשיסער — באווײַזן דעם גרויען נעכטן דורך דעם יאָמטעוודיק־דערהויבענעם הײַנט. דער דאָזיקער פארטראכט אנטפלעקט זיך ניט בלויז אין אָנטאָן אפן גרויען דאַלעסדיקן נעכטן די יאָמטעוודיקע פילפארביקײַט. ער אנטפלעקט זיך אין דער שפּיל פון די אקטיאָרן. די שוישפילער דערשײַנען פאר אונדז ניט נאָר ווי די פארקערפערונג פון די געשטאלטן, וועלכע זיי שאפן, נאָר אויך ווי אונדזערע מיטצײַטלער, וואָס ווײַזן ארויס זייער באציונג צו דעם, וואָס קומט פאָר אף דער בינע.

דעם שליסל צום דאָזיקן רעזשיסערישן פארטראכט טראָגן אונדז אונטער די צוויי שעליכים פונעם הײַנט, וואָס באהאלטן זיך אויס אונטער דער מאסקע פון צוויי פורימשפילער, וועלכע דערמאָנען ערטערווײַז די צוויי באדכאָנים פונעם באוווסטן גאָסעטישן ספעקטאקל „פריילעכס". און ס'איז ניט צופעליק. „דער פארקישעפטער שנײַדער" איז אין פיל הינזיכטן קרויוויש דעם יאָמטעוודיקן פאָלקסטימלעכן „פריילעכס", וואָס איז געקומען ווי א טרייסט נאָך די גרויזאמע מילכאָמע־געשעענישן.

צווישן די צוויי שעליכים זײַנען ניטאָ קיין סטירעס אינעם צוגאנג צום נעכטן, נאָר דאָס ארויסבאגלייטן דעם זלאָדייעווקער און קאָזאָדאָיעווקער נעכטן קומט פאָר באַ זיי פארשיידן. דעמלט, ווען איינער פון זיי, וועלכן עס שפּילט טעמפעראמענטפול שאפּיראָ, איז אומבאראכמאָנעסדיק הארב, ער באגלייט ארויס דעם נעכטן מיט א מעכטיקן דזשינדזשען אין די צוויי מעשענע טאצן, איז דער צווייטער שאָליעך אין דער אויספילונג פונעם באגאבטן טראקטאָווענקאָ א מילדער. אפילע אינעם שרויט פונעם פײַקל, מיט וועלכן ער העלפט נאָכאנאנד צו דעם הארבן מיטבאגלייטער זײַנעם צו פארטרײַבן דעם אומעט פונעם נעכטן, פילט זיך אויך אָט די באכיינטע מילדקײַט. באזונדערס דערפילן מיר עס אין זײַן זינגען צוזאמען מיט זינאָווי קאמינסקין שיר־האשירים און ש. אנ־סקיס „דער אָרעמער שנײַדער", וואָס איז טיילווײַז געוואָרן דער מוזיקאלער לייטמאָטיוו פונעם ספעקטאקל.

און דאָ שווימט גלײַך אוף א פראגע: ווי פאָרט זיך אָט דאָס אלץ מיטן ארײַנלייגן פיר פינגער אין מויל און פארהילכן דעם צושויער־זאל מיט א ווילדן פײַפן, וואָס ווערט דערבײַ באגלייט מיט בריקען זיך און מיט וואָלוועלע כאָכמעס, ווי דאָס ווענדן זיך צום זאל נאָך וואלידאָל, ניטראָגליצערין, און אנדערע „פערלען"?

ענלעכע פראגן וועלן נאָך ניט איין מאָל אופקומען באם באהאנדלען דאָס אָדער יענץ געשטאלט, די אָדער יענע סצענע און דעם ספעקטאקל אינגאנצן גענומען.

אינעם אויבנאָן פון דער פאָרשטעלונג שטייט, זעלבסטפארשטענדלעך, דער שנײַדער שימען־עליע שמא קוליינו מיט זײַן שער־און־אײַזן, וועלכער איז אין א געוויסער מאָס דער פאָרגייער פונעם אמכאָדיקן שימעלע סאָראָקער פונעם „גרויסן געווינס". אין סאָציאלן זין איז שימען־עליע מער פאָרגעשריטענער פון שימעלען. אין קיין איין ווערק שאָלעם־אלייכעמס ווערט ניט אזוי קלאָר און דײַטלעך, ווי אין „פארקישעפטן שנײַדער", ארויסגעזאָגט דער פראָטעסט פונעם אונטערדריקטן קעגן זײַנע אונטערדריקער. דער האָרעפאשניק שימען־עליע מיט זײַן אויסטײַטשן אף אן אייגענעם אויפן די פסוקים, מיטן אויסטײַנען זיך זײַנעם מיט דער וועלט, שימען־עליע מיט זײַן טיפן גלויבן אין גערעכטיקײַט איז אין א געוויסער מאָס אויך א פאָרגייער פון טעוויען. און אזא דערשײַנט ער פאר אונדז אין דער פרעכטיקער שפּיל פון זינאָווי קאמינסקי.

שימען־עליע וואקסט אויס באַ קאמינסקין אין א געשטאלט פון גרויסער פאראלגעמיינערונג. עכטע מײַסטערשאפט פילן מיר אין דער שפּיל פון קאמינסקין, אין דער באציונג זײַנער צום קינסטלערישן וואָרט, וואָס ווערט דורך אים דײַטלעך און מוזיקאליש־אייגנארטיק ארויסגעבראכט, אין דער פּלאסטישקײַט פון די באוועגונגען, אפילע אינעם אויפן פונעם זינגען (א שטים פארמאָגט זינאָווי קאמינסקי א ליריש־רײַכע). אינעם לעצטן בילד פונעם ספעקטאקל אנטפלעקט זיך פאר אונדז קאמינסקי אויך ווי א טאלאנטפולער טראגישער אקטיאָר.

דאָס געשטאלט פון שימען־עליעס ווײַב ציפע־ביילע־רייזע פארקערפערט גלענצנדיק ראָזע קורץ — אן אקטריסע מיט א שטארקן טעמפעראמענט און מיט א קלאָרער רײַכער אויסשפראך. ניט געקוקט אף דעם שלאל קלאָלעס, מיט וועלכע זי באגראָבט צען מאָל א טאָג איר ברויטגעבער, ווערט דאָס געשטאלט ניט פארוואנדלט אין קיין שטייגעריש.

אינעם ספעקטאקל זײַנען ארויסגעפירט נאָך דרײַ צענטראלע פערסאָנאזשן: כאִים־כאָנע „דער קלוגער", זײַן ווײַב טעמע־גיטל „די שטילשווײַגעוודיקע" און דאָדיע דער ארענדאר.

כאִים־כאָנע דעם מעלאמעד שפּילט כאִים ספּיוואק. זײַן גאנצער ווערטער־אויצער, מיט וועלכן ער לאָזט זיך הערן אין מעשעך פונעם אָוונט, באשטייט פון קוים א צוויי צענדליק ווערטער. פאר אן עכטן קינסטלער איז עס אָבער גענוג אף שאפן א בוילעט געשטאלט פונעם קליינשטעטלדיקן „פילאָסאָף". אינעם אויסציילן די ווערטער: „ציג, ציג, ציג, עס ציגעט מיך שוין פון דעם אין קאָפּ, ציגעט מיך", אנטפלעקט פאר אונדז ספּיוואק דעם פארקישעפטן קרײַז, אין וועלכן עס דרייען זיך ארום די זלאָדייעווקער, מאזעפעווקער, יאמפאָלער, קאָזאָדאָיעווקער פארשוינען און פון וועלכן עס האָט זיך אײַנגעגעבן ארויסצורײַסן זיך דערווײַל בלויז דעם צאפּ.

צו וואָס אָבער איז נייטיק געווען אָנטאָן דעם



דער ארטיסט ז. קאַמינסקי אין דער ראָל פון שימען־עליע (אינדערמיטן) און די צוויי אויסטײַטשער — מ. שאפּיראָ (רעכטס) און ל. טראַקטאָווענקאָ

מעלאַמעד אין א לאַנגן טאַלעסקאָטן אָן ציצעס, מיט א ברעקל יאַרמלקע אפן קאָפּ, וואָס גיט אים צו דעם אויסזען פון א קאַרדינאַל? די זעלבע פאַרכיידעשטקײַט רופן ארויס באַם צושויער די צוויי כיידער־ייִנגלעך אין דער אויספילונג פון אירע גרינוואלד און ליובע גאַריאַטשאָווע, וועלכע זײַנען אויך אָנגעטאָן „ווי קאַרדינאַלן‟ און, לערנענדיק א בלאַט געמאָרע, מאַכן זיי מיט די קערפּערס די זעלבע האַווײַעס, וואָס באַם טאַנצן בוגי־ווּגי.

מיט איין ניט־באַרעכטיקטן פיר מיטן פענדזל קאָן מען, צומאָל, קאַליע מאַכן דאָס בעסטע בילד, מיינענדיק דערבײַ, אַז דאָס איז מאָדערניזם. אינעם „פאַרקישעפטן שנײַדער‟, ווי מיר זעען, שטויסן מיר זיך ניט איין מאָל אָן אָף ענלעכס.

צו די געלונגענע געשטאַלטן געהערט, בעלי־סאָפעק, טעמע־גיטל „די שטילשווײַגעוודיקע‟ אין דער אויספילונג פון דער אייגנאַרטיקער ארטיסטקע נעכאַמע סיראָטינאַ.

גרויס דערווידערונג רופט ארויס דאָס געשטאַלט פונעם ארענדאַר דאָדיע, וועלכן עס שפּילט זאַלמען מיימאַן. פאַרוואַנדלען דעם דאָזיקן אין טאָך גענומען פאָלקסמענטשן אין א גאַזלען, וועלכער האַלט אין איין קריצן מיט די ציין, טופען מיט די פיס, דראָען מיט די פויסטן, פײַפן, ארײַנלייגנדיק אויך פיר פינגער אין מויל, רעווען לויטן נוסעך פון פּראָווינציִעלע טראַגיקער — האַ־האַ־האָ! — און שרײַען דערבײַ: „נעקאָמע, נעקאָמע, נעקאָמע‟ (אין וועמען, אין שימען־עליען?) — הייסט ניט נאָר פאַרקריפּלען דאָס דאָזיקע ווּנדערלעכע שאָלעם־אַלייכעם־געשטאַלט, נאָר אין א געוויסן הינזיכט אויך די סאָציִאַלע מאָטיוון פונעם ספּעקטאַקל. הײַנט די קליידונג דאָדיעס: פּורפּור־רויט, ווי באַ אן עכטן גאַזלען. דערצו נאָך ווערן אין שאָלעם־אַלייכעמס ווּנדערלעכן טעקסט ארײַנגעמישט אַזעלכע „פּערל‟, ווי „אראַגווי‟, „פּראָשו‟, „יורא, ופּעריאָד‟.

באַ שאָלעם־אַלייכעמען איז דאָדיע דער ארענדאַר ארויסגעפירט ווי א ליבער, גאַסטפרײַנטלעכער פאָלקסמענטש, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער פאַרמאָגט עטלעכע קי. עמעס, שימען־עליע שעמט זיך א ביסל מיט אים, דעם פאַרגרעבטן דאָרפישן קאָרעוו, וועלכער ווייסט ניט דעם כילעק צווישן א סידער און א מאַכזער, און דאָס איז דאָך די סיבע, וואָס ער פאַרפירט דעם שפּאַס מיטן פאַרבײַטן די ציג אָף א צאַפּ (אָנלערנען שימען־עליען פאַר זײַן אויספײַנען זיך קעגן אים מיט קענען די קליינע אויס־עלעך).

איבערן פאַרקריפּלען דאָס געשטאַלט פון דאָדיען דעם ארענדאַר ווערט שימען־עליעס פּראָטעסט קעגן דעם סאָציִאַלן אומרעכט, קעגן דעם פאַרקישעפטן קרײַז פון נויט און דערנידערונג פאַרוואַנדלט שיר ניט אין א „נעקאָמע־מילכאָמע‟ צווישן דאָדיען, שימען־עליען און כאַים־כאָנען, וועלכע שיידט זיך, אין טאָך, ניט אונטער פון דער „נעקאָמע־מילכאָמע‟ צווישן איוואַן איוואַנאָוויטשן און איוואַן ניקיפאָראָוויטשן אין גאָגאָלס באַוווּסטער דערציילונג. אָבער ניט דאָס איז דאָך אויסן געווען צו באַווײַזן שאָלעם־אַלייכעם. באַ אים גייט אָן, ווי מיר ווייסן, גאָר אַן אַנדער קריג.

ס'ווילט זיך גלייבן, אַז אין דער ווײַטערדיקער ארבעט איבער דער דאָזיקער ראָל וועט דער אָנגעזעענער בינע־מײַסטער זאַלמען מיימאַן אומקערן דאָדיען דאָס שאָלעם־אַלייכעמדיקע.

אינעם ספּעקטאַקל, ווי ס'איז שוין געווען געזאָגט, זײַנען פאַראַן ניט ווייניק רעזשיסערישע אײַנפאַלן. צו זיי געהערט, בעלי־סאָפעק, דער אײַנפאַל מיטן ארײַנפירן אין דער האַנדלונג אַלס אָנטיילנעמער די ציג און דעם צאַפּ.

די ראָל פון דער ציג שפּילט דער לאַורעאַט פונעם אַלרוסלענדישן קאָנקורס פאָלינע אײַנבינדער. ס'איז קיין סאָפעק ניט, אַז פון אָט דער רײַך־באַגאַבטער קינסטלערן קאָנען מיר זייער פיל דערוואַרטן אי ווי פון א דראַמאַטישער אַקטריסע, וואָס איז באַשאָנקען מיט א באַזונדערער אומיטלבאַרקײַט און כיינעוודיקײַט, אי ווי פון א זינגערן. אײַנבינדער פאַרמאָגט א ווּנדערלעכע שטים, און יעדע ליד, וואָס זי זינגט אינעם ספּעקטאַקל, באַווײַזנדיק, וואָס דאָס ווײַסינקע ציגעלע קען, רופט ארויס אין צושויער־זאַל לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

צום באַדויערן, פאַרקלאַפּט דער אָרקעסטער דאָס ניט איבעריק הילכיקע געזאַנג פונעם צאַפּ, וועלכן עס שפּילט לעבעדיק און גראַציִעז מאַרק גייכמאַן.

אײַנפאַלעריש איז אויך דער כאָלעם מיט דער שאַבעסדיקער קאַפּאָטע, וואָס איז צונויפגעשטוקעוועט פון די זעלבע פאַרשיידנקאָליריקע לײַוונטן, ווי די לאַטעס פון שימען־עליעס הויזן, און דער כאָלעם מיט די טאַנצנדיקע פּעסלעך מילך.

ווען איך זאָל געווען שרײַבן א געוויינלעכע רעצענזיע, איז נאָכדעם ווי איך וואָלט אָנגעוויזן, אַז געהילף־רעזשיסער פונעם ספּעקטאַקל איז סאָניע ביניק, קינסטלער — גריגאָרי פּערקעל, באַלעטמײַסטער דאָוויד פּלאָטקין, מוזיקאַלישער לייטער — יעווגעני ראָכלין, וואָלט איך פאַרענדיקט די רעצענזיע דערמיט, אַז ניט געקוקט אָף די אַלע בלויזן, איז „דער פאַרקישעפּטער שנײַדער‟ א באַדײַטנדיקע

שעפערישע דערגרייכונג פונעם טאַלאַנטפולן אַנסאַמבל און אַז די פאַרשטעלונג, וואָס איז זייער ווארעם אופגענומען געוואָרן פונעם צושויער, וועט אַף לאַנג און מיט רעכט זיך פארהיטן אין זײַן רעפערטואַר.

נאָר ווי געזאָגט, איז „דער פארקישעפטער שנײַדער“ אין א געוויסער הינזיכט א פראָגראַמספעקטאַקל, א באשטימטער קערפונקט אינעם שעפערישן וועג פונעם דראמאטישן קאָלעקטיוו, און אין צוזאמענהאנג מיט דעם איז נייטיק א מער ברייטערער שמועס. אייגנטלעך, איז פאר אזא שמועס שוין לאַנג געקומען די צײַט. מיר האָבן דאָך צו טאָן ניט מיט קיין פאָלקס־טעאטער, ווו אונדזערע פאָדערונגען זײַנען אנדערע, נאָר מיט א קאָלעקטיוו פון פראָפעסיאָנעלע אקטיאָרן, ביפראט, אז דער קאָלעקטיוו איז שוין אינעם צווייטן יאָרצענדליק פון זײַן עקזיסטענץ.

יאָ, דער דאָזיקער שמועס האָט געדארפט פאָרקומען א סאך פריִער, ווען ס׳איז געוואָרן אָנשוילעך קלאָר, אז דער אנסאמבל האָט זיך געלאָזט גיין מיט אַן אלטן אויסגעטראָטענעם וועג, פון וועלכן ס׳האָבן זיך זײַנערצײַט שוין געהאט אָפגעזאָגט אפילע די אמאָליקע וואנדער־טרופעס. עס גייט ניט אזוי אין דעם, צי מע האָט געדארפט אָדער ניט געדארפט שטעלן „די קישעפמאכערן“ און „איבערן אָקעאַן“ (איך פערזענלעך האלט, אז די ביידע פיעסן האָבן פרײַ געמעגט אָפטרעטן זייער אָרט די מער נעענטערע צו אונדזער צײַט דראמאטישע שאפונגען), עס גייט אין דער סצענישער אופאסונג. סײַ „די קישעפמאכערן“, סײַ „איבערן אָקעאַן“ זײַנען געשטעלט געוואָרן, ווי מע האָט זיי געשפּילט אַן ערעך אין גאָלדפאדענס און גאָרדינס צײַטן. דעם צושויער האָבן די דאָזיקע צוויי ספעקטאקלען געקאָנט פארכאפן ניט מיט דער טראדיציאָנעלער שטעלונג, נאָר מיט דער שפּיל פון די טאַלאַנטפולע אקטיאָרן, בעראָש מיטן וועטעראַן פון דער ייִדישער בינע, דעם גרויסן מײַסטער ביניאָמין שווארצער.

די „דרײַ פינטעלעך“ איז געווען דער ערשטער פרווו אָפצוגיין פון אָט דעם פרוכטלאָזן און אָפגעפרעגטן וועג, נאָר ניט יעדער פרווו, ווי באוווּסט, גיט זיך גלײַך אײַן.

און אָט איז געמאכט געוואָרן א צווייטער פרווו — דאָס מאָל א מער געלונגענער.

מיט דער נײַער פאָרשטעלונג האָט דער דראמאטישער אנסאמבל ווי געמאָלדן, אז ער איז ענדלעך אָפגעגאנגען פונעם טראדיציאָנעלן וועג און זיך געלאָזט מיטן וועג פון זוכן און עקספערימענטירן. און דאָ ווילט זיך וואָרענען דעם טאַלאַנטפולן קאָלעקטיוו און זײַן באגאבטן רעזשיסער פון א באשטימטער געפאר, וואָס דראָעט אפן דאָזיקן וועג און וואָס לאָזט זיך ערטערווײַז פילן אינעם „פארקישעפטן שנײַדער“. שעפערישע יערושע הייסט ניט מעכאניש קאָפּירן. שעפעריש אסימילירן אין זיך די רײַכע יערושע פונעם „גאָסעט“ הייסט ניט אין אלץ אים בלינד נאָכפאָלגן, אײַנשליסנדיק אויך די קינדהײַט זײַנע, פון וועלכער דער „גאָסעט“ האָט זיך נאָכדעם אליין אָפגעזאָגט, שטרעבנדיק צו ווערן א טעאטער פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

אינעם „פארקישעפטן שנײַדער“ שטויסן מיר זיך אָן אף אייניקע סצענעס, וואָס וואָרענען וועגן אזא געפאר. זי לאָזט זיך פילן שוין אינעם סאמע אָנהייב, אינעם ערשטן בילד, ווען דער גאנצער אנסאמבל, אָנגעטאָן אין ווײַסן, ווי די כסידים אין די קיטלען אינעם „דריטן פינטעלע“ „א נאכט באם רעבן“, זינגען מיט היסלײַוועס דעם זעלבן כסידישן ניגן. א טייל בילדער קאָפּירן דעם „צענטן געבאָט“, „די קישעפמאכערן“, „פריילעכס“. ניט אלע אקטיאָרן האָבן זיך שוין באפרײַט פונעם פארהאמעוועטן ארויסברענגען די ווערטער, וואָס איז געווען כאַראקטעריסטיש פאר דער קינדהײַט פונעם „גאָסעט“. נאָר דאָס, וואָס דער מאָסקווער ייִדישער דראמאטישער אנסאמבל האָט זיך א קער געטאָן צו דער רײַכער סצענישער יערושע, וועלכע עס האָט אים איבערגעלאָזט דער „גאָסעט“, איז א ביז גאָר דערפרייענדיקע דערשײַנונג. דאָס באטײַט, אז עס וועט אויך פאָרקומען אַן ענדערונג אין רעפערטואַר. דער ייִדישער סאָוועטישער צושויער גארט שוין פון לאַנג צו דערזען אף דער בינע זײַנע מיטצײַטלער.

מיט דער פאָרשטעלונג פונעם „פארקישעפטן שנײַדער“, וועלכע איז אזוי ווארעם אופגענומען געוואָרן פונעם צושויער, האָט דער אנסאמבל באוויזן, אז ער איז א קרעפטיקער שעפערישער קאָלעקטיוו, און דער וועג פון זוכן און עקספערימענטירן, מיט וועלכן ער גייט איצט, וועט אים זיכער ברענגען צו נײַע אידייִש־קינסטלערישע הייכן.

צו אונדזער קינסטלערישער בײַלאַגע

יִסראעל קאָוועלמאַן

# עליִעזער ליסיצקיס ייִדישע גראַפיק

עליִעזער ליסיצקי איז פון יענער פלעיאַדע באַרימטע קינסטלער, צו וועלכע עס געהערן נאטאן אלטמאן, יויסעף טשײַקאָוו, ייִסאָסכער־בער ריבאַק, מארק שאגאל, שלוימע יודאָווין און אנד.

אלע האָבן זיי אין אָנהייב פונעם יאָרהונדערט אָנגעהויבן זוכן אן אייגנארטיקן וועג אין דער קונסט.

דאָס איז געווען א צײַט, ווען סײַ אין רוסלאנד, סײַ אין אייניקע מײַרעוור־אייראָפּעיִשע לענדער איז מען געווען פארכאפּט מיט דער פאָלקס־קונסט. אויך די דערמאָנטע קינסטלער האָבן דאָס כאראקטעריסטישע פאָלקסטימלעכע געזוכט און געפונען אין די באַפּוצונגען פון די באָטעמעדראָשים, אין די אויפשריפטן אף מאצייוועס, אין דער אויספורעמונג פון שטייגער־כפּייצים. זיי האָבן אויך געזוכט אָריגינעלן שריפט און אָרנאמענטן אין ייִדישע ביכער, אלטערטימלעכע קסאוויאדן און דאָקומענטן.

פיל אויפמערקזאמקײַט האָבן די דאָזיקע מאָלער געשענקט דעם פּייזאזש פונעם ייִדישן שטעטל.

עליִעזער ליסיצקי איז געבוירן געוואָרן דעם 10 נאָיאבער 1890 אין א קליין שטעטעלע — פּאָטשינאָק, סמאָלענסקער געגנט. שפּעטער זײַנען די עלטערן זײַנע אריבערגעפאָרן קיין וויטעבסק. דאָס פייִקע ייִנגל האָבן זיי אוועקגעשיקט צום זיידן קיין סמאָלענסק זיך לערנען אין דער דאָרטיקער רעאל־שול.

נאָך אין די פריִע קינדער־יאָרן האָט זיך ליסיצקי אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט קונסט. בײַס די זומער־קאניקולן פלעגט ער קומען אהיים קיין וויטעבסק. דאָרט האָט ער באזוכט יעהודע פּען̄ס סטודיע. טאקע דאָ, אין דער סטודיע, האָט ער זיך באפרײַנדעט מיט פּענס טאלאנטפולע טאלמידים: מארק שאגאלן, קאזימיר מאליעוויטשן, יויסעף צאדקינען — די קינפטיקע וועלט־באַרימטע קינסטלער.

נאָכן פארענדיקן די רעאל־שול האָט ליסיצקי אָפּגעגעבן עקזאמענעס אין דער פּעטערבורגער קונסט־אקאדעמיע. ער איז אָבער ניט אָנגענומען געוואָרן. אין 1909 פאָרט ער אוועק קיין דײַטשלאנד, ווו ער קומט אָן אין דער דארמשטאדטער טעכנישער שול אפן ארכיטעקטור־פאקולטעט, וועלכע ער פארענדיקט אין 1914.

אין דער צײַט פון די קאניקולן באזוכט ער אייניקע שטעט פון אייראָפּע. אין דער דײַטשישער שטאָט וואָרמס מאכן אף אים א גרויסן אײַנדרוק דער אוראלטער בעסמעדרעש — א דענקמאָל פונעם XIII יה. — און די מאצייוועס פונעם באַרימטן אלטערטימלעכן בעסוילעם.

קעדיי האָבן די רעכט צו פּראקטיקירן אין רוס־



עליִעזער ליסיצקי (ערשטער פון לינקס) און מארק שאגאל (דריטער) צווישן די מיטארבעטער פון דער וויטעבסקער קונסט־שול (1919)

לאנד אלס ארכיטעקטאָר, האָט ליסיצקי געדארפט אָפּגעבן עקזאמענעס אין ריגער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט.

א געוויסע צײַט האָט ער מיטגעארבעט מיט די ארכיטעקטאָרן וועליקאָווסקי און קליין. אײנײנעם מיטן קינסטלער ריבאק מאכט ער א רײַזע קיין מאָלעוו און דרוע. א באריכט וועגן אָט דער רײַזע מיט צייכענונגען פון די אינערלעכע געמעלן אין די אוראלטע באָטעמעדראָשים, מיט וועלכע אָט די שטעט זײַנען געווען בארימט, האָט ער פארעפנטלעכט אין דער העברעיִשער צײַטשריפט „רימון" (1923).

אין אָנהייב פון די צוואנציקער יאָרן פארנעמט זיך ליסיצקי אויסשליסלעך מיט יִדישער גראפיק. ער באטייליקט זיך אקטיוו אין די קונסט־אויסשטעלונגען פון יענער צײַט.

אין די יאָרן 1922 — 1925 האָט ליסיצקי געלעבט אין אויסלאנד. אומקערנדיק זיך קיין רוסלאנד, באַזעצט ער זיך אין מאָסקווע און באשעפטיקט זיך הויפּטזאכלעך מיט קונסטקענטעניש, מיט ארכיטעקטור, מיט קינסטלערישער פּאָליגראפיע און פאָטאָגראפיע. אין אָט די אלע געביטן איז ער געווען דערפינדעריש און נאָוואטאָריש.

עליִעזער ליסיצקי איז געווען רעדאקטאָר פון די זשורנאלן וועגן קונסט און ארכיטעקטור — («Вещь» אין 1922 און «АСНОВА»[1] אין 1926). ער האָט ארויסגעגעבן אלבאָמען מיט ליטאָגראפישע געמעלן. לויט זײַנע פּראָיעקטן זײַנען געמאכט געוואָרן די אינטעריערן און עקספּאָזיציעס פון דער אלפארבאנדישער פּאָליגראפישער אויסשטעלונג אין מאָסקווע אין 1927 און פון א ריי סאָוועטישע פּאוויליאָנען אָף צווישנפעלקערלעכע אויסשטעלונגען: פון אוויִאציע — אין פאריזש, פון פּאָליגראפיע — אין קעלן, פון פילמען און פאָטאָ — אין שטוטהארט. ער האָט זיך באטייליקט אין אויספורעמען אזעלכע זשורנאלן ווי «СССР на стройке», און געשריבן פלאקאטן.

ליסיצקיס קינסטלערישע ירושה אין געביט פון יִדישער גראפיק איז ניט קיין גרויסע, זי פארנעמט אָבער א באדײַטנדיק אָרט אדאנק איר אייגנארטיקער מאניר. מערסטנטייל איז זײַן שאפונג פארבונדן מיט סוזשעטן פון מײַסעלעך. פריִער פאר אלץ דארף אָפּגעמערקט ווערן די אָריגינעלע אויספורעמונג פון מוישע בראָדערזאָנס פּאָעמע „סיכאס־כולן" (וואָכעדיקע רייד), וואָס איז אָנגעשריבן לויטן סוזשעט פון א פּראָגער לעגענדע. ליסיצקיס צייכענונגען האַרמאָנירן מיטן טעקסט און זײַנען אָרגאניש פארבונדן מיטן אווטאָרס פארטראכט. אפן שארבלאט זעען מיר דעם פּאָעט, דעם מאָלער, דעם סויפער און דעם העלד פון דער לעגענדע — יוינע.

אָריגינעל און אינטערעסאנט האָט ליסיצקי אויסגעפורעמט דאָס מײַסעלע „כאדגאדיע", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אָף א ליטאָגראפישן אויפן. באזונדערע עקזעמפּליארן האָט דער קינסטלער אליין געמאָלט מיט פארשיידענע פארבן, דער טעקסט צו די צען בילדלעך איז געגעבן אָף אראמעיִש (די שפּראַך פונעם אָריגינאל) און אין דער איבערזעצונג אָף יִדיש.

אין דער טרעטיאקאָווער גאלעריי געפינט זיך אן אנדער (ווײַזט אויס, א פריִיקער) ווארִיאנט פון ליסיצקיס איליוסטראציעס צו אָט דעם מײַסעלע. יעדע צייכענונג ווערט באגלייט מיט א טעקסט, געשריבן פון דער האנט, אין א פרײַער איבערזעצונג אָף יִדיש פון אן אומבאוווסטן איבערזעצער.

ליסיצקיס מײַסטערשאפט איז באזונדערס צו זען אין דער אויספורעמונג פון מאני לייבס מײַסעלע „יִינגל־צינגל־כוואט". דאָס איז געווען דאָס ערשטע בוך פאר קינדער, וואָס האָט פארמאָגט אזעלכע הויך־קינסטלערישע איליוסטראציעס. דער נאָמען פונעם בוך איז אפן שארבלאט אָנגעשריבן אין צוויי פאראלעלע שורעס, אין וועלכע עס ווערן אויסגעטיילט די אלציינע בוכשטאבן.



ע. ליסיצקי אין זײַן אטעליע (1919)



ע. ליסיצקיס צייכענונגס־בויגן פון מוישע בראָדערזאָנס פּאָעמע „סיכאס־כולן"

אָט דעם אויפן פון איליוסטרירן האָט ליסיצקי ניט איין מאָל אָנגעווענדט אויך אין זײַן ארבעט איבער שארבלעטער און פלאקאטן מיט טעקסטן אין רוסיש און אָף אנדערע שפּראכן. די שורעס פלעגט ער צעשטעלן ניט נאָר פאראלעל, נאָר אין פארשיידענע ריכטונגען, טיילמאָל פלעגן זיך בא אים די שורעס איבערקרייצן.

מיט גרויס געשמאק האָט ליסיצקי איליוסטרירט די „ווײַסרוסישע פאָלקס־מײַסעס" און די „אוקראַיִנישע פאָלקס־מײַסעס" אין לייב קוויִטקאָס איבערזעצונג. ער האָט אויך איליוסטרירט כאיִם־נאכמען ביאליקס „שלוימע האמעלעך" און בענציִען ראסקינס „ארבעה תישים" („ארבאָהא טאיאָשים" — „פיר באָקן").

[1] «Ассоциация новых архитекторов» — „אסאָציִאציע פון נײַע ארכיטעקטאָרן".

עס זײַנען אויך באַוווּסט ליסיצקיס אילוסטראַציעס צו ייִדישע קינדער־ביכער: בענציען ראַסקינס — „דער בער“, „א הון, וואָס האָט געוואָלט האָבן א קאַם“, „דער מילנער, די מילנערן און די מילשטײנער“; צו יאַנקעוו פיכמאַנס — „שאַבעס אין וואַלד“; צו צאַדעק דאָלגאָפּאָלסקיס פּיעסע פאַר קינדער „דעם זיידנס קלאָלעס“.

אין יענער צײַט זײַנען געווען פּאָפּולער פאַרלאַג־מאַרקעס. ליסיצקי האָט געשאַפן מאַרקעס פון די פאַרלאַגן: „קיִעווער פאַרלאַג“, „ייִדישער פאָלקס־פאַרלאַג“ און פונעם רוסישן פאַרלאַג «Геликон». ער האָט אויך געמאָלט די טאָוולען און די שאַרבלע־טער פון דעם קאַטאַלאָג צו דער קונסט־אויסשטע־לונג, וואָס עס האָט אָרגאַניזירט די „ייִדישע געזעל־שאַפט צו שטיצן קונסט“; צו לידער מיט נאָטן, וואָס עס האָט ארויסגעגעבן די „געזעלשאַפט פון ייִדישער מוזיק“.

זײַנע געמעלן, וועלכע פאַרמאָגן נאַציאָנאַלע מאָ־טיוון און דריקן בוילעט אויס דעם אינדיווידועלן אייגנאַרט פונעם קינסטלער, קאָן מען דערקענען אפילע אָן אן אונטערשריפט פונעם אווטאָר.

ס׳איז קעדײַ אָפּצומערקן, אז די אויסגאַבעס מיט ליסיצקיס צייכענונגען זײַנען ווייניק באַקאַנט, ווײַל זיי זײַנען דערשינען אין קליינע טיראַזשן אין דער שווערער צײַט פון בירגערקריג.

ליסיצקי איז געשטאָרבן אין מאָסקווע אין דעקאַ־בער 1941 אין עלטער פון 51 יאָר.

---

# כראָניק

## די געשיכטע פון ייִדן אין יוגאָסלאַוויע

די פעדעראַציע פון די ייִדישע געמיינדעס אין יוגאָסלאַוויע האָט ארויסגעגעבן אן אלמאַנאַך „סבאָר־ניק“ („זאַמלונג“), געווידמעט דער געשיכטע פונעם ייִדישן ייִשעוו אין דעם דאָזיקן לאַנד. דעם ארײַנפיר צו דער זאַמלונג האָט אָנגעשריבן דער פאָרזיצער פון דער פעדעראַציע לאַוואָסלאַוו קאַ־וועלבורג.

א צווייט בוך, וואָס איז דער־שינען אינעם פאַרלאַג פון דער פעדעראַציע, הייסט „דער ייִדי־שער בעסוילעם אין ספּליט“. דאָס בוך איז אילוסטרירט מיט 700 פאָטאָגראַפיעס פון אלטע און אור־ראַלטע מאַציייוועס.

## מוזיק פון אן אמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר אף די טעקסטן פון סאָוועטישע ייִדישע דיכטער

דער ייִדישער מוזיקער און דיי־ריגענט אלבערט ביטער, וועלכער לעבט אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט געשאַפן א ציקל זינגלידער אף די טעקסטן פון סאָוועטישע ייִדיי־שע דיכטער.

דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אײַנ־געשלאָסן אין ציקל יויסעף קאָט־ליארס „שפּיל, דאָווידל, שפּיל“, איציק פעפערס „איך זע אײַך בא פלאַמען פון שטערן“, ארן ווער־געליסעס „א טרער“ און „א קאַ־ראַהאָד“, שיקע דריזס „באַמבוק־שטעקעלע“, „דעם זיידנס ניגן“ און „א הויכער, שטאַרקער בוים“, איטשע באָרוכאָוויטשעס „אין אייביקײַט פון עמעס“, דאָרע כײַ־קינעס „כ׳דאַרף קיין גליק קיין פרעמדס ניט האָבן“ אא.

די זינגלידער ווערן אויסגעפילט אין אייניקע פאָלקס־כאָרן, מיט וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר פירט אָן.

■ ■ ■

# פובליציסטיק

## נ. ריכטער

# אין סטירע צו די פאַקטן פונעם לעבעדיקן לעבן

די פאָליטישע דאָקטרינע פונעם ציִעניזם, אז די ייִדן קאָנען זיך ניט צוזאמענלעבן מיט די אנדערע פעלקער און בעכיין מוזן זיי, די ייִדן, מאסנוויַיז עמיגרירן קיין פאלעסטינע, ווו זיי וועלן זייַן אליין, אָן שכיינים, — דאָס איז א געמיינער שווינדל.

די איבערוואנדערונג קיין פאלעסטינע האָט פאר די ארבעטנדיקע ייִדן זיך טאָמיד געענדיקט דערמיט, וואָס זיי האָבן געמוזט האָרעווען מיט ביטערן שוויס, קעדיי פארדינען דאָס שטיקל ברויט. „בזעת אפיך תאכל לחם" — מיטן שוויס פון פּאָנעם זאָלסטו עסן דייַן ברויט, — האָט גאָט געזאָגט צו אָדאָמען, ווען ער האָט אים ארויסגעטריבן פון גאנײדן. אזוי קומט שטענדיק פאָר מיט די האָרעפאשנע ייִדן, וועלכע לאָזן זיך פירן דורך די ציִעניסטן פאר דער נאָז און נעמען אָן פאר ערנסט די אויסגעפאנטאזירטע אליִע. די אליִע האָט שטענדיק געבראכט צו שווערע מאָראלישע ניסיוינעס און צו אכזערישע פאָרמען פון עקספּלואטאציע. „טעאָדאָר הערצל, דער גרינדער פונעם ציִעניזם, האָט געהאלטן, אז קיין ערעץ־ייִסראָעל דארפן פריִער פאר אלעמען פאָרן די אָרעמע ייִדן, ווייַל זיי וועט מען קאָנען צווינגען צו טאָן שווערע פיזישע ארבעט.

איינער פון די אידעאָלאָגן פונעם ציִעניזם ל. פינסקער האָט באהויפּט, אז עס איז אומעגלעך צו לייזן די ייִדן־פראגע אין די ראמען פון דעם קלאסנקאמף פונעם פּראָלעטאריאט. „די ייִדן זייַנען צווישן די פעלקער, ווו זיי לעבן, פאקטיש א פרעמדער עלעמענט", — האָט ער געשריבן.

וולאדימיר איליטש לענין האָט באוויזן די פאלשקייַט פונעם טעזיס פון די ציִעניסטן וועגן דעם ספּעציפישן כאראקטער פונעם ייִדישן פאָלק. די ציִעניסטן טייַנען: „קאָל ייִסראָעל כאווײרים" — ניטאָ בא ייִדן קיין קלאסן־אונטערשיידן, ייִדן זייַנען אייניק אין זייערע אינטערעסן. דער ציל פון אזעלכע בקירעס איז, — האָט געזאָגט לענין, — אָפּרייַסן די ייִדן פונעם קלאסנקאמף פון דעם פּראָלעטאריאט קעגן דער בורזשואזיע. דער ציִעניזם טראָגט אריַין אין דער ארבעטער־באוועגונג אָפּגעפרעמדטקייַט און אָפּגעזונדערטקייַט, ניט קיין אייניקייַט, ער קעמפט דערפאר, אז אין דער טעטיקייַט פון די ארבעטער פון פארשיידענע נאציעס זאָל יעדע נאציע „פּראווען שאבעס פאר זיך".

פּראָפּאגאנדירנדיק דעם טעזיס „אטאָ בעכארטאָנו", דה. אז די ייִדן זייַנען, קלוימערשט, אָן אויסדערוויילט פאָלק, פארשטארקט דער ציִעניזם די „געטאָשטימונגען" פון די ייִדן, זייער איזאָליאציע פון די אנדערע פעלקער און שטעלט אוף א כינעזישע וואנט צווישן די ייִדישע ארבעטסלייַט און די ארבעטנדיקע פון די אנדערע נאציִאָנאליטעטן.

די ייִדישע ארבעטנדיקע האָבן קיינמאָל ניט אונטערגעהאלטן די ציִעניסטישע אידיי וועגן אליִע צום בארג ציִאָן — קיין פאלעסטינע. עס איז א פאקט, אז אין 1935, ווען די באפעלקערונג פון פאלעסטינע האָט באטראָפן אָנדערהאלבן מיליאָן מענטשן, איז די צאָל ייִדן צווישן זיי געווען סאכאקל 443 טויזנט.

דער הייַנטיקער ציִעניזם טרוימט אראָפּצוברענגען קיין ייִסראָעל אלע 15 מיליאָן ייִדן פון דער וועלט און פארוואנדלען די מעדינע אין א גאניידן פאר די אימפּעריִאליסטן, פאר די מיליאָנערן און מיליארדערן, ווו זיי וועלן קאָנען פרייַ מאכן גרויסע געשעפטן. אף דער קאָנפערענץ פון די ציִעניסטן מיליאָנערן און מיליארדערן, וועלכע איז אין יון 1969 פאָרגעקומען אין יערושאָלאיִם, האָט דער הויפּט פון דער אמעריקאנער דעלעגאציע וויליאם קארטער געזאָגט דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער צייַטונג „לאָס־אנדזשעלעס טייַמס": „ייִסראָעל איז גרייט אויסצושפּרייטן א ריזיקן רויטן טעפּיך פאר יעדן אינוועסטיטאָר, וואָס וויל אריַינלייגן געלט אין די נייַע אונטערנעמונגען. דאָס איז קוידעמקאָל שייַעך צו יענע, וואָס האָבן בעדייע צו טאָן דאָס אין די „נייַע ראיאָנען". מיטן אויסדרוק „נייַע ראיאָנען" ווערן געמיינט די אָקופּירטע אראבישע טעריטאָריעס".

די אידעאָלאָגן פונעם ציִעניזם קריכן פון דער הויט, קעדיי צו דערווייַזן, אז די ייִדן פון אלע לענדער זייַנען „ענג פארבונדן" מיטן ציִעניזם. אלע ייִדן פון דער וועלט, באהויפּטן זיי, ניט בלויז די

יִדן פון יִסראָעל, דאַרפן וויסן, אַז די אינטערעסן פונעם ציִוניזם שטייען אױפן ערשטן אָרט. דער געוועזענער פאָרזיצער פון דער „יִדישער אַגענץ" א. פינקוס האָט אין פעוורואַל 1970 געזאָגט אין זײַן אַרויסטרעטונג אַף דער דערעפענונג פונעם ציִוניסטישן גענעראַל־ראַט:

„מיר ווילן, אַז דאָס יִדישע פאָלק זאָל האַלטן דעם שווערן קאַמף פון יִסראָעל פאַר זײַן קאַמף. דערמיט ווערט געמיינט ניט בלויז פינאַנציִעלע שטיצע, נאָר אויך אַבסאָליוטע גרייטקײַט צו אויספילן יעטווידע פאָדערונג פון יִסראָעל... דאָס באַטײַט — קעמפן פאַר די פאָליטישע אינטערעסן פון יִסראָעל, אויב אַפילע אַזאַ קאַמף איז אין ווידערשפּרוך מיט די אינטערעסן פונעם לאַנד, וווּ די יִדן וווינען".

די ציטירטע ווערטער זײַנען אַ פּראָוואָקאַציִאָנעלער רוף צו די יִדן פון גאָר דער וועלט, אַן אָפענע רעכילעס אַף הונדערטער טויזנטער ערלעכע יִדישע האָרעפּאַשניקעס. דאָס איז אַ בעפיירעשער פּרווו צו שאַפן קינסטלעך אַן אַטמאָספער פון אַנטיסעמיטיזם אין די לענדער, וווּ די יִדן לעבן און אַרבעטן (די ציִוניסטישע לידערס אַליין זאָגן דאָך: „אַנטיסעמיטיזם איז דער בעסטער פאַרבינדעטער פונעם ציִוניזם").

די בורזשואַז־נאַציִאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיע פונעם ציִוניזם איז אויסגעשפּראָכענער אַנטיסאָוועטיזם. דער מאָקער פון אַנטיסאָוועטיזם איז, ווי באַוווּסט, — קלאַסן־האַס צו דער ערשטער אין דער וועלט סאָציִאַליסטישער מעלוכע, וועלכע האָט פּראַקטיש באַוויזן דעם וועג, ווי אַזוי צו לייזן די „יִדן־פראַגע" ניט אױפן ציִוניסטישן אויפן, נאָר אױפן יעסאָד פון דער פאַקטישער גלײַכהײַט פון אַלע נאַציעס און פעלקערשאַפטן.

די ציִוניסטישע לידערס שטייט ווי אַ ביין אין האַלדז דער פאַקט, וואָס די העכער צוויי מיליאָן סאָוועטישע יִדן זײַנען ניט מאַסקים מיטן ציִוניזם, צוזאַמען מיט די אַנדערע פעלקער אַרבעטן זיי ערלעך און פלײַסיק אַף אַלע באַצירקן פון דער קאָמוניסטישער בויונג.

אויסרעכענענדיק אַף נאַיִווע מענטשן, האָבן די ציִוניסטן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז • אין יִסראָעל „לעבט זיך, ווי אין אַ גאַניידן", דאָרט האָבן אַלע „גלײַכע מעגלעכקײַטן", „אָרעם און רײַך זײַנען גלײַך". אַף דעם סמאַך האָבן זיי פאַנאַנדערגעוויקלט אַ קאַמפּאַניע, אַז די סאָוועטישע יִדן דאַרפן פאָרן קיין יִסראָעל, וואָס איז „זייער יִדיש היימלאַנד". גלײַכצײַטיק האָבן די ציִוניסטן געשטרעבט צו שאַפן שוועריקײַטן אינעם סאָציִאַליסטישן לאַגער, פאַרשפּרייטנדיק דאָרט צווישן די יִדן נאַציִאָנאַליסטישן טשאַד און עמיגראַנטישע שטימונגען.

וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען?

לאָמיר אינקורצן דערציילן וועגן אייניקע געוועזענע סאָוועטישע יִדן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַקן אַף דער וועגטקע.

ווער געדענקט ניט דעם פּאָפּולערן זינגער מיכאַיִל אַלעקסאַנדראָוויטש, וואָס אַף זײַנע קאָנצערטן פלעגט זײַן שווער צו קריגן אַ בילעט. ער איז איינער פון די ערשטע פאַרנאַרט געוואָרן דורך די ציִוניסטן. איצט איז ער אַ פּאַשעטער כאַזן אין אַ ראַמאַטגאַנער בעסמעדרעש, וועגן ברייטער אַרטיסטישער טעטיקײַט קאָן ער אין יִסראָעל אַפילע ניט טרוימען.

דער זינגער מ. מאַגיד און דער סאָליסט־וואָקאַליסט רײַצין זיצן אָן אַרבעט. דאָס זעלבע דער געוועזענער רעזשיסער פון דער מאָסקווער שעפערישער פאַרייניקונג „עקראַן" י. אָלשאַנעצקי, וואָס איז מיט צוויי יאָר צוריק געקומען קיין יִסראָעל.

דער געוועזענער קינאָ־רעזשיסער מ. קאַליק, וועלכער האָט אין סאָוועטנפאַרבאַנד געשטעלט דעם פילם „דער מענטש גייט נאָך דער זון", האָט אין יִסראָעל געמאַכט אַ פּרווו צו צונויפשטעקעווען אַ סטודיע פון געוועזענע סאָוועטישע קינאָ־טוער. אָבער פונעם פּרווו האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. אויסגאַנגסלאָז און טראַגיש איז געווען אין דער מעדינע דער גוירל פון אַזעלכע טוער פון דער יִדישער בינע, ווי מוישע גאָלדבלאַט, דאַניִעל פינקעלקראַוט, וועלכע זײַנען אַוועק פון דער וועלט גלײַך נאָכן ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דער יִסראָעלדיקערווירקלעכקײַט.

אין יִסראָעל דערשײַנט אַ צײַטונג אַף רוסיש מיטן נאָמען „טריבונאַ". אָט וואָס מיר לייענען דאָרט אין איינער אַ מיטיילונג: „דער אוילע פון סאָוועטנפאַרבאַנד מיכאָעל האָלצמאַן, 51 יאָר אַלט, וואָס איז געקומען אין דער מעדינע מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק, האָט צוזאַמען מיט זײַן פרוי זיך אופגעהאַנגען אין זײַן דירע, וועלכע ער האָט פאַרנומען אינעם צענטער פון אַבסאָרבציע אין דימאָן".

און פון אַ צווייטער מיטיילונג דערוויסן מיר זיך: „אין ראַמאַט־גאַן אין אַ כאָרעווער צוזאַמענוווינונג האָט, ניט קענענדיק אויסהאַלטן די אָרומלויפעניש נאָך אַרבעט און די שווערע לעבנס־באַדינגונגען, זיך אופגעהאַנגען די געוועזענע מאָסקווער אײַנוווינערן מאַניע ספּעקטאָר. זעלבסטמאָרד איז באַגאַנגען אויך דער געוועזענער ווילנער אײַנוווינער לעאָניד כאָנעס".

אַזעלכע יעדיִעס קאָן מען אין דער יִסראָעל־פּרעסע באַגעגענען ניט ווייניק.

טרויעריק זײַנען אויך די בריוו, וועלכע הערן ניט אוף צו אָנקומען פון דער מעדינע.

יעווגעני קאַראַמזין שרײַבט צום אינזשעניר־מעכאַניקער דאָוויד קאַץ:

„אָט דעם בריוו מײַנעם מעגסטו ווײַזן אַלעמען. איך האָב אַזעלכע בריוו אָנגעשריבן ניט ווייניקער ווי צען, איך האָב שוין באַקומען ענטפערס מיט דאַנקען. פאָרן אַהער הייסט זיך אַליין פאַרמישפּעטן צום טויט. דער אומגליק איז, וואָס די רעגירונג אַליין איז דאָ קעגן אונדז. די גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע איז געווען ניט מער, ווי אַ מיִעסע פּאָליטישע שפּיל אַף אונדזערע ביינער. איצט איז שוין די שפּיל מער ניט נייטיק, און וואָס שײַעך אונדז, זײַנען מיר סײַ פריִער, סײַ איצט געווען דאָ די פינפטע ראָד אין וואָגן.

גענאַרערײַ און פאַלשקײַט — דאָס זײַנען די מעטאָדן פון זייער סיסטעם. די גערימטע פּרעסעפרײַהײַט איז ניט פאַר די רוסן (געמיינט — ניט פאַר די יִדן, וועלכע זײַנען געקומען פון סאָוועטנפאַרבאַנד)"...

די רעכטע גרופּירונג פון יִסראָעל לעבט איצט איבער אַ שאַרפן פּאָליטישן קריזיס, אַזאַ, וואָס זי

# די מילכאָמע, די רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרייזן — א שווערע פּלאָג פאַר דעם פאָלק פון ייִסראָעל און פון די אנדערע לענדער אין מיטעלן מיזרעך

(לויט די מאַטעריאַלן פון דער ייִסראַעלדיקער פּרעסע)



יעס אין תל־אביב

פון יענע בלוטיקע טעג, א בילד פון נאך דער ישראלדיקער באמבארדירונג

„טיימס": לינקס — אין מעלות; רעכטס אין צידון, א געהרגעטע קינד.

נאך די ״רעוואנש״־באמבארדירונגען איז דער שטאט צידון אין לבנון אויך איינעם פון די ארבעטער־קווארטאלן

עלטערן איבער פרישן קבר פון איינער פון די קורבנות

פרי הבאושים של מדיניות נפסדת

## מלחמות, אנעקסיע, צוריקצוג...



לעצטע נייעס

# די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין ווירטשאַפטלעכן לעבן

די חובות פון מדינת ישראל וואַקסן,
די האַנדלס־דעפיציט וואַקסט,
דער יקרות וואַקסט...

ווידער א מגיפה פון שטרייקן

פאַרכאַפּט דירות אין שכונת התקוה

דער לוין פון דער מערהייט אַרבעטס - קראַפט איז נידעריק




די פרייזן שטייגן, ... ; די שטייערן ווערן ... דעם ארבעטער הייסט מען אבער ארבעטן מער צייטן און איינציען דעם ... די רווחים וואקסן אבער...

דער נגיד פון באַנק ישראל:

## דער לעבנס־סטאַנדאַרט דאַרף אַראָפּגענידערט ווערן מיט 10 פּראָצ...

דער נגיד פון בנק ישראל, ה׳ משה, אונדזער ...

## אַרעמשאַפט אין ייִסראַעל

ייִסראַעל־אַרבעטער פּראָטעסטירן קעגן יאָקרעס־אַפּענסיע

אויף וועמענס חשבון

## 1,854 ישראלים טויט אין מלחמה

30 יונגע פּאָרלעך האָבן פאַרכאַפּט דירות



האָט ניט איבערגעלעבט פאַר דער גאַנצער צײַט, זינט עס עקזיסטירט די מדינה.

„די צײַט אַרבעט ניט פאַר ייִשׂראל" — אַזאַ איז די איינמוטיקע מיינונג פון אַ סך פּאָליטישע איבערזיכטלער.

די ייִשׂראל־פּרעסע אַליין אַליאַרמירט, אַז די עליה־טעמפּן פאַלן און די אויסוואַנדערונג פון ייִשׂראל ווערט גרעסער. די צײַטונג „מעאַריוו" שרײַבט: „די אַנטוישונג פון די עולים, וועלכע שרײַבן זיך דורך מיט זייערע קרובֿים אין פֿסס״ר, שוואַכט אָפּ דעם ווילן פון די קאַנדידאַטן צו עליה און איז אַפילע גורם דערצו, אַז ייִדן, וואָס באַווײַזן אַרויסצופֿאָרן, באַנוצן זייער אַרויספֿאָר־וויזע אויף צו עמיגרירן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אָדער זיי בלײַבן אין אייראָפּע".

לויטן אויפֿטראָג פֿון דער תל־אבֿיבֿער צײַטונג „האַאַרעץ" האָט דער וויסנשאַפֿטלעך־פֿאָרשערישער אינסטיטוט „פּאָרי" שטודירט די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג פֿון לאַנד. דער אינסטיטוט האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז 6,5 פּראָצ. פֿון די אויסגעפֿאָרשטע ווילן פֿאַרלאָזן ייִשׂראל און העכער 5 פּראָצ. טראַכטן ערנסט וועגן דער פֿראַגע. צווישן די יונגע מענטשן פֿון 18 ביז 29 יאָר האָבן העכער 20 פּראָצ. אויסגעדריקט דעם פֿאַרלאַנג צו עמיגרירן.

די סטאַטיסטישע ביוראָ פֿון ייִשׂראל טיילט מיט, אַז 16 פּראָצ. פֿון די 37 טויזנט עולים, וועלכע זײַנען געקומען קיין ייִשׂראל אין 1970, האָבן שוין פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד.

דער אַגרעסיוער קורס פֿון די עקסטרעמיסטן, זייערע פֿאָדערונגען, אַז די טעריטאָריעס, וועלכע זײַנען אָקופּירט געוואָרן בײַ די שכנישע אַראַבישע מלוכות, זאָלן אויף שטענדיק פֿאַרבלײַבן בײַ ייִשׂראל, ווערט פֿאַרורטיילט דורך אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט, דערונטער אויך דורך די פֿרידנסליבנדיקע קרעפֿטן פֿון דער מדינה.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון ייִשׂראל מאיר ווילנער האָט געזאָגט אין זײַן אינטערוויו דעם קאָרעספּאָנדענט פֿון „פּראַוודאַ": „די ביטערע דערפֿאַרונג פֿון דער מלחמה: טויזנטער פֿאַריאָסעמטע פֿאַמיליעס, שפּיטאָלן, פֿול מיט פֿאַרוווּנדעטע, שטענדיקע שרעק פֿאַר אַ נײַער בלוט־פֿאַרגיסונג, — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופֿן אַ כוואַליע פֿון צאָרן און פּראָטעסטן קעגן דעם קורס פֿון דער רעגירונג, וואָס איר אָפֿיציעלע פּראָפּאַגאַנדע פֿירט אַרײַן אין אַ טאָעס די ענטלעכקײַט פֿון ייִשׂראל".

די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט ניט בלויז אָפּגענאַרט דאָס פֿאָלק פֿון ייִשׂראל, נאָר אויך פֿאַרפֿירט אַ טייל פֿון די ניט־שטאַנדהאַפֿטיקע ייִדן פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וועלכע זײַנען אַוועקגעפֿאָרן קיין ייִשׂראל. איצט איז פֿאַר זיי געקומען די צײַט פֿון ביטערער אַנטוישונג.

ווי מיר זעען, שטימען די פֿאַלשע ציוניסטישע כּקירעס לאַכלוטן ניט מיט די פֿאַקטן פֿונעם לעבעדיקן לעבן.

# כראָניק

## ביראָבידזשאַנער נײַס

### טוריסטישע מאַרשרוטן

דער ביראָבידזשאַנער געגנטלעכער ראַט פֿון די פּראָפֿפֿאַריינען האָט געשאַפֿן אַ ספּעציעלע עקסקורסיע־ביוראָ, ווו מע קאָן אײַנשאַפֿן טוריסטישע פּוטיאָווקעס לויט פֿאַרשיידענע מאַרשרוטן: קיין מאָסקווע און לענינגראַד, אין די בײַבאַלטישע רעפּובליקן, מאָלדאַוויע, אוקראַינע, קאַווקאַז, מיטל־אַזיע און אין אַנדערע קאַנטן פֿונעם לאַנד.

אַן אינטערעסאַנטע איז די רײַזע מיטן צוג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַ בליק אויף כאַבאַראָווסק". די ביראָבידזשאַנער טוריסטן באַקאַנען זיך מיט די מערקווירדיקע ערטער פֿון דער ווײַט־מיזרעכדיקער הויפּטשטאָט, באַזוכן דאָרט מוזייען, דעם פּלאַנעטאַרי, די טעאַטערן, דעם צירק און מאַכן דורך אַ שפּאַציר איבערן אַמור.

### די ביבליאָטעק פֿון אַ טײַגע־ייִשעוו

מער פֿון 200 לייענער האָבן זיך באַטייליקט אין דער לייענער־קאָנפֿערענץ, וואָס איז לעצטנס פֿאָרגעקומען אין דער ביבליאָטעק פֿונעם ייִשעוו כינגאַנסק. אויף דער קאָנפֿערענץ איז באַהאַנדלט געוואָרן די זאַמלונג „אויף די ברעגן פֿון בירע און בידזשאַן", וועלכע איז דערשינען צום פֿערציקסטן יוביל פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

די ביבליאָטעק פֿונעם ייִשעוו כינגאַנסק פֿאַרמאָגט אַ פֿאָנד פֿון 20 טויזנט ביכער.

### דער נאָוואָסיבירסקער מלוכה־טעאַטער אין ביראָבידזשאַן

אין ביראָבידזשאַן האָט גאַסטראָלירט איינער פֿון די עלטסטע טעאַטערן פֿון סיביר — דער נאָוואָסיבירסקער אָרדענטרעגערישער מלוכה־טעאַטער „רויטער פֿאַקעל".

דער טעאַטער האָט באַוויזן פֿאַר די צושויער פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט פֿיר ספּעקטאַקלען פֿון זײַן רעפּערטואַר: „דער ווענעציאַנער צווילינג" און „די באַלעבאָסטע פֿונעם אײַנפֿאָר־הויז" פֿון ק. גאָלדאָני, „מיס פּייפּער פֿירט די אויספֿאָרשונג" פֿון ד. פּאַפּלועל און „לאָמיר אַ שמועס טאָן וועגן די קאַפּריזן פֿון דער ליבע" פֿון וו. פּאַנאָוואַ.

די צײַטונגען „ביראָבידזשאַנער שטערן" און „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ" האָבן געווידמעט די פֿאָרשטעלונגען פֿונעם טעאַטער אויספֿירלעכע רעצענזיעס.

■

## מיר ענטפערן אויף פראגעס פון אונדזערע לייענער

לעאנעל דאדיאני

# דער קלעריקאַליזם אין ייִסראָעל

מיר, סאָוועטישע ייִדן, זײַנען געוווינט דערצו, אַז רעליגיע און מעלוכע האָבן צווישן זיך קיין שום געמיינזאַמס ניט. מיר זײַנען געוווען פּאַשעט איבערראַשט, לייענענדיק אין דער פּרעסע, אַז בײַם לעצטן רעגירונגס־קריזיס אין ייִסראָעל זײַנען די רעליגיִעזע פּאַרטייען אַרויסגעטראָטן מיט כוצפּעדיקע פֿאָדערונגען, מע זאָל אָננעמען אַ מיטלאַלטערלעכן געזעץ, ווער עס קאָן אין ייִסראָעל פֿאַררעכנט ווערן אַלס ייִד.

מיר בעטן אײַך דערקלערן גענוי וועגן דער ראָליע פֿונעם יודאַיִזם אין ייִסראָעל — וואָס פֿאַר אַן אָרט ער פֿאַרנעמט אינעם דאָרטיקן מעלוכע־לעבן.

מ. גורעוויטש, א. יאַקנעהאָז
און אַנד. סאַמאַרקאַנד.

די רעגירונגס־קרײַזן פֿון ייִסראָעל טוען אַלץ, קעדיי צו פֿאַרשטאַרקן דעם בונד צווישן דער רע־ליגיע און דעם ציִעניזם. אַזאַ ענגער בונד האָט זיך אײַנגעשטעלט נאָך אין די ערשטע יאָרן פֿון דער ציִעניסטישער באַוועגונג, ער איז דערנאָך אויסגע־פּרוווט געוואָרן אין דער פּראַקטיק אין די יאָרן פֿונעם בריטישן מאַנדאַט אויף פּאַלעסטינע. איצט איז ער דערהויבן ביז דער מאַדרייגע פֿון אַ גרונט־קריטעריִ באַם פֿעסטשטעלן די „ייִדישקײַט" פֿון דער מעלוכע ייִסראָעל, די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקײַט פֿון די ייִדן.

דער יודאַיִזם, דער ראַבינאַט און די קלעריקאַלע פּאַרטייען שפּילן אינעם הײַנטיקן ייִסראָעל אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָליע. דער ציִעניזם איז אָנערקענט אַלס הויפּט־מיטל צו „אומקערן" אַ מאַקסימאַלע צאָל ייִדן אין שויס פֿון יודאַיִזם, פֿאַרפֿעסטיקן דעם אויטאָריטעט און די פּאָזיציעס פֿון דער רעליגיע און פֿונעם ראַבינאַט. דער ציִעניזם, פֿון זײַן זײַט, נוצט אַקטיוו אויס די דאָגמאַטן פֿונעם יודאַיִזם און דעם קלעריקאַלן אַפּאַראַט, קעדיי באַרעכטיקן און „קאַ־שערן" זײַן נאַציאָנאַליסטישע, אַגרעסיווע פּאָליטיק און פֿאַרשטאַרקן זײַן אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע הערשאַפֿט איבער דער באַפֿעלקערונג פֿונעם לאַנד.

די אַמעריקאַנער בורזשואַזע וואָכנשריפֿט „ניוסוויק" שרײַבט: „האַגאַם ייִסראָעל איז פֿאָרמעל ניט קיין טעאָקראַטיע, טרעט אָבער דער יודאַיִזם אַרויס אַלס אַ מעלוכע־רעליגיע און דער אײַנפֿלוס פֿון זײַנע קלייקוידעש פֿאַרשפּרייט זיך ווײַט אויסער די ראַמען פֿונעם בעסמעדרעש".

אין ייִסראָעל זײַנען אָפֿיציעל אָנערקענט בלויז דער אָרטאָדאָקסאַלער און כאַסידישער[1] יודאַיִזם, ד. ה. די סאַמע קאָנסערוואַטיווע, רעאַקציאָנערע פֿאָרמען. אין דער מעדינע ווערט ניט דערלאָזן אַפֿילע דער קאָנסערוואַטיווער און רעפֿאָרמיסטישער יודאַיִזם. די קלענסטע אָפּווײַכונג פֿון די דאָגמאַטן פֿון דער אָר־טאָדאָקסאַלער רעליגיע רופֿט אַרויס שאַרפֿסטע אָנ־פֿאַלן מיצאַד די ראַבאָנים און צאַדיקים, אויך מיצאַד די קלעריקאַלע פּאַרטייען.

די רעגירונג־קרײַזן נוצן אויס די רעליגיע אַלס אינסטרומענט אויף צו פֿאַרפֿינצטערן די מויכעס בײַ אַ היפּשן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג, צעצינדן דעם שאָוויניזם, דעם מיליטאַריסטישן פּסיכאָז. איי־נער אַ פּובליציסט פֿון קליינבירגערלעכן שניט, ג. ווײַנשטאָק, שרײַבט אין זײַן בוך „דער ציִעניזם קעגן ייִסראָעל": „די ציִעניסטישע פּראַזעאָלאָגיע בלײַבט הענגען אין דער לופֿט, ווען זי פֿאַררופֿט זיך ניט אויף דער רעליגיע. נעמט אַוועק די באַגריפֿן „אַטאָ־בעכאַרטאָנו", „ערעץ זאָוואַס כאַלאָוו אודוואָש", און פֿונעם ציִעניסטישן פֿונדאַמענט וועט גאָרנישט ניט בלײַבן". די אידעאָלאָגן פֿונעם ציִעניסטישן קלעריקאַליזם פּריידיקן, אַז די מעלוכע ייִסראָעל איז אויפֿגעקומען אין רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס יעהאָווא

---

[1] כאַסידיזם — אַ רעליגיִעזע מיסטישע שיטע, אויפֿגעקומען אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם XVIII יאָרהונדערט. די כסידים האָבן געשאַפֿן זייער זעלבשטענדיקע שול (כסידישע שטיבלעך), בעראָש פֿון איר שטייען די צאַדיקים (ראַבײִם).

האָט זיך דירעקט אַרײַנגעמישט אינעם לעבן פונעם הײַנטיקן ייִדנטום.

דעם בורזשואזן קלעריקאַליזם באַמקען אונטער די לידערס פונעם אַזויגערופענעם ציִעניסטישן סאָציִאַליזם. אָט וואָס עס האָט זײַנערצײַט געזאָגט בען־גוריאָן: „וועגן דעם, אַז דאָס ייִדישע פאָלק זאָל בלײַבן לעבן און עס זאָל געשאַפן ווערן די ייִדישע מעלוכע, האָבן זיך געזאָרגט די נעוויִים...". „די ייִדישע נאַציע און די רעליגיע, — האָט געזאָגט גאָלדע מעיִר, — זײַנען ניט אָפּצוטיילן איינס פונעם צווייטן".

דער ראַבינאַט, פון זײַן זײַט, נוצט אויס די טעאָריע און פראַקטיק פונעם פּאָליטישן ציִעניזם, סיסטעמאַטיש פאַרברייטערנדיק זײַן אײַנפלוס און פאַרשטאַרקנדיק זײַנע פּאָזיציעס אין אַלע לעבנס־געביטן פון ייִסראָעל.

אָנהייבנדיק פון יון 1963 גייען אַרײַן אינעם הויפּט־ראַבינאַט (מע רופט אים אויך וואַאַד האָראַבאָנים) צוויי ראַוו־האַקוילעלס און צען אַנדערע ראַבאָנים. דער דאָזיקער אָרגאַן ווערט אויסגעוויילט דורך אַ קאָלעגיע פון 125 מענטשן, אין דער מערהײַט ראַבאָנים (די וואַלן קומען שטענדיק פאָר אין אַן אַטמאָספער פון פאַרביטערטן קאַמף צווישן פאַרשיידענע גרופּירונגען). דער וואַאַד האָראַבאָנים באַזיצט ברייטע רעכט פון קאָנטראָל איבער דער טעטיקײַט פון די אָרטיקע רעליגיעזע געריכטן.

די יודאִישע קעהילע אין ייִסראָעל מיט צוויי ראַוו־האַקוילעלס בעראָש (איינער — פאַר די אַשקענאַזים, דה. פאַר די ייִדן, וואָס שטאַמען פון אייראָפּע און אַמעריקע, דער צווייטער — פאַר די מיזרעך־ייִדן, אָדער „שוואַרצע ייִדן", וועלכע זײַנען געקומען פון די אַפריקאַנישע און אַזיִאַטישע לענדער) האָט 185 אָרטיקע רעליגיעזע מוניציפּאַליטעטן. 45 פּראָצ. פון זייערע מיטגלידער ווערן באַשטימט פונעם מיניסטעריום פאַר רעליגיעזע איניאָנים, 45 פּראָצ. — פון די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען און 10 פּראָצ. — פון די אָרטיקע ראַבאָנים. די הויצאָעס פון די רעליגיעזע מוניציפּאַליטעטן ווערן געדעקט אַף אַזאַ אויפן: צוויי דריטל אַפן כעזשבן פון די אָרטיקע מעלוכע־אָרגאַנען און איין דריטל — מיצאַד דעם מיניסטעריום פאַר רעליגיעזע איניאָנים. אין 380 קליינע ייִשוווים, וווּ קיין מוניציפּאַלע אָרגאַנען זײַנען ניטאָ, איז פאַראַן אַ וואַאַד (אַ רעליגיעזער קאָמיטעט), און זײַנע הויצאָעס ווערן אויך אין גרונט געדעקט דורכן אָנגערופענעם מיניסטעריום.

אין לאַנד איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל באָטעמעדראָשים און טפילע־הײַזער (אין 1966 זײַנען געווען אַרום 5 טויזנט, אין 1969 — 6 טויזנט; אין אויגוסט 1972 האָט דער רעליגיע־מיניסטער ז. וואַרהאַפטיק דערקלערט, אַז מע טרעט צו צו בויען נאָך 51 באָטעמעדראָשים).

די מיטגלידער פונעם הויפּט־ראַבינאַט און 650 ראַבאָנים ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער מעלוכע, די אָרטיקע ראַבאָנים — דורך די רעליגיעזע מוניציפּאַליטעטן. 365 ראַבאָנים זײַנען באַטיטלט מיט אַ הויכן ראַנג. זיי (און ניט די ציווילע אָרגאַנען) זײַנען באַפולמעכטיקט צו רעגיסטרירן און אויספורעמען כאַסענעס, געטן, געבורטן אאַז"וו. די ראַבאָנים גיבן אויפמערקזאַם אַכטונג, אַז אין גאַנצן לאַנד זאָל מען אָפּהיטן קאַשרעס, מע זאָל ניט מעכאַלעל־שאַבעס זײַן. שאַבעס אַרבעט ניט אין גאַנצן לאַנד, אויסער כײַפע, דער געזעלשאַפטלעכער טראַנספּאָרט. די רעליגיעזע אָבסקוראַנטן פאָדערן אײַנגעשפּאַרט, אַז מע זאָל פאַרבאָטן צו פּאַלמעסן אַפילע צוליב מעדיציניש צילן.

אין דער ייִסראָעל־אַרמיי עקזיסטירן אָפיציעל מיליטערישע ראַבאָנים. יעדער מיליטער־טייל האָט זײַן בעסמעדרעש. ווען אַ סאָלדאַט ווערט אָנגענומען אין דער אַרמיי, באַקומט ער, צוגלײַך מיטן געווער, אויך אַ סידער און אַ כומעש. די ראַבאָנים טוען אַלץ, כדי צו דערציִען די סאָלדאַטן און אָפיצערן פון דער ייִסראָעל־אַרמיי אין גײַסט פון ראַסיסטישן שאָוויניזם און מיליטאַריזם.

האַגאַם די צאָל פרומע ייִדן אין ייִסראָעל באַטרעפן ניט מער ווי 25 — 35 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג, דערלאָזט ניט דער הויפּט־ראַבינאַט אַפילע די סאַמע באַשיידענע רעפאָרמעס אין פראַגן וועגן דעם אָרט פון רעליגיע אין דער מעדינע, ער פאַרפליכטעט שטרענג אָפּצוהיטן אַלע קאַנאָנען. רעליגיעזע יאָמטויווים אין ייִסראָעל זײַנען אין דער זעלבער צײַט אויך מעלוכישע יאָמטויווים.

דער ראַבינאַט איז ניט בלויז דער זײַל פון דער אינערלעכער רעאַקציע, נאָר אויך אַן אַקטיווער אָנהענגער פון דער עקספּאַנסיאָניסטישער אויסערן־פּאָליטיק. דער געוועזענער ראַוו־האַקוילעל פון דער אַרמיי, דער בריגאַדע־גענעראַל פון פּאַראַשוט־און דעסאַנט־מיליטער ש. גאָרען[1], האָט נאָך דער „זעקס־טאָגיקער מילכאָמע" געאײַלט צו אײַנשטעלן מיט די אייגענע הענט די ייִסראָעל־פאָן אַפן באַרג סינײַ. דעם 15 יון 1967 האָבן אַלע ראַבאָנים מיספּאַלעל געווען צו גאָט, אַז די דעראָבערטע אַראַבישע טעריטאָריעס זאָלן בלײַבן אַף שטענדיק בײַ ייִסראָעל. אַף די קורסן פון רעליגיעזער בילדונג (אָדער פון „ייִדישער דערציִונג"), וועלכע זײַנען די סאַמע מאַסנהאַפטע פאָרם פון ציִעניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, איז פאַרבאָטן צו דערמאָנען אַפילע וועגן דער מעגלעכקײַט, אַז ייִסראָעל זאָל אַמאָל דאַרפן אַוועקגיין פון די אָקופּירטע אַראַבישע טעריטאָריעס.

די געריכטן פונעם ראַבינאַט, וועלכע זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין העסקעם מיטן געזעץ פון 26 אויגוסט 1953, האַלטן זיך בײַ דער האַלאַכע־סיסטעם, דה. בײַ דער טוירע־שעבעאַלפּע — בײַ די סאַמע אַרכאַיִשע און אינערטע נאָרמעס: ניט־ייִדן (אויך פרויען) האָבן ניט קיין רעכט אַרויסצוטרעטן אַלס איידעס אין די דאָזיקע געריכטן.

דער באַשלוס פונעם אויבער־געריכט פונעם ראַבינאַט, וואָס בעראָש פון אים שטייען ביידע ראַוו־האַקוילעלס, איז אַן ענדגילטיקער און קאָן ניט אָנגעקלאָגט ווערן אינעם אויבער־געריכט פון דער מעלוכע. פאַר ניט אויספילן די באַשלוסן פון די רעליגיעזע געריכטן (אַזעלכע זײַנען אין דער מעדינע פאַראַן 19) קאָן מען אַרײַנגעזעצט ווערן אין טפיסע.

וויִאַזוי די קלעריקאַלן פּאַסן צו צו די הײַנטיקע באַדינגונגען די רעליגיעזע און יורידישע פאָרשריפטן

[1] אין אָקטיאַבער 1972 האָט די קעהילע פון די אַשקענאַזים אויסגעוויילט גאָרענען אַלס איר ראַוו־האַקוילעל.

פונעם אוראלטער, איז צו זען, לעמאָשל, פונעם יורידישן סטאטוס פון די פרויען. לויט די געזעצן פון ייִסראָעל קאָן א פרוי ניט ארויסטרעטן אלס איידעס אינעם געריכט פון דער ערשטער אינסטאנץ. אָן אלמאָנע, וואָס האָט ניט קיין קינדער, מוז לויטן געזעץ וועגן הייראט און געט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1953, כאסענע האָבן מיטן ברודער פון איר פארשטאָרבענעם מאן (אויב ער האָט ניט קיין פרוי). אויב ער איז נאָך א מינדעריאָריקער, דארף די אלמאָנע ווארטן, ביז ער וועט אלט ווערן דרײַצן יאָר. אָן דער דערלויבעניש פונעם ברודער פונעם פארשטאָרבענעם מאן טאָר זי א צווייט מאָל ניט כאסענע האָבן (זי מוז פריִער נעמען כליצע). ווען מאן און ווײַב געטן זיך, פארלירט די פרוי די מוטערשאפט־רעכט אָף אירע זין, ווען זיי ווערן אלט זעקס יאָר. אויב דער מאן איז פארפאלן געוואָרן בא טראגישע אומשטענדן, אפילע אָף מילכאָמע, ווערט די פרוי געהאלטן פאר אזא, וואָס דער מאן האָט זי געוואָרפן, און זי טאָר מער ניט כאסענע האָבן. אויב די פרוי ווערט פארפאלן אָן יעדיִעס, מעג דער מאן כאסענע האָבן אפסנײַ. קעדיי באקומען א געט, דארף די פרוי ווענדן זיך צום געריכט פונעם ראבינאט מיט דער ביטע, מע זאָל אײַנריידן איר מאן, ער זאָל זי „דורכטרײַבן". א פרוי האָט קיין רעכט ניט צו געטן זיך מיט א פסיכיש קראנקן מאן, דער מאן אָבער, אויב די פרוי איז פסיכיש קראנק, מעג באגיין זיך מיט איר, ווי ער פארשטייט. א פארהייראטע פרוי האָט רעכט אפן פארמעגן, וואָס איז געווען אירס ביז דער כאסענע, אָבער אויב מע געט זיך, גייט דאָס גאנצע פארמעגן, וואָס איז זיי צוגעקומען פאר די יאָרן פון זייער צוזאמענלעבן, אריבער צום מאן.

ווי מיר זעען, זײַנען אין די געריכטן פון ייִסראָעל אײַנגעפירט אזעלכע נאָרמעס, לויט וועלכע די פרוי ווערט באטראכט אלס א ניט־פולווערטיקער מענטש. אין דער פראקטיק ברענגען אָט די נאָרמעס גאנץ אָפט צו קאזוסן, וועלכע טראָגן א בעעמעס טראגישן כאראקטער. מיר וועלן דאָס איליוסטרירן מיט א בײַשפּיל. זומער 1971 האָט דער געריכט פונעם ראבינאט פארבאָטן צוויי ברידער — סאָלדאטן פון דער ייִסראָעל־ארמיי — צו כאסענע האָבן מיט זייערע קאלעס. דער מאָטיוו: די ברידער זײַנען „ניט קיין פולווערטיקע ייִדן", זיי זײַנען מאמזיירים. אלס מאמזיירים זײַנען זיי דערקלערט געוואָרן דערפאר, ווײַל זייער מאמע, באקומענדיק בעשײַטע א מיטיילונג, אז איר מאן איז געשטאָרבן, האָט כאסענע געהאט א צווייט מאָל; איר נײַער מאן איז דאָס דער טאטע פון די צוויי ברידער; שפּעטער אָבער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די מיטיילונג וועגן דעם טויט פונעם ערשטן מאן איז געווען א טאָעסדיקע, און דער געריכט האָט באשולדיקט די פרוי, אז זי האָט געלעבט מיט צוויי מענער, וואָס עס באטײַט, אז אירע קינדער זײַנען מאמזיירים, „ניט קיין פולבארעכטיקטע ייִדן". א באָכער א מאמזער מעג כאסענע האָבן נאָר מיט א מיידל א מאמזערעס. כאסענע האָבן מיט מיידלעך, וועלכע זײַנען „פולבארעכטיקטע ייִדן", איז אים פארבאָטן. דער ראָוו קאָן דערלויבן די מאמזיירים (דערבײַ נאָר די מאנצבלען) כאסענע האָבן מיט גאסן־מיידלעך אָדער מיט שיקסעס, וועלכע ווילן זיך מעגײַער זײַן. די קינדער פון די מאמזיירים זײַנען אויך מאמזיירים ביזן צענטן דאָר.

„בא צענדליקער טויזנטער ייִדן פון דער רעפאָרמאטאָרישער ייִדישער קעהילע אין אמעריקע, — שרײַבט דער זשורנאל „נוועל אָבסערוואטער", — (און צו דער דאָזיקער קעהילע געהערן אין אמעריקע א מיליאָן ייִדן), וועלכע האָבן כאסענע געהאט צום צווייטן מאָל (נאָכן געטן זיך באם רעפאָרמאטאָרישן ראָוו), זײַנען די קינדער מאמזיירים". אין אזא לאגע געפינען זיך אויך די ייִדן, וועלכע האָבן אימיגרירט פון פססר, ווו זינט דער רעוואָליוציע פון 1917 עקזיסטירט פראקטיש ביכלאָל ניט קיין רעליגיִעזער געט. געמישטע כאסענעס ווערן גערעכנט פאר ניט גילטיקע. די קינדער, וועלכע ווערן געבוירן פון אזעלכע כאסענעס, זײַנען מאמזיירים. צו די געזינדן פון געמישטע כאסענעס פעסטיקט מען צו א לערער און א ראָוו. די ניט־ייִדישע פרויען דארפן דערלערנען איווריט און די געזעצן פון יודאיִזם. דערנאָך עקזאמענירט מען זיי. ערשט דעמלט מעגן זיי זיך מעגײַער זײַן. קאָלזמאן זיי זײַנען זיך ניט מעגײַער, זײַנען זיי פאקטיש ניט קיין ייִסראָעל־בירגער און האָבן ניט די רעכט פון א פרוי און א מוטער. כאסענעס צווישן ייִדן און אראבער קוואליפיצירן די ציִעניסטן ניט בלויז אלס אָן אקט, וואָס פארפלעקט די „ריינקײַט פון דער ראסע", נאָר אויך אלס פאראט. און דאָך... דאָך האָבן אין 1970, ווי עס טיילט מיט דאָס ייִסראָעל־מיניסטעריִום פאר די אָנגעלעגנהײַטן פון רעליגיעס, 207 ייִדישע מיידלעך כאסענע געהאט פאר אראבישע באָכערים. צוזאמען מיטן ראבינאט דערקלערט אויך די רעגירונג פון ייִסראָעל, אז דער קאמף פאר דער „ריינקײַט פון דער ראסע" איז איינער פון די הויפּט־צילן פונעם ציִעניזם. לויט דער אָנווײַזונג פונעם מיניסטעריִום פאר די אָנגעלעגנהײַטן פון רעליגיעס ווערן די געזינדן, וועלכע זײַנען אופגעקומען פון געמישטע כאסענעס, פארשריבן אין די „שווארצע צעטלען".

ווען די קנעסעט האָט באהאנדלט דעם פראָיעקט פון א געזעץ „ווער איז א ייִד?" האָט דער גענעראל־סעקרעטאר פון דער קאָמפארטיי פון ייִסראָעל מייער ווילנער געזאָגט אין זײַן ארויסטרעטונג: „אָנעמען אזא געזעץ באטײַט אָנבינדן דער מעלוכע איבערגוואלד די רעליגיע, אָפּלייקענען די פרײַהײַט צו האלטן זיך בא וועלכער עמונע מע וויל און די נאטירלעכע רעכט פון די עלטערן (בא א געמישטער כאסענע) צו באשליסן, וועלכע נאציאָנאליטעט אויסקלײַבן פאר זייערע קינדער. אזא געזעץ באטײַט פאקטיש צווינגען מענטשן צו מעגײַער זײַן זיך".

„אין דער צײַט, ווען די גאנצע וועלט באפרײַט זיך פון דער הערשאפט פונעם קלער, — האָט געשריבן דער ייִסראָעל־אדוואָקאט ש. אלאָני, — שפּאנט ייִסראָעל מיט א פעסטן טראָט צוריק, צום כוישעך פון מיטלאלטער".

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען די קלעריקאלע און אנדערע אולטרא־רעאקציאָנערע קרײַזן פון ייִסראָעל האָבן געפאָדערט, מע זאָל ארויסגעבן א געזעץ, וואָס זאָל באשטעטיקן די ראסיסטישע „דאָקטרינע" וועגן נאציאָנאליטעט און בירגערשאפט, האָט דער מיטגליד פונעם אויבער־געריכט כ. קאָגאן קאָנסטא־

טירט: „די ביטערע איראָניע פונעם גורל באשטייט דערין, וואָס די זעלבע ביִאָלאָגישע און ראסיסטישע טעזיסן, וועלכע די נאציסטן האָבן פראָפאגאנדירט און באגײַסטערט מיט זיי די שענדלעכע „נירנבערגער געזעצן", האָבן געדינט אלס יעסאָד באם אָפיציִעלן באשטימען די בירגערשאפט אין ייִסראָעל".

אינעם פאָליטישן און מעלוכישן לעבן פון ייִסראָעל שפילן א ביז גאָר אקטיווע ראָליע די רעליגיִעזע פארטייען, וועלכע באזירן זיך אָף די קאנאָנען פונעם יודאיִזם. די סאמע אײַנפלוסרײַכע פון זיי איז די נאציִאָנאל־רעליגיִעזע פארטיי, וואָס איז געשאפן געוואָרן אין 1956 דורך פארייניקן די פארטייען מיזראכי און האפאָעל האמיזראכי. די דאָזיקע פארטיי פארמאָגט א שטרענג־אָרגאניזירטע אפאראט־נעץ אין לאנד, זי קאָנטראָלירט צוויי בענק, עטלעכע גרויסע אונטערנעמונגען און קאָמפאניעס, 21 קיבוצן אאוו. אונטער איר אָנפירונג געפינען זיך צוויי יוגנט־אָרגאניזאציעס — „בעניי אקיווא" (די זין פון אקיווע), וועלכע האָט ארום 19 טויזנט מיטגלידער, און „האנאָאר האדאטי האָאָוועד" (רעליגיִעזע ארבעטער־יוגנט) מיט 15 טויזנט מיטגלידער. אין דער נאציִאָנאל־רעליגיִעזער פארטיי זײַנען באשעפטיקט עטלעכע טויזנט ראבאָנים, וועלכע האָבן אין זייער רעשוס אופזעער איבער דער קאשרעס אין די גאָרקיכן, אינספעקטאָרן, וועלכע געפינען אויס די מענטשן, וואָס עסן כאזער־פלייש, און אנדערע רעליגיִעזע טשינאָווניקעס.

די נאציִאָנאל־רעליגיִעזע פארטיי איז א קלעריקאלע קערפערשאפט, וואָס שטייט אפן רעכטן פלאנג פונעם פארייניקטן פראָנט פון די ציִעניסטישע פארטייען פון ייִסראָעל. די לידערס פון דער דאָזיקער פארטיי זאָגן: „מיר גלייבן, אז ייִסראָעל וועט ווערן א מעלוכע פון טוירע און שאבעס", „טוירע — איז די אלגעמיינע אידעאָלאָגיע פון די ייִדן פון ייִסראָעל". „עס וועט קומען א טאָג, ווען די רעליגיִעזע ייִדן וועלן זײַן די אנטשיידנדיקע קראפט אינעם אָנפירן מיט דער מעלוכע".

אין דער רעגירונג פונעם גענעראל איצכאק ראבין (ראבין איז פריִער געווען שעף פונעם גענעראל־שטאב און געזאנדטער אין פשא) איז די נאציִאָנאל־רעליגיִעזע פארטיי ניט ארײַן — די דאָזיקע פארטיי האָט געפאָדערט, ערשטנס, אז בלויז די ראבאָנים זאָלן האָבן דאָס רעכט (אפן סמאך פון דער האלאכע) צו באשטימען „ווער איז א ייִד?", צווייטנס, אז אין דער רעגירונג זאָלן ארײַן פאָרשטייער פונעם עקסט־רעכטן בלאָק „ליקוד", און, דריטנס, עס זאָל גאראנטירט ווערן, אז דאָס ייִסראָעל־מיליטער וועט קיינמאָל ניט פארלאָזן די „היסטאָרישע טעריטאָריעס פון שוימרוין און יעהודע" (דה. פון מײַרעוו־יאָרדאניע).

צוזאמען מיט די אנדערע רעליגיִעזע פארטייען געפינט זיך איצט פאָרמעל די נאציִאָנאל־רעליגיִעזע פארטיי אין אָפאָזיציע. אָבער די לידערס פון מאַי האָפן, אז זי וועט פריִער אָדער שפעטער ווידער ארײַן אין דער רעגירונגס־קאָאליציע.

אין די וואלן צו דער קנעסעט פון 1974 האָט צום ערשטן מאָל אָנטיילגענומען די „באוועגונג פאר בירגער־רעכט", וועלכע האָט מיט עטלעכע כאדאָשים ביז די וואלן אָפגעשפאָלטן זיך פון מאַי. די דאָזיקע גרופע (מע דארף באמערקן, אז קיין איינהײַט איז צווישן אירע מיטגלידער ניטאָ) טרעט ארויס פאר דער פרידלעכער אײַנרעגולירונג מיט די שכיינישע אראבישע מעלוכעס (אָף דער באזע פון טעריטאָריעלע האנאָכעס), פאר ליקווידירן דעם אײַנפלוס פון דער רעליגיע און פונעם ראבינאט אפן פאָליטישן, געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון לאנד, פאר אײַנפירן ציווילע כאסענעס און פאר דער גלײַכהײַט פון אלע בירגער פון ייִסראָעל אָן אונטערשייד פון נאציִאָנאלער אָנגעהעריקײַט. דער גרונט־לאָזונג פון דער „באוועגונג" איז — די רעליגיע דארף אָפגעטיילט ווערן פון דער מעלוכע.

אויב די לעצטע פארלאמענט־וואלן, אינגאנצן גענומען, האָבן באוויזן, אז אין ייִסראָעל איז פאָרגעקומען א נײַער רוק אָף רעכטס (דער „ליקוד" האָט באקומען אין דער קנעסעט מיט 7 מאנדאטן מער, איידער פריִער, און מאאראך — דער בלאָק פון מאַי און מאפאם — האָט פארלאָרן 5 ערטער), איז אָבער קיין סאָפעק ניט, אז דער דערפאָלג פון דער קאָמ־פארטיי, וועלכע האָט באקומען אין דער נײַער קנעסעט פיר מאנדאטן אָנשטאָט די פריִערדיקע דרײַ, און די דרײַ מאנדאטן, וועלכע עס האָט געווונען די „באוועגונג פאר בירגער־רעכט", שטעלן מיט זיך פאָר א גרויסן טראָט פאָרויס פון די פראָגרעסיווע קרעפטן.

אָף עקסטרעם־רעאקציִאָנערע פאָזיציעס שטייען די אולטרא־אָרטאָדאָקסאלע פארטייען „אגודאט ייִסראָעל" („אסאָציִאציע פון ייִסראָעל", עקזיסטירט פון 1913) און „פאָאלע אגודאט ייִסראָעל" („ארבעטער־אסאָציִאציע פון ייִסראָעל", געגרינדעט אין 1926). פונקט ווי די נאציִאָנאל־רעליגיִעזע פארטיי, גייען זיי ארײַן אין היסטאדרוט, וואָס איז דער אייניציקער פראָפעסיִאָנעלער צענטער אין לאנד. די „פאָאלע אגודאט ייִסראָעל" האָט אויך איר יוגנט־אָרגאניזאציע — „עזרא", — וואָס ציילט העכער דרײַ טויזנט מיטגלידער און פארמאָגט אין איר רעשוס א ריי קיבוצים, א בוי־קאָמפאניע, קרעדיט־קאָאָפעראטיוון.

אין דער ליטעראטור, ווי אויך אין אייניקע וויסנשאפטלעכע ווערק, קאָן מען טרעפן די באהויפטונג, אז די אָנגערופענע פארטייען זײַנען, קלוימערשט, ניט קיין ציִעניסטישע, ווײַל זיי (ווי אויך די קליינע אולטרא־אָרטאָדאָקסאלע יודאיִשע קעהילע אין יערושאָלאיִם „נאטוריי קארטא") האָבן געהאלטן, אז דאָס שאפן די מעלוכע ייִסראָעל דארף אָפגעלייגט ווערן, ביז מאָשיִעך וועט קומען, זיי טרעטן ארויס קעגן דעם, אז אין דער ארמיי זאָלן אָנגענומען ווערן אָף מיליטער־דינסט פרויען, אאוו. אויב אין טעאָלאָגישע און אין אייניקע טאקטישע פראגן איז צווישן די אולטרא־אָרטאָדאָקסאלע און די אנדערע ציִעניסטישע פארטייען, אײַנגעשלאָסן די נאציִאָנאל־רעליגיִעזע פארטיי, פאראן נאָך ביז איצט געוויסע כלוקעדייעס, שטייען אָבער אין סטראטעגיש־פאָליטישן פלאן סײַ די „פאָאלע אגודאט ייִסראָעל", סײַ די „אגודאט ייִסראָעל" פולשטענדיק אָף די פאָזיציעס ניט בלויז פונעם רעליגיִעזן, נאָר אויך פונעם פאָליטישן ציִעניזם.

די אולטרא־אָרטאָדאָקסאלע פארטייען זײַנען ניט איין מאָל ארײַן אין באשטאנד פון די רעגירונגס־

קאבינעטן פון ייִסראָעל. געפינענדיק זיך אין א פּאַרמעלער אָפּאָזיציע (ווי דאָס איז געווען, לעמאָשל, אין די לעצטע יאָרן), האָבן זיי צוזאַמען מיט די עקסטרעם־רעכטע, פּראָפאַשיסטישע פּאַרטייען און גרופּעס קריטיקירט אין א ריי פּראַגן די רעגירונג פון רעכטס, פאָדערנדיק, זי זאָל דורכפירן א נאָך מער רעאַקציאָנערע פּאָליטיק אין די אינערלעכע פּראַגן און אַרויסטרעטן מיט נאָך א שטאַרקערן פויסט (דה. אַרויסווייַזן נאָך מער אַגרעסיווקייַט) אין די אויסערן־פּאָליטישע פּראַגן.

אויב די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פּאַרטיי רוקט אַרויס דעם לאָזונג: „די געזעצן פונעם ראַבינאַט דאַרפן האָבן א גרעסערע קראַפט, איידער די מעלוכישע געזעצן", פאָדערן „אַגודאַט ייִסראָעל" און „פּאָאַלע אַגודאַט ייִסראָעל" אין זייער פּראָגראַם־מאַקסימום אייַנצושטעלן אין לאַנד א טעאָקראַטיע אונטערן קאָנטראָל פונעם ראַבינאַט.

אין פעוורואַל 1949, ווען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט באַטראַכט דעם פּראָיעקט פון דער ייִסראָעל־קאָנסטיטוציע, וווּ עס ווערט אינעם אַרטיקל 77 געזאָגט, אַז „די געזעצגעבונג פון ייִסראָעל וועט באַשטימט ווערן דורך די ייִדישע רעליגיעזע געזעצן", האָבן די לינקע דעפּוטאַטן, און קודעמקאָל די קאָמוניסטן, מיט רעכט קריטיקירט דעם פּראָיעקט דערפאַר, וואָס ער איז נאָענט צו דער טעאָקראַטישער קאָנצעפּציע וועגן מעלוכע.

אָבער אַפילו די אויבן געבראַכטע פאָרמול האָט ניט געשמעקט די קלעריקאַלע פּאַרטייען, זיי האָבן געפאָדערט צו פאַרפיקסירן אינעם גרונט־געזעץ, אַז „די קומענדיקע געזעצגעבונג פון ייִסראָעל איז דער רעליגיעזער געזעץ". דער פאָרשטייער פון „אַגודאַט ייִסראָעל" האָט געזאָגט: „ייִסראָעל האָט שוין א קאָנסטיטוציע, דאָס איז טוירעס מוישע".

אין יוני 1950 האָט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטן טערמין דאָס אָננעמען די קאָנסטיטוציע; ביז איצט האָט די מעדינע ניט קיין אייגענע קאָנסטיטוציע (אינעם קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט זייַנען דאָך געווען אייניקע אָנדייַטונגען אויף עקאָנאָמישע און סאָציאַלע רעכט פון די אַרבעטנדיקע).

אין יולי 1962 האָט די קנעסעט, לויט דער פאָדערונג פון די רעליגיעזע פּאַרטייען, אָנגענומען א געזעץ וועגן פאַרבאָטן צו האָדעווען אין ייִסראָעל כאַזיירים און צו פאַרקויפן כאַזער־פלייש און כאַזער־פעטס. איינער פון די אָנפירער פון דער ליגע פון קאַמף קעגן רעליגיעזן ווילקיר, דער פּעדאַגאָג פונעם ירושאָלאיִמער אוניווערסיטעט ר. מאָאָוו (דער פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט פון דער „באַוועגונג פאַר בירגער־רעכט") האָט אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָננעמען דעם געזעץ געזאָגט: „ווי קאָן מען האָבן דערעכערעץ צו א פּאַרלאַמענט, וואָס באַהאַנדלט ערנסט אין XX יאָרהונדערט אַזאַ פּראָבלעם, ווי די „ריינקייַט" פון וועלכן־ניט־איז באַלכייַ. כלעבן, א נאַציע מעג האָבן העכערע אידעאַלן, איידער פאַרטראַכטונג צו א כאַזער"...

אין 1963 האָט די קנעסעט, נאָכגעבנדיק די קלעריקאַלן, אָפּגעוואָרפן מיט די שטימען פון די דעפּוטאַטן פון די רעליגיעזע פּאַרטייען, פון „מאַפּאַי" און פון א טייל ליבעראַלן דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן דערקלערן פאַר געזעצלעך א ציווילע כאַסענע.

די וועלטלעכע שול אין ייִסראָעל איז ניט אָפּגעטיילט פון דער רעליגיעזער. דער ראַבינאַט און די קלעריקאַלע פּאַרטייען האָבן א קאָלאָסאַלן אייַנפלוס סייַ אויף דער מיטלשול, סייַ אויף דער הויכשול.

אין ייִסראָעל עקזיסטירן דרייַ גרונט־טיפּן מיטלשולן: געוויינלעכע מעלוכישע, מעלוכישע רעליגיעזע און „אומאָפּהענגיקע", דה. ריין רעליגיעזע, וועלכע געהערן צו דער פּאַרטיי „אַגודאַט ייִסראָעל". אין 1969 האָבן אין די קאָנפעסיאָנעלע שולן זיך געלערנט אַרום א העלפט פון אַלע שילער. 80 פּראָצ. שילער, וועלכע ענדיקן די מעלוכישע רעליגיעזע שולן פון ערשטער שטופע — דעם כיידער און די טאַלמעטוירע (זיי געפינען זיך אונטערן קאָנטראָל פון דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער פּאַרטיי), זעצן פאָר זייער רעליגיעזע בילדונג אין די רעליגיעזע הויכשולן — יעשיוועס. די צאָל יעשיוועס וואַקסט. אויב אין 1948 זייַנען געווען 50 יעשיוועס, האָט אין 1969 זייער צאָל שוין דערגרייכט ביז 200, וווּ עס האָבן זיך געלערנט 15 טויזנט מענטשן — קינפטיקע ראַבאָנים. די מעלוכישע רעליגיעזע שולן ווערן אינגאַנצן אויסגעהאַלטן דורך דער מעלוכע. די יעשיוועס באַקומען פון דער מעלוכע פינאַנציעלע שטיצע.

אין די געוויינלעכע מעלוכע־שולן זייַנען די ביבל, די רעליגיעזע טראַדיציעס, די דאָגמעס פונעם ייִדאיִזם גרונט־קעגנשטאַנדן, אויף וועלכע עס גייט אַוועק באַ א דריטכיילעק פון דער גאַנצער לערן־צייַט. די לערן־סיסטעם אין די שולן און הויכשולן איז טיף דורכגעזאַפּט מיט רעליגיעזן שאָוויניזם, אַנטיסאָוועטיזם און אַנטיקאָמוניזם.

אַן אַקטיווע טעטיקייַט האָבן די קלעריקאַלן פאַנאַנדערגעוויקלט אין געביט פון קולטור. זיי האָבן אייַנגעשטעלט א שטרענגע רעליגיעזע צענזור איבערן גייַסטיקן און קולטורעלן לעבן פון דעם לאַנד. אין ייִסראָעל דערשייַנט א היפּשע ליטעראַטור וועגן פאַרשיידענע קאָנפעסיאָנעלע פראַגן, עס גייען אַרויס קינאָ־פילמען, וועלכע שטעלן זיך אַלס ציל צו פאַרשטאַרקן צווישן דער באַפעלקערונג די רעליגיעזע געפילן. יעדן טאָג ווערן אין א ריי ראַדיאָפּראָגראַמעס טראַנסלירט ליטורגישע מוזיק, טפילעס, ציטאַטעס פון דער ביבל, פון טאַלמוד אאַוו.

די פּראָגרעסיווע קרעפטן פון ייִסראָעל פירן אַן אַקשאָנעסדיקן קאַמף קעגן קלעריקאַליזם, רעאַקציע און ראַסיזם. אין ייִסראָעל איז טעטיק די ליגע פון קאַמף קעגן רעליגיעזן ווילקיר. מיט א געוויסער צייַט צוריק איז אין ייִסראָעל געשאַפן געוואָרן א קאָמיטעט „פאַר ציווילע כאַסענעס", אין אים זייַנען אַרייַן פאָרשטייער פון די סאַמע פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען.

די קעגנער פונעם קלעריקאַליזם אָרגאַניזירן פון צייַט צו צייַט מאַסן־אַקציעס. אין אָנהייב 1970, לעמאָשל, איז אין ירושאָלאיִם דורכגעפירט געוואָרן א ברייטע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן דעם ראַסיסטישן געזעץ־פּראָיעקט, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן אין דער קנעסעט, — „ווער איז א ייִד?". די אָנטיילנעמער פון דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע האָבן געטראָגן אַזעלכע פּלאַקאַטן: „דעמאָקראַטיע — ניט טעאָקראַטיע", „אָפּטיילן די מעלוכע פון דער

רעליגיע״, „מיר זײַנען ייִדן פון XX יאָרהונדערט און ניט פונעם פּעריאָד, ווען די ייִדן זײַנען אַרויס פון מיצראַיִם״. אין די רייען פון דער דעמאָנסטראַציע זײַנען געווען מיטגלידער פון מאַפּאַם.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון ייִסראָעל, וואָס קעמפט פאַר שאָלעם און דעמאָקראַטיע, האַלט פאַר זייער ווייכטיק דעם קאַמף קעגן דעם רעליגיעזן אָבסקוראַנטיזם. די פּראָגראַם, וועלכע די קאָמפּאַרטיי פון ייִסראָעל האָט אָנגענומען אויף איר XVII צוזאַמענפאָר, שטעלט אַרויס די פאָדערונג צו דערשלאָגן זיך פולע און עמעסע גלײַכבארעכטיקונג פאַר אַלע אײַנוווינער פון ייִסראָעל אין אַלע לעבנס־געביטן, אָן שום אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, עמונע, געשלעכט, וועלט־אָנשויונג אָדער פּאַרטייִשער אָנגעהעריקײַט. די קאָמפּאַרטיי פון ייִסראָעל פאָדערט, אַז די רעליגיע זאָל אָפּגעטיילט ווערן פון דער מעלוכע און די שול פון דער רעליגיע; זי פאָדערט: גלײַכבארעכטיקונג פאַר אַלע רעליגיעס; פאַרבאָט פון צוואַנג אין די פראַגן פון רעליגיע; פרײַהײַט פון אויסוואַל פאַר די בירגער באַם פאַרשרײַבן זייער נאַציאָנאַליטעט אין פּערזענלעכע דאָקומענטן און אין דאָקומענטן פון דער פאָלקס־ציילונג; אַ דעמאָקראַטישע און וועלטלעכע קאָנסטיטוציע; ווירקלעכע גלײַכבארעכטיקונג פון די פרויען; אַ געזעץ וועגן ציווילע כאַסענעס און געטן; אַ פּראָגרעסיווער און דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון דער בילדונג. די קאָמוניסטן דעמאַסקירן די ראַסיסטישע אויסטראַכטענישן וועגן „אַטאָ־בעכאַרטאָנו״ און וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ ייִדישער וועלט־נאַציע, זיי טרעטן אַרויס קאָנסעקווענט קעגן גײַסטיקן שווינדל, קעגן ראַסעווער, נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאָדערט, אַז יעטווידע העצע קעגן אַנדערע פעלקער זאָל דערקלערט ווערן אַלס אַן אַקט, וואָס ווידערשפּרעכט דעם געזעץ, מע זאָל פאַרבאָטן אין ייִסראָעל די טעטיקײַט פון פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. די קאָמוניסטן, צוזאַמען מיט אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן פונעם לאַנד, וואַרפן אָפּ די פרווון פון דער ציִעניסטישער פּראָפּאַגאַנדע צו אויסנוצן די ביִבלישע גרונטלאַגן אַלס באַרעכטיקונג פאַר דער עקספּאַנסיִאָניסטישער פּאָליטיק פון דער ייִסראָעל־רעגירונג. קעמפנדיק אָן שום קאָמפּראָמיסן קעגן קלעריקאַליזם, פאַרטיידיקט די קאָמוניסטישע פּאַרטײַ פון ייִסראָעל גלײַכצײַטיק אויך די אינטערעסן פון די בירגער פון ייִסראָעל, וועלכע זײַנען נאָך גלייביקע.

דערקלערנדיק, אַז די פּאָליטיק פון דער רעגירונג, פונעם ראַבינאַט און פון דער אָנפירונג פון די קלעריקאַלע פּאַרטייען געפינט זיך אין אַ שאַרפן ווידערשפּרוך מיט די אינטערעסן פון די רעליגיעזע אַרבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף, מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון ייִסראָעל, האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אונטערגעשטראָכן אויף איר XVII צוזאַמענפאָר, אַז הײַנט האָבן די אַרבעטנדיקע פון ייִסראָעל, סײַ די רעליגיעזע, סײַ די ניט־גלייביקע, אַ רעאַלע מעגלעכקײַט פאַר אַ געמיינזאַמען דערפאָלגרײַכן קאַמף פאַר שאָלעם, פאַר פאַרטיידיקן די רעכט פונעם האָרעפּאַשנעם פאָלק, פאַר דעמאָקראַטיע.

# אונדזער מיטיילונגען

## צונעמענישן בא שאָלעם=אַלייכעמען

פאַראַן צווייערליי צונעמען. אַזעלכע, וואָס ווערן צוגעגעבן צו אַ פּערזענלעכן נאָמען, קעדיי אינדיווידואַליזירן דעם מענטשן. די דאָזיקע צונעמען זײַנען באַשרײַבלעכע. קיין שום עמאָציעס רופן זיי ניט אַרויס, אין זיי איז ניט פאַראַן קיין אָפּשאַצונג. זיי זײַנען נייטראַל בענעגייע דער אָנגערופענער פּערזאָן און ווײַזן אָן בלויז אָף אָביעקטיווע סימאָנים, וועלכע זײַנען מעסוגל צו אידענטיפיצירן דעם אָדער יענעם מענטשן: אָף זײַן פאַך און באַשעפטיקונג (מאָטל קאַמזויל, כאַים בעקער, יאַנקל שויכעט); אָף זײַן אָפּשטאַם־אָרט (שימעלע סאַראָקער, מייער מעדוועדעווקער). אַמאָל איז דער צונאָמען אַן אָביעקטיווע קאָנסטאַטאַציע פונעם פיזישן אויסזען, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן און איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּערזאָן (בערל דער רויטער, פּישקע דער קרומער, כײַקע די האָרבאַטע).

פאַראַן אויך אַ צווייטע גרופּע צונעמען (עס איז ריכטיקער זיי אָנצורופן „צונעמענישן״), וועלכע האָבן גאָר אַנדערע אייגנשאַפטן. וועגן זיי וועט גיין די רייד אין אונדזער אַרטיקל.

צונעמענישן זײַנען עמאָציאָנעל באַפאַרבט. אין זיי ווערן אויסגעדריקט געפילן פון יענעם מענטשן, וועלכער גיט די צונעמעניש: שפּאָט, איראָניע, הומאָר, האַס, פאַראַכטונג, ביטל, ליבע, אָפּשײַ, קאָוועד אאַוו. געוויינלעך זײַנען זיי אַ באַווײַז פון כאָכמע, פּיקכעס און בילדערישקײַט. צווישן אַנדערע פאָרמען פון פאָלקס־שאַפן טיילן זיך די צונעמענישן אויס מיט זייער קורצקײַט. אין איין וואָרט ווערט געגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק, מערסטנטייל אַ אינדיווידועלע, נאָר אויך אַ פאַראַלגעמיינערטע.

ווען אַ צונעמעניש דריקט אויס אָפּשפּעטונג, וואַרפט עס אַ מאָמענטאַלע שײַן אָף די ניט געראָטענע מידעס און אייגנשאַפטן פונעם אָביעקט. אָט נעמט, לעמאָשל, אַזאַ אינדיווידועלע צונעמעניש, ווי „פּופּיק״. איר זעט פאַר זיך אַ גראָבן נעפעש, מיט אַן אויפגעבלאָזענעם בויך, בא וועמען די אכילע איז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן. דער בויך, דער פּופּיק — דאָס איז ער, דער פאַרשוין.

מיט דער צונעמעניש „גאָטס סטראַפּטשעס״ האָט דאָס פאָלק געשטעמפּלט די פאַלשע ראַבײַים, די כסידים, די שוימרע־שאַבעס, קעדיי אונטערצושטרײַכן זייער צוויאַקישקײַט. דאָס וואָרט „סטראַפּטשע״ איז טרעפלעך גענומען פונעם אַמאָליקן צאַרישן געריכטס־סיידער. דער סטראַפּטשע איז דאָרט געווען אַ פאַרמיטלער, און גאָר־גאָר ניט קיין אָנשטענדיקער פאַרמיטלער, צווישן דעם פּראָסטן מענטשן, ווען ער האָט געמוזט אָנקומען צום געריכט, און דעם ביוראָקראַטישן, פרעמדן ריכטער, וועלכער פלעגט אַרויסטראָגן זײַן פּסאַקדין לעטויוועס דעם, ווער עס האָט געפונען צו אים אַ בעסערן „צוגאַנג״. דער סטראַפּטשע פלעגט, פון זײַן זײַט, אויסזויגן באַם באַלדין די לעצטע פאָר רובל, מיקלוימערשט ניט פאַר זיך כאָלילע, נאָר פאַר די באַאַמטע פונעם געריכט אָדער פאַר דעם „יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ״ אַליין. וואָס קאָן זײַן טרעפלעכער פון דער אָפּשאַצונג פון די ראַבײַים און זייערע מעשאָרסים, די פאַרמיטלער צווישן גאָט און דעם פּראָסטן מענטשן, ווי דער צונאָמען „גאָטס סטראַפּטשעס״?

אַ צונעמעניש גיט בעדערעך־קלאַל אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג, אָבער צומאָל אויך אַ פּאָזיטיווע. מיר וועלן דאָ אָפּמערקן אַזאַ טרעפלעכע צונעמעניש, ווי פּעפּערל, מיט וועלכער שאָלעם־אַלייכעם האָט אין „האָדל״ געקרוינט דעם יונגן רעוואָליוציאָנער. ס׳איז קלוימערשט אַן איבערזעצונג פונעם ייִדישן נאָמען פּערעץ. „פּעפּערל״ איז אַ ליבלעכע פאַרקלענערונגס־פאָרם. נאָר וואָס פאַר אַ גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיק ליגט אין דער דאָזיקער צונעמעניש! פּעפּערל — „אַ קליינער, אַ שוואַרצער, און אַ צונג — אַ פײַער, זי צופּט און בריט״.

צונעמענישן זײַנען אָפט מעטאַפאָריש, מע דאַרף פון זיי פאַרשטיין פונקט דעם הייפּעך פונעם ריכטיקן באַטײַט. אַ ייִד אַ כאָכעם איז אַ צונעמעניש פאַר אַ נאַר, אַ גוואַר — פאַר אַ שוואַכן, אַ כאָלעש, אַ באַרמאַזל — פאַר אַ שלימאַזל, אַ סאַגי־נאָהער (העברעיִש — אַ שלאַל מיט ליכט) — פאַר אַ בלינדן (און מעטאַפאָריש — פאַר אַ טיפּעש).

אָפט איז די צונעמעניש אַ טאָג־שמעטערלינג, אַן אויסדרוק פון אַ מאָמענטאַלער רעאַקציע, געשאַפן אָפן אָרט אונטערן אײַנדרוק פון אַ געוויסן געפיל. אַנדערע צונעמענישן קלעפּן זיך צומאָל אַזוי צו, אַז זיי פאַרבײַטן דעם עמעסן נאָמען. וועגן אַזעלכע צונעמענישן שרײַבט שאָלעם־אַלייכעם: „אַז די קאַסרילעווקער לייצים זעצן צו עמעצן אַ נאָמען, איז ער ווי געבוירן, ווי צוגעשניטן, אויסגעפּרעסט און אָנגעמאָסטן, און „פאַרנוצט געזונט!״

שרײַבער־סאַטיריקער באַנוצן זיך אָפט מיט אַ צוגעטראַכט צונעמעניש, קעדיי צו כאַראַקטעריזירן די פּערסאָנאַזשן פון זייערע ווערק. אַזוי רופט אָן פאָנוויזין אין „ניעדאָראָסל״ די פאַרגרעבטע פּריצע — סקאָטינינאַ (פונעם וואָרט „סקאָטינאַ״ — בעהיימע), דעם לערער פון אַריפמעטיק — ציפירקין, די פּאָזיטיווע העלדן: סטאַראָדום (אַלטער געדאַנק), פּראַווודין (פון „פּראַוודאַ״ — עמעס). אין גאָגאָלס „רעוויזאָר״ איז דער הויפּט־העלד — כלעסטאַקאָוו (פונעם „כלעסטאַט״ — שמײַסן, ער שמײַסט מיט ליגנס), דער ריכטער הייסט ליאַפּקין־טיאַפּקין (ער מישפּעט טיאַפּ־ליאַפּ, אָן געדאַנק), דער גאָראָדאָוואָי הייסט דערזשימאָרדע (האַלט דעם פּאַרצעף). מע דאַרף שוין ניט קיין ווײַטעריקע כאַראַקטעריסטיקעס צו די טרעפלעך געשאַפענע פאַמיליע־נעמען, קעדיי צו איבערצײַגן דעם לייענער, אַז כלעסטאַקאָוו „האַקט אַ טשײַניק״ און אַז דערזשימאָרדע קען אַרײַנטיילן אַ כײַלעק די מענטשן, וואָס האַלטן זיך פרײַ.

בא מענדעלע מויכער־ספאָרימען געפינען מיר אין דער „טאַקסע״ צונעמענישן אַלס פאַמיליע־נעמען פון

שיינע־ייִדן און קאַהאַלשע לײַט: רעב איציק־וואָלף
ספּאָדעק, רעב שמײַע טאַם, רעב מוישע באַלטאַכלעס,
רעב יוינע מאַכטייסע, רווון פּיאַווקע, נאָסן פּרעכ־
מאַן, בערל לאָקשעוויטש. אויך פאַר די פּאָזיטיווע
פּערסאָנאַזשן שאַפט מענדעלע געהעריקע פאַמיליע־
נעמען: שלוימע וועקער, גערעליע פּיקהאָלץ.

שאָלעם־אַלייכעם באַנוצט זיך אויך מיט אָט דעם
מעטאָד. ער זוכט פאַר זײַנע העלדן אַזעלכע פאַמי־
ליע־נעמען און צונעמענישן, וועלכע זאָלן באַלד
דערקלערן, ווער און וואָס זיי זײַנען. אין דער קאָ־
מעדיע „יאַקנעהאָז" רופט שאָלעם־אַלייכעם אָן די
באַנקירן־שווינדלער מיט די פאַמיליע־נעמען פּײַפּער,
קנאַקניסל (זיי פּײַפן אַפן אויילעם, און גיי רוף זיי
קנאַקניסל) און די רײַכע און פעטע לײַט — פּײַנקור־
געל, מייערצימעס. אין די „גאָלדשפּינערס" הייסט
דער כאַלפן און פּראָצענטניק ייִדל טאָרבע און דער
שטעטלשער כאָכעם — לייווי מאַזגאַוואַיער (פון רו־
סישן „מאָזג" — מויעך).

אייניקע צונעמענישן זײַנען סאָציאַל באַאַרבעט.
לעמאָשל, פאַר אָרעמעלײַט: בעטלער, זשעבראַק,
אָני־וועוויען, טאָרבע. איר הערט אין זיי די ביטל־
געפילן פון א רײַכן, א פאַרמעגלעכן צו אַן אָרעמאַן,
וואָס גייט אַרום איבער די הײַזער מיט א טאָרבע
און „זשעברעוועט". פאַרקערט, אין די צונעמענישן
כאַזער, דאָווראַכער, קאַמצן, פּופּיק, פּעמפּיק לאַכט
אויס דער אָרעמאַן דעם רײַכן, דעם פעטן באַלעבאָס,
וואָס וויל קיין נעדאָווע ניט געבן.

די צונעמענישן שאַבעס־גוי, באָד־גוי, פערדאַטש,
כאָכעם־באַלײַלאָ, כאָכעם פון דער מאַנישטאַנע האָבן
געוויס געשאַפן די „איידעלע" לײַט, וואָס קענען אין
די קליינע אויסיעלעך, פאַר די, וואָס זײַנען שטומ־
פּיק אין דער איווריע. און פאַרקערט, אין די צונע־
מענישן גאָטס סטראַפּטשע, צאַדיק אין פעלץ, מאַ־
גיד, קאָכלעפל, ציילעם־קאָפּ האָט דער פּראָסטער
מענטש אויסגעדריקט זײַן שפּאָט־געפיל צו די „זײַ־
דענע לײַט", צו די צוויאַקעס און קאַהאַלשע פאַר־
זאָרגער.

די צונעמענישן מיט דער אוקראַיִנישער ענדונג
„וק" — שנײַדערוק, שוסטערוק, קלעזמערוק — זײַנען
געשאַפן געוואָרן פון די, וואָס האָבן געהאַלטן די
באַלמעלאָכעס פאַר מינדערווערטיקע, גערעדט וועגן
זיי מיט ביטל. עס איז קעדײַ דאָ צו באַמערקן, אַז
אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע איז אַף
אַזא אויפן געשאַפן געוואָרן צווישן די אַרבעטער
די צונעמעניש „בורזשוק". מיט דער צונעמעניש
„בורזשוק" באַנוצט זיך מאָטל אין שאָלעם־אַלייכעמס
„דאָס גרויסע געווינס".

קעדיי אונטערצושטרײַכן די סאָציאַלע לאַגע און
די אינטערעסן פון די קליינשטעטלדיקע באַלעבאַטים
אין די „זומערדיקע ראָמאַנען", טראַכט שאָלעם־
אַלייכעם צו פאַר זיי צונעמענישן: יאַנקל צעריסע־
נער, כאַיִם נעכטיקערטאָג, מענדל אַסאַרעדעברייע,
בינאָמין פּאַטשעמו (מיט א צווייענדיקן באַטײַט —
„פּאַרוואָס" און „ווי טײַער"), נאַפּטאָליע כאַפּאַטענצל,
זאַלמען באַרגאַראָף. אין „סטעמפּעניו" הייסט דער
גוויר כאַיִם־בענציען גלאָק (סע קלינגט מיט אים אין
דער אומגעגנט).

דעם גרעסטן אינטערעס האָבן די צונעמענישן־זיד־
לערײַען פון שאָלעם־אַלייכעמס שטיפמוטער, א בער־
דיטשעווער ייִדענע. דער קליינער שאָלעם האָט קונ־
דייסיש פאַרשריבן אירע זידלערײַען אין א העפטל.
ער האָט זיי איבערגעגעבן אין זײַן אווטאָביאָגראַ־
פישן ווערק „פונעם יאַריד", אינעם קאַפּיטל „א
מײַנע־לאָשן פון א שטיפמאַמע". דאָס איז א שפּרודל־
דיקער קוואַל פון וויצן, פאָלקס־כאָכמע, בײַסנדיקן
שפּאָט. יעדע צונעמעניש רופט אַרויס באַם לייענער
א פריילעך געלעכטער. דערמאָנט אײַך, וויאַזוי שאָ־
לעם־אַלייכעם באַשרײַבט דעם אײַנדרוק, וואָס זײַנע
פאַרנאָטירונגען פון דער שטיפמוטערס צונעמע־
נישן — זידלערײַען האָבן געמאַכט אַף דער שטיפ־
מאַמע אַליין, ווען זי האָט אינעם צונויפגעשטעלטן
אַלעפבייס דערהערט אירע אייגענע קלאָלעס און
זידלערײַען: „עס איז געשען א נעס... ס'איז אָנגע־
פאַלן אַף איר א מאָדנער בייזער געלעכטער, יענע

האָט געלאַכט אַזוי, אַזש געקוויטשעט. מע האָט גע־
מיינט, אַז זי וועט דעם שלאַק באַקומען".

פאַרן שפּראַך־פאָרשער איז דאָס מײַנעלאָשן פון
דער שטיפמוטער א גאַנצער אוצער פון בילדערישע
פאָלקלאָרישע צונעמענישן.

מע קאָן די צונעמענישן קלאַסיפיצירן לויט זייער
אינהאַלט:

1. צונעמענישן פאַר א נאַר (מיר
ברענגען זיי אין סיידער פונעם אַלעפבייס, ווי בא
שאָלעם־אַלייכעמען): אייזל, אָפּגעריסענער נאַר, באָל־
וואַן, בלינדערהאָלץ, גוילעם, דערקאַטש, האָצמאַך,
טיפּעש, כאָכעם־באַלײַלע, נאַפּודעלע, פּעטעלעלע,
שויטע בען פּיקהאָלץ, שמינדער בעגעץ.

2. פאַר א גראָבן־יונג: באַלעגאָלע, הינט־
שלעגער, יונגאַטש, לאָבוס, פערדאַטש, פּלאָכט.

3. פאַר אַן אויסגעלאָזטן און פאַר־
דאָרבענעם: דאָנאָסטשיק, הולטײַ, העפקעריונג,
מעשומעד, ניכפּעניק, פּאַסקודניאַק, סמאַרקאַטש,
קאָלבויניק, קאָרטן־שפּילער.

4. פאַר א שלעכטן מענטש: אַשמעדײַ,
גאַזלען, האָמען, יאַטקע־הונט, יימאַכשמוייניק, סוואָ־
לאָטש, קאַטאָרזשניק, קעלעוו־שעביקלאָווים, רוי־
צייעך, ראָשע־מערושע.

5. פאַר א פרעסער: זויפער, טרייפע קיש־
קע, כאַזער, כאַפּער, נאַשער, פּופּיק, פּעמפּיק, קיש־
קע אָן א דנאָ, קאַרטאָפליע־שלינגער.

6. פאַר א טויגעניכטס: אומגליק, באַט־
לען, כאַיִם־יאַנקל, לוי־יוצלעך, ליידיקגייער, מאָנ־
דריש, מעלאַמעד, נודניק, פּוסטעפּאַסניק, פּויליאַק,
פּײַפּער, פּליאַסקעדריגע, שלימאַזל, שמענדריק.

7. פאַר א שלעכטן באַלמעלאָכע:
הינקעדיקער שנײַדער, וויסטער קאַליקע, פּאַרטאַטש,
קאַליקע, קוימענקערער, שקראַב.

8. פאַר א קאַפּצן (מיט ביטל־ניואַנסן): אָני־
וועוויען, בעטלער, דאַלעס, האָלעדראַנעץ, טאָרבע,
עוויען.

9. פאַר רעליגיעזע צוויאַקעס: צאַ־
דיק אין פעלץ, צוויאַק.

10. פאַר א פריילעכן און קלוגן:
וועוועריק, זומער־פויגל, טערקישער פּעפער, כאָלערע,
פּאַיאַץ, פאַרשלעפּטע קרענק, ציילעם־קאָפּ.

11. פאַר ווײַבער: געשליירטע האַנזי, זוי־
ערע קיסליצע, זיצפלייש, מאַלפּע, צאַראַאַס, שלאַנג.

די געבראַכטע צונעמענישן זײַנען אַרויסגערופן
דורך דער פאַרביטערונג פון א פּרוי (פון דער
שטיפמוטער), וואָס לעבט אין נויט און אין שטענדי־
קער זאָרג, וויאַזוי אָנצוהאָדעווען די גרויסע מישפּאָ־
כע, אָט די אַלע „פרעסערס", „קאַרטאָפליע־שלינ־
גערס", „קישקעס־אָן־א־דנאָ". זי איז אופגעטראָגן
אַפן מאַן, דעם „שלימאַזל", דעם „לוי־יוצלעך", דעם
„טויגעניכטס", וואָס די פּאַרנאָסע גייט אים ניט.
ענלעכע קלאָלעס און צונעמענישן הערן מיר פון
שיינע־שיינדלען, ווען זי באַקומט פון איר מאַן מע־
נאַכעם־מענדל די טײַערע יעדיעס, אַז פון אַלע „מי־
ליאָנען" און „פּאַפּירלעך" האָט זיך אויסגעלאָזט א
בוידעם. מיר טרעפן זיך מיט זיי אויך אין „מאָטל
פּייסי דעם כאַזנס" און אין אַנדערע ווערק בא שאָ־
לעם־אַלייכעמען.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קינדער ווייסן ניט פון
דײַגעס־פּאַרנאָסע און קוקן אַף דער וועלט מיט מער
ליכטיקע אויגן, מיט גרעסערן צוטרוי. זייערע טמי־
מעסדיקע נעשאָמעס זײַנען ריין פון פאַלשקײַט. אין
דעם אַרום, אין די מענטשן, אין די לעבנס־געשעע־
נישן באַמערקן זיי גיכער דאָס קאָמישע, דאָס לע־
כערלעכע.

קינדער האָבן אויך ליב צו געבן צונעמענישן,
נאָר בא זיי איז עס א קינדער־שפּיל. זיי האָבן ליב
נאָכמאַכן, נאָכקרימען, אָבער זיי טוען עס אין גוטן
מוט, אָן קאַס. זיי זײַנען פאַרטאָן אין זייער וועלטל,
און פון די ערשטע אײַנדרוקן שטאַמען בא זיי די
צונעמענישן.

אין שאָלעם־אַלייכעמס שאַפונג פאַרנעמט די קינ־
דער־וועלט א גרויס, גאָר א גרויס אָרט. די ערשטע
דערציילונג, אין וועלכער ער האָט זיך אַנטפּלעקט

אלס גרויסער מײַסטער פֿון דער קינדערישער פּסיכאָלאָגיע, איז געווען „דאָס מעסערל". קינדערשע צונעמענישן האָבן בא אים זייער ספּעציפֿיק:

1. נאָכמאַכערײַ — אָפּלאכן פֿאַר ניט קענען ארויסברענגען א געוויסן קלאנג: טאָפּעלע טאַלמענס טורטאַריטו פֿון דאַלאַדאַנאָוועטע, אָנשטאָט קאָפּעלע קאַלמענס קוקאַריקו פֿון גאַלאַגאַנאָווקע; דער פּעטער בעבעבע, אָנשטאָט דער פּעטער וועלוועלע; פּעטעלעלע, וועגן אזא, וואָס רעדט ניט ריין, שווער צו פֿאַרשטיין דעם זין פֿון זײַנע ווערטער.

2. געגראַמטע רייצווערטער: עסטער־פּלעסטער, מענדל־פּענדל, איציק־שפּיציק, מייער־דרייער, מאָטל־קאַפּאָטל, לייב־דרויב־אָפּדיריק.

3. הומאָר, אָבער אָן שפּאָט, אָן פֿאַרביטערונג, אפֿילע ווען מע מאַכט זיך לוסטיק איבער א פֿיזישן פֿעלער: בערל מיט דער באַק, די מויד מיט אַן אייגל, די דינסט מיט די וואָנצעס, די ליפּ. מאָטל דעם כאַזנס רופֿן מענאַשע דעם אײַנבינדערס קינדער „די לעפּצן", ווײַל ווען ער עסט, מאַכט ער מיט די ליפּן, און די טאַלמעטוירע־ייִנגלעך רופֿן אים „הילצערנע הויזן", ווײַל זײַנע הויזן זײַנען אופּגענייט פֿון אזא מאַטעריע, „וואָס אַז מע שטעלט זיי אוועק, שטייען זיי. מע קאָן זיי ניט צערײַסן, סײַדן צעברעכן".

דער כיידער און זײַן הערשער, דער מעלאַמעד, רופֿן בא די קינדער ארויס אויך שרעק. אין דער דערציילונג „דאָס מעסערל" רופֿן אָן די קינדער זייער מעלאַמעד „מאָטיע מאַלעכהאַמאָוועס". אין דער דערציילונג „גאַזלאָנים" שרײַבט שאָלעם־אליכעם וועגן א מעלאַמעד, וועמען די קינדער האָבן געגעבן א צונעמעניש „מאַזעפּע". דאָס איז א מעגושעמדיקער נעפֿעש מיט שוואַרצע בייזע אויגן און ברעמען, מיט לאַנגע האָריקע הענט. אינעם צונעמעניש מאַזעפּע איז אויסגעדריקט אײַנצײַטיק אי מוירע פֿאַרן רעבן, אי קונדייסישע שטיפֿערײַ איבער זײַן אומגעלומפּערטקײַט.

און אָט איז נאָך א צונעמעניש פֿאַר א מעלאַמעד, א קליינעם, א נעבעכדיקן, א לוי־יוצלעך. ער שלאָגט אויך די קינדער, נאָר זיי טראָגן אָף אים ניט קיין פֿאַרדראָס, ווײַל זיי זעען, אז ער לאָזט צו זיי אויס זײַן ביטער האַרץ פֿאַר די זידלערײַען און ביזיוינעס, וואָס ער טראָגט איבער פֿון זײַן לאַנגער און דאַרער ייִדענע און שלינגט זיי אראָפּ מיט א שווײַג. זיי רופֿן דעם רעבן „דער קורצער פּרײַטיק" און די ייִדענע „שאַבעס האַגאָדל". דער קליינער רעבע און די לאַנגע רעבעצן רופֿן ארויס בא זיי א פֿריילעך געלעכטער, אַן אומדערוואַרטן פֿאַרגלײַך מיט די צוויי געוויסע טעג אין יאָר.

פֿון דער כיידער־וועלט שטאַמען אויך אַזעלכע צונעמענישן, און ניט נאָר בא קינדער, ווי „אויג מעלעך האַבאָשן" און „גאָלײַאַס האַפּלישטי" פֿאַר א גוואַר, „האַמען" און „אייסעוו" פֿאַר א סוינע־ייִסראָעל, „קוירעך" פֿאַר א נאָגיד, „לאָט" פֿאַר א שיקער, „אלטער טערעך" פֿאַר אַן אלטן אלמען, וואָס שאַדכנט זיך צו א יונג מיידל, „עסטער האַמאַלקע" פֿאַר א שיינהײַט, „וואַשטי" פֿאַר א מיִעסער פֿרוי. מענאַשע דעם אײַנבינדערס קינדער רופֿן זייערס א ברודערל „וואַשטי", ווײַל ער האָט א גוליע אָפֿן שטערן און דערמאָנט זיי אין אכאַשווייראַשעס ווײַב וואַשטי, וואָס האָט, לויט א טאַלמודישער לעגענדע, געהאַט אזא גוליע און דערפֿאַר ניט געוואָלט זיך באַווײַזן פֿאַר אכאַשווייראַשעס אָרכים.

שאָלעם־אליכעם נוצט אויס אין זײַנע ווערק אַזעלכע גלענצנדיקע צונעמענישן, גענומענע פֿון דער ייִדישער קולטור, ווי „ייִדל קאָטוינטי" (קטונתי מכל החסדים פֿונעם כומעש) אין „מאַבל", ווי „אָדאָם האָרישן" פֿאַר בערקע דעם בעדער, וועלכער גייט ארום אין באָד א נאַקעטער, און „די מוטער כאַווע" — פֿאַר זײַן ווײַב (זי הייסט טאַקע כאַווע).

אמאָל נוצט שאָלעם־אליכעם אויס צונעמענישן, וועלכע האָבן צוויי באַטײַטן. אָף דער אויבערפֿלאַך הערט איר איינס און אין הינטערגרונט עפּעס אַנדערס, א פֿאַרבאָרגענעם געדאַנקען־ווונק, א רעמעז, לויטן קלאַל — פֿאַר א קלוגן איז גענוג א ווונק.

אזא מין רעמעז איז די געשיכטע פֿונעם „פּעטער פּיניע מיט דער מומע רייזי", ווו דער קליינינקער און שטילינקער פּעטער פּיניע (געמיינט יאַפּאָניע), וואָס איז אויסגעשטאַנען קאָלערלײַ צאָרעס און ביזיוינעס פֿון דער גרויסער מומע רייזי (געמיינט דאָס צאַרישע רוסלאַנד) האָט אין איינעם א שיינעם פֿרימאָרגן זיך אָנגענומען מיט האַרץ און גענומען שלאָגן און נעריקן די מומע רייזי, אז זי האָט קוים דעם אָטעם געקאָנט כאַפּן.

אזא צונעמעניש איז בא שאָלעם־אליכעמען „די רויטע ייִדעלעך", א רעמעז ניט נאָר אָף די לעגענדאַרע ייִדן, וואָס לעבן פֿרײַ און גליקלעך ערגעץ הינטער די האָרע־כוישעך, נאָר אויך אָף די הײַנטצײַטיקע „רויטע", וואָס שטרעבן צו אזא פֿרײַ און גליקלעך לעבן אין א ניט אויסגעטראַכטן לאַנד.

נעמט די צונעמעניש „קאָלבויניק", מיט וועלכן שאָלעם־אליכעם האָט אָנגערופֿן דעם באָכער פּײַוול, אָדער שראַגע־פּײַוויש־געצל, וואָס גייט ארום מיט א קאָרב אָף די פּלייצעס, אין וועלכן ס'געפֿינען זיך קאָלערלײַ סכוירעס פֿאַר די דאָרפֿישע קראַסאַוויצעס: סטענגעס, נאָדלען, האָרנאָדלען, קנעפּלעך, פֿינגערלעך, זייף און אפֿילע פֿאַרפֿומען. דאָס צונעמעניש „קאָלבויניק" איז דאָ א איבערגעשטאַלטונג פֿונעם רוסישן וואָרט „קאָראָביינִיק", וואָס הייסט טאַקע א וואַנדערנדיקער הענדלער מיט א קאָרב סכוירעס אָף דער פּלייצע. אָבער אין צונעמעניש „קאָלבויניק" איז באַהאַלטן נאָך א באַגריף: פֿון אַן אויסגעלאָזטן יונג, א „וואָס אין דער קאָרט". דער דאָזיקער באַטײַט פֿון צונעמעניש שטאַמט פֿונעם כומעש, ווו ייִשמאָעל ווערט כאַראַקטעריזירט ווי א קאָלבוי („פּרא אדם, ידו בכל ויד כל בו" — א ווילדער מענטש, זײַן האַנט איז אומעטום און יעדנס האַנט איז אָף אים, דאָס הייסט, אומעטום מישט ער זיך און כאַפּט פֿון אַלעמען א גאָב).

א גלענצנדיקע צווייטײַטיקע צונעמעניש האָט שאָלעם־אליכעם געגעבן זײַן פֿאַרקישעפֿטן שנײַדער שימען־עליע שמאַ־קוילייני. די צונעמעניש, וואָס איז גענומען פֿונעם פּאָסעק „שמע קולנו, אדוני אלוהיינו" — הער צו, גאָט, אונדזער האַר, אונדזער קאָל, רופֿט זיך איבער מיט דעם פֿאַרקישעפֿטן שנײַדערס פֿאַרזענלעכן נאָמען שימען — שמאַ און עליע — עלויהיינו. אין דער מײַסע ווערט דערציילט, וויאַזוי עס איז אַנטשטאַנען די צונעמעניש — „מאַכמעס באַם דאַוונען האָט ער געהאַט א טעווע שרײַען, אַרבעטן, זינגען און ציקלען זיך אָף קוילע־קוילעס". זײַן אויפֿן פֿון דאַוונען איז געווענדט צום אייבערשטן, ער זאָל אים דערהערן און העלפֿן אין זײַן נויט.

אָבער די דאָזיקע צונעמעניש באַהאַלט אין זיך נאָך א באַטײַט, וואָס אָף אים גיט שאָלעם־אליכעם א רעמעז. דער נאַיִווער, טמימעסדיקער שימען־עליע, וואָס קאָן ניט אונטערשיידן פֿון א ציג ביז א צאָפּ, ווערט פֿיל מאָל א קאָרבן פֿון דעם כיטרען רענדאַר, וועלכער שפּילט מיט אים קאַטאָוועס און פֿאַרבײַט אים אַלע מאָל די ציג אָף א צאָפּ און דעם צאָפּ אָף א ציג. אזא מין פּראָסטאַק, א נאַר רופֿט מען אין ייִדישן שטייגער מיט א גראָבלעך וואָרט, און שאָלעם־אליכעם נוצט עס אויס, אײַנגעוויקלט אין א ליבלעכער פֿאָרם „שמאַ־קוילייני".

ניט נאָר פֿאַר מענטשן טרעפֿן זיך צונעמענישן בא שאָלעם־אליכעמען, נאָר אויך פֿאַר אַנדערע לעבעדיקע באַשעפֿענישן און אפֿילע פֿאַר ניט קיין באַלעכאַיִם. איר געדענקט מיסטאַמע דעם לאָקאָמאָטיוו, וואָס קורסירט אָף דעם שמאָלן באַן־וועג צווישן די אָנגעזעצטע ייִדישע שטעטלעך באָפּאָליע, הײַסין, טעפּליק, נעמיראָוו, כאַשטשעוואַטע. שאָלעם־אליכעם האָט דעם לאָקאָמאָטיוו געגעבן א צונעמעניש „דער ליידיקגייער", מאַכמעס, ווי ער גיט צו פֿאַרשטיין, „קאָן מען מיט אים פֿאָרן אין א ליידיקן וואַגאָן איינער אליין, ווי א פֿאָרעץ", און פֿאָרן פֿאָרט ער פּאַמעלעך, ער אײַלט זיך ניט (איינער א ייִד איז געפֿאָרן צו זײַן מעכוטן קיין כאַשטשעוואַטע אָף א בריס, איז ער אָנגעקומען צו זײַן באַרמיצווע). זייער באָד האָבן די קאַסרילעווקער ייִדן געגעבן א צונעמע־

ניש „דער גאַניידן" — אַזוי גוט איז דאָרט, ווען זיי קריכן אַרויף אַף דער אייבערשטער באַנק, און די הייסע פּאַרע הילט זיי אײַן אין אַ הימלשן וואָלקן.

אָדער נעמט די צונעמענישן פאַר פערד. קאַסריִעל דער וואַסערפירער האָט אַ פערד, וואָס „איז אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן און האָט ניט קיין איין צאָן אין מויל", רופט אים דער וואַסערפירער אָן „מעסושעלעך", מיטן נאָמען פון דעם עלטסטן פון אַלע אַלטע, וואָס קאַסריִעל ווייסט פונעם כומעש. מייער־וועלוול באַלעגאָלע („פונעם יאַריד") רופט זײַנע פערדלעך „סוסים", און זיי האָבן בא אים באַזונדערע צונעמענישן: איינער הייסט „מודריק" — דער קלוגער, דער צווייטער „טענצער", ווײַל דער גאַנג זײַנער איז געווען מיט אַ טענצל. אַ שקאַפּקע האָט געהייסן „די יאַכסנטע", זי קומט אַרויס פון אַ גרויסן ייִכעס — געווען אַמאָל אַ גאַלעכס אַ פערד.

און ווי זאָל מען זיך ניט דערמאָנען אין דער קאָץ „פייגע־לייע די גאַבעטע", וואָס מע האָט איר געגעבן אַזאַ צונעמעניש, ווײַל זי איז אַזוי גראָב ווי די עמעסע פייגע־לייע די גאַבעטע. וועגן איר דערציילט שאָלעם־אַלייכעם אין „מאָטל פייסי דעם כאַזנס" און אין „פונעם יאַריד", ווו ער ווידמעט איר און אירע קעצעלעך שיינע עטלעכע שורעס.

צווישן די קינדער־דערציילונגען איז פאַראַן איינע — וועגן דעם, וויִאַזוי קינדער האָבן געפונען אַ פייגעלע, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון אַ נעסט, און זיי האָבן עס געוואָלט אָפּהיטן באַם לעבן. אָבער דאָס פייגעלע איז געשטאָרבן. האָבן די קינדער עס באַגראָבן און געשטעלט אַ מאַצייוועלע מיט אַ צוגעטראַכטער צונעמעניש, וואָס דריקט אויס די קינדערס ערנסטקײַט: „ציפּער בען באָלעק" אַ נאָמען מיט אַ צונאָמען פונעם כומעש (צפור איז אַ פויגל).

צום סאָף — וועגן שאָלעם־אַלייכעמס אייגענעם צונאָמען. ווען שאָלעם ראַבינאָוויטש האָט זיך באַוויזן אַף דער ברייטער גאַס פון דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט ער זיך געווענדט צום פאָלק מיט אַן אָפּנהאַרציקן אויסרוף, מיט אַ פריילעכן ווונטש, מיט וועלכן מע באַגעגנט אַ קאָרעװ, אַ פרײַנט און גלאַט אַ ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר: שאָלעם־אַלייכעם! פרידן זאָל זײַן בא אײַך!

ער איז שוין לאַנג אַוועק פון אונדז, נאָר ער איז פאַרבליבן אין דער אייביקײַט. אָט קומט ער ווידער מיט זײַן ליבלעכן שמייכל, מיט די פריילעכע אויגן, מיטן קישעפדיקן וואָרט און ווינטשט אונדז אַלעמען: שאָלעם־אַלייכעם! שאָלעם־אַלייכעם!

אַווראָם פריבלודע

---

# בראָניק

## צום 70־טן געבורטסטאָג פון איזראעל מאיער

די בולגאַרישע פּרעסע האָט אָפּגעמערקט דעם 70־טן געבורטסטאָג פונעם באַוווסטן פובליציסט און געזעלשאַפטלעכן טוער איזראעל מאיער.

אין דער באַגריסונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דער צײַטונג „יעווריייסקי וועסטי", ווײַזט אָן דער אויספיר־קאָמיטעט פון דער קולטור־אויפקלערערישער געזעלשאַפט פון די בולגאַרישע ייִדן אַף דעם אומדערמידלעכן קאַמף, וואָס איזראעל מאיער האָט געפירט קעגן פאַשיזם אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, און אַף זײַן אַקטיוון אָנטייל אין דער סאָציִאַליסטישער בויונג נאָך דער סענטיאַבער־רעוואָלוציע.

עס ווערן אונטערגעשטראָכן איזראעל מאיערס פאַרדינסטן אַלס רעדאַקטאָר און מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון „יעווריייסקי וועסטי", זײַן אָנגעזעענע ראָל אינעם געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון די בולגאַרישע ייִדן.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 70־טן געבורטסטאָג און שעצנדיק הויך די גרויסע פאַרדינסטן פונעם באַליוּוול, האָט דער מעלוכע־ראַט פון דער בולגאַרישער פאָלקס־רעפּובליק באַלוינט איזראעל מאיערן מיטן אָרדען „בולגאַרישע פאָלקס־רעפּובליק" פון דער צווייטער שטופע.



די רעדאַקציע און רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן פרײַנטלעך איזראעל מאיערן און ווינטשן אים געזונט, גליק און אַריכאַס־יאָמים.

■ ■ ■

ב לעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

# ווען מע דערלייבט זיך צו פֿאַרשווײַגן

אין 1972 איז אין בוענאָס־אײַרעס, אַרגענטינע, דערשינען דער 52־טער באַנד פֿון דער סעריע „מוסטער־ווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור", אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי. דער באַנד טראָגט דעם פּרעטענציעזן טיטל „דער אַרבעטער־דאָר אין אַמעריקע" (224 זײַטן), טיראַזש — 1500 עקזעמפּליאַרן.

מע דאַרף באַגריסן די וויכטיקע אונטערנעמונג פֿון דער „ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט באַם ייִוואָ אין אַרגענטינע", וואָס מאַכט מעגלעך, אַדאַנק דעם יוסף־ליפֿשיץ־פֿאָנד, אַרויסצוגעבן מוסטערן פֿון אונדזער ליטעראַטור — אַזעלכע, ווי שלומע עטינגערס ווערק, מאַרק וואַרשאַווסקיס פֿאָלקסלידער, לייב נײַדוסעס געקליבענע שריפֿטן, גליקל האַמעלס „זכרונות" און די פֿאַרשיידענע אַנטאָלאָגיעס — „חורבן־אַנטאָלאָגיע", „דאָס קינד אין ייִדישער פּאָעזיע און פּראָזע" און אַנד.

ס'איז אָבער צום גרויסן באַדויערן, וואָס די פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ מענטשן, וועלכער איז אָנגעזאַפּט מיט פֿאָרורטיילן און שינאה צו אַלץ, וואָס איז פּראָגרעסיוו און ראַדיקאַל אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין די אַלע אַנטאָלאָגיעס האָט ער אויסגעמיטן אַרײַנצונעמען זאַכן פֿון פּראָגרעסיווע שרײַבער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע שאַפֿונגען אויף דעם באַשטימטן געביט.

ווען איך האָב דערזען זײַן „דער אַרבעטער־דאָר אין אַמעריקע", האָב איך זיך דערפֿרייט, וואָס ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט אונדזערע דרײַ פּיאָנערן: דאָוויד עדעלשטאַט, יוסף באָוושאָווער און מאָריס ווינטשעווסקי (וואָס שײַעך מאָריס ראָזענפֿעלדן, איז שוין מיט אַ צײַט צוריק דערשינען אַ באַנד זײַנע געקליבענע ווערק, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן צוויי אויפֿלאַגעס).

אויסער די אויסדערוויילטע לידער און פּראָזע, גיט צו דער רעדאַקטאָר ראָזשאַנסקי אויך „פֿראַגמענטן פֿון פֿאָרשונגס־אַרבעטן צו דער כאַראַקטעריסטיק און זכרונות" וועגן די דרײַ דערמאָנטע שרײַבער.

נאָר ווען איר לייענט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן פֿון דער „כאַראַקטעריסטיק" און וועמען ער ציטירט און וויאַזוי דאָס ווערט ציטירט, באַקומט זיך ווידער אַ שמאָלקעפּיקײַט און אַ פּאַשעטע ניט־ערלעכקײַט...

מע דאַרף ניט זײַן קיין ליטעראַטור־קענער, כּדי צו וויסן, אַז ווען מע שרײַבט וועגן דאָוויד עדעלשטאַט און מאָריס ווינטשעווסקין און מע וויל זיך באַנוצן מיט קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן די דאָזיקע צוויי שרײַבער, קאָן מען ניט אויסמײַדן אַזאַ פֿאָרשער, ווי קאַלמען מאַרמאָר. נאָר ניט בײַ ראָזשאַנסקין. מאַרמאָרס נאָמען טאָר ניט געדאַכט ווערן, ווען מע שרײַבט וועגן דער „כאַראַקטעריסטיק און פֿאָרש־אַרבעט און זכרונות", ווי דער רעדאַקטאָר ראָזשאַנסקי וואָלט, נעבעך, ניט געוווּסט, אַז מאַרמאָר האָט אָפּגעגעבן אַ גרויסע טייל פֿון זײַן שרײַבערישער פֿאָרשונגס־אַרבעט דער שאַפֿונג פֿון דאָוויד עדעלשטאַט און מאָריס ווינטשעווסקי.

אין זײַן אַרײַנפֿיר־עסיי „די ליטעראַטור פֿון דעם אַרבעטער־דאָר אין אַמעריקע" דערמאָנט ראָזשאַנסקי די נעמען פֿון די ציטירטע שרײַבער. אויך דאָ ווייסט ער, אַז ער האַנדלט ניט ערלעך. ער ציטירט מוישע אָלגינען. איז שוין, דוכט זיך, גוט. נאָר וואָס טוט ער? אין 1915, ווען אָלגין האָט נאָך געאַרבעט אין „פֿאָרווערטס", האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך „אין דער וועלט פֿון געזאַנגען", פֿון וועלכן ער האָט זיך שפּעטער פּאַקטיש אָפּגעזאָגט. אין יענעם בוך עסייען האָט אָלגין ניט דערשאַצט די ראָל פֿון באָוושאָווערס לידער. אָלגין האָט אויסגעבעסערט זײַן טעות, נאָר ראָזשאַנסקי כאַפּט זיך דאַפֿקע אָן אין יענעם פּאַראַגראַף, וווּ אָלגין האַלט ניט פֿון באָוושאָווערן אַלס פּאָעט. ראָזשאַנסקי ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אָלגין האָט שפּעטער גאָר שטאַרק אָנערקענט באָוושאָווערס וויכטיקן בײַטראָג אין דער ייִדישער דיכטונג און אָפֿט ציטירט באָוושאָווערס „הייב אויף דײַנע אויגן, אָ, פֿאָלק!".

אָדער אַזאַ בײַשפּיל. ראָזשאַנסקי דרוקט איבער שאַכנע עפּשטיינס אַרטיקל וועגן מאָריס ווינטשעווסקין אין דער „צוקונפֿט" פֿאַר דעצעמבער 1916. ווייסט דאָך ראָזשאַנסקי זייער גוט, אַז שאַכנע עפּשטיין איז שפּעטער געוואָרן אַ רעדאַקטאָר פֿון דער טעגלעכער „פֿרײַהײַט" און ווינטשעווסקי איז געווען איינער פֿון די גרינדער פֿון דער דאָזיקער צײַטונג, — צי האָט מען באַדאַרפֿט שטעלן דעם טראָפּ פּונקט אויף יענעם אַרטיקל פֿון שאַכנע עפּשטיין?

ראָזשאַנסקי האָט זיכער געקאָנט געפֿינען מער פּאָסיקן מאַטעריאַל וועגן ווינטשעווסקין בײַ קאַלמען מאַרמאָרן. נאָר קאַלמען מאַרמאָרס נאָמען ווערט קיין איין מאָל ניט דערמאָנט אין ראָזשאַנסקיס בוך.

איטשע גאָלדבערג שרײַבט אין זײַנע זכרונות וועגן קאַלמען מאַרמאָרן („זאַמלונגען". נומער 11, 1957): „קימאַט איינער אַליין האָט קאַלמען מאַרמאָר

צוריקגעשטעלט פאַר אונדז די ייִדישע ארבעטער־דיכטונג אין אמעריקע... ער האָט מיט אויסערגעוויינלעכער מיזאמקײַט און מיט קענטעניש, צו וועלכע קיינער קאָן זיך ניט פאַרגלײַכן, געהויבן די כשיוועס פון דער ייִדישער ליטעראטור אין לאנד, ארויסגערוקט איר ספּעציפיק און איר היסטאָרישע ראָל באם אנטוויקלען דעם באוווסטזײַן און זעלבסטדערקענטעניש און ווערן א קויעך, וואָס האָט געהאָלפן אויסקריסטאליזירן דאָס פּאָנעם און די פאָרם פון אונדזער לעבן אין אמעריקע".

אפילע דער "לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראטור" אונטער דער רעדאקציע פון עפראַיִם אויערבאך און מוישע שטארקמאן דערציילט אין ווינטשעווסקיס בייאָגראפיע, אז קאלמען מארמאָר האָט רעדאגירט די צען בענדער פון מאָריס ווינטשעווסקי. אויך אין דער ביבלייאָגראפיע וועגן ווינטשעווסקין באנוצט זיך דער "לעקסיקאָן" מיט קוואלן פונעם "האמער", פון דער "מאָרגן־פרײַהײַט" — א. ביק, בער גרין אאוו.

נאָר ווען ראָזשאנסקי קאָן "דערלאנגען" די פּראָגרעסיווע, טוט ער דאָס מיט גרויסער האנאָע, ווײַזט אויס. שרײַבנדיק וועגן ווינטשעווסקין, דערלויבט ער זיך אזא פאראגראף: "... זײַן לעבן האָט זיך אזוי טראגיש געענדיקט, אז נאָך זײַן טריִומפאלער נעסיִע איבערן ראטנפארבאנד, ווו מע האָט אים צוגעטיילט א פערמאנענטן מעלוכע־געהאלט, האָט ער געליטן נויט אין ניו־יאָרק, כאָטש די ייִדקאָמוניסטן האָבן אים געהאלטן אף זייערע שפאלטן, ביז בא זײַן לעווײַע איז דערגאנגען צו א סקאנדאל", אאוו.

איך וויל זיך ניט אָפּשטעלן אפן אויסוואל פון מאטעריאלן וועגן די דרײַ פּיִאָנערן. אויך דאָ האָט ראָזשאנסקי ארויסגעוויזן א ניט־באהאוונטקײַט אין דער אמעריקאנער ווירקלעכקײַט.

ווי באוווסט, האָט יאנקעוו שייפער נאָך מער פּאָפּולער געמאכט די דערמאָנטע דיכטער מיט דער מוזיק, וואָס ער האָט געשאפן צו זייערע לידער. האָט מען געקאָנט דערווארטן, אז שרײַבנדיק וועגן דער מוזיק, וואָס איז פאראן, וועט ראָזשאנסקי ניט אויסמײַדן די וויכטיקע ראָל פון יאנקעוו שייפערן.

וואָס זשע האָט ער אָבער געטאָן?

ער האָט ארײַנגעשטעלט אינעם בוך מיכל געלבארטס אן ארטיקל וועגן דער מוזיק צו דאָוויד עדעלשטאטס לידער. דאָס ארטיקל איז געווען געדרוקט אינעם "עדעלשטאט־געדענקבוך", וואָס איז דערשינען אין 1952. זיכער האָט געלבארט געוווסט, אז שייפער האָט געשאפן מוזיק צו עדעלשטאטס לידער. נאָר ער דערמאָנט ניט שייפערן מיט קיין איין וואָרט!

קוקן מיר אָבער ארײַן אין י.־ב. ביילינס בוך "יאנקעוו שייפער, זײַן לעבן און שאפן" (ניו־יאָרק, 1938) און געפינען דאָרט אינפאָרמאציע, וואָס וואָלט געווען אזוי שטארק פּאסיק פאַר אזא אנטאָלאָגיע. צו עדעלשטאטס "דער אָוונט־גלאָק" האָט שייפער אָנגעשריבן מוזיק פאַר א כאָר נאָך אין 1916 — אפן גרונט פונעם באקאנטן מאָטיוו, וואָס איז נאָך מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק געזונגען געוואָרן.

און פארוואָס האָט ראָזשאנסקי ניט ארײַנגעשלאָסן אין דער אנטאָלאָגיע עדעלשטאטס ליד "שנעל לויפן די רעדער", צו וועלכער שייפער האָט אָנגעשריבן זײַן לעצטע קאָמפּאָזיציע און וואָס ווערט געזונגען פון אונדזערע כאָרן אומעטום? און אין דעם ווינטשעווסקי־אָפּטייל האָט ער ניט ארײַנגעשלאָסן דאָס פּאָפּולערע "א קאמפּס־געזאנג" ("וויקלט פאנאנדער די פאָנען די רויטע"), צו וועלכן שייפער האָט געשאפן אזא פּראכטפולע קאָמפּאָזיציע?

און האָט ראָזשאנסקי בעעמעס ניט געוווסט, אז שייפער האָט געשאפן געלונגענע מוזיק צו באָוושאָווערס "הייב אוף דײַנע אויגן, אָ, פאָלק!", וואָס איז געוואָרן פּאָפּולער אויך אין ארגענטינע אדאנק דער מוזיק?

מיט וואָס קאָן זיך שמועל ראָזשאנסקי פארענטפערן פארן ייִדישן לייענער?

י.־א. ראָנטש

("מאָרגן־פרײַהײַט", ניו־יאָרק).

# ייִדישע קונסט און ייִדישע קינסטלער

ס'איז אָנגענומען די מיינונג, אז דער אופבלי פון מאָלערײַ־קונסט און סקולפּטור בא ייִדן אין די לעצטע הונדערט יאָר איז אינגאנצן א נײַע דערשײַנונג, ווײַל די פּלאסטישע קונסט איז פריִער געווען שטרענג פארבאָטן לויט די ייִדישע דינים. אין דער ווירקלעכקײַט האָט ניט שטענדיק געהערשט דער פארבאָט פון מאָלערײַ און סקולפּטור און ניט צו יעדן מין קונסט האָט ער געהאט א שײַכעס.

די אנטדעקונג פון די וואנט־מאָלערײַען אין דער סינאגאָגע אין דורא־אייראָפּאָס, וועלכע שטאמען פון יאָר 244, באווײַזט, פארקערט, א הויך־אנטוויקלטע מאדרייגע און זאָגט איידעס וועגן א גאנץ אלטער פארגאנגענהײַט אין די טראדיציעס פון ייִדישער קונסט.

די גרויסע געמעלן אין דורא־אייראָפּאָס שטעלן פאָר מיט זיך סצענעס פון כומעש, ווי: יאַנקעוו'ס כאָלעם, יעציִאס מיצראַיִם, מוישע אפן בארג סינײַ, די פּלישטים, דאָוויד מיט דער הארפע, שלוימעס פּסאק־דין, עסטער, יעכעזקלס נעוווע אאוו. לויט דעם כאראקטער פון די פיגורן און לויט זייער קליידונג קאָן מען אָנעמען, אז א טייל פון די בילדער זײַנען געמאָלט פון ייִדישע קינסטלער. עס זאָגן וועגן דעם איידעס אויך די אונטערגעשריבענע נעמען אין גריכיש, — הא־גאם עס זײַנען דערבײַ געווען אויך פערסישע און גריכישע מאָלער.

בעמעשעך פון א לענגערן פּעריִאָד, אָנהייבנדיק פון פריִען מיטלאלטער ביז צו דער נײַער צײַט, האָט זיך, עמעס, פונדאָסנײַ אײַנגעשטעלט די אוראלטע קעגנערשאפט צו פּלאסטישער קונסט און די פּולשטענדיקע באזײַטיקונג פון מענטשלעכע געשטאלטן. דאָס איז מינאסטאם שוין געווען א רעאקציע ניט קעגן דער אלטער געצן־מאָלערײַ מיט אירע פּרימי־

טיווע געצן־בילדער און סקולפטורן, נאָר קעגן דעם קריסטנטום מיט זײַנע איקאָנעס און הייליקע בילדער פון מאריִע און יעזוסן.

אין אָט דעם פעריִאָד אנטפלעקט זיך די ייִדישע קונסט, דערהויפט אין באפוצן די פארמעטענע מעגילעס מיט שיינער קאַליגראַפישער שריפט און די אָנהייב־בוכשטאבן אָדער שורעס מיט גאָלד און סכעמאטישע צייכנס, וואָס מיר טרעפן שפעטער אַלץ אָפטער. אויך אַף די שארבלעטער פונעם ייִדישן געדרוקטן בוך, וואָס איז מערסטנס אויסגעפילט דורך ייִדישע באלמעלאָכעס, באוויַיזן זיך אַלץ מער און מער גראווירן און קופערשטיך אָדער האָלץ־שניטן, באגלייט מיט איליוסטראטיווע עלעמענטן, ווי פאנטאסטישע בלומען און פלאנצן, מענוירעס, קרוגן, ארכיטעקטאָנישע אָדער סטאם געאָמעטרישע פאָרמען.

צום רײַכסטן איליוסטרירט זײַנען געווען די האַגאָדעס און מעגילעס אין פראָג און איטאליע אין דעם XVI יאָרהונדערט. אָבער צו דער זעלבער צײַט געפינען מיר שוין אפילע גראווירטע פאָרטרעטן — מוישע ראביינו מיט די לוכעס און אנדערע.

דאָס אלץ האָט געהאט א גרויסע האשפּאָע אַף די שפעטערע מאָלערײַען אין די ייִדישע הילצערנע שולן פונעם XVII און XVIII יאָרהונדערטער אין ווײַסרוסלאנד, פוילן און ליטע. דאָס האָט געדינט אלס מוסטער פאר די ייִדישע מאָלער, וועלכע האָבן באדעקט די סופיטן און די ווענט מיטן גאנצן רעקוויזיט פון הייליקע קיילים פון בייסהאמיקדעש, פון די מאזאָלעס, ווי אויך פון פאָפוגײַען, שלאנגען, קעמלען און אנדערע מעשונעדיקע כײַעס, אָדער מיט צווײַגן פונעם „אייץ־האכאִים", וואָס זײַנען פארוואנדלט געוואָרן אין פאנטאסטישע אָרנאמענטן ארום אופשריפטן פון טפילעס און בראָכעס — אלץ אין שווערע פארבן, ווי אָקער, צינאָבער, און אין לײַכטע קאלטע טענער פון בלוי און פיִאָלעט.

אָט דער דוירעסדיקער סטיל האָט זיך געצויגן און דערגרייכט זײַן אפאָטעאָז אין 1917 — 1920, נאָך דער רעוואָליוציע אין רוסלאנד, וועלכע האָט ברייט געעפנט די טויערן און געגעבן אלע מעגלעכקײַטן פאר נײַע אידייען און פאָרמען. דאָס האָט, אגעוו, געגעבן דעם שטויס פאר א גרעסערער גרופּע ייִדישע קינסטלער און גראפיקער, אזעלכע ווי שאגאל, ליסיצקי, ריבאק, נאטאן אלטמאן, טשײַקאָוו, אראָנסאָן און א סאך אנדערע, וועלכע האָבן געפרווט ארײַנקוקן אין די אלטע שפיגלען, קעדיי זיך צו דערגרונטעווען צו דער ייִדישער פאָלקס־קונסט.

אלץ, וואָס איז פריִער געווען פולשטענדיק איגנאָרירט אָדער איז באטראכט געוואָרן אלס מינדערווערטיק, — שילדן־מאָלערײַ, בארעליעפן אַף די אלטע ייִדישע מאצייוועס, טיטל־ביכער פון אלטע ייִדישע ספאָרים אאוו. — איז געוואָרן א נײַער קוואל, ווײַל דאפקע אין אָט דער „פרימיטיווקײַט" און אָפּטמאָל „אומגעלומפערטקײַט" האָט דער קינסטלער גאָר אנטדעקט נײַע באהאלטענע, סוידעסדיקע קויכעס, וועלכע זײַנען א סאך שטארקער און עמאָציִאָנעלער, איידער די ראפינירטע פײַנקײַטן פון דער אָפיציִעלער סאלאָנען־קונסט.

פיל ייִדישע קינסטלער האָבן זיך געשטעלט פאר א ציל צו שאפן א ייִדישע גראפיק, וועלכע האָט געדארפט זײַן דער העמשעך פון דעם אומויסשעפּבארן קוואל פונעם אָוואר, דער איבערגאנג פון א געצוימטער ייִדישער קונסט צו אן אופגעפראלטער פרײַער קונסט, העז אין דער פאָרם, העז אין דעם אינהאלט. און מע מוז זאָגן, אז זיי איז באלד געלונגען צו דערגרייכן דעם ציל. זייער נעשאָמע איז געווען פארכאפט דורך דעם לעבנס־שטראָם, דורך דעם צויבער פון דער צײַט — דעם צויבער, וואָס שטעקט נאָך אדהײַעם אין די הויך־קינסטלערישע צייכענונגען, וואָס זײַנען צו יענער צײַט געשאפן געוואָרן, אזעלכע ווי שאגאלס „דער קונצנמאכער", ליסיצקיס „ייִנגל־צינגל־כוואט", נאטאן אלטמאנס מאָטיוון פון ייִדישן אָרנאמענט, און די אָנצאָליקע בלעטער פון זייערע אנדערע מײַסטער־ווערק, ניט בלויז פון ייִדישער גראפיק, נאָר פון דער הײַנטצײַטיקער גראפיק ביכלאל.

מ. באהעלפער

(„נײַע פרעסע", פאריזש)

# פארשיידנס

## „סטאניסלאוו לעם רעקאָמענדירט"

אזוי הייסט די נײַע סעריע ביכער, וואָס דער „ליטעראַרישער פארלאג" אין קראָקע גרייט צום דרוק. אין דער סעריע וועלן ארײַן די פוטוראָלאָגישע און פאנטאַסטישע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס סטאניסלאוו לעם האָט רעקאָמענדירט.

סטאניסלאוו לעם, דער סאמע פאָפולערער פון די הײַנטצײַטיקע פוילישע שרײַבער, איז געוועזן א שווייסער, אַן אווטאָמעכאניקער, אין די סטודענטישע יאָרן האָט ער פארעפנטלעכט עטלעכע לירישע לידער. באקומען א דיפּלאָם פון א דאָקטער. באַרימט איז ער געוואָרן אלס פאנטאַסט. פאר צוויי און צוואנציק יאָר האָט ער אָנגעשריבן דרײַסיק ביכער, וואָס זײַנען פארעפנטלעכט אין פארשיידענע לענדער פון דער וועלט מיט א טיראַזש פון זעקס מיליאָן עקזעמפּליארן.

## א זינגליד, וואָס איז אלט 3400 יאָר

א ניט געוויינלעכער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין איינער פון די אאודיטאָריעס פונעם קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט. פאר די פארזאמלטע איז אויסגעפילט געוואָרן בלויז איין זינגליד אין דער באגלייטונג פון אַן עלפסטרונעדיקער לירע. פונדעסטוועגן האָט די אנציקונג פון דער אאודיטאָריע ניט געהאט קיין גרענעץ. די סיבע איז אין דעם, וואָס די זינגליד איז געשאפן געוואָרן מיט 3400 יאָר צוריק. דעם ליימענעם טאָוול מיט דער מעלאָדיע און טעקסט פון דער זינגליד, וואָס איז אף אים פארשריבן, האָט מען געפונען בײַס די אויסגראָבונגען אין סיריע, אף דער טעריטאָריע פון דער אוראלטער מעלוכע אוגאַריט.

א גרופּע געלערנטע פונעם קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט אונטער דער אָנפירונג פונעם פּראָפעסאָר ען קילמער האָט זיך אײַנגעגעבן צו דעשיפרירן די פארנאָטירונג פון דער מעלאָדיע. אָבער די ווערטער פון דער ליד האָט זיך, צום באדויערן, ניט אײַנגעגעבן איבערצוזעצן. דעריבער איז אויך ניט געלונגען צו באשטימען דעם כאראקטער פון דער אלטערטימלעכער ליד, וואָס קלינגט פאר אונדזערע מיטצײַטלער ווי א וויגליד אָדער ווי א צעצויגענע פאָלקסליד. דער פּראָפעסאָר קילמער האָפט פונדעסטוועגן צו פארענדיקן די איבערזעצונג אין מעשך פונעם קומענדיקן יאָר.

די אלטערטימלעכע קאָמפּאָזיטאָרן פון אוגאַריט האָבן אויסגענוצט די זעלבע הויפּט־גאַמע, וועלכע ווערט אָנגעווענדט אויך אין דער הײַנטצײַטיקער מוזיק. מע האלט, אז דער טאָוול מיט דער אוגאַריטישער זינגליד איז דער עלטסטער דענקמאָל פון פארשריבענער מוזיק.

## די אָפּעראַציע „קידנעפּ"

דרײַ אזייגער באנאכט האָט א גרילציקער קלונג פון טעלעפאָן אופגעהויבן פרידריך יאַנען פון בעט. ערשט הײַנט באטאָג האָט דער עסטרײַכישער מיליאָנער מיט דער צונעמעניש „דער קיניג פון געבראָטענע הינדלעך" אָפּגעמערקט די פארברייטערונג פון זײַן „אימפּעריע" — די עפענונג פונעם 401־טן רעסטאָראַן אין דער שטאָט לינץ. דער פאפאשע יאַן האָט ניט טייקעף פארשטאנען, וואָס ס'האָט געטראָפן. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זײַן 22־יאָריקע טאָכטער עוועלינע האָבן פארכאפּט מינכענער גאנגסטערס און פאָדערן פאר איר באפרײַונג ניט מער און ניט ווייניקער ווי דרײַ מיליאָן מארק.

עפּעס א טיפ מיט א שטאַרקן באוואַרער אקצענט האָט דורכן טעלעפאָן ארויסגעשטעלט די אולטימאַטיווע פאָדערונגען: דרײַ מיליאָן מיט קופּיורן פון טויזנט, פינף הונדערט און הונדערט מארק. דער טערמין פונעם אולטימאַטום ענדיקט זיך אין צוועלף שאָ ארום.

נאָכדעם האָט זיך אינעם טרײַבל דערהערט עוועלינעס פארוויינטע שטים, פארשריבן אף א טאַשמע. די טאָכטער האָט שטאַרק געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל באצאָלן די סומע, וואָס מע פאָדערט פאר איר אויסקויף, און ניט מיטיילן דער פּאָליציי. „דער קיניג פון די געבראָטענע הינדלעך", ווי ס'שרײַבן די עסטרײַכישע צײַטונגען, האָט זיך ארויסגעוויזן אלס א געטרײַער פאָטער און האָט אָן וואקלונגען באצאָלט די סומע, וואָס מ'האָט געפאָדערט פאר דער טאָכטער. עוועלינע איז באפרײַט געוואָרן, און די גאנגסטערס מיט זייער רויב זײַנען פארשוווּנדן, ניט איבערלאָזנדיק קיין שום שפּורן.

אף דער שפּראַך פון די אמעריקאנער און מײַרעוו־אייראָפּעיִשע קרימינאַליסטן האָבן אזא מין פארברעכנס באקומען דעם ענגלישן נאָמען „קידנעפּ", וואָס באטײַט פארכאפּן מענטשן, כדי באקומען פאר זיי אויסקויף־געלט.

די צאָל פון אזעלכע פאלן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז באדראָענדיק אויסגעוואַקסן. אין איטאַליע, צום בײַשפּיל, זײַנען פונעם 1960 ביזן 1973 יאָר פארכאפּט געוואָרן 318 מענטשן. 310 פון זיי זײַנען אויסגעקויפט געוואָרן פאר א סומע פון 15 מיליארד ליר, 8 מענטשן האָט מען געהארגעט. בלויז אין 130 פאלן האָט זיך אײַנגעגעבן פארהאלטן די גאנגסטערס.

ס'ווערט פארגרעסערט ניט נאָר די צאָל פארברעכנס, נאָר די אויסקויף־טאַקסעס. א רעקאָרד אין דער הינזיכט האָט געשטעלט ווידעראַמאָל אַן איטאַליענישע גאנגסטער־באנדע, וואָס האָט באקומען פארן מיליאָנער פּעטראָ טאָרזיעלי איין מיליארד 250 מיליאָן ליר.

„דאָס פארכאפּן מענטשן, כדי באקומען אויסקויף־געלט, איז עפּשער די העכסטע „דערגרייכונג" פונעם הײַנטצײַטיקן גאנגסטעריזם", — שרײַבט די איטאַליענישע צײַטונג „פּאַעזע סעראַ". אָט די באנדעס זײַנען קאָמפּלעקטירט פון גאָר „געהויבענע" פארברעכער, וואָס פארמאָגן א סאָלידן „סטאַזש" פון אזא „ארבעט". זיי זײַנען גוט באוואָפנט, גוט אויסגעצײַבט צו שיסן אין באוועגלעכע צילן, זיי פאָרן אַרום אף אויטאָמאָשינעס. ניט קיין קליינע ראָל אינעם דערפאָלג פון אזא סאָרט אָפּעראַציעס שפּילן די פארבינדונגען פון די פארברעכער מיט דער פּאָליציי, — שרײַבט די רוימישע צײַטונג.

ר. סאמאָילאָוו („וועטשערניאיא מאָסקווא")

## די נײַע שטאָט באָוול

די שטאָט באָוול איז צווישן דעם 1894 און 538 יאָר פאַר אונדזער ערע געווען די הויפּטשטאָט פון דער באָוולשער מעלוכע און אויך דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער צענטער פון פאָדער־אַזיע. די איראַקישע רעגירונג האָט איצט באַשטימט אופשטעלן די וויכטיקסטע געבײַדעס פון אָט דער אַלטערטימלעכער שטאָט.

ווי ס׳איז געמאָלדן געוואָרן אין באַגדאַד, וועלן קיין איראַק אײַנגעלאַדן ווערן די אָנגעזעענסטע אַרכעאָלאָגן פון אַ סאַך לענדער, קעדיי אָנטיילצונעמען אינעם אופשטעלן אָט דעם אומשאַצבאַרן דענקמאָל פונעם אַלטערטום. לויט די געמעלן, וואָס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען פונעם טיפן אוראַלט, ווערט פאָרויסגעזען צו רעסטאַווירן פיל געבײַדעס פון דער שטאָט, צווישן זיי אויך דעם באָוולטורעם, פון וועלכן ס׳איז געבליבן בלויז דער פונדאַמענט.

## אַ געפינס אין אַ סייף

אינעם אַנאַטאָמישן אינסטיטוט אין אָסלאָ, אין איינעם פון די שטאָלענע סייפן פאַר וויכטיקע דאָקומענטן, האָט מען געפונען... דעם מאַנוסקריפּט „די ווידע פון אַ טיפּעש“, וואָס עס האָט אין 1887 — 1888 יאָרן אָנגעשריבן דער קלאַסיקער פון דער שוועדישער ליטעראַטור אַ. סטרינדבערג. פאַרן אָפּדרוקן איז דער בוך דורכגעגאַנגען אַ שטרענגע צענזור. מע האַלט, אַז די ווערט פונעם געפינס איז ניט איבערצושאַצן, ווײַל אין דער שוועדישער קלאַסישער ליטעראַטור איז ניט פאַראַן קיין גרעסערע פיגור ווי אַ. סטרינדבערג. אינטערעסאַנט, אַז זײַנערצײַט האָט מען אַ. סטרינדבערגן אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט אַף צו באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע. אָבער פאַר די הויכגעשטעלטע הערן פון דער שוועדישער אַקאַדעמיע זײַנען ניט געווען אָנגענעמבאַר די סאָציאַלע אַספּעקטן און די קריטיק פון דער געזעלשאַפט אין סטרינדבערגס ווערק. דער גרעסטער שוועדישער קלאַסיקער איז טאַקע ניט געוואָרן קיין נאָבעללאַורעאַט.

ווי עס טיילן מיט די צײַטונגען, האָט בעדייע דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור פונעם געטעבאָרגער אוניווערסיטעט ע. לינדבערגער פאַרעפנטלעכן סטרינדבערגס ראָמאַן אַזוי, ווי דער אווטאָר האָט אים אָנגעשריבן.

מ. זובקאָ („איזוועסטיאַ“)

## דער גורל פון ווענעציע

ווי מיר האָבן שוין געשריבן אין אונדזער זשורנאַל, איז די געזעלשאַפטלעכקײַט און די רעגירונגען פון אַ סאַך לענדער באַאומרויִקט צוליב דער געפאַר, וואָס באַדראָעט ווענעציע — דעם פּערל פון דער וועלט־ציוויליזאַציע. שוין מער פון אַ יאָר, ווי די איטאַליענישע רעגירונג האָט אָנגענומען אַ ספּעציעלן געזעץ וועגן די אויסעראָרדנטלעכע מאָסמיטלען אַף ראַטעווען ווענעציע.

דער געזעץ האָט פאָרויסגעזען גרויסע אַסיגנירונגען אַף פאַרהיטן די שטאָט: 300 מיליאַרד ליר אַף די יאָרן 1973 — 1977. לויטן באַשלוס פון יונעסקאָ האָט איטאַליע אַף אָט דעם צוועק באַקומען צווישנפעלקערלעכע קרעדיטן. אינעם ערשטן יאָר האָט מען געדאַרפט אויסגעבן 25 מיליאַרד ליד, ס׳איז אָבער ניט אויסגענוצט געוואָרן קיין איין ליר. אַ גאַנץ יאָר איז אַוועק אַף „קאָנטאַקטירן“, זיך צונויפריידן.

דערווײַל קומען צו צו דער צעשטערערישער טעטיקײַט פון דער נאַטור הײַנטצײַטיקע צעשטערערישע פאַקטאָרן, וועלכע עס שאַפט דער מענטש גופא. די נאַפט־כימישע קאָמפּלעקסן אין מאַרגער, לעבן ווענעציע, האַלטן אין איין אָפּסאַמען די לאַגונע און די לופט איבער דער שטאָט. די פלאָרע און פאַונע פון דער לאַגונע ווערן אָפּגעטייט דורך די אָפּפאַלן פון טאָנען שעדלעכע זאַלצן.

דער סענאַטאָר סאַרטי, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די פּראָבלעמען פון ווענעציע, האָט איינמאָל געזאָגט: „מע קאָן ראַטעווען ווענעציע, פאַרניכטנדיק די ווענעציִאַנער, אָדער ראַטעווען די ווענעציִאַנער, פאַרניכטנדיק ווענעציע“.

דער זין פון אָט דעם פּאַראַדאָקס באַשטייט אין דעם, וואָס די אײַנוווינער פון ווענעציע זײַנען בלוטיק פאַרינטערעסירט אין דער אינדוסטריע, וואָס איז אופגעקומען דאָ ניט ווײַט אַף דער „גרויסער ערד“, בלויז דאָרט קאָנען זיי געפינען אַרבעט און עקזיסטענץ־מיטלען. אין דער ווירקלעכקײַט אָבער איז קיין דילעמע ניט פאַראַן. די איטאַליענישע פּרעסע שרײַבט, אַז מע קאָן אָפּשטעלן דעם וווּקס פון די אונטערנעמונגען אין מאַרגעט, אויב דאָס ווידערשפּרעכט די אינטערעסן פון ראַטעווען ווענעציע.

פאָרנדיק מיטן גרויסן קאַנאַל, קאָן מען זען עטלעכע פּאַלאַצן און טעמפּלען אין רישטעוואַניעס. עפּעס־וואָס ווערט פונדעסטוועגן געטאָן. ס׳ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז די אַרבעט ווערט געפירט לויט דער איניציִאַטיוו און אָפּן כעזשבן פון ספּעציעלע קאָמיטעטן און פּריוואַטע פאָנדן פון אַנדערע לענדער — פראַנקרײַך, ענגלאַנד, דײַטשישע פעדעראַטיווע רעפּובליק, אַפילע פון אויסטראַליע.

לויט וו. אַרדאַטאָווסקיס נאָטיץ אין „איזוועסטיאַ“

## דער צווייטער חורבן פון פּאָמפּיי

מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, ווען די שטאָט פּאָמפּיי האָט זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן באַווײַזן פון אונטער די שיכטן ווולקאַנישער לאַווע, האָבן אַף די גראָבונגען געאַרבעט דרײַסיק מענטשן. הײַנט־צו־טאָג זײַנען פּונקט אַזויפיל מענטשן פאַרנומען בא דער אַרבעט אַף אײַנהיטן די גיגאַנטישע טויטע שטאָט. פּאָמפּיי לײַדט פון די מענגעס טוריסטן, וועלכע סטאַרען זיך עפּעס־וואָס מיטנעמען מיט זיך „אַף אָנדענק“. די סאַמע ווערטפולע פרעסקעס פירט מען אַריבער אין די נעאַפּאָלער מוזייען.

ווי ס׳האָט געמאָלדן די אַדמיניסטראַציע, קלעקן ניט די מיטלען, וואָס ווערן אויסגעטיילט אַף אויסהאַלטן איינעם פון די גרעסטע דענקמעלער פונעם אַלטערטום, אַפילע אַף אויספּאָלען דאָס ווילדגראָז. די ביזנעסמענער האָבן הארט בא די ווענט פון דער אוראַלטער שטאָט אויסגעבויט געשמאַקלאָזע ריזיקע האָטעלן און וווין־הײַזער. אין צוואַנציק אָדער דרײַסיק יאָר אַרום וועט פּאָמפּיי כאָרעוו ווערן, און שוין אַף שטענדיק, — האָט געמאָלדן דער דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט עדאָאַרדאָ ספּעראַנצאַ.

# קאָמענטאַרן פון רעדאַקציע

## כאַיִם סולער נעמט זיך אָן די קריוודע פונעם ציִעניזם

אין יוני־נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַר היינטיקס יאָר האָט נ. ריכטער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דעם 17־טן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון ייִסראָעל, אין וועלכן ס'איז באַטאָנט דער באַשײַמפּערלעכער פאַקט, אַז די ציִעניסטן גייען אין זייער אַנטיסאָוועטישער טעטיקייט האַנט בײַ האַנט מיט די סאַמע רעאַקציִאָנערע קרעפטן.

אָט די באַהויפּטונג האָט אַרויסגערופן אַן אויסברוך פון קאַס בײַם מיטרעדאַקטאָר פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהייט" כאַיִם סולער. אין זײַנעם אַ וועכנטלעכן איבערזיכט אין דער צײַטונג האָט ער ניט געקאָנט צוימען די נערוון און איז אַרויס מיט אַזאַ מין לאָשן: „מיר האַלטן, אַז אַזוי אוועקשטעלן די פראַגע וועגן דעם מעהוס, וועגן דעם כאַראַקטער פונעם ציִעניזם איז מאַמעש פאַרברעכעריש און שפּילט נאָר אַרײַן אין די הענט פון ציִעניסטן"... דאָס געזאָגטע וועגן דער אַנטיסאָוועטישער טעטיקײַט פון די ציִעניסטן האַנט בײַ האַנט מיט די סאַמע רעאַקציִאָנערע קרעפטן רופט סולער אָן — „אויסטראַכטן ווילדע זאַכן וועגן דעם ציִעניזם..."

לאָמיר גלײַך אָפּמערקן, אַז עס איז ניט נייטיק אויפצוקלערן כ. סולערן דעם פאַרשטענדלעכן פאַר יעדן איינעם עמעסן מיין פון דער דערמאָנטער שטעל אין נ. ריכטערס אַרטיקל. סולער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ניט אין אַקאַדעמישע דעפיניציעס פונעם מעהוס פון ציִעניזם גייט דאָ. לעבנדיק אין ניו־יאָרק, איז ער אויך געווען ניט איין מאָל אַן איידעס פון די שענדלעכע מײַסים, וועלכע ס'נעמען פאָר די ציִעניסטן אָפּ צו באַשמוצן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

סולערן גרילצט אין די אויערן, ווען מע זאָגט דעם עמעס וועגן ציִעניזם. אָנווענדנדיק די פאָרמול וועגן „גוטע" און „שלעכטע" ציִעניסטן, רוקט ער אַרויס אַזעלכע לעכערלעכע „אַרגומענטן", ווי — „די ציִעניסטישע באַוועגונג איז געגרינדעט געוואָרן, איידער עס איז אויפגעקומען דער סאָוועטנפאַרבאַנד" (און דאָס דאַרף באַטײַטן, אַז זי איז „עפּעס מער", איידער אַן אַנטיסאָוועטישע באַוועגונג...), און — „עס זײַנען דאָ ציִעניסטן, וואָס האַלטן זיך אויך פאַר סאָציִאַליסטן" (איז עס, הייסט עס, אַ באַווײַז, אַז זיי וועלן ניט גיין פאַרנעמען זיך מיט אַנטיסאָוועטיזם...).

סולער וואָלט עפּשער אײַנגעגאַנגען אָף דעם, אַז ציִעניסטן זײַנען אומפרײַנט בענעגייע דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אָבער בײַ איין באַדינג — מע זאָל זיך דורכגיין איבער זייערע רייען און אָפּטיילן דעם „גוטן" ציִעניסט פון דעם „שלעכטן", דה. דעם ציִעניסט, וואָס איז איבער געוויסע סיבעס סולערן צום האַרצן, און דעם, וואָס האָט ניט אין זיך גאָרניט פּאָזיטיווס, לויט סולערן. דער אומגליק איז אָבער, וואָס סולערס אָפּשאַצונגען פון „גוטע מידעס" אינעם „שלעכטן ציִעניזם" זײַנען, פון אונדזער שטאַנדפּונקט, סוביעקטיווע, דער צוגאַנג — ניט קיין וויסנשאַפטלעכער, אַ מײַלנווײַטער פונעם מאַרקסיסטישן, און דאָס איז די סיבע, פאַרוואָס די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" קאָן ניט מאַסקים זײַן מיט כאַיִם סולערס דערווידערונגען קעגן נ. ריכטערס אָפּשאַצונג פון דער שענדלעכער ראָל פון די ציִעניסטן אין די אַנטיסאָוועטישע קאַמפּאַניעס.

און וואָס איז שײַעך דעם טאָן פון סולערס אַרויסטרעטונג אין זײַן וועכנטלעכן איבערזיכט אין דער „מאָרגן־פרײַהייט", איז דאָ צום אָרט אייצענען סולערן, ער זאָל זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם, צי ס'איז ניט מעגלעך אָנמעסטן אָף זײַן אייגענער פּאָזיציע די ווערטער זײַנע: „...אַזוי אוועקשטעלן די פראַגע... איז מאַמעש פאַרברעכעריש און שפּילט אַרײַן אין די הענט פון ציִעניסטן".

## מענטשן=רעכט... אָף מעזוזעס

סאָפּקאָלסאָף האָט זיך אין ייִסראָעל אָפּגעזוכט כאָטש אַ שטיקל פּראָבלעם (אַניט קאָן מען מיינען, אורטיילנדיק לויט געוויסע ייִדישע צײַטונגען פון דער מעדינע גופע און פון כוץ־לעאָרעץ, אַז אין ייִסראָעל איז אַלץ ווי גאָט האָט געבאָטן — ניטאָ קיין אַרבעטסלאָזיקײַט, ניטאָ קיין פאַרברעכערישקײַט, ניטאָ קיין אָרעם און רײַך...). וואָס זשע איז עס פאַר אַ פּראָבלעם אינמיטנדערינען?

איינער אַן אײַנוווינער פון לאָד האָט אַנומלטן דערזען, אַז די מעזוזע בײַ אים אין שטוב איז, באַהיט זאָל מען ווערן, אַ פאַלשע. האָט ער עס דערציילט דעם כאָסיד יאַנקעוו רייניץ, און יענער איז צוזאַמען מיט זײַנע קאָלעגן־כסידים אוועק איבער די הײַזער און דאָרט אויפגעדעקט הונדערטער פאַלשע מעזוזעס. וועגן דעם לייענען מיר איצט אין דער ייִסראָעל־פּרעסע.

די כסידים האָבן זיך דערמאָנט, אַז אין דער ייִסראָעלדיקער רעגירונג איז פאַראַן אַ „מיניסטער אָן אַ פּאָרטפעל", די פרוי שולאַמיס אַלאָני, וואָס סײַ איר וואַל־רעשימע אין קנעסעט, סײַ זי אַליין, די פרוי מיניסטער אָן אַ פּאָרטפעל, רופן זיך קעמפער פאַר בירגער־רעכט.

ווי עס איז צו זען פונעם בריוו, וואָס פרוי אַלאָני האָט אָפּגעשיקט די כסידים פון לאָד, האָבן די קעמפער פאַר בירגער־רעכט אין דער ייִסראָעלדיקער רעגירונגס־קאָאַליציע אויפגענומען דעם פאַל מיט די פאַלשע מעזוזעס ווי אַ סיגנאַל אַרויסצוווײַזן זייער ענערגיע. באַרעכנט אַליין: ביז דער כאָסיד יאַנקעוו רייניץ האָט זיך דערבאַרעמט אָף זיי, זײַנען אָט די קעמפער געזעסן אָן אַ שטאָך אַרבעט: אַלע בירגער־רעכט אין ייִסראָעל זײַנען גוט באַוואָרנט, ס'איז ניטאָ קיין ראַסן־אונטערדריקונג, קיין אַדמיניסטראַטיווע אַרעסטן, קיין צושמידונגס־געזעצן, — מאַמעש ניטאָ וואָס צו באַקעמפן...

איצט וועט מען, אימירצעשעם, אויך אויפשטעלן די רעכט פון יעדן בירגער פון ייִסראָעל — אַרײַנגערעכנט די, וואָס האָבן ניט קיין שטוב ווו צו וווינען, — זיי זאָלן האָבן אַלס פּריוואַט־אייגנטום עכטע, ניט קיין פאַלשע מעזוזעס...

• • •

# שרײַבער און ווערק

## נאָטיצן אָפּן קאַלענדאַר

מיט 220 יאָר צוריק איז אין
ליטע געבוירן געוואָרן דער באַ־
קאַנטער דענקער און שרײַבער
שלוימע מײַמאָן.

**שלוימע מײַמאָן איז אין XVIII
יה. געווען ברייט באַוווּסט אַלס
אַ געלערנטער, וואָס פאַרנעמט אַ
בעקאָוועדיק אָרט אין דער דײַטשי־
שער קלאַסישער ליטעראַטור. זײַן
אַווטאָביאָגראַפיע איז דורך די
הויכגעבילדעטע מענטשן פון
דײַטשלאַנד געשטעלט געוואָרן
אַף איין ניוואָ מיט רוסאָס „ווי־
דוי".**

**שלוימע האָט אין דער יוגנט
געטרוימט צו שטודירן מעדיצין.
מיט גרויסע שוועריקײַטן געקו־
מען קיין בערלין, האָט ער זיך
באַקאַנט מיטן גרונטלייגער פון
דער האַסקאָלע מוישע מענדעל־
סאָן. דעם געדאַנק וועגן שטודירן
מעדיצין האָט שלוימע מײַמאָן
דעמלט פאַרלאָזט, ער האָט זיך
גענומען צו פילאָסאָפיע און פֿי־
זיק, שטודירט לאַטײַן און פראַנ־
צויזיש, אַרויסגעוויזן גרויסע פֿיי־
קײַטן אין מאַטעמאַטיק. נאָך איי־
דער ער איז געקומען קיין בער־
לין, האָט ער אופמערקזאַם שטו־
דירט דעם ראַמבאַמס בוך „מוי־
רע־נעוווכים", וואָס האָט געמאַכט
אַף אים אַ שטאַרקן אײַנדרוק. אין
בערלין האָט ער שטודירט קאַנטס
ווערק „די קריטיק פונעם ריינעם
פאַרנונפט". זײַנע פילאָסאָפישע
אָנשויוּנגען האָט שלוימע מײַמאָן
באַשריבן אינעם ווערק „אַ פּרווו
פון אַ טראַנסצעדענטאַלער פילאָ־
סאָפיע". ווען קאַנט האָט איבער־
געלייענט מײַמאָנס ווערק, האָט
ער דאָס הויך אָפּגעשאַצט און
האָט אים געייצעט אַרויסגעבן
דאָס ווערק אין אַ באַזונדער בוך.
אין 1790 איז דאָס בוך דערשי־
נען. פון דעמלט אָן איז מײַמאָן
געוואָרן אַן אָנגעזעענער פילאָסאָ־
פישער שרײַבער, מיט אים האָבן
זיך פאַרינטערעסירט געטע און
שילער.**

**אין 1792 איז אין בערלין דער־
שינען מײַמאָנס אַווטאָביאָגראַפיע
אין 2 בענדער אונטערן נאָמען
„שלוימע מײַמאָנס לעבנס־געשיכ־
טע" (פאַראַן אויך אַ העברעיִשע
איבערזעצונג). מיט אַ יאָר פריִער
(אין 1791) איז אין בערלין אַרויס
פון דרוק אין העברעיִש מײַמאָנס
קאָמענטאַר צום ראַמבאַמס „מוי־
רע־נעוווכים". פאַקטיש איז דאָס
ניט קיין קאָמענטאַר, נאָר אַ ווײַ־
טערדיקע אַנטוויקלונג פון די
פּראָבלעמען פון דער דערקענטע־
ניש־טעאָריע, איבערגעגעבן אין
גײַסט פון קאַנטס טעאָריע.**

**שלוימע מײַמאָן איז געשטאָרבן
דעם 22 נאָיאַבער 1800 אין ני־
דערזיגערסדאָרף, לעבן פרײַשטאַט
(נידערשלעזיען) און איז געבראַכט
געוואָרן צו קווורע אַפּן ייִדישן
בעסוילעם אין דער שטאָט גלאָ־
גווו.**



מיט 100 יאָר צוריק איז אין
דאָרף בראָזשע, ניט ווײַט פון
באַברויסק, געבוירן געוואָרן דער
דיכטער און זשורנאַליסט־מענדל
עלקין.

**מ. עלקין האָט אַ סאַך געשריבן
וועגן טעאַטער. אין 1912 האָט ער
צוזאַמען מיט אַ. קירזשניצן רע־
דאַגירט דעם „באַברויסקער וואָכנ־
בלאַט", געגרינדעט אין באַברויסק
אַ פאַרלאַג אונטערן נאָמען „מע־
נאַכעם" און אַרויסגעגעבן די
ווערק פון זײַן נאָענטן פרײַנט
פערעץ הירשביין „מײַן בוך" און
„די פוסטע קרעטשמע".**



**עלקין האָט אַ יאָר 10 — 12
געשפּילט אין ייִדישן טעאַטער
אַלס ליבהאָבער, געווען אויך רע־
זשיסער אין דער טרופּע פון סעם
אַדלער (קיִעוו). אָפּן דריטן צוזאַ־
מענפאָר פון די ייִדישע אַרטיסטן
אין פוילן, אין סענטיאַבער 1921,
איז ער אויסגעווילט געוואָרן אַלס
פּאַרזיצער פונעם ייִדישן אַר־
טיסטן־פאַריין. צוזאַמען מיטן דר.
י. שיפּער און דר. מ. ווייכערט
האָט ער רעדאַגירט דעם זשורנאַל
„ייִדיש טעאַטער".**

אין 1923 האָט עלקין אויסגע־
וואנדערט קיין אמעריקע, ווו ער
האָט באַנאַנד מיט דר. מוקדוני־
רעדאַגירט דעם אָרגאַן פון דער
ייִדישער טעאַטער־געזעלשאַפט
„טעאַליט". ווען די געזעלשאַפט
איז ליקווידירט געוואָרן, איז ער
אַרײַן אין דער גרופּע פון דאַוויד
פּינסקי, פּערעץ הירשביין, ה. לייַ־
וויק, וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן
ייִדישן קונסט־טעאַטער.

זײַנע אַרטיקלען וועגן טעאַטער־
פּראָגן און די בעלעטריסטישע
ווערק האָט מ. עלקין געדרוקט
אין פיל צײַטשריפטן. אין נום.
1000 פון „ווילנער טאָג" איז פּאַ־
רעפנטלעכט געוואָרן זײַנע אַ
פּאָעמע, אין זשורנאַל „צוקונפט"—
די פּאָעמע „דער שאַמאַן". עלקין
איז דער אויטאָר פון אַ היפּשער
צאָל מאָנאָגראַפיעס וועגן ייִדישע
אַרטיסטן און מוזיקער, אויך פון
איינאַקטערס, וועלכע זײַנען אויפ־
געפירט געוואָרן אין פּעטערבורג
אין 1917.

צו זײַן 60־טן געבורטסטאָג איז
אין ניו־יאָרק אַרויס אַ מענדל־
עלקין־בוך מיט אַרטיקלען און
זיכרוינעס פון אַווראָם רייזען,
ש. ניגער, ד. פּינסקי, פּ. הירש־
ביין, מיט לידער פון ה. לייוויק
אאַ.

מענדל עלקין איז געשטאָרבן
דעם 22 אַפּרעל 1962 אין ניו־
יאָרק.

הײַנטיקן כוידעש ווערט אַלט
70 יאָר דער אוקראַיִנישער סאָ־
וועטישער דיכטער מיקאָלאַ באַ־
זשאַן.

מ. באַזשאַן איז געבוירן גע־
וואָרן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.
דרוקן האָט ער זיך אָנגעהויבן



אין 1923 אין דער צײַטונג „באָל־
שעוויק". ער איז דער אויטאָר
פון דער ברייט באַקאַנטער טרי־
לאָגיע „אומשטערבלעכקײַט"
(וועגן ס. מ. קיראָוון, 1937), פון
די פּאָעמעס „טאַטעס און קינ־
דער" (1938), „די מוטער" (1939).
ער האָט אָנגעשריבן היפּש ווערק
וועגן פֿעלקער־פרײַנטשאַפט („באַ־
ריסלאַווער דערציילונגען",
„יאַמבן" אאַ., 1939 — 1940).

אין 1942 — 1943 איז דערשי־
נען מ. באַזשאַנס אַ בוך לידער
וועגן דעם העראָיִזם פון די סאָ־
וועטישע שלאַכטלײַט אָפן סטאַ־
לינגראַדער פראָנט. זײַן ליד „די
שוווע" איז געוואָרן דער שלאַכט־
הימן פונעם אוקראַיִנישן פאָלק.
אין 1942 שרײַבט ער אָן די היס־
טאָרישע פּאָעמע וועגן די קאַמפן
פונעם אוקראַיִנישן פאָלק פאַר
פרײַהײַט — „דאַניִיל גאַליצקי".
מ. באַזשאַנס ווערק פון די מיל־
כאָמע־יאָרן („די שוווע", „דאַ־
ניִיל גאַליצקי", „דאָס סטאַלינגראַ־
דער העפט") איז אָפּגעמערקט

געוואָרן מיט דער מעלוכע־פּרע־
מיע.

אינעם ציקל לידער „קיִעווער
עטיודן" (1945) דערציילט דער
אויטאָר וועגן דער באַפרײַונג פון
קיִעוו פון אונטער דער דײַטשיש־
פאַשיסטישער אָקופּאַציע. דער לי־
דער־ציקל פון 1949 „ענגלישע
אײַנדרוקן" איז דורכגעדרונגען
מיט די אידייען פון קאַמף פון
די פעלקער פאַר שאָלעם, קעגן
די מילכאָמע־אונטערצינדער. דער
אויטאָר מאָלט די סימפּאַטיעס פו־
נעם ענגלישן פאָלק צו די פּאַ־
שעטע מענטשן פונעם לאַנד פון
סאָציאַליזם.

הויכע מוסטערן פון פּאָעזיע
זײַנען געגעבן אין באַזשאַנס לי־
דער „באַם ספּאַסקער טורעם" און
„מיצקעוויטש אין אָדעס". די
הויפּט־טעמע איז אויך דאָ פעל־
קער־פרײַנטשאַפט.

מ. באַזשאַן האָט איבערגעזעצט
אָף אוקראַיִניש שאָטאַ רוסטאַווע־
ליס פּאָעמע „דער גיבער אין אַ
טיגער־פעל" (1937), דאַוויד גוראַ־
מישווילים „דאַוויטיאַני" (1950),
פיל ווערק פון אַלישער נאַוואָי,
אַ. פּושקין, וו. מאַיאַקאָווסקי און
פון די הײַנטיקע רוסישע און
גרוזינישע דיכטער.

באַזשאַנס לידער צייכענען זיך
אויס מיט טיפקײַט פונעם געדאַנק,
מיט פילאָסאָפישע פּאַראַלגעמיי־
נערונגען און פּאָליטישער שאַרפ־
קײַט.

מ. באַזשאַן האָט אויך אָנגע־
שריבן דאָס אַרײַנפיר־אַרטיקל צו
דער צווייטער זעקסבענדיקער
אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס
ווערק אָף רוסיש.

■ ■ ■

# כאווירים מײַנע!

ווערטער פון ארן ווערגעליס — מוזיק פון סערגיי טשעבאטאריאָוו






כאווײַרים מײַנע! זעלנער פונעם שטרײַט!
די פינף און צוואנציק יאָר פון אונדזער יוגנט —
זיי ווערן הײַנט געפּרוּווט מיט נאָך איין טויט.
די ערשטע ליבע אונדזערע זיך שפּיגלט
ניט אינעם פרישן וואסער פונעם טײַכל.
ניט אין די בלויע הימלען אונדזער ליבע,
נאָר אין צעגליטן אײַזן פון דער ביקס.
ווּ זײַנען זיי, די מאמעס און די טאטעס?
די כופּע שטייט אינמיטן שלאכט בא אונדז,
און אינעם פײַער לעבן מיר א לעבן
אין דער מינוט, ווען אייביק איז די ליבע.

כאווײַרים מײַנע! זעלנער פונעם שטרײַט!
מיר ליגן אונטער הימלען אין טראנשייען.
דאָס הארץ געלײַטערט, הייליק איז די ליבע.
כאווײַרים מײַנע! זעלנער פונעם שטרײַט!
די פינף און צוואנציק יאָר פון אונדזער יוגנט —
זיי ווערן געפּרוּווט מיט נאָך איין טויט.
און ווּ געווען מיר זײַנען, שײַנט די זון,
און ווּ מיר זײַנען דאָ, איז גליק און ליידן.
עס לעבט די גרויסע ליבע, קלאפּט אין הארצן —
די ליבע אין טראנשיי.

# БЕСЕДЫ В ПОМОЩЬ ИЗУЧАЮЩИМ ИДИШ

## דויערדיקע און מאָמענטאַלע ווערבן[1]

א סאך ווערבן האָבן פאָרמעס, וואָס ווײַזן דעם דויער פון דער טוּונג[2]. פאַרגלײַכט לעמאָשל:

| | | |
|---|---|---|
| קוקן[3] | האַלטן[4] אין קוקן | א קוק טאָן (געבן)[5] |
| שטופּן[6] | האַלטן אין שטופּן | א שטופּ טאָן (געבן)[7] |

די ווערבן רעכטס[8] ווײַזן א טוּונג סטאַם[9]. אינמיטן[10] ווײַזן די ווערבן דויערדיקע טוּונגען, און לינקס[11] — טוּונגען, וואָס קומען פאָר[12] מאָמענטאַל.

די סטרוקטור פון א דויערדיקן ווערב איז הילפוּווערב „האַלטן" + פּרעפּאָזיציע „אין" + אַן אינפיניטיוו, וואָס ווײַזט די טוּונג. ווען מע וויל די דויערדיקײַט פון דער טוּונג נאָך מער פאַרשטאַרקן[13], שטעלט מען פאַרן אינפיניטיוו ארײַן דאָס וואָרט „איין". לעמאָשל: ער האַלט אין איין קוקן, ער האַלט אין איין שטופּן. זי (די מאַמע) האַלט אין איין יאָמערן[14] און אין איין כאַלעשן[15] בא מײַן ברודער עליע אף די הענט (שאָלעם-אַליכעם). בוני די קעכן[16] האָט געהאַלטן אין איין בלאָזן[17] (ד. בערגעלסאָן).

די סטרוקטור פון א מאָמענטאַלן ווערב איז הילפוּווערב „טאָן" אָדער „געבן" + אַרטיקל „א" + א סובסטאַנטיוו, וואָס ווײַזט די טוּונג. דערבײַ קאָן דער סובסטאַנטיוו יאָ אָדער ניט צונויפפאַלן[18] מיט דער ווערבאַלער באַזע. לעמאָשל:

| פאַלן צונויף | פאַלן ניט צונויף |
|---|---|
| איך נעם — איך טו (גיב) א נעם. | איך וואַרף[19] — איך טו (גיב) א וואָרף. |
| איך זאָג — איך טו (גיב) א זאָג. | איך שרײַ[20] — איך טו (גיב) א געשריי. |

טיילמאָל קומט א מאָמענטאַלער ווערב מיטן הילפוּווערב „כאַפּן". לעמאָשל: דערבײַ[21] כאַפּט זי (די מאַמע) דערווײַל[22] א וויין און א וויש די אויגן[23] (שאָלעם-אַליכעם). זײַנע אויגן כאַפּן א גנייווישן קוק פון אונטערן שטערן[24] (ד. בערגעלסאָן).

דער מאָמענטאַלער ווערב קאָן קומען אין אַלע צײַטן: אין קעגנוואַרט, ווי אין די פאָריקע בײַשפּילן, אין פאַרגאַנגענהײַט (איך האָב א נעם געטאָן, א וואָרף געטאָן), אין צוקונפט (איך וועל א נעם טאָן, א וואָרף טאָן) און אויך אין דער פילמאָליקער פאַרגאַנגענהײַט: איך פלעג א נעם טאָן, א וואָרף טאָן[25].

**Перевод:** 1) длительные и мгновенные глаголы; 2) продолжительность действия; 3) смотреть, глядеть; 4) держать; 5) посмотреть, взглянуть; 6) толкать; 7) толкнуть; 8) справа; 9) вообще — без определенного видового значения; 10) в середине; 11) слева; 12) происходят; 13) усилить; 14) вопить, стенать; 15) падать в обморок; 16) кухарка Буня; 17) дуть (только одно и делала — дула); 18) совпасть, совпадать; 19) бросаю; 20) кричу; 21) при этом; 22) пока; 23) «вейн» — от «вейнэн» — плакать; «виш» — от «вишн» — вытирать; 24) воровской взгляд из-под лба; 25) в этих примерах многократное прошедшее мгновенного (одократного) вида обозначает мгновенное действие, повторявшееся много раз.

ווען א מאָמענטאַלער ווערב איז מיט א צוגאָב, קומט דער צוגאָב באַזונדער, נאָך דעם ווערבאַלן סובסטאַנטיוו. לעמאָשל: דערנאָך גיט ער זיך פּלוצעם א שטעל אויף[1] (מענדעלע). איך טו זיך א רײַס אויס[2] (שאָלעם-אַליכעם). דער היפּשער אוילעם[3] ארום דער פאַרמאַכטער קאַרעטע[4] האָט זיך געגעבן א רוק אָפּ[5], זיך געטאָן א מיש אויס[6] (ד. בערגעלסאָן).

דער ווערבאַלער סובסטאַנטיוו פון א מאָמענטאַלן ווערב קאָן האָבן אַדיעקטיוון[7]. לעמאָשל: א גוטע קאַוועגע אַז מע טוט א רעכטן[8] טרייסל[9], טוען די קערלעך[10] א פאַל ארויס[11] (שאָלעם-אַליכעם).

קוקט זיך צו צו די ווערבפאָרמעס אין די ווײַטערדיקע פראַגמענטן פון שאָלעם-אַליכעמס „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס יינגל" און אין ש. כאַלאַדענקאָס ליד.

1) מיטאַמאָל[12] טוט זיך דער דאָקטער א דריי אויס מיטן בענקל צום קראַנקן טאַטן[13]. 2) אַף עפּל און אַף בארן איז רווון שוין אײנמאָל א מייוון[14]. ער, אז ער טוט א קוק מיט איין אויג אַף א בוים, וועט ער אײַך באלד זאָגן[15], וויפל פאַרנאָסע[16] דער בוים קאָן געבן. 3) בא מענאשעכע דער רויפעטע אין גאָרטן זײַנען דאָ צוויי רייען קליינע ביימעלעך, הארט בא דער ערד[17], אָנגעזעצט מיט ווײַמפּערלעך[18]. אַף דער זון ברענען זיי און פינקלען אָפּ[19], און עס גלוסט זיך[20] כאָטש איין צווײַגעלע[21], כאָטש איין ווײַמפּערל[22] מיט צוויי פינגער[23] געבן א ריס אָפּ[24] און גלײַך אין מויל ארײַן![25]. 4) דאָס אָנגעשריבענע[26] האָט ער (דער ברודער עליע) צוגעטראָגן פריִער[27] צו דער מאמען, נאָכדעם צו מײַן שווערגערן בראָכע. די ביידע האָבן געגעבן א קוק ארײַן[28] און א זאָג צו אים: — סע שרײַבט! 5) באלד נאָכדעם האָט מען זיך גענומען ווידער[29] צו דער פריִערדיקער[30] ארבעט. אָנגעגאָסן נאָך א פּאָר עמער וואסער[31], האָט מײַן ברודער עליע אופגעהויבן די האנט: „גענוג!“[32] ווידעראַמאָל אײַנגעטונקען די פּען אין פאַס[33], ווידעראַמאָל געגעבן א שרײַב ארײַן אין ווײַסן פּאַפּיר[34] ארײַן און ווידעראַמאָל צוגעטראָגן דאָס אָנגעשריבענע פריִער צו דער מאמען און נאָכדעם צו מײַן שווערגערן בראָכע. די ביידע האָבן ווידער געגעבן א קוק ארײַן אין פּאַפּיר ארײַן און א זאָג: — סע שרײַבט.

סײַ אין פרייד און סײַ אין טרויער[35]
הײַזער האלט מען אין איין בויען[36],
קינדער האלט מען אין איין האָבן[37],
און... פארשטייט זיך, גריבער גראָבן[38].

איך באַגיי די זעלבע אוולע[44],
שטענדיק טראַכט איך וועגן מאָרגן,
ווײַל[45] א מענטש כ׳בין גלײַך מיט אלע[46],
איך פארגרייט, און איך באַוואָרן[47].

שיינע אָדעמלעך און כאוועס[39],
זינט[40] די וועלט איז נאָר געבאָרן,
האלטן שטענדיק[41] אין איין האווען[42]
אַף דעם מאָרגן צו באַזאָרגן[43].

נאָר בעשאס די הייסטע דײַגעס[48]
בלײַב איך שטיין און איך פארטראַכט זיך[49],
כ׳זאָל קיין גרעזל[50] ניט פארבײַגיין,
כ׳זאָל קיין מענטשן ניט פאראַכטן[51].

ש י פ ר ע  כ א ל א ד ע נ ק א

**Перевод:** 1) от глагола «уфштэлн зих» — встать; 2) от глагола «ойсрайсн зих» — вырваться; 3) значительный (большой) народ (толпа); 4) около закрытой кареты; 5) от глагола «опрукн зих» — отодвинуться; 6) от глагола «ойсмишн зих» — смешаться; 7) прилагательные; 8) настоящий (должный); 9) от глагола «трейслэн» — трясти; 10) зёрнышки; 11) от глагола «аройсфалн» — выпасть; 12) сразу, вдруг; 13) доктор вместе со стулом поворачивается к больному отцу; 14) большой знаток; 15) сразу скажет; 16) сколько прибыли; 17) два ряда маленьких приземистых кустов; 18) усыпанных красной смородиной; 19) краснеют и сверкают; 20) хочется; 21) хоть одну веточку; 22) смородинку; 23) двумя пальцами; 24) от глагола «опрайсн» — оторвать; 25) прямо в рот; 26) написанное; 27) поднёс сначала; 28) от глагола «арайнкукн» — заглянуть; 29) снова; 30) прежняя; 31) влили еще пару ведер воды; 32) довольно; 33) снова обмакнул перо в бочку; 34) белая бумага; 35) и в радости и в печали; 36) домá строят; 37) детей рожают; 38) ямы копают; 39) Адамчики и Евы; 40) с тех пор; 41) постоянно; 42) суетятся; 43) обеспечить; 44) делаю (допускаю) ту же несправедливость (дурной поступок); 45) ибо; 46) как и все (одинаково со всеми); 47) заготавливаю и обеспечиваю; 48) но во время самых горячих забот; 49) задумываюсь; 50) травинка; 51) презирать.

דאָצענט ע. פאַלקאָוויטש

## יאַקאָוו גאָלמאַן

נאָך א לאנגדויערנדיקער קראַנקײַט, אין עלטער פון 71 יאָר, איז אין טשערנאָוויץ געשטאָרבן דער ייִדישער אקטיאָר יאַקאָוו גאָלמאַן.

פופציק יאָר פון זײַן לעבן האָט יאַקאָוו גאָלמאַן אָפּגעגעבן דער סאָוועטישער ייִדישער בינע.

אויב פרווון באצייכענען דעם טאָך פון די פילצאָליקע געשטאלטן, וואָס ער האָט געשאפן פאר זײַן פיליאָריקער אומדערמידלעכער אקטיאָרישער טעטיקײַט, קאָן מען זאָגן — דאָס איז דאָס געשטאלט פונעם פאָלקסמענטש, דעם פּאָשעטן אמכאָ מיט אלע זײַנע טרוימען, פריידן און ליידן, מיט אלע זײַנע יאָמטויווים און אינדערוואָכנס.

די לעצטע יאָרן איז יאַקאָוו גאָלמאַן געווען באַוווסט און באליבט באם ייִדישן צושויער אויך אלס זינגער. זײַן שטים האָט געקלונגען אַף דער בינע פון א סאך שטעט און שטעטלעך פונעם סאָוועטנפארבאנד. מיט זײַן פאָלקסטימלעכער נעגינע האָט יאַקאָוו גאָלמאַן געגעבן א נײַעם טיקן דער ייִדישער פאָלקסליד, ער האָט אויך ברייט פּאָפּוליאַריזירט די נײַע סאָוועטישע זינג־לידער.

יאַקאָוו גאָלמאַן איז געווען שעפעריש און געזעלשאפטלעך אקטיוו ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן.

ערע זײַן אָנדענק!

## צו די לײענער און געזעלשאַפטלעכע פֿאַרשפּרײטער פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד"

עס װערט פֿאָרגעזעצט די אַבאָנירונג אױף דער פֿעריאָדישער פּרעסע אױפֿן 1975 יאָר.

פֿאַרגעסט ניט באַצײַטנס אױסשרײַבן דעם זשורנאַל „סאָװעטיש הײמלאַנד" אױפֿן קומענדיקן יאָר. האָט דערבײַ אין זינען, אַז אין אײנצל־פֿאַרקױף קומט דער זשורנאַל אָן אין אַ באַגרענעצטער צאָל.

**אַבאָנירן זיך אױף אונדזער זשורנאַל אױפֿן 1975 יאָר קאָן מען אָן באַגרענעצונגען אין אַלע אָפּטײלונגען פֿון „סאָיוזפּעטשאַט", אין די פּאָטשט־אָפּטײלונגען און בײַ די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרײטער אױף די אונטערנעמונגען און אין די אַנשטאַלטן.**

**דער אינדעקס פֿונעם זשורנאַל איז 70821.**

„סאָװעטיש הײמלאַנד" דערשײַנט 12 נומערן אַ יאָר.

אַבאָנעמענט־פּרײַז: אױף אַ יאָר — 6 רובל. אױף 6 כאַדאָשים — 3 רובל.

**לײענט און פֿאַרשפּרײט „סאָװעטיש הײמלאַנד"!**



**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(На еврейском языке)*

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **Х. Бейдер, Т. Ген, А. Гонтарь, С. Гордон, М. Лев, Нотэ Лурье, Х. Меламуд, Б. Миллер, Г. Полянкер, С. Фрай, И. Чичельницкий** (зам. главного редактора).
Ответственный секретарь И. Шустер



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — 228-27-91; заместитель главного редактора — 294-46-69; ответственный секретарь — 223-96-07



Художеств. и техн. редакция: М. Сафронович, С. Черняк
Корректор М. Ландман

Подписано к печати 18/IX 1974 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 12+0,25 вкл. (17,15). Бум. л. 6+0,125. Цена 50 коп. Зак. 1689.

Ордена Трудового Красного Знамени московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.



**© Журнал «Советиш геймланд», 1974 г.**

Цена 50 коп.

Индекс 70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 10

1974

